# סאבינע



ראמאן

פון א קראנקן־שוועסטער

# סאבינע



ראָמאַן
פון אַ קראַנקן־שוועסטער

---

אומזיסט נומער 1

# מ אָ ט אָ

דער טיוול רופט עס אַן ליידן,
ביי מלאכים איז עס אַ לעבן אין פריידן,
און מענטשן רופן עס אַן ליבע.

## קאַפּיטל איינס

## „ווען די מוטער דײַנע וואָלט געלעבט"...

ווען סאַבינע רייזמאַן האָט זיך אומגעקערט פון בית־עולם אַהיים, איז דער הימל געווען ענלעך צו איר נשמה; שווערע בלייענע וואָלקנס האָבן געגאָסן מיט טרערן אויף סאַבינעס גורל. ס'האָט גערעגנט און אַ ווינט האָט געריסן סאַבינעס דינעם, אויס־געריבענעם מאַנטל, אירע בלאָנדע, שיינע האָר פון אונטערן הי־טעלע אַפּער.

זי איז געגאַנגען איבער די גאַסן און האָט נישט געזען קיין מענטשן, אַ שטומער ווייטיק האָט צונויפגעפּרעסט אירע ליפּן, זי האָט נישט געקאָנט וויינען, צו גרויס איז געווען איר צער, איר פּיין.

מיט אַ האַלבע שעה צוריק האָט מען איר מוטער אַראָפּגעלאָזט אין קבר אויפן פּראַגער בית־עולם. ווען דער קברן האָט פאַרשאָטן די ערד, האָט זיך בלויז אַ הויכער קרעכץ אַרויסגעריסן פון סאַ־בינעס אַנגעווייטיקטן האַרץ.

מער נישט, וויינען האָט זי נישט געקאָנט. זי איז געווען אַליין ביי דער קבורה פון איר טייערער מאַמען. קיינער איז נאָך דער עגלה נישט נאָכגעגאַנגען.

בלויז זי איינע אַליין איז געשטאַנען און זיך צוגעקוקט ווי עס פאַלן שופלעס זאַמד אויף איר מוטערס קבר.

איצט גייט זי אַליין צוריק אַהיים, אין דעם עלנדן דאַך־שטיבל אויף דער מילע גאַס.

און ערשט, ווען זי קומט אַריין אין שטוב און גיט אַ קוק אויפן בעט, ווו עס איז נאָך אייערנעכטן געלעגן איר מוטער רייסט זיך אַרויס פון איר ברוסט אַ ספּאַזמאַטיש געוויין.

סאַבינע פאַלט אַנידער אויפן בעט און, איינטוליענדיק דאָס פּנים אין קישן, וויינט זי לאַנג, לאַנג...

און ווען זי האָט זיך אויסגעוויינט איז איר געוואָרן לייכטער אויף דער נשמה.

זי האָט אָפּגעווישט די טרערן, האָט גלייך געמאַכט די צע־שויבערטע האָר און אָנגעצונדן די נאַפט־לאָמפּ, וואָס איז געהאַנ־גען אויף דער וואַנט.

נאָך דעם האָט זי אַרויסגענומען פון אַ שופלעדל אין אַן אַלטער קאָמאָדע אַ פאָטאָגראַפיע און האָט זיך לאַנג אין איר גענומען איינקוקן.

— וואָס פאַר אַ שיינער מאַן! — האָט זי געטראַכט קוקנדיק אויף דער פאָטאָגראַפיע, — וואָסערע שיינע אויגן ער האָט!...

עטלעכע שעה פאַרן טויט האָט די מוטער סאַבינעס געהייסן אַרויסנעמען פון אַ באַהאַלטן קעסטעלע אָט די דאָזיקע פאָטאָ־גראַפיע און געזאָגט צו איר:

— טאָכטער מיינע, אין די לעצטע מינוטן פון מיין לעבן מוז איך דיר זאָגן דעם אמת... שטענדיק האָסטו מיך געפרעגט, ווו דער פאָטער דיינער איז און שטענדיק האָב איך דיר קיין קלאָרע תשובה נישט געגעבן. אָט דאָס איז דיין פאָטער. ווען איך בין געווען יונג, האָב איך אים...

מער האָט די מוטער נישט געקאָנט רעדן. זי האָט אָנגעהויבן שטאַרק צו הוסטן און איז געבליבן ליגן אָן כוחות, אין עטלעכע שעה אַרום האָט זי אויסגעהויכט איר נשמה.

און סאַבינע האָט זיך נישט דערוווּסט דעם סוד פון איר מוטערס פאַרגאַנגענהייט.

און אָט קוקט זיך סאַבינע לאַנג איין אין דעם בילד פון דעם, וועלכער איז איר פאָטער געווען. אַ טיפער ווייטיק האָט נישט אויפגעהערט צו שניידן איר האַרץ.

און מיטאַמאָל דערהערט זיך אַ שטאַרקער קלאַפּ אין דער טיר. סאַבינע ציטערט אויף און באַהאַלט שנעל די פאָטאָגראַפיע צוריק אין שופלעדל.

— ווען קאָן דאָס איצט קלאַפּן? — האָט זי זיך געוווּנדערט, אָבער נאָך איידער זי האָט געפונען אַן ענטפער אויף דער דאָ־זיקער פראַגע, האָט זיך די טיר ראַש געעפנט און ס'איז אריינ־

געקומען אַ הויכער, ברייטפּלייציקער פּאַרשוין מיט אַ רויטער נאָז און גראָבע ליפּן.

סאַבינע האָט דעם דאָזיקן פּאַרשוין זייער גוט געקענט — דאָס איז געווען דער אַדמיניסטראַטאָר פון הויז.

— גו ב׳אָוונט, — האָט ער אַ זאָג געטאָן און זיך באַלד אָוועקגעזעצט. — נו, פּאַניענקאָ, וואָס הערט זיך עפּעס מכוח דירה־געלט? צי ווייסט איר, אַז איר זענט שוין שולדיק פאַר דריי חדשים?

— איך ווייס, פּאַניע אַדמיניסטראַטאָר, — ענטפערט סאַבינע און טרערן שטיקן איר אין האַלדז. — אָבער די מוטער איז דאָך געווען שווער קראַנק און איך האָב געמוזט פאַרזעצן און פאַר־קויפן, כדי זי צו ראַטעווען... — ווישט זיך סאַבינע די אויגן.

— נו, איצט איז זי דאָך שוין געשטאָרבן. מער וועט זי דאָך אייך שוין נישט קאָסטן... — שמייכלט ציניש דער אַדמיניס־טראַטאָר. — איבעריקנס, גייט מיך דאָס אַלץ נישט אָן! באַצאָלט מיר, וואָס עס קומט און — פאַרטיק!...

— אָבער פּאַניע אַדמיניסטראַטאָר, — מאַכט סאַבינע אַ פאַר־צווייפלטע מינע, — פון וואַנען זאָל איך איצט נעמען געלט? איך קום איצט פון מיין מוטערס לויה, — באַדט זיך סאַבינעס שטים אין טרערן. — האָט געדולד אַ וואָך, צוויי. איר ווייסט דאָך, אַז איך האָב געענדיקט אַ שולע פאַר קראַנקן־שוועסטער און איך האָף צו באַקומען אַ פּאָסטן. ווי נאָר איך וועל אָפּאַרבעטן די ערשטע פיר וואָכן, וועל איך אייך באַצאָלן דעם חוב.

— און איר מיינט, פּאַניענקאָ, אַז איך וועל זיך אָוועקזעצן וואַרטן ביז וואַנען איר וועט באַקומען אַ פּאָסטן?! כ׳האָב שוין נישט מער וואָס צו טאָן! איך וויל געלט, איר הערט? און אויב איך וועל נישט באַקומען ביז מאָרגן באַצאָלט פאַר די דריי חד־שים, וועט איר ביי מיר ליגן אויף דער גאָס מיט אייער ביסל גראַטעס!...

— אָבער איר זייט דאָך אַ מענטש מיט אַ האַרץ, — ציטערט סאַבינעס שטים און אין אירע אויגן גלאַנצן טרערן. — איך בין דאָך עלנד. איך האָב דאָך נישט קיינעם, ווער עס זאָל מיר העלפן. האָט אויף מיר רחמנות, וואַרט צו נאָך פיר וואָכן.

— אויב איר זענט עלנד, פּאַניענקאָ, קאָנט איר גיין שלאָפן

אין פשיטולעק פּאַר אַרעמע פּרויען. איך האָב נישט קיין דירות אומזיסט. און אויב אַז פּאַניענקע ווי איר, גאַרנישט קיין מיאוסע, האָט נישט קיין געלט, — שמייכלט ציניש דער אַדמיניסטראַ־טאָר — שאַפט מען זיך אַ קאַוואַליער, וואָס גיט געלט נישט בלויז אויף אַ וווינונג, נאָר אויף עפּעס אַנדערש אויך... כע־כע־כע.

סאַבינעס חנעוודיק פּנימל, וואָס איז ביז איצט געווען בלאַס, האָט זיך באַדעקט מיט אַ העלער רויטקייט. די לעצטע ווערטער פון דעם ברוטאַלן אַדמיניסטראַטאָר האָבן איר ווי מיט אַ האַ־מער אַ זעץ געטאָן איבערן קאָפּ.

מיט אַ שטאַלצער שטים האָט זי אויסגערופן:

— איר מיינט, אַז ווייל איך בין עלנד און צעבראָכן פון ליידן האָט איר מיר שוין רעכט אַזוי צו באַליידיקן און דערנידעריקן?! אומווירדיקער מענטש, וואָס איר זענט! אַרויס פון מיין שטוב! איך וויל אייך מער נישט אָנקוקן!...

— כאַ־כאַ־כאַ... — האָט זיך דער אַדמיניסטראַטאָר ברוטאַל צעלאַכט. — זי טרייבט מיך גאָר פון דאַנען? וואָס מיינסטו, ס׳איז דיין שטוב? — האָט ער זי גענומען דוצן. — באַלד ליגסטו ביי מיר אויפן הויף, דו פּאַסקודניצע איינע!

— אַרויס פון מיין שטוב! — שרייט סאַבינע מיט טרערן אין די אויגן.

דער אַדמיניסטראַטאָר רייסט זיך אויף פון דער שטול און גרייט זיך צו וואַרפן אויף סאַבינען מיט געביילטע פויסטן. ער סאַפּעט שווער און זיינע אויגן זענען אָנגעגאָסן מיט בלוט.

אַ שרעק האָט סאַבינען אַרומגעכאַפּט און, ווי געטריבן פון שדים, האָט זי אויפגעריסן די טיר און איז אַראָפּגעלאָפן פון די שטיגן.

זי איז געלאָפן, אַליין נישט וויסנדיק וווהין.

אין האַלדז האָט געשטיקט אַ געוויין און אין די אויערן האָט נאָך געררושט דאָס ווילדע געלעכטער פון דעם ברוטאַלן אַדמי־ניסטראַטאָר.

איינהילנדיק זיך אין אַ טיכל, וואָס זי האָט באַוויזן מיט זיך צו נעמען, איז זי מיט שנעלע טריט געגאַנגען איבער די כמעט פּוסטע גאַסן.

דער ווינט און דער רעגן, וואָס האָבן געשמיסן יעדן אין פנים אַריין, האָבן געטריבן די מענטשן אין די ליכטיקע, וואַרעמע שטובן אַריין, דעריבער האָט מען איצט וויניק דורכגייער געזען אויף דער גאַס.

דער ווינט האָט געריסן סאַבינעס טיכל, אין וועלכער זי האָט זיך איינגעהילט און דער רעגן האָט איר אומברחמנותדיק גע־פּאַטשט אין פּנים אַריין.

וווהין זאָל זי גיין. די אומגליקלעכע קיילעכדיקע יתומה, די עלנדע און איינזאַמע ?

זי וועט גיין אויף דער מוטערס קבר. דאָרטן, אויפן קבר פון איר קלוגער, האַרציקער און גוטער מאַמען, וועט זי איר האַרץ אויסוויינען.

זי האָט נאָך דעם איינדרוק, אַז די מוטער לעבט און ווען זי וועט איר דערציילן וועגן איר ביטערן גורל, וועט איר די מוטער אויסהערן און טרייסטן, ווי זי פלעגט זי אַלע מאָל טרייסטן אין אַ שווערע שעה פון לעבן...

און סאַבינע גייט ווייטער גאַס איין, גאַס אויס, און דער בייזער ווינט און דער שטאַרקער רעגן הערט נישט אויף צו שמייסן איר אין פּנים.

זי גייט מיט די לעצטע כוחות, זי שלעפּט זיך קוים און אירע ליפּן שעפּטשען:

— מאַמע טייערע, נעם מיך צו צו זיך. זע, ווי איך לייד. זע, ווי עלנד איך בין. איך קען שוין נישט מער.. האָב אויף מיר רחמנות, מאַמעניו טייערע און טוליע מיך צו צו זיך אין קבר.

זי שלעפּט זיך אַלץ ווייטער און ווייטער. ביז צום פּראַגער בית־עולם איז נאָך זייער ווייט. און מיטאַמאָל דערמאָנט זי זיך, אַז איצט, ביינאַכט, איז שוין דער בית־עולם געשלאָסן און מ'וועט זי דאָרט נישט אַריינלאָזן.

טאָ וווהין זאָל זי גיין ? צוריק אין שטוב ? אָ, ניין, ניין ! זי האָט שוין קיין כוח נישט מער צוליידן. צי לוינט צו לעבן אין אַ וועלט, ווו עס זענען פאַראַן מענטשן אָן הערצער, מענטשן שלעכטע און אכזריותדיקע ?

סאַבינע קוקט זיך אַרום, ווו זי געפינט זיך. זי איז אויף דער קערבעדזש־בריק. אונטן רוישט די ווייסל, אַרום פייפט דער

ווינט, דער רעגן פּאַטשט איר אומאויפהערלעך אין פּנים. מ׳זעט כמעט קיין מענטש נישט אויף דער בריק.

זי בלייבט שטיין און קוקט אַראָפּ אין דעם שוואַרצן וואַסער אַריין. זי שפּאַרט זיך גוט אָן אָן דער באַלוסטראַדע און אירע בליקן בלאָנדזשען אין דער שוואַרצקייט פון טייך.

און מיטאַמאָל דוכט זיך איר, אַז צוויי הענט שטרעקן זיך אַרויס פון וואַסער און רופן זי:

— קום צו מיר, טאָכטער מיינע, ביי מיר וועסטו האָבן רו און צו דיינע ליידן וועט אַ סוף נעמען... האָב קיין מורא נישט. קום צו מיר...

סאַבינע טראַכט נישט און בויגט זיך שנעל אַריבער איבער דער באַלוסטראַדע. אָט באַלד וועט איר בויגיקער קערפּער פליען אין וואַסער, אָ באַלד וועט זי זיך געפינען אין די אָרעמס פון איר מוטער, וואָס האָבן זיך אויסגעשטרעקט צו איר, אָבער מיטאַמאָל דערפילט זי, ווי צוויי פעסטע, מענערישע הענט גיבן זי אַ ריס צוריק און האַלטן זי פעסט.

## קאַפּיטל צוויי
## ווער איז ער?...

פאַר סאַבינען איז געשטאַנען אַן עלעגאַנט־געקליידעטער יונגערמאַן מיט אַ סובטעל, חנוודיק געזיכט.

— גאָט איז מיט אייך, וואָס האָט איר געוואָלט טאָן?! — האָט דער יונגערמאַן אויסגערופן מיט אַ מעטאַל־קלינגענדיקער איידעלער שטים.

— איך האָב געוואָלט צו מיין מוטער... צו מיין מוטער... — האָט סאַבינע אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ אויף דעם יונגמאַנס ברוסט און האָט זיך שטיל צעוויינט.

— צו אייער מוטער?...

— יאָ, מיין מוטער איז טויט און איך בין עלנד און אַליין... — האָט סאַבינע שטיל געהעשעט. — צי איז נישט די טויטע בעסער, ווי מיר? צו וואָס זיך מאַטערן און ליידן אַזוי שרעקלעך!...

— אָבער וואָס איז מיט אייך געשען? דערציילט מיר! אפשר קאָן איך אייך קומען צוהילף? באַרואיקט אייך... — האָט ער זי געגומען צערטלעך גלעטן איבערן קאָפּ.

זיין האַרציקע שטים, זיין גוטע, פיינע באַנעמונג און דער אויפריכטיקער טאָן האָבן דערוועקט אין איר דעם פולן צוטרוי צו דעם אומבאַקאַנטן רעטער.

און מיט אַ ציטערדיקער שטים, מיט פערלדיקע טרערן אין די אויגן האָט זי אים דערציילט וועגן איר ביטערן גורל, וועגן איר עלנדקייט און נויט.

— קומט אַריין אין אַ קאַוויאַרניע, וועט איר עפּעס עסן און טרינקען, — האָט ער איר פאָרגעלייגט. — עס איז דאָך אַ שרעק־לעך וועטער, איר קאָנט זיך נאָך פאַרקילן.

זי האָט דערפילט אַן אינטענסיווע נאָענטקייט צו דעם דאָזיקן אומבאַקאַנטן. „ניין, דער דאָזיקער מענטש וועט איר קיין שלעכטס נישט טאָן", — האָט זי געטראַכט און איז מיט אים אַוועק אין אַ קאַוויאַרניע.

ערשט דאָ, אין דעם העל־באַלויכטענעם זאַל פון דער קאַוויאַר־ניע, האָט זי באַמערקט, אַז דער רעטער אירער איז זייער ענלעך צו דער פאָטאָגראַפיע פון איר פאָטער, וועלכע זי האָט היינט אַזוי לאַנג באַטראַכט. —

— ווי צוויי מענטשן קאָנען דאָס זיין ענלעך איינער צום אַנדערן... — האָט זי געטראַכט, איינקוקנדיק זיך אין דעם איי־דעלן, סובטעלן געזיכט פון דעם אומבאַקאַנטן יונגנמאַן.

— פאַרוואָס האָט איר אויסגעקליבן אַזאַ אומעטיקע באַשעפ־טיקונג? — האָט דער יונגערמאַן זי געפרעגט, נאָכדעם, ווי זי האָט אים דערציילט, אַז זי האָט געענדיקט אַ שולע פאַר קראַנקן־שוועסטער.

— וואָס רעדט איר? דאָס איז אַ באַשעפטיקונג, וואָס ברענגט דעם מענטש פרייד! צי איז נישט אַ פרייד, ווען מען קאָן ברענגען מענטשן הילף, ווען מען קאָן אַ קראַנקן געזונט מאַכן?... איך מיין, אַז דאָס איז איינע פון די שענסטע און דערהויבנסטע באַשעפטי־קונגען.

דער אומבאַקאַנטער יונגערמאַן האָט מיט אַנטציקונג און באַ־גייסטערונג געקוקט אויף דעם בלאָנדן, חנוודיקן מיידל מיט די בלאַסע בעקלעך און אומעטיקע, שיינע אויגן.

— זייט נישט פאַרצווייפלט, פריילין... איך מיין, אַז איר וועט נישט זיין בייז אויף מיר, ווען איך וועל אייך פאָרלייגן מיין הילף...

איר וועט מיר אָפּגעבן ביי אַ געלעגנהייט. דערווייל נעמט צו די זעכציק זלאָטעס...

סאַבינע האָט אַראָפּגעלאָזט די אויגן און איר פּנים האָט זיך באַדעקט מיט א שטאַרקער רויטקייט.

— אך... אַנטשולדיקט... ווי קאָן איך פאָדערן.. — האָט זי קוים געקאָנט רעדן, — איך קען דאָך אייך נישט.. ניין, ניין, זייט מיר מוחל!...

— איר זייט גערעכט פריילין, איך האָב ביז איצט פאַרגעסן פאַר אייך זיך פאָרצושטעלן. מיין נאָמען איז לעאָן. לעאָן האָ־פענשטאנד... — האָט זיך זיין שטים פאַרהאַקט — מיין פאָטער איז אַ פאַבריקאַנט פון פאַרטיקע קליידער... נעמט די זעכציק זלאָ־טעס, גייט אַהיים און באַצאָלט דירה־געלט.

זי האָט זיך לאַנג געקווענקלט, אָבער די שטים פון דעם יונגנמאַן האָט זי אַזוי באַצויבערט, אַז זי האָט צוגענומען די דריי צוואַנציקער זלאָטעס און זיי אַריינגערוקט אין טאַש.

— אַ דאַנק, איך וועל אייך קיינמאָל נישט פאַרגעסן... — האָט זי אים געדאַנקט מיט טרערן אין די אויגן.

נאָך דעם האָט ער זי אָפּגעפירט מיט אַן אויטאָ אַהיים. אויפן וועג האָט ער צאַרט געגלעט איר דראָבנע הענטל און דערקלערט:

— זייט רואיק, פריילין רייזמאַן, איך וועל זיך שוין פאַרנעמען מיט אייער וויטערדיקן גורל.

— אָ, ווי דאַנקבאַר איך בין אייך!... — האָט זי געשלונגען די טרערן.

איצט זענען דאָס געווען טרערן פון פרייד.

ווען זי איז אויסגעשטיגן פון אויטאָ, האָט דער יונגערמאַן, וועלכער האָט זיך פאַר איר פאָרגעשטעלט אַלס לעאָן האָפּענ־שטאנד, געבעטן, אַז זי זאָל זיך מיט אים צומאָרגנס טרעפן אין זאַקסישן גאָרטן.

איך וועל זיכער קומען, — האָט זי געענטפערט — ווו?

— נעבן לעטני טעאַטער —

— גוט. האָט מיר אַ גוטע נאַכט און שלאָפט רואיק! — האָט דער יונגערמאַן פעסט אַ דריק געטאָן סאַבינעס האַנט.

שוין לאַנג איז סאַבינע נישט געשלאָפן מיט אַזאַ זיסן, פעסטן שלאָף. און געחלומט האָט זיך איר, אַז די מוטער טוט זי אָן אין

אַ חופּה־קלייד און זאָגט צו איר:
— מזל־טוב, סאַבינעלע — — —
לעאָן איז געגאַנגען איבער די נאַלעווקעס אַ פּאַרזונקענער אין די געדאַנקען האָבן דעם וווּנדערשיינעם, אָבער אָרעמען מיידל, וואָס ער האָט איצט באַגלייט אַהיים אין אַן אויטאָ.
און מיט פאַרגעניגן האָט ער געטראַכט וועגן דעם נס, וואָס ס'איז געשען.
ווען ער קומט נישט אָן צו דער ריכטיקער צייט, ווען ער קומט אָן מיט צוויי מינוט שפּעטער, וואָלט דאָס שיינע, יונגע מיידל שוין געלעגן אין דעם שוואַרצן אָפּגרונט פונעם וואַסער.
און, גייענדיק אַזוי אַ פאַרטראַכטער, דערהערט לעאָן פּלוצלונג אַ שטים, וואָס איז אים גוט באַקאַנט:
— לעאָן! דו דערקענסט מיך שוין נישט?
ער הויבט אויף דעם קאָפּ און דערזעט פאַר זיך אַ פרוי אין אַן עלעגאַנט פוטער. פון דעם בלאַסן פּנים פון דער פרוי קוקן אויף אים צוויי פייערדיקע אויגן, אין וועלכע עס טליען כעס אוןליידנשאַפט.
— מאַרילאַ, דאָס ביסטו?! — רופט אויס לעאָן מיט אן אומצופרידענעם טאָן, — וואָס טוסטו דאָ אין אַזאַ שרעקלעך וועטער?
אָבער אַנשטאָט אַן ענטפער, גיט די עלעגאַנט־געקליידעטע פרוי אַ כאַפּ אָן לעאָנען פאַר דער האַנט, און, אַריינקוקנדיק אים שאַרף אין די אויגן, גיט זי אים האַסטיק אַ פרעג:
— ווער איז דאָס געווען די פרוי, מיט וועלכער דו האָסט זיך אַזוי האַרציק געזעגנט אין טויער אויף דער מילע?
— מאַרילאַ, איך בעט דיר איין מאָל פאַר אַלע מאָל, אַז דו זאָלסט מיך אויפהערן צו פאַרפאָלגן! — רופט אויס לעאָן — וואָס אינטערעסירן דיך די פרויען, מיט וועלכע איך טרעף זיך? דוכט זיך, אַז איך האָב מיין חוב לגבי דיר דערפילט, וואָס נאָך ווילסטו?
— איך וויל דיך... דיך... — רעדט די פרוי מיט אַ ליידנשאַפטלעכער שטים.
— צווישן אונדז איז אַלץ געענדיקט. דו האָסט אַ רייכן מאַן,

דו ביסט באַרימט, אַלץ אַ דאַנק מיר. טאָ וואָס נאָך ווילסטו פון מיר? ליבע? דו ווייסט אַליין, אַז דאָס קאָן איך דיר נישט געבן... דו אַליין ביסט שולדיק דערין, וואָס מיין ליבע צו דיר איז אויסגעלאָשן געוואָרן. דו האָסט מיר אָפט פאַרראַטן, געטראָטן מיינע הייליקסטע געפילן. איצט איז מיין ליבע צו דיר טויט...

— לעאָן, האָב אויף מיר רחמנות. קום צו מיר. מיין מאַן איז היינט אין שטוב נישטאָ. קום לעאָן... איך קאָן אָן דיר נישט לעבן. וואָס טויג מיר מיין רייכקייט, וואָס האָב איך פון מיין רום אַלס גרויסע אַקטריסע, ווען דיינע ליפּן קושן מיך נישט מער... לעאָן, האָב רחמנות... איך וועל אלץ טאָן פאַר דיר!

— לאָז מיך צורו, מאַרילאַ! האָסט אַ מאַן! — גיי צו אים!

— לעאָן, איך בעט דיך, קום מיט מיר... איך וועל דיר געבן אַזוי פיל הייסע ליבע...

— אַ גוטע נאַכט! — האָט לעאָן געזומען שפרייזן מיט שנעלע טריט און מאַרילען געלאָזט שטיין אַ פאַרצווייפלטע און דערשלאָגענע.

מאַרילאַ איז אַ ווילדע געשטאַנען מיט צונויפגעביילטע פויסטן, ווי זי וואָלט גרייט געווען צו וואַרפן זיך אויף לעאָנען. נאָכדעם האָט זי דורך די פאַרהאַקטע ציין אַרויסגערעדט:

— די דאָזיקע באַליידיקונג, לעאָן, וועל איך דיר קיינמאָל נישט מוחל זיין; קיינמאָל נישט! דו ווילסט נישט וויסן פון מיין ליבע, וועסטו זיך באַקענען מיט מיין האַס!... און איידער דו וועסט דערגרייכן דאָס גליק מיט אַן אַנדערער פרוי, וועט מיין נקמה דיך טרעפן!...

## קאַפּיטל דריי
## ווען די ליבע בליט אויף...

ווען די שוואַרץ־לאָקיקע סאַבינע האָט אויפגעעפנט די אויגן, האָט שוין די זון אַ שמייכלענדיקע אַריינגעשיינט אין פענצטער.

דער שיינער טאָג האָט האַרמאָנירט מיט סאַבינעס גוטער שטימונג. זי האָט זיך דערמאָנט אָן איר נעכטיקן רעטער און אַ זיסער שמייכל האָט זיך צעלייגט אויף איר פנים.

זי איז שנעל אַרויסגעשפּרונגען פון בעט און האָט זיך אָנגעהויבן אָנטאָן. זי האָט געהאַט בדעה תיכף אַריינצוגיין צום אַדמי־

גיסטראַטאָר אין אים באַצאָלן דאָס דירה־געלט, וואָס אים קומט.
אָבער זי האָט קוים באַוויזן זיך אָנצוטאָן און צו צענעמען די האָר, ווי הינטער דער טיר האָבן זיך דערהערט שווערע טריט און באַלד האָט זיך די טיר געעפנט און סאַבינע האָט ווידער דער־זען פאַר זיך דאָס אָפּשטויסנדיקע געשטאַלט פונעם אַדמיניס־טראַטאָר.
זי האָט אינסטינקטיוו אַ ציטער געטאָן, דערפילנדיק אַ שרעק־לעכן עקל צו דעם דאָזיקן מענטש.
— האַ, וואָס טוט איר נאָך דאָ, פּאַניענקאָ? — האָט דער דער אַדמיניסטראַטאָר בייז אַ געשריי געטאָן. — איך האָב דאָך אייך שוין איין מאָל געזאָגט, אַז אויב איר וועט נישט באַצאָלן — איז אויפן הויף אַרויס מיט אַלע גראַטעס! ביי מיר ווױנט מען נישט אומזיסט!
— אָבער וואָס שרייט איר — ענטפערט סאַבינע — איך האָב פאַר אייך געלט. איך האָב גאָרנישט בדעה צו וווינען אומ־זיסט... אָט האָט איר זעכציק זלאָטעס פאַר דריי חדשים... גיט מיר אַרויס אַ צעטל...
— אַזוי, איר האָט שוין געלט?... — איז דער אַדמיניסטראַ־טאָר געוואָרן גאָר אַן אַנדער מענטש, — אָ, דאָס געפעלט מיר... אַן אָרנטלעכע פּאַניענקע... כע־כע־כע... — האָט ער זיך אַוועק־געזעצט און אַרויסגענומען אַ בלאָק אויף אַרויסצוגעבן אַ צעטל.
אָבער ער האָט גאָרנישט געשריבן, נאָר זיך גענומען נענטער זיך צורוקן צו סאַבינען...
— איר פאַרשטייט, פּאַניענקאָ, אַז מ׳דערזעט געלט, ווערט ליכטיק אין די אויגן... כע־כע־כע... נאָר, אַז מ׳דערזעט פאַר זיך אַזאַ פּנימל... כע־כע־כע... ווערט וואַרעם אין אַלע גלידער... — האָט ער אַלץ נענטער און נענטער זיך גערוקט צו איר, אַזוי, אַז זי האָט שוין געפילט זיין פוילנדיקן אָטעם אויף זיך און זיך גענומען פון אים אָפּרוקן.
— אַזעלכע שיינע הענטלעך... כע־כע־כע... — האָט דער אַדמיניסטראַטאָר זי אָנגענומען ביי אַ האַנט. — און פיסלעך... אַך, ווי שיין...
— לאָזט מיך אָפּ! — האָט זי זיך האַסטיק אויפגעשטעלט.
— כע־כע־כע... איך טו דיר דען עפּעס?... — האָט דער אַד־

מיניסטראַטאָר זי אָנגענומען ביי דער צווייטער האַנט און פון זיינע אויגן האָט אַרויסגעקוקט אַזאַ חיהשע ליידנשאַפט, אַז סאַבינען איז אַ קעלט אַריבער איבערן גאַנצן קערפּער...

— לאָזט מיך אָפּ! וואָס טוט איר?!... — האָט זיך פון איר מויל אַרויסגעריסן אַ פאַרצווייפלטער געשריי.

אָבער דער אַדמיניסטראַטאָר האָט זיך אינגאַנצן פאַרגעסן, ער איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ בעסטיע. ווי אַ ווילדע חיה האָט ער זיך געוואָרפן אויף דער צאַרטער סאַבינען און האָט זי אַנידערגעשליידערט אויפן בעט...

מיט די לעצטע כוחות האָט זי זיך אָנגעהויבן מיט אים צו אַמפּערן. זי האָט שוין געוואָלט אויפהויבן אַ געשריי און רופן הילף. אָבער אין דעם מאָמענט איז געשען עפּעס אומדערוואַרטעטעס.

ווען דער חיהשער אַדמיניסטראַטאָר האָט שוין גענומען רייסן פון סאַבינען דאָס קלייד, האָט אַ פעסטער זעץ פון אַ געזונטער פויסט אין זיין קאָפּ אַריין, אים אַוועקגעלייגט אַ האַלב־פאַרחלשטן אויף דער ערד.

אין מיטן צימער איז געשטאַנען לעאָן. ער איז געווען בלאַס און אויפגערעגט.

סאַבינע האָט זיך צו אים אַ וואָרף געטאָן און מיט דאַנקבאַר־קייטס־טרערן אין די אויגן זיך געטוליעט צו דער ברוסט פון איר רעטער.

— טייערער, צום צווייטן מאָל האָט איר מיך געראַטעוועט פון אַן אומגליק! אָ, ווי דאַנקבאַר איך בין אייך...

דער אַדמיניסטראַטאָר האָט דערווייל מיט אַ קרעכץ זיך אויפ־געהויבן און, וואַקלענדיק זיך, ווי אַ שיכור, איז ער שנעל אַרויס פון צימער, קוקנדיק מיט כעס און רציחה אויף לעאָנען.

לעאָן און סאַבינע זענען געבליבן אַליין. און ווען זיי האָבן זיך ביידע אָנגעקוקט, האָט איןביידנס נשמות אויפגעציטערט עפּעס אומבאַשטימטעס, אָבער באַלד האָבן ביידע דערפילט, אַז דאָס אומבאַשטימטע איז: ליבע.

— סאַבינע, — האָט ער זי גענומען טוליען צו זיך, — ווי גוט מיר איז איצט מיט דיר... דערלויב מיר, דיך צו זאָגן; דו...

— אָבער הער לעאָן... — האָט זי אַרויסגעשטאַמלט און אַראָפּגעלאָזט די אויגן צו דער ערד.

— וואָס איז מיין טייערע? — האָט ער אָנגענומען איר דראָבנע האַנט און געקושט די שפּיצן פון אירע פינגער.

— ווי קום איך צו אייך?... איך בין אַן אָרעם, עלנט מיידל און איר זענט אַ זון פון אַ רייכן פאַבריקאַנט... אַזעלכער ווי איר טראַכט וועגן אַ גרויסן נדן... אָבער איך פאַרמאָג דאָך גאָרנישט... גאָרנישט...

ער האָט ווידער געקושט איר דראָבנע הענטל און געענט־פערט:

— אָ, דו פאַרמאָגסט אַ סך מער, ווי די רייכסטע מיידלעך. ווער פאַרמאָגט נאָך אַזעלכע שיינע, פּאַרלומ׳טע אויגן, ווי דו, אַזאַ בחנ׳ט מיילעכל, אַזעלכע זיסע ליפּעלעך און אַזעלכע הענטע־לעך קליינע... איך זוך נישט קיין נדן, איך זוך אַ שיינע פרוי מיט אַ קרישטאָל־ריין האַרץ...

— הער, לעאָן... דו... זיי מיר מוחל... — האָט זי זיך צוגע־טוליעט צו אים און אירע אויגן האָבן זיך אָנגעפילט מיט טרערן פון פרייד, — איך בין איצט אַזוי גליקלעך... אַזוי גליקלעך... מיט דיר צוזאַמען... מיר דוכט זיך, אַז מיר קענען זיך שוין אַזוי לאַנג...

— מיין גאָלד! מיין שאַץ! טייערע — קרוין מיינס!... האָט לעאָן זיך איינגעזויגן אין אירע ליפּן און זי ליידנשאַפטלעך געקושט... — — — —

נאָך אין דעם זעלבן טאָג האָבןביידע פאַרליבטע באַזוכט דעם קבר פון סאַבינעס מוטער אויפן פּראַגער בית־עולם און דאָ ביים קבר פון דער פאַרשטאָרבענער האָבן ביידע זיך געשווירן טרייע און אייביקע ליבע.

— אָבער צי וועט דיין משפחה דערלויבן, אַז דו זאָלסט חתונה האָבן מיט אַן אָרעמע, קיילעכדיקע יתומה? — האָט סאַבינע געפרעגט, ווען זיי האָבן זיך אומגעקערט צוריק פון בית־עולם. לעאָן האָט איר דערויף געענטפערט, אַז אויב זיין פאָטער וועט אויפן שידוך נישט מסכים זיין, וועט ער אַפילו קעגן ווילן פון פאָטער שטעלן מיט איר אַ חופה.

— בלויז דער טויט קאָן אונדז ביידע צעשיידן!... — האָט ער ערקלערט מיט אַ פייערליך־ערנסטער שטים.

און כאָטש די דאָזיקע ווערטער זענען אַרויסגעזאָגט געוואָרן מיט אַזאַ פייערליכקייט, האָט סאַבינען פּלוצלונג באַהערשט אַ שרעקלעך פאָרגעפיל.

ווען זי איז דעם זעלבן אָוונט אַרויפגעגאַנגען אויף די שטיגן פון דעם הויז־קאָרידאָר, ווו זי האָט געוווינט, האָט זי פּלוצלונג אויפגעצאַפּלט און אַרויסגעלאָזט אַ שרעקלעך געשריי...

אויף די שטיגן איז שוין געווען פינסטער און האַרט פאַר סאַבינען האָט עפּעס אַ בליץ געטאָן אַ ווייסע זאַך און סאַבינע האָט געהערט ווי אַ פרויען־שטים שעפּטשעט איר אַריין אין אויער.

— ווערסט טייער דערפאַר באַצאָלן!... געדענק!...

נאָכן געשריי איז סאַבינע געפאַלן אין אָנמאַכט. שכנים האָבן זי אָפּגעמינטערט און אַריינגעפירט אין שטוב. ווען זי איז געקומען צו זיך, האָט זי נישט געקאָנט פאַרשטיין, ווען עס איז געווען די געהיימנישפולע פרוי אויף די שטיגן און פאַרוואָס האָט יענע עפּעס געשריגן.

— ווערסט טייער דערפאַר באַצאָלן!... געדענק!...

אַ גאַנצע נאַכט האָט סאַבינע נישט געקאָנט איינשלאָפן און אַלע מינוט האָט זיך איר אויסגעדוכט, אַז זי הערט ווידער די שטים פון יענער געהיימנישפולער פרוי אויף די שטיגן...

## קאַפּיטל פיר

## די רייכע קוזינקע

פאַר דעם טויער פון אַ הערלעכן פּאַלאַץ אויף דער אַלייע אויאַזדאָווסקע, איז געבליבן שטיין אַ פּרעכטיק שיינער אויטאָ. פון דעם אויטאָ איז אויסגעשטיגן לעאָן האָפענשטאַנד.

אין דער אמת׳ן איז זיין נאָמען געווען נישט האָפענשטאַנד, נאָר קייזערשטיין. ער איז געווען אַ זון פון אַ זייער רייכן יידישן הויזווירט און פאַבריקאַנט.

אָבער ער האָט סאַבינען באַלד נישט געוואָלט זאָגן, אַז ער איז דער זון פון איינעם פון די רייכסטע יידן אין וואַרשע.

ווי נאָר לעאָן קייזערשטיין איז אַריין אין דעם הערלעכן פּאַ

לאַץ, איז אים דער לאָקיי אַנטקעגנגעגאַנגען מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ.

לעאָן איז געווינטשט געוועזן, אַז דער לאָקיי זאָל אים שטענדיק באַגעגענען מיט אַ שמייכל, און דאָ זעט ער אויף זיין געזיכט אַזאַ טיפן טרויער.

— וואָס איז געשען פּיאָטר? — פרעגט לעאָן האַסטיק.

— אייער פאָטער, פּאַניטשו, געפינט זיך שוין מער נישט צווישן די לעבעדיקע... — איז געקומען אַן ענטפער.

— ג־ט מיינער, וואָס רעדסטו?!... — האָט זיך לעאָן אָנגע־כאַפּט ביים קאָפּ, — ווי איז דאָס מעגלעך? ווען איך בין נעכטן אַוועקגעגאַנגען, איז ער דאָך געוועזן פריש און געזונט!

— יאָ, דאָס איז ריכטיק, — האָט דער אַלטער לאָקיי אָפּגע־ענטפערט מיט אַ קרעכץ. — ער איז טאַקע געוועזן געזונט און פריש, אָבער, זיצנדיק היינט אינדערפרי ביים טיש, האָט ער פּלוצלונג אַ זאָג געטאָן, אַז ס'איז אים שלעכט און איידער דער דאָקטאָר איז נאָך געקומען, האָט אונדזער איידעלער פּאַרן אויס־געהויכט די נשמה...

לעאָן האָט זיך איצט געפילט אין גאַנצן אַ צעבראָכענער. ער האָט דעם פאָטער זיינעם זייער ליב געהאַט. און מיטאַמאָל אַזאַ אומגליק, אַזאַ שווערער קלאַפּ!

אין די טעג פון טרויער איז לעאָן אַרומגעגאַנגען אַ שווייגנ־דיקער און טיף אין האַרצן באַקלאָגט דעם פאָטערס טויט.

אין די שווערע טעג האָט ער נישט איינמאָל געטראַכט וועגן דער שיינער סאַבינע, וועלכער ער האָט אויף איר מוטערס קבר אייביקע ליבע געשווירן.

און ווי אַ היילנדער באַלזאַם אויף אַ ווונד — אַזוי האָט געווירקט די ליבע צו סאַבינען אויף לעאָנס צעבראָכן, טרויעריק האַרץ.

אין די טרויער־טעג איז צו די קייזערשטיינס אין פּאַלאַץ אַראָפּגעקומען לעאָנס פעטער פון לאָדזש מיט זיין טאָכטער רעגינע.

המשך אין די ווייטערע נומערן וועלכע זענען שוין צו באַקומען אין אַלע קיאָסקן פון לאַנד

דפוס „אור" בע"מ פאַרלאַג „תקוה"

# סאבינע



## ראָמאַן
## פון אַ קראַנקן־שוועסטער

---

פרייז 50 אַגי׳ נומער 2

זיין פעטער האָט געהאַט באַנקראָטירט אויף שיינע מיליאָנען זלאָטעס, און הערנדיק וועגן זיין ברודערס טויט, איז ער געקומען צום גרייטן, איבערנעמען דעם ברודערס הייזער און פאַבריקן, פאַרגעסנדיק אינגאַנצן, אַז ס'איז פאַראַן אַ יורש — דער זון פון פאַרשטאָרבענעם.

און יועץ דער פּאַלאַץ פון דעם רייכן ייד איז נאָך געווען איינגעהילט אין טיפן טרויער, ווען אויף לעאָנס געזיכט איז נאָך געלעגן אַן אומעט, האָט שוין דער באַנקראָטירטער לאָדזשער פּאַבריקאַנט, דער ברודער פונעם פאַרשטאָרבענעם, גערעדט מיט זיין טאָכטער וועגן דעם שמאַלץ-גרוב, אין וועלכן זיי וועלן איצט אַריין.

אויב דו ווילסט, אַז מיר זאָלן ירשנען דעם פעטערס רייכטימער, מוזטו, טאָכטער מיינע, געווינען לעאָנס האַרץ, — האָט סאַמועל קייזערשטיין אַזוי געהייסן דער פאָטער) גערעדט צו זיין טאָכטער, — ווען דו וועסט ווערן זיין ווייב, וועלן מיר אים אַריינגעמען אין אונדזערע הענט און די צענדליקער הייזער און פאַבריקן וועלן געהערן צו אונדז. לעאָן איז פּאַר אַ פרוי אַלץ גרייט צו טאָן.

— —זיי רואיק, פאָטער, — האָט רעגינע געענטפערט מיט אַ זיגערישן שמייכל. — איך האָב שוין פריער געטראַכט וועגן דעם. איך בין געווינט צו אַ רייך לעבן און איך וועל אלץ טאָן, כדי צו פאַנגען לעאָנס האַרץ... לעאָן וועט ווערן מיין שקלאַף און נאָך דער חתונה וועט ער מוזן דאָס גאַנצע פאַרמעגן איבערשרייבן אויף מיין נאָמען...

— כ'ווייס, אַז כ'קאָן זיך אויף דיר פאַרלאָזן, טאָכטער!... — האָט דער אַלטער סאַמועל קייזערשטיין צופרידן אַ קלאַפּ געטאָן זיין טאָכטער איבער דער פּלייצע.

און נאָך אין דעם זעלבן טאָג האָט רעגינע אָנגעהויבן צו שטורעמען לעאָנס האַרץ.

זי האָט אים נישט אָפּגעלאָזט אויף קיין מינוט, זי האָט זיך אַנגעטאָן אין די שענסטע קליידער און אים גערייצט מיט אירע קיילעכדיקע, אנטבלויזטע קניען, מיט די נאַקעטע, פולע הענט אירע. זי האָט זיך כסדר צוגערוקט צו אים, האָט אים אפילו אַרומ־

גענומען און זיך באַמיט, אַז ער זאָל באַמערקן די פולע קיילעכ־דיקייט פון אירע ברוסטן...

און זעענדיק, אַז ער איז אַזוי קאַלט צו איר, האָט זי געפרעגט, צי ער האָט עפּעס א סך צו טאָן מיט פרויען.

— דער וואָס איז פאַרליבט אין איין פרוי, קאָן נישט האָבן צו טאָן מיט קיין סך פרויען... האָט לעאָן געענטפערט, אָפּ־רוקנדיק זיך פון רעגינען.

דערהערט די דאָזיקע ווערטער, איז רעגינע געוואָרן שטאַרק בלאַס און האָט געפרעגט:

— אַזוי גאָר, לעאָן? ביסט פאַרליבט? ווער איז דאָס דאָזיקע גליקלעכע וועזן? זיכער א שיינע, רייכע פאַננע מיט אַ ריזיקן נדן, נישט אמת?...

— יאָ, שיין איז זי... — האָט לעאָן גענומען רעדן מיט אנט־ציקונג, — אַזוי שיין, ווי די זון. און דער נדן אירער באַשטייט פון א קרישטאָל-ריין האַרץ און ווונדערלעכער גוטסקייט. דאָס איז דער שענסטער נדן, וואָס אַ פאַננע קאָן פאַרמאָגן...

— אַזוי?... אַן אָרעם מיידל?... — האָט רעגינע איראָניש אַ שמייכל געטאָן. — זיכער אַ סקלעפּאָווע, אָדער אַ שניידערין?... — האָט זי אים ספּעציעל אַ שטאָך געטאָן.

— יוער זי איז, וועסטו זיך דערוויסן אין די נאָענטסטע טעג, — האָט לעאָן געענטפערט מיט אַ באַליידיקטן טאָן, — ווייל איך האָב פעסט באַשלאָסן, אַז דאָס דאָזיקע גוטע און שיינע מיידל זאָל ווערן מיין אייביקע לעבנסבאַגלייטערין. איך וועל אינגיכן מיט איר חתונה האָבן און דאַן וועט זי ווערן די אייגנטימערין פון די אַלע רייכטימער, וועלכע איך האָב געירשנט נאָך מיין פאַרשטאָר־בענעם פאָטער...

רעגינע האָט אין גאַנצן אַ ציטער געטאָן, הערנדיק די דאָזיקע רייד פון איר קוזין.

איר גאַנצער פּלאַן וועגן אַריינבאַקומען לעאָנס גאַנץ פאַר־מעגן אין אירע הענט, איז מיטאַמאָל צערונען געוואָרן. לעאָנס האַרץ האָט געוווּנען אַן אַנדערע, עפּעס אַן אָרעם מיידל... מן־הסתם וווינט יענע אין א קעלער־שטוב... אך, וואָס פאַר אַ סקאַנ־דאַל!

רעגינע האָט זיך אין גאַנצן געוואָרפן פאַר אויפרעגונג. זי האָט

אָבער נישט געוואָלט אַרויסווייזן דעם קוזין, אַז זי איז געקרענקט, דעריבער האָט זי זיך באַהערשט, געמאַכט אַ רואיקע מינע און געענטפערט:

— אויב אַזוי, לעאָן, בלייבט מיר עפּעס אַנדערש נישט איבער, ווי צו ווינטשן דיר גליק...

— אַ דאַנק דיר, רעגינע, — האָט לעאָן צופרידן אַ שמייכל געטאָן. — איך קאָן דיר גאָרנישט איבערגעבן, ווי גליקלעך איך פיל זיך...

— אָבער זאָג מיר דעם אמת, לעאָן דו ביסט טאַקע פאַרליבט אין דעם מיידל?... דו, דער זון פון מאַקסימיליאַן קייזערשטיין, האָסט זיך פאַרליבט אין אַ מיידל פון אַן אָרעמער היים?... עס וווּנדערט מיך...

— רעגינע, די ליבע. די ריינע, אמתע ליבע, ווייסט נישט קיין אונטערשיד צווישן אָרעם און רייך... איך גיי טאַקע באַלד באַ-שטעלן איינלאַדונגס-קאַרטן צו די תנאים, וועלכע וועלן פאָר-קומען שוין אין צוויי וואָכן אַרום.

— שוין אין צוויי וואָכן אַרום?... — האָט רעגינע געברענט און אַ פלאַם איז איר געקומען אין פּנים אַריין.

לעאָן האָט זיך מיט איר געזעגנט, אָבער זי האָט אים נאָך אַלץ נישט אַוועקגעלאָזט פון זיך.

זי האָט נאָך געפּרוווט שעלמיש אַ שמייכל טאָן, אָבער ער איז שנעל פון איר אַוועק.

רעגינע איז געזעסן אַ לענגערע צייט, ווי אַ פאַרשטייפטע, דער געשפּרעך מיט לעאָנען האָט זי אין גאַנצן דערשלאָגן.

אָבער ווען זי האָט זיך אויפגעשטעלט, האָט זי אַ קריץ געטאָן מיט די ציין און געזאָגט צו זיך:

— נאָך נישט אַזוי שנעל וועט דאָס פּענטאַצקע מיידל זיין לעאָנס ווייב. נאָך נישט אַזוי שנעל!... די זאַך איז נאָך נישט פאַרשפּילט.

— — — — — — — — — — —

רעגינע האָט באַשלאָסן צו מאַכן נאָך איין פּרוּוו.

ביינאַכט ווען אלע עלעקטרישע לאָמפּן אין פּאַלאַץ האָבן זיך אויסגעלאָשן, האָט רעגינע, אין בלויזן נאַכט-העמד, זיך אַרויס-געשלייכט פון איר צימער.

זי האָט זיך געשלייכט ביי די ווענט, ווי אַ נאַכט־גנב, וואָס גרייט זיך אויסצופירן א גנבה.

און אָט איז זי געבליבן שטיין ביי דער טיר פון לעאָנס צימער. איר הארץ האָט שטאַרק געקלאַפּט און זי האָט זיך איינ-געהאָרכט:

— שלאָפט ער, אָדער נישט ?...

נאָכדעם האָט זי פּאַמעלעך געעפנט די טיר און איז אַריינ־געגאַנגען אין צימער. זי האָט זיך דערנענטערט צו לעאָנס בעט.

ער איז געשלאָפן.

דעמאָלט האָט זי זיך איבער אים אַריבערגעבויגן און אַ קוש געטאָן אים אין די ליפּן.

ער האָט זיך אויפגעכאפּט און מיט אַ דערשראָקענער שטים געפרעגט:

— ווער איז דאָ ?

— איך.. טייערער מיינער.. — האָט רעגינע שטיל געענט־פערט און זיך גענומען טוליען צו אים.

— רעגינע, גאָט איז מיט דיר !... — האָט ער אויסגערופן, — וואָס ווילסטו ?

—לעאָן... איך שטאַרב פאַר דיין בליק. איך האָב דיך ליב ביז וואַנזין !... — האָט זי זיך גענומען אַרומקלאַמערן אַרום זיין האַלדז.

— רעגינע... פאַרשטיי מיך. מיין האַרץ געהערט דאָך צו אַן אַנדערע. פאַרלאָז דאָס צימער.

— לעאָן דו האָסט קיין האַרץ נישט. מיר טרייבסטו פון דאַ-נען ? און עפּעס אַ שלאָנדרע, שניידערין דאָרטן, צי גאָר אַ מאַ־ניקוזשיסטקע האָט דיר פאַרדרייט דעם קאָפּ און וויל דיך אויס־נוצן.

— רעגינע, רעד נישט אַזוי וועגן מיין געליבטער ! נישטאָ נאָך אַזאַ קרישטאַל־ריינע נשמה אויף דער וועלט ! און דאָס, וואָס זי איז אָרעם איז דאָך קיין שום שאַנדע נישט. ווען זי וועט ווערן מיין פרוי — וועט איר דעמאָלט קיין שום זאַך נישט פעלן.

רעגינע האָט דאַן מיט איר קערפּער צוגעטוליעט זיך פעסט צו לעאָנען און האָט מיט אַ ליידנשאַפטלעכער שטים גערעדט:

— לעאָן טייערער, איך ווער פאַרברענט פון ליבע צו דיר! לעש דאָס פייער אין מיר. נעם מיך. לעאָן. לעאָן.

אָבער ער האָט זי אָפּגעשטויסן פון זיך און געבעטן, אַז זי זאָל פאַרלאָזן דאָס צימער.

מיט פאַרקריצטע ציין, מיט אַ קללה אויף די ליפּן האָט זי זיך צוריק אַרויסגעשלייכט פון זיין צימער און ווען זי האָט זיך צוריק אַריינגעלייגט אין איר בעט, האָט זי געביילט די פויסטן און געוועדט צו זיך:

— ער וועט טייער דערפאַר באַצאָלן! אָ, רעגינע לאָזט זיך נישט אַזוי לייכט באזיגן. לעאָן קייזערשטיין וועט מיט קיין פלאָנ־דרע נישט חתונה האָבן!...

נאָך לאַנג איז רעגינע געלעגן אין בעט און נישט געקאָנט איינשלאָפן. זי האָט געוועבט פאַרשידענע פּלענער, ווי אַזוי נקמה צו נעמען אין איר קוזין.

— — — — — — — — — — — — — —

צומאָרגנס אַרום דריי אַ זייגער בייטאָג האָט לעאָן געדאַרפט פאָרן אין אַ געשעפטלעכער אָנגעלעגנהייט קיין קראָקע.

אַזוי ווי ער האָט געהאַט אַ פּרעכטיקן אויטאָמאָביל, האָט ער נישט געוואָלט פאָרן מיט דער באַן און האָט באַשלאָסן די רייזע דורכצומאַכן מיט זיין לימוזינע.

דער טאָג איז געווען אַ שיינער, אַ זוניקער און לעאָנס פּרעכ־טיקער אויטאָ איז שנעל געפאָרן אויף דעם ראַדאָמער שאָסיי, וואָס פירט קיין קראָקע.

שוין לאַנג האָט לעאָן נישט געהאַט אַזאַ פאַרגעניגן פון אַ רייזע, ווי דאָס מאָל. די זון, וואָס האָט אַראָפּגעשמייכלט צו די מענטשן, האָט אים דערמאָנט אָן דער שיינער סאַבינע.

ער האָט אויף קיין איין מינוט נישט אויפגעהערט וועגן איר צו טראַכטן. אָ, ווי גליקלעך ער איז, וואָס ער האָט אויף זיין לעבנס-וועג אַזאַ פרוי געטראָפן!

מיט דעם דאָזיקן מיידל צוזאַמען וועלן זיינע טעג זיין גליק־לעכע און צופרידענע און מענטשן וועלן אים מקנא זיין.

און לעאָן האָט אין די געדאַנקען געקושט סאַבינען און גע־שעפטשעט:

— טייערע, טייערע, צי ווייסטו, ווי ליב איך האָב דיך...

אויפֿן שאָסיי האָט זיך פּלוצלונג באַוויזן אַ מאַן מיט בלאָנד בערדל. ער האָט געגעבן אַ צייכן, אַז דער אויטאָ זאָל זיך אָפּ־שטעלן.

— צי זאָל איך זיך אָפּשטעלן, שאַנאָווי פּאַניע? — האָט דער שאָפֿער געפֿרעגט ביי זיין שעף.

— עס האָט זיכער געמוזט עפּעס געשען. בלייב שטיין, — האָט לעאָן באַפֿוילן.

און ווען דער שאָפֿער האָט איינגעהאַלטן דעם אויטאָ, איז דער מאַן מיטן בלאָנדן בערדל האַסטיק צוגעלאָפֿן צו לעאָנען און, אַרויסכאַפּנדיק בליץ־שנעל אַ רעוואָלווער פֿון טאַש, האָט ער עטלעכע מאָל אין אים אויסגעשאָסן.

לעאָן איז אַנידערגעפֿאַלן אין אויטאָ אַ באַגאָסענער מיט בלוט. ער האָט נאָך באַוויזן אַ געשריי צו טאָן צום שאָפֿער:

— מאַריאַן, ראַטעווע!...

און איז געבליבן ליגן אָן באַוווסטזיין.

איידער דער דערשראָקענער שאָפֿער האָט זיך געכאַפּט, וואָס דאָ איז געשען, איז דער געהיימנישפֿולער שיסער מיטן בלאָנדן בערדל שנעל פֿאַרשוווּנדן געוואָרן.

דער שאָפֿער האָט זיך דאַן געוואָרפֿן ראַטעווען לעאָנען, אָבער זעענדיק, אַז לעאָן גייט אָפּ אין בלוט, האָט ער שנעל גענומען צו־ריקפֿאָרן קיין וואַרשע מיט דעם שווער פֿאַרווונדעטן שעף זיי־נעם.

## קאַפּיטל פֿינף

## סאַבינע ווערט אַ קראַנקן־שוועסטער

סאַבינע איז אַרומגעגאַנגען אַ שרעקלעך־פֿאַרצווייפֿלטע.

שוין די דריטע וואָך, ווי איר געליבטער לעאָן האָט זיך מער נישט געוויזן. זי איז עטלעכע מאָל אַוועק אין זאַקסישן גאָרטן, מיינענדיק, אַז זי וועט אים טרעפֿן, אָבער אומזיסט!

לעאָן איז פֿאַרשוווּנדן געוואָרן, ווי אין וואַסער אַריין.

— גאָט אין הימל, — האָט זי פֿאַרבראָכן מיט די הענט, — וואָס האָט געקאָנט מיט אים געשען? צי זענען זיינע שיינע רייד און צוזאָגענישן געווען נישט מער, ווי פּוסטע פֿראַזן? צי האָט ער זי געוואָלט בלויז אויסנוצן און אָפּנאַרן?

אָבער ניין: דאָס איז אוממעגלעך: צו שטאַרק האָט זי אים ליב געהאַט, אַז זי זאָל קאָנען וועגן איר טייערסטן אַזוי טראַכטן.

צו גרויס איז געווען איר צוטרוי צו אים, צופיל האָט זי געגלויבט אין יעדן וואָרט זיינס, אַז זי זאָל קאָנען צווייפלען אין זיין ערלעכקייט.

— מיט לעאָנען האָט עפּעס געמוזט געשען. — האָט זי גע-טראַכט.

און זי האָט געבעטן גאָט אין האַרצן, אַז ער זאָל איר לעאָן אָפּהיטן פון אַלדאָס בייז און שלעכטס.

און דערווייל האָט די נויט מיט אירעביינערדיקע פינגער אָנגעהויבן קלאַפּן אין סאַבינעס שטוב.

עס זענען געווען טעג, ווען אַ חוץ אַן אַלט שטיקל ברויט און אַ ביסל קאַלטע ביטערע טיי האָט סאַבינע אין איר מויל נישט געהאַט.

אָבער נישט דער הונגער און נישט די איינזאַמקייט האָבן איר נישט פאַרשאַפט אַזוי פיל ליידן, ווי די בענקשאַפט נאָך איר געליבטן. פאַרשידענע שרעקלעכע געדאַנקען זענען איר גע־קומען אין קאָפּ אַריין. אפשר איז מיט איר לעאָן געשען אַן אומ-גליק? אַ מענטש איז דאָך נישט מער, ווי אַ מענטש.

זי פלעגט גאַנצע טעג אָפּזיצן אַליין אין שטוב און מיט אַ קלאַפּנדיק האַרץ זיך איינהערן צו יעדן טריט אויף די טרעפּ: אפשר גייט ער? אפשר איז עס לעאָן?

אָבער קיינער האָט איר טיר נישט געעפנט, קיינער איז צו איר נישט געקומען.

און דער הונגער און די נויט זענען וואָס אַ טאָג געוואָרן אַלץ אָפּטערע געסט ביי סאַבינען אין שטוב. זי איז דאַן אַוועק אין דער פאַרמיטלונגס־ביוראָ פאַר קראַנקן־שוועסטערס און פאָר-געשטעלט איר דיפּלאָם.

— איך האָב געענדיקט אַ שולע פאַר קראַנקן־שוועסטער, אפשר איז פאַראַן אַרבעט? — האָט סאַבינע זיך געווענדעט נישט דרייסט צו דער דירעקטאָרקע פון דער ביוראָ.

די דירעקטאָרקע האָט באַמערקט סאַבינעס פאַרלעגנהייט און געענטפערט:

— לײדער האָב איך נישט פאַר אײַך קײן אַרבעט. קומט אין צטלעכע טעג אַרום, אפשר װעט זיך עמיצער מעלדן, אַז ער דאַרף אַ קראַנקן־שװעסטער.

סאַבינען זענען געקומען טרערן אין די אױגן. זי האָט זיך דערמאָנט, אַז זי האָט נאָך הײנט נישט געגעסן און אין איר בײטל האָט זי געהאַט בלױז צװײ גראָשן. און װאָס קאָן מען קױפן פאַר צװײ גראָשן?

די דירעקטאָרקע האָט באַמערקט סאַבינעס פאַרלעגנהײט און געזאָגט:

— װאַרט דאָ צו, פרײלין, אפשר װעט זיך עמיצער מעלדן נאָך אַ קראַנקן שװעסטער.

סאַבינע האָט זיך אַװעקגעזעצט אױף אַ באַנק און האָט מיט אַ טיכל אָפּגעװישט די טרערן, װאָס זענען איר געקומען אין די אױגן...

אין דעם מאָמענט איז אַרײַנגעקומען אַן עלעגאַנט־געקלײדעטע דאַמע מיט שימערינדיקע בריליאַנטן אױף די פינגער און אַ טײַערן האַלדזבאַנד.

די דאַמע האָט געפרעגט, צי זי קאָן באַקומען אַ קראַנקן־שװעסטער צו אַ שװער־קראַנקן מענטש.

— ביטע זײער, אַפילו שױן... — האָט די דירעקטאָרקע געענטפערט און איז געװען זײער צופרידן, װאָס עס האָט זיך געמאַכט אַזאַ שנעלע און גוטע געלעגנהײט פאַר דער אַרבעטסלאָזער קראַנקן־שװעסטער.

— מײן נאָמען איז רעגינע קײזערשטײן, — האָט די דאַמע זיך שטאָלץ פאָרגעשטעלט, — מיט מײנעם אַ קוזין איז געשען אַ שרעקלעך אומגליק. אַן אומבאַקאַנטער האָט צו אים געשאָסן און שװער פאַרװונדעט. פינף קױלן האָבן דורכגעלעכערט זײן לײב, ער ליגט נאָך אַלץ אָן באַװוסטזײן. איך מוז האָבן זײער אַ קװאַליפיצירטע און פעאיקע קראַנקן-שװעסטער.

— אָ, גנעדיקע פרײלין, — האָט די דירעקטאָרקע העפלעך געענטפערט, — אין מײן ביוראָ זענען פאַראַן בלױז פעאיקע קראַנקן־שװעסטער און אָט איז אײנע פון די פעאיקסטע... — האָט די דירעקטאָרקע פאָרגעשטעלט סאַבינען.

רעגינע קייזערשטיין האָט געוואָרפן אַ שטאָלצן בליק אויף סאַבינען און געפרעגט:

— צי ווייסט איר ווי אַזוי זיך צו באַגיין מיט אַ שווער־קראַנקן?

— אָ, געוויס...

— דער קראַנקער איז נאָך אַלץ נישט געקומען צום באַוווסט־זיין, מ'דאַרף מיט אים זיין זייער פאָרזיכטיק...

— איך בין זיכער, גנעדיקע פריילין, אַז איר וועט פון מיר זיין צופרידן... — האָט סאַבינע געענטפערט און העפלעך זיך פאַר־נויגט פאַר רעגינען.

— ווי אַלט זענט איר?

— צוואָנציק יאָר...

— אַ דיפּלאָם האָט איר?

— געוויס.

— נו גוט. איך נעם אייך דערווייל צו אויף פּראָבע. אָט האָט איר דעם אַדרעס: ל. קייזערשטיין, אַלעע אויזאדאָווסקא 29. איר וועט זיך מעלדן היינט צען אַזייגער אין אָוונט. איך וואָלט אייך שוין מיטגענומען מיט זיך אין מיין אויטאָ, נאָר איך דאַרף נאָך דערליידיקן עטלעכע זאַכן אין שטאָט. אַלזאָ, היינט צען אַזייגער אין אָוונט. יאָ, כ'האָב פאַרגעסן אייך צו פרעגן: ווי הייסט איר?

— סאַבינע רייזמאַן... — האָט סאַבינע געענטפערט און זיך העפלעך פאַרנויגט פאַר דער עלעגאַנטער דאַמע, ווען יענע האָט פאַרלאָזט די ביוראָ.

רעגינע קייזערשטיין איז אין לעאָנס אויטאָ דערווייל געפאָרן אויף אַ שפּאַציר הינטער דער שטאָט.

זי האָט זיך גאַנץ קנאַפּ איבערגענומען דערמיט, וואָס איר קוזין ליגט אַ שווער פאַרוווּנדעטער און קעמפט מיטן טויט, פאַר־קערט, ווען זי האָט געזען, אַז מ'ברענגט אים אַריין אין פּאַלאַץ נאָך אַ לעבעדיקן, האָט זי אָפּגעקערט דאָס געזיכט אין אַ זייט און געמאַכט אַ שטאַרק אומצופרידענע מינע.

און זעענדיק, אַז לעאָן קומט נאָך אַלץ נישט צום באַוווסט־זיין און אַז די דאָקטוירים צווייפלען, צי זיי וועלן אים קאָנען

דערהאַלטן ביים לעבן — האָט רעגינעס האַרץ זיך אָנגעפילט מיט האָפענונג.

זי האָט גאַנץ גוט געוווסט, אַז אויב לעאָן וועט שטאַרבן, וועט דער איינציקער יורש איבערבלייבן איר פּאָטער, דער ברו־דער פונעם פלוצלונג פאַרשטאָרבענעם מאַקסימיליאַן קייזערשטיין.

דעריבער האָט זי זיך דערלויבט צו מאַכן אַ שפּאַציר מיט איר קוזינס אויטאָ, און אין דער צייט, ווען לעאָן איז געלעגן און גע־קעמפט מיטן טויט, האָט רעגינע צוגעלעבט אַ גוטן טאָג.

אַזוי ווי דער דאָקטאָר האָט דורכאויס געפאָדערט, אַז מען זאָל צונעמען אַ קראַנקן־שוועסטער, האָט שוין רעגינע אַנדערש נישט געקאָנט האַנדלען.

* * *

ווען סאַבינע איז צוריקגעגאַנגען פון פאַרמיטלונגס־ביוראָ אַהיים, האָט זי זיך אומגעקוקט אויף אַלע פאַרבייגייער.

זי האָט נאָך אַלץ געזוכט דעם, צו וועמען איר האַרץ האָט געהערט, אפשר וועט זי אים פאָרט טרעפן? אָ, ווען ער ווייסט, ווי זי בענקט נאָך אים !!.!! ! ! ! ! !

זי איז געוואָרן צופרידן, וואָס זי האָט באַקומען די דאָזיקע באַשעפטיקונג. זי וועט שוין נישט דאַרפן הונגערן און נישט מורא האָבן פאַר דעם ברוטאַלן אַדמיניסטראַטאָר.

יאָ, אין דער הינזיכט איז זי זייער צופרידן, אָבער די וווּנד אין האַרץ איז נישט פאַרהיילט, די בענקשאַפט הערט נישט אויף. גאָט אין הימל, וואָס איז פאָרט געשען מיט איר לעאָן?

מיט די דאָזיקע געדאַנקען איז סאַבינע אַהיימגעגאַנגען. ווי נאָר זי איז אַריינגעקומען אין שטוב און פאַרמאַכט הינטער זיך די טיר, האָט זי דערהערט טריט אויף די טרעפּ.

זי האָט אין גאַנצן אויפגעציטערט, זייענדיק זיכער, אַז דאָס גייט לעאָן. און ווען זי האָט דערהערט אַ קלאַפּ אין טיר, האָט זי געוואָלט אַזש אַ געשריי טאָן פאַר פרייד.

אָבער אָנשטאָט לעאָנען האָט זי דערזען פאַר זיך דעם ברו־טאַלן אַדמיניסטראַטאָר. זי האָט פאַר שרעק זיך אַזש איינגעקאָר־טשעט.

וואָס איז ער שוין ווידער געקומען? וואָס וויל ער פון איר?

זי איז דאָך אים שוין מער נישט שולדיק, ווי פאַר איין חודש.

גוט, וואָס כ׳האָב אייך געטראָפן, פאַניענקאָ, — האָט ער געזאָגט און זיך ברייט אַוועקגעזעצט. — ווי הייסט דער יונגער־מאַן, וואָס האָט מיר דעמאָלט געגעבן אַ קלאַפּ? איך וועל עס איב נישט שווייגן. ער וועט ביי מיר דערפאַר גיין זיצן און איר, פאַניענקאָ, אויך! — האָט ער גענומען הויך שרייען.

— איר האָט נאָך אַ טענה צו מיר? — רופט אויס סאַבינע מיט אַ שטאַרקער שטים, — אייך קומט נאָך צוצוצאָלן?

— פאַניענקאָ, נישט גערעדט קיין סך, ווייל איך ברענג באַלד פּאָליציי געענטפערט זאָל ווערן, ווי הייסט דער יונגערמאַן, וואָס האָט מיך געשלאָגן און ווו וווינט ער?

— איך ווייס נישט, ווו ער וווינט און ווען כ׳וואָלט אפילו געוווסט, וואָל איך אייך אויך נישט געזאָגט, ווייל איר האָט נישט קיין רעכט דאָס צו פאָדערן!

— כע־כע־כע, קוקט זי נאָר אָן. זי ווייסט נישט, ווו איר „פשיאַטשעל" וווינט נו, נו, מיט מיר שפּילט מען זיך נישט. אויב דו וועסט נישט זאָגן, ווו ער וווינט, וועסטו גיין אין קרי־מינאַל אַריין!

— איך האָב פאַר אייך נישט קיין מורא! — האָט סאַבינע אויסגעריפן מיט אַן אויפגערעגטער שטים. — מאָרגן וועל איך גיין אין קאָמיסאַריאַט און דערציילן וועגן אייער מיאוסער האַנד־לונג. מיינט נישט, אַז ווייל איך בין אַ יתומה קאָנט איר מיך שוין טרעטן מיט די פיס.

— דו רעדסט מיר צו שיין,, דוכט זיך, אַז דו וועסט באַ־דויערן.

— אַרויס פון מיין שטוב! — האָט סאַבינע אַ געשריי גע־טאָן, — אויב איר וועט מיך ווייטער אַזוי באַליידיקן, וועל איך אייך אָנקלאָגן אין געריכט.

— מיך אין געריכט ?! כא־כא־כא... אַן אַדמיניסטראַטאָר האָט פאַרן געריכט נישט קיין מורא. אָבער וואָס שרייסטו אַזוי? — איז ער געוואָרן ווייכער, זעענדיק סאַבינעס ענערגישע האַנדלונג, — אַזאַ שיין מיידל קאָן נאָך מיאוס ווערן פון שרייען. כא־כא־כא...

ער האָט ווידער געוואָלט צוגיין צו איר און אַרומנעמען,

אָבער אין דעם מאָמענט איז זי צוגעלאָפן צו דער טיר, האָט זי ברייט אויפגעפּראַלט און אַ געשריי געטאָן:

— אויב איר גייט נישט באַלד אַרויס פון דאַנען, מאַך איך אַ געוואַלד!

דער אדמיניסטראַטאָר האָט איינגעזען, אַז ער קאָן דאָ שלעכט אָפּשניידן, האָט ער זיך גענומען שנעל אַרויסרוקן פון צימער, דערביי האָט ער סאַבינען געדראָט מיט אַ פינגער:

— וואַרט, וואַרט, איך וועל זיך נאָך מיט דיר אָפּרעכענען!

ווען ער איז אַוועק האָט סאַבינע לייכטער אָפּגעאָטעמט. זי האָט זיך גענומען גרייטן צו דעם דיזשור ביים קראַנקן, זי האָט זיך אויסגעוואַשן אַ ווייס פאַרטוך, האָט אין אָרדענונג געבראַכט איר טשעפּיק און מיט אומגעדולד געוואַרט אויף דער שעה, ווען זי האָט געדאַרפט פאָרן אויף דער אויאַזדאָווער אַלעע.

האַלב צען אַזייגער אין אָוונט איז זי מיט אַ טעקע אונטער דעם אָרעם אַריינגעשטיגן אין טראַמוויי, פונקט צען אַ זייגער האָט זי זיך געפונען נעבן איינגאַנג פון פּאַלאַץ אויף אויאַזדאָווסקאַ 29.

דאָס ערשטע מאָל אין איר לעבן האָט זי זיך געפונען נעבן אַזאַ פּרעכטיק-שיינער געביידע. מיט אַ קלאַפּנדיקן האַרץ האָט זי אָנגעקלונגען אין דער טיר, וואָס פירט צום הויפּט-אַריינגאַנג.

אַ לאָקיי אין אַ ליבעריע האָט איר געעפנט.

— צו וועמען? — האָט ער שטרענג געפרעגט.

ער איז נישט געווינט געווען, אַז צו אים זאָלן אָנקלינגען אַזעלכע באַשיידן-געקליידעטע דאַמען.

— איך בין... אַ קראַנקן-שוועסטער. ווינט דאָ די פאַמיליע קייזערשטיין? — האָט זיך סאַבינע, ווי פאַרלוירן.

— אַ קראַנקן-שוועסטער? צום יונגן הער? — האָט דער לאָקיי געפרעגט.

— יאָ...

זי איז אַרויף אויף ברייטע מאַרמאָרנע טרעפּ. אומעטום האָט געפינקלט מאַרמאָר און שפּיגל. סאַבינע איז אַזש געווען באַרוישט פון דעם גלאַנץ און פּראַכט אין דעם פּאַלאַץ.

אַ טיר האָט זיך געעפנט און ס'איז אַריינגעגאַנגען רעגינע, סאַבינע האָט זי באַלד דערקענט און האָט זיך פאַר איר פאַרנויגט.

— אַ גוטן אָוונט, גנעדיקס פרײלין, בין איך נישט געקומען צו שפּעט?

— ניין, ניין. קומט נאָר מיט מיר.

זי האָט סאַבינען אַרײַנגעפירט אין אַ גרויס צימער, וווּ ס׳איז געזעסן איר פאָטער און גערעדט מיט אַ באַרימטן פּראָ־פעסאָר, וועלכער איז אַרויסגערופן געוואָרן צום קראַנקן, ווייל זיין צושטאַנד האָט זיך כסדר פאַרערגערט.

— אָט איז די קראַנקן־שוועסטער, וועלכע איך האָב היינט צוגענומען, — האָט זיך רעגינע געווענדעט צום פּראָפעסאָר, — איר קאָנט איר איצט געבן אַלע נויטיקע אָנווייזונגען, הער פּראָ־פעסאָר, — האָט רעגינע צוגעגעבן.

און ווען דער פּראָפעסאָר האָט זיך אַוועקגעזעצט מיט סאַבינען און איר געגעבן אָנווייזונגען, ווי אַזוי זאָל זיך באַגיין מיטן שווער־קראַנקן, האָט רעגינעס פאָטער אַוועקגערופן זיין טאָכטער און געפרעגט:

— רעגינע, וואָס האָסטו געטאָן?

— וואָס אַזעלכעס האָב איך דען געטאָן? — האָט זיך רעגינע געוווּנדערט.

— דו האָסט געבראַנגט די פּוטער צו דער קאַץ?...

— איך פאַרשטיי נישט, וואָס דו מיינסט, פאָטער...

— ווי פאַלט דיר איין צוצונעמען אַזאַ שיינע קראַנקן־שוועסטער?

— האָסט מורא, אַז לעאָן וועט זיך אין איר פאַרליבן?... — האָט רעגינע איראָניש אַ שמייכל געטאָן.

— איך האָב טאַקע מורא.

— ערשטנס איז נאָך אַ פראַגע, צו לעאָן וועט נאָך צוריק־קומען צום באַוווסטזיין — האָט רעגינע געענטפערט. — דו זעסט דאָך, ווי זיין צושטאַנד פאַרערגערט זיך פון מינוט צו מי־נוט, — צווייטנס וועל איך אים האָבן אויפן אויג, ווי נאָר כ׳וועל עפּעס באַמערקן, שיק איך דאָס מיידל צוריק אַהיים. און אויסער דעם האָט רעגינע קיינערשטיין נישט קיין מורא, אַז אַ קראַנקן־שוועסטער זאָל קאָנען זיין אירס אַ קאָנקורענטקע!... — האָט רעגינע שטאָלץ אָפּגעענטפערט.

נאָכדעם ווי דער פּראָפעסאָר האָט סאַבינען געגעבן אַלע נויטיקע אָנווייזונגען, ווי אַזוי זי זאָל זיך באַגיין מיט דעם שווערקראַנקן, האָט ער זי צוגעפירט צו דער טיר פון דעם צימער, אין וועלכן לעאָן איז געלעגן.

— אַלזאָ, געדענקט איר שוין אַלץ? — האָט ער זי נאָכאַמאָל איבערגעפרעגט.

— יאָ, הער פּראָפעסאָר, איך וועל אַלץ גענוי געדענקען.

— ביים קראַנקנס בעט זיצט איצט דער הויז-דאָקטאָר. אויך ער וועט אייך זאָגן, ווי אַזוי מ׳דאַרף זיך באַגיין מיטן קראַנקן.

דער פּראָפעסאָר האָט שטיל געעפנט די טיר און אַריינגעלאָזט סאַבינען.

דאָס צימער, אין וועלכן לעאָן איז געלעגן איז געווען איינגעהילט אין אַ האַלב־טונקלקייט, אַ קליין לעמפּעלע מיט אַ בלוי שיינדל (אַבאַזשור) האָט קוים געוואָרפן אַ שיין אויף דעם בעט, וווּ דער קראַנקער איז געלעגן.

סאבינע איז געגאנגען אויף די שפּיץ-פינגער. זי איז געבליבן שטיין אין מיטן צימער און אַ וואָרף געטאָן איר בליק אויפן קראַנקן, אָבער צוליב דער טונקלקייט, וואָס האָט געהערשט אין צימער, האָט זי נישט געקאָנט דייטלעך זען זיין געזיכט.

דער דאָקטאָר, וואָס איז געזעסן ביים בעט פון קראַנקן און געהאַלטן דעם פּולס אין דער האַנט, האָט סאַבינען געגעבן אַ צייכן, אַז זי זאָל עפענען אַן אויבערלופט, ווייל אין צימער איז געווען צו דושנע.

נאָכדעם, ווי סאַבינע האָט אויסגעפירט די פאַראָרדענונג פונעם דאָקטאָר, האָט זי זיך מיט שטילע טריט דערנענטערט צום בעט.

זי איז צוגעקומען זייער נאָענט און האָט זיך אַריבערגעבויגן אַ ביסל איבער דעם טויט־בלאַסן געזיכט פונעם קראַנקן.

אַ ווײַלע האָט זי זיך גוט איינגעקוקט אין דעם קראַנקנס פּנים און מיטאַמאָל האָט זי אַ ציטער געטאָן.

זי האָט נאָכאַמאָל איינגעגראָבן איר בליק אין דעם בלאַסן געזיכט פון דעם שווער־קראַנקן און אַ קאַלטער שווייס האָט באַדעקט איר שטערן.

זי האָט געפילט, ווי עס פאַרדרייט זיך איר דער קאָפּ, ווי

עס נעמט איר שווינדלען פאַר די אויגן און זי האָט געהאַט דאָס געפיל, אַז אָט, אָט וועט זי אומפאַלן אין אָנמאַכט...

סאַבינע האָט געמאַכט איבערמענטשלעכע אָנשטרענגונגען, כדי זי זאָל נישט אומפאַלן. זי האט זיך, ווי עס איז באַהערשט און אָפּגעווישט דעם שווייס פון שטערן.

ווען אין צימער וואָלט נישט געהערשט אַזאַ טונקעלקייט, וואָלט דער הויז-דאָקטאָר זיכער באַמערקט סאַבינעס טויט-בלאַס געזיכט און די ברייט געעפנטע אויגן.

אָ, ענדלעך, ענדלעך האָט זי צוריק געפונען דעם, וועמען זי האָט וואָכנלאַנג אַרומגעזוכט! ענדלעך זעט זי צוריק זיין געזיכט! אָבער ווי געענדערט עס איז! ווי טויט בלאַס!

וואָס איז מיט אים געשען? ווי קומט ער אַהער אין דעם דאָזיקן פּאַלאַץ?

אָ, איצט, ווען זי האָט אים צוריק געפונען, וועט זי שוין נישט אָפּטרעטן פון אים! זי איז דאַנקבאַר דעם שיקזאַל, וועל־כער האָט זי געבראַכט אַהער.

איצט וועט זי אַלץ טאָן, כדי אים אָפּצוראַטעווען, כדי אים צוריק געזונט צו מאַכן. זי וועט די גרעסטע קרבנות ברענגען, זי וועט נעכט נישט שלאָפן און אַרויסראַטעווען איר לעאָן פון די נעגל פון טויט.

מיט אָט די דאָזיקע געדאַנקען איז סאַבינע געשטאַנען איבער לעאָנען און נישט געקאָנט אָפּרייסן איר בליק פון זיין טויט־בלאַס געזיכט.

כאָטש ס'איז געווען טונקל אין צימער האָט דער דאָקטאָר באַמערקט סאַבינעס צערודערונג און ער האָט געזאָגט:

— ווי איך זע, שוועסטער, האָט איר זיך שטאַרק איבער־גענומען מיט דעם שיקזאַל פון דעם דאזיקן איידעלן מאַן... יאָ, איך פארשטיי אייך... יעדער איינער, ווער עס זעט, וואָס עס איז געוואָרן פון דעם דאזיקן שיינעם בוים — וויינט אין אים דאָס האַרץ. אָ, ס'וואָלט געווען שרעקלעך, ווען דאס דאזיקע איידעלע וועזן זאָל זיך מוזן שיידן מיט דער וועלט אין דער פולער בליאונג פון זיינע יאָרן.

---

דפוס „אור" בע"מ פאַרלאַג „תקוה"

# סאבינע



## ראָמאַן
## פון אַ קראַנקן־שוועסטער

---

פרייז 50 אגי' נומער 3

— מארילע טייערע, פארשטיי מיך.· איך וואָלט עס גערן געטאָן, ווען עס וואָלט קיין געריכט, קיין פּאָליציי אויף דער וועלט נישט געווען. איבעריקנס טאר קיין מענטש נישט פארגיסן דאָס בלוט פון אַ צווייטן מענטש... ניין, מארילע, איך וועל קיינמאָל נישט דערמאָרדן אפילו דעם גרעסטן איסווורף... דאָס געהערט צום געריכט...

— און דו זאגסט, אז דו האָסט מיך ליב?! — רופט אויס מארילע מיט אַן אויפגערעגטער שטים.

— געוויס האָב איך דיך ליב, מאַרילע. איך בין אַלץ גרייט צו טאָן פאַר דיר, אָבער דו דאַרפסט נישט פון מיר פאַרלאַנגען, אַז איך זאָל מענטשלעך בלוט פאַרגיסן!

— דו ביסט אַ פאַלשער, דו האָסט מיך נישט ליב!... — שטופּט אים מאַרילע אָפּ פון זיך.

— מאַרילע, פאַרשטיי מיך, איך וויל נישט זיין קיין מערדער!

— אוועק פון מיר, זוך דיר אויס אַן אַנדערע! — שרייט מאַרילע.

און מיטאַמאָל צעלאַכט זי זיך מיט אַ הויכן, נישט נאַטיר-לעכן געלעכטער. זי לאַכט אַזוי ווילד, אַז הערמאַן גרינפעלד קוקט זי אָן איבערראַשט.

— כאַ־כאַ־כאַ, כאַ־כאַ־כאַ... — הערט זי נישט אויף צו לאַכן, — און דו האָסט געמיינט, אַז די גאַנצע געשיכטע איז אַן עמתע? דו האָסט געמיינט, אַז איך הייס דיך דערמאָרדן אַ מענטש?. כאַ־כאַ־כאַ... איך האָב דיך נאָר געוואָלט אויספּרובירן, איך האָב געוואָלט זען, צו דו האָסט מיך טאַקע ליב... איצט זע איך, אַז דו ביסט מיין ליבע נישט ווערט... דו מיינסט נאָר מיך אויסנוצן. טאָ גיי־זשע דיר! איך וויל דיך מער נישט קענען!... זאָלסט זיך מער נישט ווייזן פאַר מיינע אויגן! פאַלש זענט איר אַלע! פאַלש!

הערמאַן גרינפעלד האָט פאַרביסן די ליפּן און אויפהויבנדיק שטאָלץ דעם קאָפּ, האָט ער געזאָגט:

— איך וועל זיך באַמיען אייך מער נישט צו זען... אַדיע, מאַדאַם מאָרגענטאַל!

און זאָגנדיק דאָס האָט ער פאַרלאָזט די וווינונג.

— אידיאָט איינער! — האָט מארילע ארויסגעשעפּטשעט, ווען הערמאַן גרינפעלד איז ארויס פון סאלאָן.

## קאַפּיטל זיבן
# ענדלעך צוזאַמען

מאקסימיליאן קייזערשטיין און זיין טאכטער רעגינע זענען געזעסן ביים פרישטיק אין אַ באזונדער צימער און האָבן געפירט אַ שטילן שמועס.

— ווי מיינסטו, רעגינע, לעאָן וועט איבערהאלטן די גע־כאַר? — פרעגט דער אלטער סאַמועל קייזערשטיין.

— דער פּראָפעסאָר קאָנינער זאגט, אַז אויב דער קראנקער וועט דורכהאלטן נאָך דריי טעג, איז דא א האָפענונג, אז ער זאל איבערבלייבן ביים לעבן...

— אָ, דאָס וואלט געווען זייער שלעכט! אלע אונדזערע פּלע־נער וואלטן צונישט געוואָרן. איך האָב געזאגט, אז מ׳דארף נישט רופן קיין דאקטוירים. ער וואלט זיכער געשטארבן, ווען ער האָט נישט אזא רעטונג!

— די ביסט גערעכט פאטער, אָבער פארשטיי, אז מ׳האָט דאָס נישט געטארט טאָן פאר מענטשן! דאס וואלט געקאנט ארויס־רופן א גרויסן פארדאכט... אזא רייכער מאן, ווי לעאָן קייזער־שטיין האָט שוין נישט אויף קיין דאקטוירים?...

— איך האָב אבער מורא, אז ער קאָן צוריק געזונט ווערן...

— האָט סאַמועל קייזערשטיין געמאכט אַן אומצופרידענע מינע.

— מ׳טאָר דערצו נישט דערלאָזן.

— מען מוז עפּעס געפינען אַ מיטל. — האָט רעגינע נאָך שטילער אַ זאָג געטאָן, זי האָט זיך אומגעקוקט צו דער טיר, ווי זי וואָלט מורא געהאַט, אַז מ׳קאָן זיי אונטערהערן.

— אַ מיטל איז נישט אַזוי לייכט צו געפינען... איצט דרייט זיך ביי זיין בעט אַ גאַנצן טאָג און אַ גאַנצע נאַכט די דאָזיקע קראנקן־שוועסטער... ווי אזוי קאָנסטו עפּעס אויפטאָן?... יאָ, רעגינע, זעסטו, כ׳האָב דיך שוין עטלעכע מאָל געוואָלט וועגן דעם פרעגן. זאָג מיר נאָר, ווער איז דאס די סאַבינע, וועגן וועל־כער לעאָן רעדט פון היץ?

— מן־הסתם אַ שניידערין, אָדער אַ דינסט־מויד. לעאָן

פלעגט זיך דאָך אפגעבן מיט די נידעריקסטע ספערן. אַ שאַנדע, אַ שאַנדע...

— דוכט זיך, אַז די קראַנקן־שוועסטער הייסט אויך סאַבי־נע ? — פרעגט דער אַלטער סאַמועל קייזערשטיין.

— יאָ, סאַבינע... סאַבינעס איז דאָ אַ סך... ווייסט, דער דאָק־טאר האט געזאגט, אז ער איז פון דער קראנקן־שוועסטער אַנט־ציקט, אַז זינט זי געפינט זיךביים בעט פון קראַנקן, איז אים געווארן א סך בעסער.

— וואָס רעדסטו ?!... — מאַכט סאַמועל קייזערשטיין אַ זויערע מינע.

— אָט דאָס, וואס דו הערסט! זי טרעט נישט אָפּ פון בעט, זי פלעגט אים מיט אזא איבערגעגעבנקייט, ווי זי וואלט געווען זיינס א לייבלעכע שוועסטער, אדער א געליבטע! איך האָב נאָך אזא איבערגעגעבנקייט צו א קראנקן נישט געזען!

— אבער זי ברענגט דאָך דערמיט שאָדן אונדזערע אינטע־רעסן!...

— איך ווייס עס. צוליב איר איבערגעגעבנקייט ווערט דעם קראנקן בעסער... איך וואלט זי געהייסן אוועקגיין, אָבער איך קען דאס נישט טאָן צוליבן דאקטאר. ער איז פון איר אנטציקט, ער לויבט זי אין הימל אריין און מיטאמאָל זאג איך זי אָפּ! ניין, דאס פאסט נישט און דאס קאן ארויסרופן א פארדאכט. דו דארפסט ווייסן, פאטער, אז מיר דארפן זיין פארזיכטיק אין אונדזערע האנד־לונגען!

— ריכטיק, ריכטיק. אָבער פון דער דאזיקער קראנקן־שוועס־טער וואלט מען געדארפט, ווי עס איז פטור ווערן... אויב דו קאנסט זי נישט אזוי שנעל באַזייטיקן, דארפסטו זי כאָטש נישט לאָזן שטענדיק אליין מיטן קראַנקן. אויסער דעם דאַרף מען אָנ־הויבן צו זוכן אַ מיטל, ווי אַזוי פון איר פטור צו ווערן. איך האָב מורא, אַז צוליב איר קאָן לעאָן געזונט ווערן!

— גוט, פאָטער, איך וועל אלץ טאָן, כדי זי צו באַזייטיקן פון דאַנען. איך וועל שוין געפינען אַ פּאַרענטפערונג פאַרן דאָק־טאָר. אַנטשולדיק מיר, איך גיי טאַקע אַריין אין לעאָנס צימער אַ קוק טאָן, וואָס די קראַנקן־שוועסטער טוט.

און דאָס זאָגנדיק איז רעגינע אַריין אין לעאָנס צימער.

דער אַלטער סאַמועל קייזערשטיין האָט נאָכגעקוקט נאָך זיין טאָכטער און געטראַכט:

— נאַרישער לעאָן, צו איז דען רעגינע נישט שיין? צו איז זי נישט פיל שענער פון יענער סאַבינע, וועגן וועלכער ער רעדט פון דער היץ? ווו זענען זיינע אויגן? אָבער גאָט האָט אים גע־שטראָפט... איצט ליגט ער און ראַנגלט זיך מיטן טויט... גוט אַזוי אויף אים!

— און וואָס וועט זיין, אַז ער וועט געזונט ווערן? — טראַכט ווייטער דער אלטער סאַמועל קייזערשטיין. — דאַן וועט דאָס ריזיקע פארמעגן געהערן צו אים און מיר וועלן בלייבן ביי גאָר-נישט... ניין, ניין, דאָס טאָר נישט געשען? לעאָן טאָר נישט גע־זונט ווערן... לעאָן מוז שטאַרבן, אנדערש בין איך מיט מיין טאָכ־טער פארלוירן!

סאַמועל קייזערשטיין פאַררויכערט אַ ציגאַר, אָבער אין דעם מאָמענט פראַלט זיך האַסטיק אויף די טיר און אין צימער פאַלט אַריין אַ טויט־בלאַסע רעגינע.

— גאָט מיינער, וואָס איז געשען? — גיט זיך סאַמועל קייזערשטיין דערשראָקן אַ ריס פון זיין אָרט. — זע נאָר, ווי דו זעסט אויס!

אָבער רעגינע קאָן קוים אָפּכאַפּן דעם אָטעם און זי איז נישט אומשטאַנד קיין וואָרט אַרויסצורעדן...

— — — — — — — — — — — —

דורך די אָפענע פענסטער פון פאַלאַץ האָט אַריינגעשמייכלט דער פרילינג. פון די פאַרקן און די לאַזשענקעס האָט זיך דער־טראָגן אַ דופטענדיקער ריח פון בלומען און דאָס צוויטשערן פון די פייגעלעך האָט אָנגעפילט די מענטשלעכע הערצער מיט פרייד.

אָבער סאַבינעס האַרץ איז געווען אָנגעפילט מיט אומעט און דער פרילינג האָט נישט פריילעך געמאַכט איר נשמה.

אַלע אירע געפילן און געדאַנקען זענען געווען ביי דעם קראַנקן געליבטן. טאָג און נאכט האט זי געוואַכט ביי זיין בעט און נישט אראפגעלאזט קיין אויג פון זיין אויסגעצערט פנים.

צו דער באשטימטער צייט פלעגט זי זיך אויפשטעלן פון דעם שטול, אויף וועלכער זי איז כסדר געזעסן, פלעגט אָנגיסן

אַ לעפעלע מיט דער היילנדער רפואה און אריינגיסן די פליסיקייט אין זיינע פארטרוקנטע ליפן.

די שלאָפלאָזע נעכט האָבן אויסגעלייגט אונטער אירע אויגן שווארצע רעדער און בלאַסער געמאַכט איר אַזוי אויך בלאַס געזיכט.

נישט קוקנדיק דערויף, האָט זיך סאַבינע געפילט גליקלעך, ווייל דאָס געפיל, אַז זי קאָן אים ראטעווען, האָט איר פארשאַפט אויסערגעוויינלעכע פרייד.

זי איז אזוי שטאַרק געווען דורכגענומען מיט דעם דאָזיקן גליק, אַז זי האָט נישט געלייגט קיין אַכט אויף דער באַליידיקנ־דער באהאנדלונג און אפטע שטעכווערטלעך פון לעאָנס קוזינקע, די פריילין רעגינע.

און איינמאָל האָט זיך געטראפן, אַז סאַבינע אַ מידע, אַ נישט אויסגעשלאָפענע, האָט אויף אַ מינוט איינגעדרימלט נעבן איר געליבטנס בעט, האט דאס אומגליק געוואָלט, אז גראד אין דער מינוט זאל אין צימער אריינקומען די פריילין רעגינע.

רעגינע האָט זי אַ שלעפּ געטאָן ביים אַרבל און בייז אַ גע־שריי געטאָן:

— וואס מיינט איר זיך? איר זענט דאָ געקומען שלאָפן? איך וועל אַזעלכע זאַכן נישט דולדן! אויב עס וועט זיך נאָכאַמאָל טרעפן אזא זאַך, וועל איך אייך אויפן אָרט פון דאַנען באַזייטיקן!

סאַבינע האָט זיך דעמאלט אפילו נישט באַמיט צו פאַרטיי־דיקן, ווייל וואָס איז איר אנגעגאַנגען די דאָזיקע פריילין רעגינע, יוען אלע אירע געדאַנקען און געפילן זענען געווען ביי איר לעאָן. איז דען געווען אַזאַ קראַפט אויף דער וועלט, וואָס זאָל קאָנען זי אָפּרייסן פונעם בעט פון איר טייערן געליבטן?

און אויך איצט איז סאַבינע, ווי געוויינלעך, געזעסן ביים בעט פון קראַנקן. דער לאַנג דערוואַרטעטער קריזיס פון דער קראַנק־הייט האָט געדאַרפט זיין היינט, אדער מאָרגן.

דאס לעצטע מאל, ווען דער דאקטאר האט באטראכט דעם קראנקן, האָט ער געזאגט:

— אויב אונדזער פאַציענט וועט היינט, אדער מאָרגן עפענען די אויגן און ער וועט דערקענען די אַרומיקע, איז אַ סימן, אַז

ער איז געראַטעוועט, שוועסטער סאַבינע! דעמאָלט קאָנען מיר זיך ווינטשן גליק...

אַז סאַבינע האָט דערהערט אַזעלכע רייד, האָט איר פאַרליבט האַרץ אָנגעהויבן האַסטיקער צו קלאַפּן און זי האָט אין האַרצן גאָט געבעטן:

— גאָט גרויסער, ראַטעווע אים! שנייד נישט אָפּ דאָס יונגע לעבן איז מיטן בליען! מאַך א ווונדער און גיב אים צוריק דאָס געזונט! נאָר דו אליין, גאָט, ווייסט, ווי ליב איך האָב אים! ראַטעווע-זשע אים! גיב אים מיר צוריק אַ געזונטן!...

און פּלוצלינג, אַזוי ווי איר געבעט וואָלט אים מיטאַמאָל אויסגעהיילט, האָט זיך לעאָן געגעבן אַ זעץ אויף און האָט ברייט געעפנט די אויגן.

סאַבינע, וועלכע איז געזעסן אַביסל אין אַ זייט און איז נאָך געווען פאַרזונקען אין איר געבעט צו גאָט, האָט נישט באַלד באַמערקט די דאָזיקע סצענע.

לעאָן האָט געקוקט אַרום זיך און, ווי זיך געוואָלט דערמאָנען, וואָס מיט אים איז געשען און ווו ער געפינט זיך. זיין בליק האָט געבלאָנדזשעט איבערן צימער, איבער אַלע זאַכן און אַזוי, ווי סאַבינע איז געזעסן הינטער אים, האָט ער זי באַלד נישט באַמערקט.

סאַבינע האָט ענדלעך דערזען דאָס גרויסע ווונדער. איר מויל האָט זיך ברייט געעפנט, די אויגן האבן זיך אויפגעריסן און זי האָט אינגאנצן געציטערט פאַר פרייד און איבערראַשונג.

זי האָט געוווסט, אַז טאָמער וועט לעאָן זי דערזען, קאָן איר אומגעריכטע אָנוועזנהייט צו שטאַרק אויפטרייסלען זיין אָפּגעשוואַכטן אָרגאַניזם, דעריבער איז זי געזעסן אומבאַוועגלעך און געשוויגן.

— ווו בין איך? גאָט, וואָס איז מיט מיר געשען? — האָט ער גערעדט מיט אַ שוואַכער שטים. — סאַבינע... ווו ביסטו? מיין ליבסטע, מיין טייערסטע סאַבינע... האַ, ווו בין איך?...

מער האָט שוין סאַבינע זיך נישט געקאָנט באַהערשן. זי איז אויפגעשפּרונגען פון דער שטול מיט אַ פריידיק געשריי:

— לעאָן טייערער! איינציקער מיינער! אָט בין איך! אָט

איז דיין סאַבינע נעבן דיר!... — און גרויסע טראָפּנס טרערן פון פרייד האָבן גענומען רינען פון אירע אויגן.

— דאָס ביסטו דו? סאַבינע?! איז עס נישט קיין חלום? — האָט ער געגלעט מיט די בלאַסע שוואַכע הענט אירע זיידענע האָר.

— אָ ניין, דאָס איז נישט קיין חלום, דאָס בין איך, מיין גאָלד! — האָט זי גערעדט דורך טרערן.

ער האָט אַ קוק געטאָן אויף אירע קליידער און דערזען, אַז זי טראָגט אַ ווייס פאַרטוך און א ווייסן טשעפּעק.

— סאַבינע, פאַרוואָס טראָגסטו עפּעס די קליידער פון אַ קראַנקן־שוועסטער?

— אָ לעאָן, דו ווייסט נישט, אַז דו ביסט קראַנק געווען?

— דו ביזט געווען זער קראַנק, מייען טייערער... לאַנג האָסטו געקעמפּט מיט'ן טויט... אָבער איצט, ווען דיינע אויגן זענען צוריק אָפן, ביזטו געראַטעוועט, טייערער לעאָן! געראַטעוועט!... האָט זי א פריידיקע אויסגערופן.

— ווער האָט געשאָסן צו מיר? באַלד... באַלד... וואָס איז עס מיט מיר דעמאָלט געשען?.. — הויבט זיך לעאָן ביסלעכ־ווייז אָן צו דערמאַנען, וואָס מיט אים איז געשען דעמאָלט, ווען ער איז געפאָרן מיטן אויטאָ אויפן שאָסיי.

— טראַכט איצט נישט וועגן דעם, וואָס ס'איז געווען, מיין טייערער... — האָט זי געגלעט זיינע האָר. — איצט בין איך נעבן דיר און מירביידע זענען ווידער צוזאַמען... אָ, ווי גליקלעך איך בין!...

און ביידע געליבטע זענען זיך געפאַלן אין די אָרעמס און זייערע ליפּן האָבן זיך איינגעזויגן איינע די אַנדערע. זיי האָבן נישט געזען און נישט געהערט, וואָס אַרום זיי קומט פאָר, ווייל זיי האָבן, ווי דורשטיקע געטרונקען, פונעם קוואַל פון ליבע...

און דעריבער האָבן זיי נישט באַמערקט, ווי די שווערע פאָר־טיערע פון דער טיר האָט זיך לייכט אָוועקגעמאַכט און דאָס בלאַסע געזיכט פון א פרוי האָט מיט ברייט אויפגעריסענע אויגן אריינגעקוקט אין צימער.

רעגינע׳ס געזיכט האָט זיך אַזש אויסגעקרימט און פון אירע אייגן האָבן גענומען שפּריצן פונקען פון האַס און צאָרן, ווען זי האָט דערזען, ווי ביידע פאַרליבטע זענען צונויפגעפלאָכטן איינער

מיטן אנדערן, ווי זייערע ליפּן טרינקען דורשטיק דעם כוס פון ליבע...

די ביידע פאַרליבטע זענען געווען אזוי שכור פון גליק, אז זיי האָבן נישט באַמערקט ווי אויגן פול האַס און קנאה קוקן אויף זיי.

און ווען סאבינע האָט זיך באפרייט פון לעאָנס אָרעמס איז רעגינע שוין געהאט פאַרשוווּנדן.

— און איצט לייג דיך שלאָפן, מיין טייערער, — האָט סאַבינע אים צאַרט אוועקגעלייגט דעם קאָפּ אויפן קישן.

— אָ, איך בין שוין גענוג געשלאָפן, מיין טייערע. איך האָב דאך דיך אַזוי לאַנג נישט געזען און איצט בין איך אזוי גליקלעך צוזאַמען מיט דיר... אָ ניין, מיין טייערע, איך וועל איצט נישט שלאָפן... דערציייל מיר, וואס עס איז מיט דיר געשען? איך קאָן זיך נישט גענוי אלץ דערמאנען...

— ווען דו ביזט געפאָרן אין דיין אויטאָ אויפן שאָסיי, האָט אימיצער צו דער געשאָסן.

— ווער איז געווען דער שיסער?

— דאָס ווייסט מען נישט. די פּאָליציי האט אים ארומגעזוכט, אָבער יעדער שפּור נאָך אים איז פארלוירן געגאַנגען...

— איך געדענק נאָר, — האָט לעאָן געזאגט, — אז דאס איז געווען א מאן מיט א בלאָנד בערדל... און איצט זאָג מיר, מיין טייערע, ווי אַזוי האָט זיך דיר געלעבט אין דער גאַנצער צייט?...

— איך האָב שטאַרק איבערגעקלערט... איך האָב נישט געוווּסט וואס מיט דיר איז געשען... אָ, איך האָב דאַן שרעקלעך געליטן!...

— טייערע סאבינע, הארציק מיידל מיינס, האָסט אוודאי געמיינט, אַז איך האָב דיך פאַרלאָזט?

— אָ, ניין, ניין, איך האָב געוווּסט, אז דו וועסט דיין שבועה נישט ברעכן.

— איצט זאָג־זשע מיר, גאָלד מיינס, ווי אזוי קומסטו אהער אלס קראנקן־שוועסטער צו מיר?

זי האָט אים דערציילט, ווי דער גליקלעכן צופאל האָט געוואלט אז זי זאל צוריק אויסגעפינען דעם, נאך וועמען עס בענקט איר האַרץ.

— ווען איך האָב דיך דערזען, טייערער לעאָן, בין איך געווען

אזוי איבעראַשט, אַז איך בין שיער נישט געפאַלן אין אָנמאַכט, אָבער איך האָב זיך מיט אַלע קרעפטן באַהערשט, ווייל דעמאָלט איז אין צימער גראָד געווען אָנוועזנד דער דאָקטאָר, וואָס היילט דיך...

—נו, זע אַליין, טייערע מיינע, — האָט ער צאַרט געגלעט אירע באַקן, — דער שיקזאַל האָט נישט דערלאָזט, אַז מיר זאָלן זיין אָפּגעריסן איינער פון אַנדערן און אויף אַ וווּנדערלעכן אופן האָט ער אונדז ווידער פאַראייניקט!...

— אָבער איצט — האָט לעאָן ווייטער גערעדט, — וועט אונדז שוין קיין שום קראַפט אין דער וועלט נישט צעשיידן! דו וועסט שוין דיין געליבטן נישט פאַרלירן... און נישט לאַנג וועט געדויערן, מיין גאָלד, ווי אנשטאָט די קליידער פון אַ קראַנקן־שוועסטער, וועסטו טראָגן אַ חופּה־קלייד... יאָ, טייערע סאַבינע, עס וועט נישט לאַנג דויערן, ווי אנשטאט סאַבינע רייזמאַן, וועס־טו טראגן דעם נאָמען סאַבינע קייזערשטיין!...

ער האָט אריינגענומען איר צאַרט קעפּל אין זיינע אָרעמס און זי צוגעטוליעט צו זיך. דערביי האָט ער געשעפּטשעט הייסע ליבע-ווערטער אין אויער אַריין.

און ווידער האָבןביידע פאַרליבטע נישט באַמערקט, ווי די שווערע פּאַרטיערע האָט זיך אָוועקגעמאַכט און עס האָט זיך ארויסגערוקט א פרויען־האַנט מיט א געביילטער פויסט.

אַ ווײַלע האָבן ביידע פאַרליבטע געשוויגן, נאָכדעם האָט סאַבינע מיט אַ שטילער שטים געזאָגט:

— ווער ווייסט, צי ס'איז נישט בעסער צו בלייבן אלס סאַ־בינע רייזמאַן. איך בין דאָך אַן אָרים מיידל. דעריבער וועלן דיינע קרובים טאָן אַלעס, כדי אונדזער ליבע צעשטערן. רייכע מענ-טשן האָבן נישט ליב, ווען אין זייער פאַמיליע קומט אַריין אַן אָרים מיידל.

לעאָן האָט זיך האַרציק צעלאַכט.

— אָ, דו נאַריש קעצעלע מיינס! ווי קינדעריש דו רעדסט! צי בין איך דען נישט קיין דערוואַקסענער מענטש? צי בין איך דען נישט דער בעל-הבית איבער מיין לעבן? ווער קאָן מיר דען אַ דעה זאָגן?

— דיין פעטער, דיין קוזינע... — האָט סאַבינע שטיל באַ־מערקט.

— זיי? זיי האָבן נישט קיין שום רעכט מיר אַ דעה צו זאָגן! נאָך מיין פאָטערס טויט בין איך געוואָרן דער איינציקער יורש פון זיין ריזיק פארמעגן. ווי נאָר איך וועל אביסל צו זיך קומען, וועל איך מיין פעטער און די קוזינקע באַלוינען פאר זייער אָפּיע־קעווען זיך מיט מיר און כ׳וועל זיי הייסן גיין פון דאַנען! — האָט לעאָן אויסגערופן.

לעאָן האָט אַ ווײַלע געשוויגן און צערטלעך געגלעט סאַבינען איבער די בלאַסע באַקן אירע, נאָכדעם האָט ער ווידער גענומען רעדן:

— און אויב עס וועט באַשערט זיין, מער נישט אויפצושטיין פון דעם דאָזיגן בעט, האָב איך איין טרייסט: דו וועסט מער נישט דאַרפן ליידן קיין נויט, סאַבינע. אפילו נאָך מיין טויט וועסטו זיין פארזיכערט מיט דעם בעסטן און דעם שענסטן.

— איך פאַרשטיי דיך נישט, לעאָן? וואס זענען דאָס פאַר אַ רייד? ניין, ניין, דו וועסט נישט שטארבן!. גאָט וועט דיך פון מיר נישט צונעמען.

— יאָ, איך האָף, אז איך וועל געזונט ווערן. נאָר איך זאָג, אז אויב עס זאָל געשען, אַז איך זאָל מער פון דעם בעט נישט אויפשטיין, וועט אָט דער גאַנצער פּאַלאַץ און מיין גאַנץ פארמעגן געהערן צו דיר, מיין גאָלד!.

— אַך, לעאָן טייערער! — האָט זי זיך פעסטער צוגעטוליעט צו אים. — ווי אַזוי איז דאָס מעגלעך?

— שטעל דיך פאָר, מיין טייערע, אַז אין אַ האַלבע שעה ארום נאָך דעם אָנפאַל אויף מיר, בין איך אויף אַ געוויסע צייט צוריק־געקומען צום באַוווסטזיין. איך האָב דאן גערופן אַ נאָטאַריוס און האָב דאָס גאַנצע פאַרמעגן מיינס געהייסן פאַרשרייבן פאַר דיר. אין אַ פארמאַכטן שופלאָד פון מיין שרייב־טיש ליגט אין אַ פארחתמעטן קאָנווערט מיין צוואה.

סאַבינע איז פון די דאָזיגע ווערטער געוועזן אזוי גערירט, אז טרערן זענען איר געקומען אין די אויגן.

— אָ, וואָס פאַר אַ גוטער דו ביזט, מיין טייערער! — האָט זי זיך ווידער צוגעטוליעט צו זיין ברוסט — אָבער צי דאַרף איך

דען דיין פאַרמעגן, צי איז דיין ליבע נישט דאָס טייערסטע פאַר־מעגן אויף דער וועלט ?

— ריכטיק, ריכטיק, מלאך מיינער ! — האָט ער זי געקושט אין די האַלב־געעפענטע ליפּן אירע. — איך ווייס, אַז נישט מיין פּאַרמעגן, נישט מיינע הייזער און רייכטימער ציען דיך צו מיר, נאָר דיין ריינע ליבע. הערזשע, טייערע, רוף אַריין דעם פעטער און די קוזינקע, איך וועל דיך פאר זיי פאָרשטעלן און דערקלערן, אז דו ביזסט מיין צוקונפטיגע פרוי.

— אָ, ניין, לעאָן טייערער, טו דאָס נישט איצט. דו ביזט נאָך שוואַך און עס קאָן דיר אויסקומען צו קריגן זיך מיט זיי. דו דאַרפסט וויסן, אז נישט דיין פעטער און נישט דיין קוזינקע וועלן נישט וועלן הערן פון אונדזער גליק. צו וואָס זאָלסטו זיך אויפרעגן. קום פריער צו די קרעפטן און ערשט נאָכדעם וועסטו מיך פאַר זיי פאָרשטעלן אַלס דיין צוקונפטיגע פרוי.

— נו, גוט, ביזט טאַקי גערעכט, — האָט לעאָן געענטפערט.

סאַבינע איז ווידער אַריין אין איר ראָל אַלס קראַנקן־שוועס־טער, זי האָט לעאָנען דערלאַנגט די רעצעפּט און האָט אים אַני־דערגעלייגט דעם קאָפּ צו שלאָפן.

— און איצט שלאָף איין, מיין טייערער. — האָט זי אים גע־גלעט איבער די זיידענע האָר זיינע.

אין דעם זעלבן מאָמענט האָט זיך צום דריטן מאָל אַ באַוועג געטאָן די שווערע פאָרטיערע.

דאָס האָט רעגינע זיך צוריק אַריינגעשלייכט אין צווייטן צימער אַריין. זי איז אַ גאַנצע צייט געשטאַנען און אונטערגעהערט דאָס געשפּרעך צווישןביידע פאַרליבטע.

## קאַפּיטל אַכט
## דער שרעקלעכער פּלאַן

— אָבער וואָס איז געשען ? רעדט שוין אַ וואָרט ! — איז סאַמועל קייזערשטיין געשטאַנען א דערשראָקענער איבער זיין טאָכטער, וועלכע האָט נאָך אַלץ שווער געאָטעמט און זיך געוואָרפן פאַר אויפרעגונג.

— וואָס איז געשען ? — האָט רעגינע קוים געקאָנט רעדן, — אַלץ איז פאַרלוירן.

— וואָס איז פאַרלוירן?
— אונדזער פאַרמעגן, אונדזער גליק!.
— וועגן וועלכן פאַרמעגן רעדסטו?
— וועגן לעאָנס פאַרמעגן. פאַרלוירן! פאַרלוירן.
— אָבער וואָס איז דען געשען?
— לעאָן איז שוין צוריקגעקומען צום באַוווסטזיין. ער רעדט שוין. — וואַרפט זיך נאָך אַלץ רעגינע פאַר אויפרעגונג.
— אָבער דאָס הייסט דאָך נאָך נישט, אז ער איז געזונט געוואָרן. ער קאָן דאָך נאָך שטאַרבן. — באַרואיקט זי סאַמועל קייזערשטיין.
— שטאַרבן? אָ, ער וועט שוין נישט שטאַרבן. זי, זי — דער אויסוואורף... די געליבטע זיינע.
— וועלכע געליבטע? וועגן וועמען רעדסטו, טאָכטער?
— נו, די קראַנקן-שוועסטער. וויי צו מיר. ווער זאָל וויסן? — ברעכט זיך רעגינע די הענט.
— איך פאַרשטיי דיך נישט, רעד קלאָרער. ווי קומט אַהער די קראַנקן־שוועסטער?
— וואָס הייסט, ווי זי קומט אַהער? — רופט אויס רעגינע
— ציי ווייסטו, ווער זי איז? דאָס איז די זעלבע, וועגן וועלכער ער האָט גערעדט פון היץ... די געליבטע זיינע!...
— וואָס רעדסטו?! — מאַכט דער פאָטער אירער א דערשראָקענע מינע. — פון וואַנען ווייסטו וועגן דעם?
— איך האָב אַלץ געזען און געהערט. אָך, זאָלן מיינע אויערן בעסער נישט הערן דאָס, וואָס איך האָב געהערט. שטעל דיר פאָר, פאָטער, אַז לעאָן האָט איר ביי אַ נאָטאַריוס אָפּגעשריבן זיין גאַנץ פאַרמעגן טאָמער שטארבט ער.
דער אַלטער סאַמועל קייזערשטיין איז אויפגעשפרונגען, ווי אַ שלאַנג וואָלט אים אַ ביס געטאָן.
— וואָס־וואָס ?! ער האָט איר אָנגעשריבן זיין גאַנץ פאַרמעגן?
— מיינע אויערן האָבן דאָס געהערט. וויי, וואָס מיר האָבן דערלעבט! אַ קוכטע, אַ גאָרנישט זאָל ווערן דאָס ווייב פון דעם מיליאָנער לעאָן קייזערשטיין!.
— דאָס וועט קיינמאָל נישט געשען! קיינמאָל נישט! — האָט סאַמועל אויסגערופן מיט געביילטע פויסטן. — לעאָן טאָר

נישט בלייבן לעבן און די קוכטע דאַרף מען שוין פון דאַנען אַרויסטרייבן!.

— נאָר רואיק, פּאָטער, האָט רעגינע דערקלערט, — איצט דאַרף מעז אַלץ באַטראַכטן מיט קאַלטע נערוון.

— ביזט גערעכט, טאָכטער, — האָט דער אַלטער זיך באַ־רואיקט און זַוועקגעזעצט צוריק אויף זיין אָרט.

— איך האָב אַ פּלאַן. — האָט רעגינע אַ שמייכל געטאָן און אין אירע אויגן האָבן זיך אָנגעצונדן צוויי גרינע פייערלעך, ווי ביי אַ גיפטיקער שלאַנג.

— וואָס איז דאָס פאַר אַ פּלאַן?

— מיר מוזן רעדן שטילער. מען קאָן אונדז נאָך אונטער־הערן, — האָט רעגינע אָנגעהויבן צו רעדן מיט אַ שעפּטשענדי־קער שטים.

ער האָט זיך צוגערוקט נענטער צו איר און זיי האָבן אָנגע־הויבן צו רעדן שטיל.

— הער, פּאָטער, מיין פּלאַן איז אַ זעלכער: לעאָן מוז שטאַרבן, אָבער אויף אַזאַ אופן, אַז די צוואה, וועלכע ער האָט אָנגעשריבן זאָל קיין שום ווערט נישט האָבן.

— אָבער ווי אזוי וועסטו עס מאַכן?

— צי ווייסטו, אַז לעאָן נעמט אַלע צוויי שעה אַזעלכע טראָפּנס צו שטאַרקן זיין האַרץ, צי קאָן מען נישט מאַכן אַזוי, אַז די אַדער אַנדערע טראָפּנס זאָלן אין גאַנצן אָפּשטעלן דאָס קלאַפּן פון זיין האַרץ.

— רעגינע. אָבער. אָבער. —מאַכט דער אַלטער סאַמועל קיי־זער'שטיין אַ דערשראָקענע מינע.

— וואָס, אָבער. אָבער. — שמייכלט רעגינע אים גלייך אין די אויגן אַריין.

— דאָס שמעקט דאָך מיט. מיט תליה. דו ווילסט לעאָנען אָפּסמען?.

— יאָ! — ענטפערט רעגינע מיט אַ פעסטער שטים.

— צי ווייסטו נישט, אַז דערפאַר קומט טויט-שטראָף?

— איך ווייס, אָבער אויפגעהאָנגען וועט מען בישט מיך, נאָר די קראַנקן-שוועסטער, סאַבינע.

— די קראַנקן־שוועסטער גאָר? ווי אַזוי? — ווונדערט זיך סאַמועל קייזערשטיין.

— גאַנץ איינפאַך. זי וועט אָפּסמען לעאָנען.

— אָבער, רעגינע, דאָס איז דאָך שרעקלעך!.

— ווילסטו בעסער ווערן אַן אָרעמאַן? ווילסטו בעסער גיין אין די הייזער? לעאָן האָט געזאָגט, אַז ער וועט אונדז הייסן גיין פון דאַנען!.

— אָבער, טאָכטער, ווי אַזוי קאָן מען אַזאַ זאַך? טאָמער וועט מען זיך דערוויסן.

— קיינער וועט זיך נישט דערוויסן. איך וועל די זאַך אַזוי איינאָרדענען, אַז די קראַנקן-שוועסטער סאַבינע וועט ווערן באַשולדיקט אין דעם, אַז זי האָט פאַרסמט לעאָנען.

— אָך, רעגינע, דאָס איז שרעקלעך, שרעקלעך! — האָט סאַמועל קייזערשטיין זיך פאַרקרימט.

— אָבער אַלץ בעסער ווי צו גיין אין די הייזער, —האָט רעגינע געלאַכט, — הער, דו האָסט געהאַט געברענגט פון פּאַריז אַזאַ קליין פלעשעלע מיט סם, האָסט געזאָגט, אַז עטלעכע טראָפּן פון דעם דאָזיקן סם ברענגען מאָמענטאַל דעם טויט. איך וועל אַריינגיסן עטלעכע טראָפּנס סם אין לעאָנס רעצעפּט און...

— און ער וועט זיין טויט!. — שעפּטשעט שטיל סאַמועל קייזערשטיין, — אָ, ווי שרעקלעך דאָס איז!.

— נעם זיך נישט אַזוי שטאַרק איבער דערמיט... מיר מוזן עס טאָן; ווו האָסטו דעם סם?

— אין מיין וואַליזקע.

ער האָט אַ קוק געטאָן אויף זיין טאָכטער און זיך אַליין דערשראָקן פאַר איר וואַליזקע.

איר געזיכט האָט איצט אויסגעזען ווי דאָס פּנים פון א מכשפה. ער איז אַריינגעגאַנגען אין אַן אַנדער צימער און אַריינגעברענגט דאָס זעלטענע פלעשעלע מיט סם, וואָס ער האָט מיט פינף יאָר צוריק געברענגט פון פּאַריז.

— — — — — — — — — — — —

נאָכמיטאָג איז געקומען דער הויז־דאָקטאָר. ווען ער האָט אַ קוק געטאָן אויף לעאָנען האָט ער אַזש אַ געשריי געטאָן פאַר פרייד:

— אָ, וואָס זע איך! פון טויט — לעבעדיק!

ער האָט אַריינגעבעטן אין צימער פונעם קראַנקן דעם אַלטן סאַמועל קייזערשטיין און רעגינען און געזאָגט צו זיי:

— דאָ זעט מען גאָטס וואונדער. איצט מוז איך אייך זאָגן, אַז איך בין די גאַנצע צייט געווען זייער אומרואיק. איך האָב שוין נישט געגלויבט, אַז דער הער לעאָן קייזערשטיין זאָל צוריק אומקערן זיך צום לעבן.

און ווענדנדיק זיך צו סאַבינען, האָט ער צוגעגעבן:

— פאַרשטייט זיך, שוועסטער, אַז אַ סך האָבן מיר צו פאַרדאַנקען אייך, אייער זעלטענע באַהאַנדלונג פונעם קראַנקן און דעריבער וועל איך אויסטרינקען פאַר אייך. שוועסטער, און פאַרן קראַנקנס געזונט ווערן!

— בראַוואָ, בראַוואָ, הער דאָקטאָר! — איז רעגינע געווען זייער צופרידן פון דעם דאָקטאָרס פאָרשלאָג צו טרינקען. — איך הייס שוין אַריינברענגען עטלעכע פלעשער ווייַן.

אַלע האָבן געטרונקען און אויך סאַבינע האָט אויפגעהויבן אַ באָקאַל ווייַן און איס אויסגעטרונקען פאַר לעאָנס געזונט ווערן.

אין פינף מינוט אַרום האָט סאַבינע דערפילט אַ שטאַרקע מידקייט אין אַלע אירע גלידער, און נאָכדעם, ווי אַלע זענען אַוועק און זי איז ווידער געבליבן אַליין מיט לעאָנען, האָבן זיך איר די אויגן גענומען קלעפּן פאַר שלאָף.

— זאָל עס זיין פון דעם ווייַן? — האָט זי זיך געוווּנדערט.

אָבער זי האָט שוין מער נישט געקאָנט טראַכטן. אין פאַרלויף פון עטלעכע מינוט איז זי אַריינגעפאַלן אין אַ טיפן שלאָף. אויך לעאָן איז באַלד איינגעשלאָפן.

אין אַ ווײַלע אַרום האָט זיך פּאַמעלעך אויפגעהויבן די פאָרטיערע און אין צימער האָט זיך, ווי אַ קאַץ, אויף די שפּיץ פינגער אַריינגעשלייכט רעגינע, האַלטנדיק דאָס פלעשעלע סם אין דער האַנט.

אַ ווײַלע איז רעגינע געשטאַנען אומבאַוועגלעך און האָט געקוקט אויף ביידע שלאָפנדיקע, נאָכדעם האָט זי זיך צוגעשלייכט צום טישל, אויף וועלכן ס׳איז געשטאַנען דאָס פלעשל מיט לעאָנס רעצעפּט.

---

דפוס „אור״ בע״מ פאַרלאַג „תקוה״

# סאבינע



## ראָמאַן
## פון אַ קראַנקן־שוועסטער

נומער 4 פרייז 50 אגי׳

זי האָט זיך נאָכאַמאָל אַרומגעקוקט איבערן צימער, ווי זי וואָלט מורא געהאַט, אַז עמיצער באַהאַלט זיך דאָ אויס און זעט, וואָס זי טוט.

נאָכדעם האָט זי אויפגעעפנט דאָס פלעשל מיט דער רעצעפּט, האָט אָנגעגאָסן דערפון אַ העלפט און אַריינגעגאָסן אינעווייניק דעם גאַנצן סם.

זי האָט באַטראַכט די פּליסיקייט מיט דער רעצעפּט. עס איז גאָרנישט געווען צו דערקענען, אַז אינעווייניק געפינט זיך סם. זי האָט צוריק פאַרשטאָפּט דעם פלעשל און עס אַוועקגעשטעלט אויפן זעלבן אָרט, ווו עס איז געשטאַנען.

נאָכדעם האָט זי זיך צוריק שטילערהייט פון צימער אַרויס־געשלייכט.

— ווען רעגינע וואָלט אָבער פריער זיך גוט ארומגעקוקט אַ־רום דעם צימער, וואָלט זי זיכער באַמערקט, ווי הינטער דעם אָפּע־פענצטער פון צימער האָט פאַרבייגעשוועבט אַ בלאָס געשטאַלט און האָט מיט בריים אויפגעריסענע אויגן נאָכגעפאָלגט, וואָס רע־גינע טוט.

נייך, רעגינע האָט דאָס געשטאַלט נישט באַמערקט און ווי גע־יאָגט פון טויזנטער שדים, איז זי געלאָפן דורך אַלע צימערן און קאָרידאָרן, סאָפּענדיק שווער.

צום סוף איז זי צוגעקומען צו דעם צימערל, אין וועלכן סאַ־בינע האָט געהאַט שטיין אירע זאַכן.

מיט אַ שנעלער באַוועגונג מיט דער האַנט האָט זי אַריינגע־שטעלט דאָס אויסגעליידיקטע גלעשעלע מיט סם צווישן סאַבינעס וועש. אין פּלעשעלע איז נאָך אויף דער סאַמער דנאָ איבערגעבליבן אַביסל סם, אַזוי, אַז מען האָט געקאָנט וויסן, אַז דאָס איז דער־זעלבער סם, וואָס האָט זיך געפונען אין דער רעצעפּט.

נאָך דעם. ווי רעגינע האָט אַריינגערוקט דאָס פלעשעלע טיף צווישן סאַבינעס וועש, איז זי בליץ שנעל אַרויס פון צימערל און האָט לייכטער אָפּגעאָטעמט.

זי איז שנעל אַוועק צו זיך אין שלאָפצימער, האָט זיך אויס־געטאָן און געלייגט.

אָבער זי האָט בשום אופן נישט געקאָנט איינשלאָפן. זי האָט

שוין מיט אומגעדולד געוואַרט אויפן פרימאָרגן, זי האָט געוווסט, אַז באַלד אין דער פרי גיט סאַבינע לעאָנען די רעצעפּט.

— עטלעכע טראָפּן פון דעם דאָזיקן סם דערהרגענען דאָך מאָמענטאַל! — האָט רעגינע געטראַכט און נישט געקאָנט צומאַכן קיין אויג.

ווי נאָר עס איז געוואָרן ליכטיק, איז רעגינע אויפגעשטאַנען און האָט גענומען מיט אומרואיקע טריט אַרומגיין איבערן צי־מער.

— צי לעבט ער נאָך, אָדער איז ער שוין איצט טויט?... — האָט זי נישט אויפגעהערט צו טראַכטן.

אין דעם אָפענעם פענצטער פון לעאָנס צימער האָט אַריינגע־שמייכלט אַ פרילינגס-זון. די פייגעלעך האָבן פריילעך גענומען צוויטשען. און אָט דער דאָזיקער הערלעכער פויגל־געזאַנג האָט אויפגעוועקט סאַבינען פון איר טיפן שלאָף.

זי האָט זיך מיט דערשראָקענע אויגן אַרומגעקוקט איבערן צימער. וואָס איז? שוין טאָג? די פייגעלעך זינגען שוין? איז זי אַזוי געשלאָפן אַ גאַנצע נאַכט? אך, וואָס איז עס מיט איר געשען?

זי האָט אַ קוק געטאָן צו לעאָנען, ווי זי וואָלט געהאַט עפּעס אַ שלעכטס פאָרגעפילט.

אָבער לעאָן איז רואיק געשלאָפן און אויף זיינע ליפּן האָט זיך געשפּילט אַ גליקלעכער שמייכל. ער האָט איצט זיכער גע־טרוימט וועגן זיין שיינער סאַבינע.

דערזעענדיק דעם גליקלעכן שמייכל, וואָס האָט זיך געשפּילט אויף לעאָנס ליפּן, האָט זיך סאַבינע באַרואיקט. זי האָט אַ קוק געטאָן אויפן זייגער און געזען, אַז עס איז שוין צייט צו געבן לעאָנען די רעצעפּט.

עס איז איר אָבער געווען אַ שאָד אויפצוּוועקן דעם געליבטן, וועלכער האָט זיכער געהאַט איצט אַ זיסן חלום. זי איז אַ ווײַלע געשטאַנען און זיך מיט אַנטציקונג איינגעקוקט אין זיין שיין, אָבער בלאַס געזיכט.

ווידער האָט זי אַ קוק געטאָן אויפן זייגער און זיך דערמאָנט, אַז דער דאָקטאָר האָט אָנגעזאָגט, אַז זי מוז די טראָפּנס געבן דעם קראַנקן אַלע צוויי שעה — און דאָ איז זי אַזוי לאַנג געשלאָפן און געלאָזט דעם קראַנקן אָן דער רעצעפּט אַ גאַנצע נאַכט.

זי האָט דעריבער גענומען דאָס פלעשל אין דער האַנט, דאָס־זעלבע פלעשל, אין וועלכן רעגינע האָט אַריינגעגאָסן דעם סם, סאַבינע האָט אויפגעשטאָפּט דעם קאָרעק, האָט אָנגעגאָסן אַ לעפע־לע און, ווי שטענדיק, צוגעטראָגן די רעצעפּט צו אירע ליפּן, כדי זי אויספּרובירן.

סאַבינע האָט שטענדיק אַזוי געטאָן. איידער זי פלעגט לעאָנען געבן די רעצעפּט. האָט זי פריער גענומען צו די ליפּן און פאַרזוכט די טראָפּנס.

אויך איצט האָט זי פאַרזוכט און עפּעס דערפילט אַ מאָדנעם ביטערן געשמאַק.

— וואָס קאָן דאָס זיין? — האָט זי זיך שטאַרק פאַרוווּנ־דערט. — צי זאָל די רעצעפּט אין פאַרלויף פון דער נאַכט האָבן קאַליע געוואָרן? גאַנץ מעגלעך.

זי האָט דעריבער באַשלאָסן דעם קראַנקן מער די טראָפּנס נישט צו געבן און זיך פריער באראטן מיטן דאָקטאָר. אויב די רעצעפּט איז קאַליע געוואָרן קאָן זי דאָך שאָדן ברענגען דעם קראַנקן.

סאַבינע האָט דעריבער צוריק אריינגעגאָסן דאָס לעפעלע מיט דער פליסיקייט אין פלעשל אַריין און האָט זיך צוריק אַוועקגע־זעצט אויף איר פריערדיק אָרט, האַרט נעבן בעט.

און ווידער האָט זי געקוקט אויף דעם פּנים פון איר געליבטן יעאָן. דער גליקלעכער שמייכל האָט נאָך אַלץ גערוט אויף זיינע האַלב אָפענע ליפּן, — גאָט אין הימל, —האָבן איר ליפּן גע־שעפּטשעט. — אויב עס איז באַשערט, אַז מיין ליבער לעאָן זאָל מוזן אוועקגיין פון דער וועלט, נעם זשע מיך אויך צו פון דאַנען, גאָט גרויסער, ווייל איך וועל אָן מיין געליבטן קיין איין טאָג, קיין שעה, קיין איין מינוט נישט קאָנען לעבן.

דער געזאַנג פון די פייגעלעך האָט זיך אַריינגעגאָסן דורכן אָפענעם פענצטער און אָנגעפילט דאָס צימער מיט הערלעכער מוזיק, די זון האָט אַלץ העכער זיך אויפגעהויבן אין הימל און באַ־גאָסן דעם גאָרטן מיט אַ ווונדערלעכער ליכט.

סאבינע האָט זיך אויפגעשטעלט, כדי נאָך ברייטער צו עפענען דאָס פענצטער, אָבער זי איז צוריקגעפאלן אויף דער שטול און די קניען האָבן זיך מאַכטלאָז איינגעבויגן.

האַ. וואָס איז דאָס? וואָס איז מיט איר געשען? פאַרוואָס קאָן זי נישט געבן קיין טריט?

זי פּרוּווט זיך נאָכאַמאָל אויפשטעלן, אָבער ווידער דינען איר נישט די פיס, ווי דאָס וואָלטן געווען צוויי שווערע קלעצער.

גאָט אין הימל, וואָס איז דאָס פּלוצלונג מיט איר געשען?!

פאַר די אויגן באַווייזן זיך רעדער און דרייען זיך זייער שנעל. איז זי וואַך, אָדער איז עס אַ חלום?

אָט זעט זי אַ גרויסן סאַלאָן, מענטשן טאַנצן און זי אַליין זיצט אויף אַ הויכער שטול און טראָגט אַ לאַנגן, ווייסן וועלאָן. אַרום איר שטייען פרויען און ווינטשן איר „מזל־טוב"...

און ווידער ענדערט זיך דאָס בילד. סאַבינע זעט זיך, ווי זי פאָרט מיט איר לעאָנען אין אַ קאַרעטע און די גאַנצע קאַרעטע איז פול מיט בלומען. לעאָן קושט זי און שעפּטשעט: „יאָ ווי גליקלעך איך בין, מיין טייערע!"

נאָר שאַ, וואָס איז דאָס פּלוצלונג געשען?!

עס ווערט פּלוצלונג פינצטער אַרום סאַבינע, אַזוי פינצטער, אַז זי זעט שוין גאָרנישט אַרום זיך. עס דוכט זיך איר, אַז זי פליט ערגעץ אין אַ טיפן אָפּגרונט, זי פליט און פליט...

סאַבינע קאָן שוין מער נישט צונויפנעמען די געדאַנקען און זי פילט שוין נישט, ווי זי לאָזט זיך שווער אַראָפּ פון פאָטעל אויף דער פּאָדלאָגע און איר קערפּער בלייבט ליגן אָן מאַכט, ווי דער קערפּער פון אַ טויטן.

## קאַפּיטל ניין

## אַ פּרווי — אַ טייוול!

דער באַנק־דירעקטאָר אַדאָלף מאָרגענטאַל איז געזעסן אין זיין קאַבינעט און אַריינגעקוקט אין פאַרשידענע פּאַפּירן, וואָס זיין סעקרעטאַרין האָט אים געגעבן אונטערצושרייבן.

אָבער ער האָט נישט געוווּסט, וואָס ער לייענט, ווייל אַלע זיינע געדאַנקען זענען געווען ביי זיין מאַרילע.

ער האָט געטראַכט וועגן מאַרילעס מאָדנער שטימונג אין דער לעצטער צייט. זי איז געווען אין אַזאַ שטימונג, וועלכער ער האָט נאָך ביי איר קיינמאָל נישט געזען.

וואָס האָט דאָס געקאָנט מיט איר געשען? צי האָט זי אים

שוין מער נישט ליב? צי איז עס בלויז אַ קאַפּריז פון איר זייט? און אפשר האָט זי אים קיינמאָל נישט ליב געהאַט?

גאַנץ מעגלעך, אַז זי האָט מיט אים חתונה געהאַט נאָר דער־פאַר, וואָס ער איז געווען רייך און האָט זי אַרויסגענומען פון אַן אָרעם הויז און איר אָנגעטאָן אין די שענסטע און עלעגאַנטסטע קליידער?

אָבער מאַרילע האָט דאָך נישט איינמאָל פאַרזיכערט, אַז זי האָט אים ליב, אַז זי קאָן אָן אים נישט לעבן?

צי קאָן מען אָבער גלויבן אַ פרוי? די פרויען זאָגן דאָך קיינ־מאָל נישט אויס זייערע מענער דעם גאַנצן אמת...

אַדאָלף מאָרגענטאַל האָט זיך באַמיט צו פאַרטרייבן פון זיך די דאָזיקע שווערע געדאַנקען. ער האָט גענומען עפענען די בריוו, וועלכע די פּאָסט האָט געבראַכט. פּלוצלונג האָט ער אָנגעקלונגען צו זיין סעקרעטאַרין:

— פאַני גליקסאָן, זייט אַזוי גוט און קומט אַרויף צו מיר!

אין אַ ווײַלע אַרום האָט זיך אין דעם באַנק־דירעקטאָרס קאַבי־נעט באַוויזן דאָס דראָבנע און שיינע געשטאַלט פון דער סעקרע־טאַרין. די פאַני גליקסאָן איז געווען אַ סימפּאַטישע ברונעטקע מיט קלוגע אויגן און ווען זי איז אַרײַנגעקומען האָט זי געפרעגט, וואָס דער שעף פאַרלאַנגט.

— אָט האָב איך באַקומען אַ בריוו פון מיין פריינט זאָמער־שטיין, אַז ער קומט היינט צו פאָרן פון פּאַריז און פאַרפאָרט גלייך צו מיר אין דער וווינונג. אַזוי ווי איך בין שטאַרק באַשעפטיקט, בעט איך אייך זייער, קלינגט אָן צו מיין פרוי און זאָגט איר, אַז זי זאָל דעם גאַסט, ווי געהעריק אויפנעמען.

די פאַני גליקסאָן האָט זיך טעלעפאָניש פאַרשטענדיקט מיט דער וווינונג פון באַנק־דירעקטאָר, אָבער דאָס שטוב מיידל האָט געענטפערט, אַז די מאַדאַם מאָרגענטאַל איז נישטאָ אין דער היים.

— טאָ קלינגט זשע אָן אויף די נומערן טעלעפאָנען, — האָט אַדאָלף מאָרגענטאַל דערלאַנגט זיין סעקרעטאַרין אַ צעטל מיט נו־מערן. — אין איינעם פון די דאָזיקע ערטער מוז זיך מיין פרוי זיכער געפינען.

די פאַני גליקסאָן האָט אָנגעלונגען אין די אַלע ערטער, אָבער

אומעטום האָט מען געענטפערט, אַז די מאַדאַם מאָרגענטאַל איז דאָ נישט דאָ און איז אויך נישט געווען.

און ווען די פּאַני גליקסאָן האָט ווען דעם געמאָלדן איר שעף האָט ער זיך שטאַרק פאַרוווּנדערט:

— אין די אַלע ערטער איז מיין פרוי נישטאָ, טאָ ווו קאָן זי זיין?

— דאָס ווייס איך שוין נישט, הער דירעקטאָר. — האָט די פּאַני גליקסאָן געענטפערט מיט אַ שמייכל.

— אַך, די פרויען! — האָט אַדאָלף מאָרגענטאַל אויסגערופן.

— גיי ווייס, ווען זיי זאָגן אמת און ווען — ליגן...

— אָ, אַזאַ מיינונג האָט איר, הער דירעקטאָר, וועגן פרויען?

— האָט די סעקרעטאַרין געפרעגט.

— אַ שלעכטע, צי נישט קיין שלעכטע מיינונג, אָבער אַזוי זענען זיי, די פרויען. צי איר אַליין, פּאַני גליקסאָן, זאָגט נישט אַמאָל אַ ליגן?

— ניין, הער דירעקטאָר. איך זאָג קיינמאָל נישט קיין ליגן, ווייל איך האַלט, אַז מיטן אמת קומט שטענדיק בעסער אַרויס. אי-בעריקנס איז איצט נישטאָ קיין צייט וועגן דעם צו ריידן... אַנט-שולדיקט מיר זייער, איך מוז נאָך איבערשרייבן די לעצטע ליס-טע פון די איינגעפלאָסענע וועקסלען...

— איך וועט נאָך האָבן צייט דערצו, בלייבט אַ ווייל... עס גלוסט זיך מיר אַביסל אַ שמועס צו טאָן מיט אייך... זאָגט מיר, פּאַני גליקסאָן, דוכט זיך, אַז איר זענט אַן אלמנה?

די פּאַני גליקסאָן האָט געמאַכט אַ ווייטיקפולע מינע.

— ניין, פּאַניע מאָרגענטאַל, איך בין נישט קיין אלמנה... ליי-דער... — האָט זי אַ זיפץ געטאָן. — שטעלט אייך פאָר, אַז מיט צוויי יאָר צוריק איז מיין מאַן פון מיר אַוועק און מיך אי-בערגעלאָזט אַליין מיט אַ קינד. אין די נאָענטסטע חדשים דאַרף איך באַקומען פון אים אַ גט.

דאָס ערשטע מאָל, ווי אַדאָלף מאָרגענטאַל האָט זיך אויפ-מערקזאַמער צוגעקוקט צו זיין סעקרעטאַרין. ערשט איצט האָט ער באַמערקט, אַז זי פאַרמאָגט פּרעכטיקע, צוציענדיקע אויגן און אַ צאַרט, בחנט פּנימל.

און אדאָלף מאָרגענטאַל האָט אַ טראַכט געטאָן: ווי אזוי האָט אַ מאַן געקענט אַוועקוואַרפן אַזאַ שיינע פרוי?

זעענדיק, אַז אויף דער פאַני גליקסאָנס פּנים באַווייזט זיך אַ ווייטיקפולע גרימאַסע, האָט אַדאָלף מאָרגענטאַל זיך פאַרענטפערט פאַרוואָס ער האָט אָנגערירט אַ ווונד אין איר האַרץ.

— פאַרשטייט מיך, איך האָב עס געטאָן צוליב שטאַרקן מיט־געפיל צו אייך... — האָט ער דערקלערט.

אין דער פאַני גליקסאָנס אויגן האָבן זיך געשטעלט טרערן.

— יאָ, איך האָב אים שטאַרק ליב געהאַט, דעם מאַן, וועל־כער האָט מיך אַוועקגעוואָרפן... — האָט זי אַ זיפץ געטאָן. — מיין פאָטער איז געווען קעגן דעם שידוך. ער האָט זיך באַלד דערקענט אויף מיין מאַן... אָבער איך האָב דעם פאָטער מיינעם נישט גע־האָרכט, ווייל איך האָב מיין מאַן ליב געהאַט ביז וואַנזין...

— איך האָב די פעלערן פון מיין מאַן נישט געזען און נישט געוואָלט זען, ווייל די ליבע צו אים האָט מיך געמאַכט שכור. ווען עס איז געבוירן געוואָרן אונדזער זונעלע, האָט מיין פרייד נישט געהאַט קיין גרענעץ...

— אָבער אַלץ, וואָס מיין מאַן האָט פאַרדינט, האָט ער פאַר־שפּילט אין קאָרטן און שפּעטער האָט ער אויך אַ סך געלט פאַר־הוליעט מיט פרויען. איך האָב כסדר אַוועקגעקוקט און אים אפילו קיין פאָרוואורף נישט געמאַכט — אַזוי שטאַרק איז געווען מיין ליבע צו אים!

— אַזוי זענען אַוועק טעג און חדשים. עס פלעגן אַדורכגיין וואָכן, ווי מיין מאַן האָט מיר קיין גראָשן נישט אַהיים געברענגט און איך מיט מיין קינד האָבן פּשוט געהונגערט.

— ער האָט אָבער דערויף קיין אַכט נישט געלייגט און ווייטער אין קאָרטן געשפּילט, אָדער פאַרברענגט אין רעסטאָראַנען ביז פאַרטאָג. איינמאָל האָב איך מיט גוטן גענומען אים בעטן, אַז ער זאָל כאָטש אין זינען האָבן זיין קינד, אָבער ער האָט זיך צע־לאַכט און געענטפערט, אַז מיטן קינד דאַרף איך זיך פאַרנעמען און מער גייט אים נישט אָן קיין שום זאַך...

— מיטאַמאָל איז ער עטלעכע טעג נישט אַהיימגעקומען. איך בין אַוועק אין דער ביוראָ, וווּ ער האָט געאַרבעט, אָבער דאָרטן

האָט מען מיר דערקלערט, אַז מיין מאַן איז שוין עטלעכע טעג נישט געקומען צו דער אַרבעט.

— איך האָב אים געזוכט, אָבער אומזיסט. ער איז פאַר־שווּנדן געוואָרן, נישט לאָזנדיק פון זיך הערן. אין עטלעכע וואָכן אַרום האָט פּאָליציי דורכגעפירט ביי מיר אין דער וווינונג אַ רעוויזיע, ווייל ס'האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז מיין מאַן האָט גע־פעלשט די ביכער פון דער ביוראָ, וווּ ער האָט געאַרבעט און האָט צוגענומען צוואַנציק טויזנט זלאָטעס.

— מיין לאַגע איז נאָך דעם געווען אַ פאַרצווייפלטע. איך האָב שווער געקעמפט מיט דער נויט און דעריבער בין איך געווען גע־צווּנגען אַלץ אויסצופאַרקויפן פון דער שטוב. איך האָב זיך נישט געהאַט צו ווענדן נאָך הילף, ווייל מיין פאָטער איז פאַר קרענקונג געשטאָרבן.

— איך בין געבליבן אַליין מיט מיין קינד. ס'איז נישט געווען קיין אַנדער אויסוועג, ווי זיך צו וואַרפן צוזאַמען מיט מיין קינד אין די כוואַליעס פון דער ווייסל.

— אָבער אָט האָב איך אַמאָל אַדורכגעלייענט אין דער צייַ־טונג אַן אַנאָנס, אַז דאָס באַנק-הויז פון אַדאָלף מאָרגענטאַל זוכט אַ פעאיקע סעקרעטאַרין. איך האָב זיך באַלד געמאָלדן און איך בין צוגענומען געוואָרן צו דער אַרבעט.

— אויב איך בין נישט באַגאַנגען קיין זעלבסטמאָרד, אויב איך און מיין קינד לעבן נאָך — האָב איך עס אייך צו פאַרדאַנקען, הער מאָרגענטאַל! עס איז זעלטן צו טרעפן אַ מענטש מיט אַזאַ גוט האַרץ, ווי איר הער דירעקטאָר!

אַדאָלף מאָרגענטאַל האָט אָנגענומען איר דראָבנע, צאַפּלדיק הענטל און עס פעסט אַ דריק געטאָן.

— איך דאַנק אייך, פאַני גליקסאָן, וואָס איר האָט זיך פאַר מיר פאַרטרויט, — האָט ער געזאָגט. — איר זענט אַן אמתע העלדין, אויב איר האָט געקאָנט אויסהאַלטן אַזוי פיל ליידן. איך מיין, אַז איר ווייסט גאָרנישט האָבן דאַקעגן וואָס איך וועל דערלייגן פופציק פּראָצענט אויף אייער פענסיע. איר האַלט דאָך אויס אַ קינד, איר אַרבעט דאָך שווער פאַרן שטיקל ברויט.

די פרוי גליקסאָן האָט מיט טרערן אין די אויגן געדאַנקט

איר שעף פאַר זיין גוט האַרץ נאָך דעם איז זי אַוועק אין איר אַרבעטס־צימער און זיך אַוועקגעזעצט ביי איר שרייב־טיש.

אָבער זי האָט נישט געקאָנט אַרבעטן, ווייל זי האָט נישט אויפגעהערט צו טראַכטן וועגן דער אומגערעכטיקייט, וואָס הערשט אויף דער וועלט: זי, אַזאַ גוטע, איידעלע פרוי האָט געהאַט אַ מאַן אַן אויסוווּרף און מאַרילע מאָרגענטאַל, די קאָקעטע און שלעכטע מאָרגענטאַל.

פאַרוואָס איז אַזוי אויף דער וועלט? — האָט די פרוי גליקסאָן נישט אויפגעהערט צו טראַכטן. — פאַרוואָס האָבן איידעלע, פיינע פרויען — מענער אויסוווּרפן און קאָרטן־שפּילער — און גוטע, צאַרטע מענער ווערן געפייניקט פון שלעכטע, פאַלשע און ליגנע־רישע פרויען?

די פרוי גליקסאָן האָט געפילט, אַז מאַרילע פאַראַט איר מאַן, אַז זי איז אים פאַלש און נוצט נאָר בלויז אויס זיין געלט.

— — — — — — — — — — — — —

אין דער זעלבער צייט איז דער רייכער גענשער סוחר הערמאַן גרינפעלד געזעסן ביי זיך אין שטוב אין זיין קאַבינעט און גע־לייענט אַ צייטונג.

ער איז אַליין געווען אין דער וווינונג, ווייל זיין פרוי איז שוין געהאַט אַוועקגעפאָרן קיין קריניצע, וווהין זי פלעגט פאָרן אַלע יאָר.

ער האָט געלייענט די צייטונג, אָבער ער האָט נישט געוווּסט, וואָס ער לייענט, ווייל אַלע זיינע געדאַנקען זענען געווען ביי מאַ־רילען יועלכע ער האָט נישט אויפגעהערט ליב צו האָבן.

זי האָט אים באַליידיקט, דערנידעריקט, זי האָט אים פאַר־שאַפט שרעקלעכע ליידן, אָבער ער האָט נישט אויפגעהערט וועגן איר צו טראַכטן, כאָטש ער האָט געוווּסט, אַז זי איז אַ פרוי — אַ טייוול, אַז זי איז נישט ווערט זיין ליבע.

אָבער אַזוי איז שוין דאָס מענטשלעכע האַרץ. דער קאָפּ פאַר־שטייט, אַז עס איז געפערלעך ליב צו האָבן אַ פרוי — אַ טייוול, אָבער דאָס האַרץ זאָגט זיך אָפּ צו פאָלגן דעם קאָפּ.

הערמאַן גרינפעלד האָט מיט אַלע קרעפטן געוואָלט פאַרטרייבן פון זיך מאַרילעס געשטאַלט, אירע נאַקעטע אָרעמס, איר פרעכטיקן

קערפּער, וואָס האָט אים כסדר געשוועבט פאַר די אויגן.

ער האָט ווידער גענומען לייענען די צייטונג און פּלוצלונג — איז ער שטאַרק בלאַס געוואָרן און זיינע הענט האָבן גענומען לייכט ציטערן.

הא, איז דאָס מעגלעך ?! איז דאָס טאַקע געשען ?!

ער לייענט נאָכאַמאָל אַדורך די נייעס, וואָס איז געדרוקט אין דער צייטונג.

## „אַ געהיימניספולער מאָרד"

„ווען דער רייכער הויזווירט און פאַבריקאַנט לעאָן קייזערשטיין איז געפאָרן מיט זיין אויטאָ קיין לאָדזש, האָט עפּעס אַ מאַן מיט אַ בלאָנד בערדל צו אים געשאָסן און שטערבלעך פאַרווונדעט.

דער מערדער איז באַלד פאַרשוווּנדן געוואָרן און די פּאָליציי איז נאָך ביז איצט נישט געפאַלן אויף זיינע שפּורן.

דער צושטאַנד פון דעם הער לעאָן קייזערשטיין איז אַ האָפענונגסלאָזער. די דאָקטוירים צווייפלען שטאַרק, צי עס וועט זיי געלונגען, צו דערהאַלטן אים ביים לעבן".

ווען הערמאַן גרינפעלד האָט אַדורכגעלייענט די דאָזיקע נייעס אין דער צייטונג, איז ער אַ ווײַלע געבליבן זיצן, ווי פאַרגליווערט.

אַ מאַן מיט אַ בלאָנד בערדל ? אַך, צום טייוול ! ווען מאַרילע האָט אים פאָרגעלייגט, אַז ער זאָל דערשיסן לעאָנען, האָט זי געזאָגט : „הער, הערמאַן, כדי מ׳זאָל דיך נישט דערקענען, זאָלסטו זיך פאַרגרימירן מיט אַ בלאָנד בערדל".

הייסט עס, אַז די דאָזיקע טייוולאָנישע פרוי האָט געפּאַקט אַ צווייטן מאַן, וועלכער האָט געהאָרכזאַם אויסגעפירט איר פאַרברעכערישן פאַרלאַנג ? אַזאַ טייוול ! אַזאַ טייוול !

אָבער אין דעם מאָמענט האָט ער דערהערט אַ קלונג אין דער טיר, ווען ער איז צוגעגאַנגען עפענען, איז אַריינגעקומען נישט קיין אַנדערע, ווי די טייוולאָנישע פרוי אַליין — מאַרילע !

און ווי נאָר הערמאַן גרינפעלד האָט זי דערזען, האָט אין אים אויפגעברויזט אַ געוואַלדיקע ליידנשאַפט און ער האָט אָנגעכאַפּט איר האַנט און זי באַדעקט מיט הייסע קושן.

מאַרילע איז געווען אַ צעשמייכלטע, אַ שיינענדיקע, ווי זי וואָלט אין גאַנצן געהאַט פאַרגעסן אָן דער לעצטער סצענע צווישן איר און

הערמאַנען. אַז זי האָט אים פּשוט אַרויסגעטריבן פון איר שטוב.

אָ, טייערער מיינער, ווי דאַנקבאַר איך בין דיר, — האָט זי אויסגערופן און זיך גלייך אַוועקגעזעצט אויף דער קאָזעטקע און אַזוי פאַרוואָרפן אַ פוס אויף אַ פוס, אַז ס׳האָט זיך אַרויסגעוויזן איר קיילעכדיקע, שיינע קני.

— פאַרוואָס דאַנקט איר מיר ?... האָט הערמאַן געענטפערט מיט אַ רואיקן טאָן, דערמאָנענדיק זיך מיטאַמאָל, ווי שרעקלעך די דאָזיקע פרוי האָט אים באַליידיקט.

— איר ווייסט נישט פאַר וואָס ? — האָט מאַרילע קאָקעטיש אַ שמייכל געטאָן.

— ניין, איך ווייס נישט.

— אָהאָ, איר מאַכט אייך נישט וויסן. עס ווייזט זיך אַרויס אַז איר האָט מיך יאָ ליב, אַז איר זענט יאָ גרייט געווען צו טאָן פאַר מיר, וואָס איך האָב פאַרלאַנגט. אך, פאַניע גרינפעלד, וואָס פאַר אַ גוטער איר זענט !

— וואָס אַזעלכעס האָב איך דען געטאָן ?

— איר ווייסט נישט ? איר ווייסט טאַקע נישט ? — האָט זי אים געלאַכט אין די אויגן אַריין. — אך, ווי איר קענט מאַכן דעם אָנשטעל, הער גרינפעלד...

— אָבער איך ווייס נישט, וועגן וואָס עס האַנדלט זיך. — האָט זיך הערמאַן גרינפעלד געוווּנדערט.

— איך בין זיכער געווען, אַז איר וועט מיין פאַרלאַנג נישט דערפילן, אָבער ווען איך האָב היינט אַדורכגעלייענט אין דער צייטונג די נייעס, אַז איר האָט דערשאָסן מיין שרעקלעכן שונא...

— ווען האָב איך דערשאָסן ? איך האָב קיינעם נישט דערשאָסן ! — האָט הערמאַן גרינפעלד אויסגערופן מיט אַ פאַרוווּנדערטער שטים.

— דו האָסט דאָך דערשאָסן לעאָנען. איך ווייס, איך ווייס, אַז דו האָסט מיך שטאַרק ליב, דעריבער האָסטו דערפילט מיין פאַרלאַנג. — איז מאַרילע אויפגעשפרונגען פון דער קאָזעטקע און אַרומקלאַמערנדיק אירע אָרעמס אַרום הערמאַנס האַלדז, האָט זי זיך איינגעזויגן מיט אירע ליפן אין זיינע.

זי האָט אים אַזוי לײדנשאַפטלעך געקושט, אַז ער האָט זיך דערפילט, ווי אַ שיכורער. ער האָט דערפילט דורך איר דין זיידן

קלייד די הייסקייט פון איר לייב און די רייצנדיקע פולקייט פון אירע פוכיקע גלידער.

ער האָט זיך געוואָלט באַהערשן, ער האָט געוואָלט אָפּשטויסן פון זיך די דאָזיקע שרעקלעכע פרוי, אָבער ער איז עס נישט געווען אומשטאַנד צו טאָן.

זיי זענען בײדע איצט געלעגן אויף דער קאָזעטקע און זיך פּעסט אַרומגעהאלזט. הערמאַן גרינפעלד איז געווען אין גאַנצן שיכור פון ליבע און ער האָט עפּעס געשטאַמלט נישט קיין קלאָרע ווערטער...

ווער עס וואָלט זיך בעסער צוגעקוקט צו דער פרוי, וועלכע ער האָט איצט געהאַלטן אין זיינע אָרעמס, וואָלט ער זיכער באַמערקט אַ איראָנישן שמייכל אין די ווינקלען פון איר מויל.

אָבער הערמאַן גרינפעלד האָט עס נישט באַמערקט. ער איז געווען אינגאַנצן שיכור פון מאַרילעס ווונדערבאַרן הייסן קערפּער, פון איר קושן, פון אירע גליענדע אָרעמס.

— טייערער מיינער, שטענדיק וועלן מיר זיין צוזאַמען, אייביק וועסטו זיין מיינער. — האָט זי אים געשעפּטשעט אין אויער אַריין.

— אָבער דו האָסט אַ מאַן און איך האָב אַ פרוי. — האָט הערמאַן באַמערקט.

— וואָס גייט מיך אָן מיין מאַן. איך וועל געהערן אינגאַנצן צו דיר...

ערשט נאָך די שעהן פון ליידנשאַפט און שיכרות, ווען מאַרילאַ איז נאָך זעקס שעה פאַרברענגען ביי הערמאַן גרינפעלד אין דער וווינונג, אַוועק פון אים, האָט ער זיך ערשט דערמאָנט אין דעם ערשטן געשפרעך זיינעם מיט דער דאָזיקער טייוולאָנישער פרוי.

נאָכדעם ווי ער האָט זיך אַביסל אָפּגעקילט פון די הייסע ליבעס־מינוטן, האָט ער זיך מיט שרעק דערמאָנט, אַז מאַרילאַ מאַכט אים פאַר דעם מערדער פון לעאָנען.

זעט אויס, אַז די דאָזיקע טייוולאָנישע פרוי וועבט עפּעס אַ שרעקלעכע נעץ, אין וועלכער זי וויל אים אַריינציען. וואָס פאַר אַ פּלאַן האָט זי? פאַרוואָס האָט ער זיך געלאָזט אַריינציען אין דער דאָזיקער שרעקלעכער נעץ? פאַרוואָס האָט ער זיך נישט אָפּגעשאָקלט פון אירע טייוולאָנישע רייד?

אָבער וויפל ער האָט נישט פּרובירט זי פּיינט צו באַקומען, האָט ער פּאָר זיינע אויגן דערזען דאָס בליענדיקע לייב אירס, אירע אויסגעשטרעקטע אָרעמס, אירע פּרעכטיקע ברוסטן און אַ שטראָם פון ליידנשאַפט האָט אים אַ זעץ געטאָן אין פּנים אַריין.

ער האָט אַרויסגענומען דעם פּאָרטרעט אירן און מיט אַ ליי־דנשאַפטלעכער שטים געזאָגט:

— איך ווייס, אַז דו ביזט אַ טייוול, אָבער דאָך האָב איך דיך ליב... איך ווייס, אַז דו וועבסט אַ נעץ, כדי מיך צו פאַנגען, כדי מיך אומצוברענגען, אָבער דאָך בין איך דיין שקלאַף!

— איך גיב דיר אַוועק מיין נשמה, מיין האַרץ, מיינע געהירן, מיט איין וואָרט — אַלץ, ווייל איך וויל בעסער שטאַרבן נאָך דיר...

און לאַנג איז הערמאַן גרינפעלד געזעסן איבער מאַרילעס פּאָרטרעט און ליידנשאַפטלעך גערעדט צום בילד פון דער פרוי — טייוול...

## קאַפּיטל צען

# דאָס פארלוירענע גליק

זייער פרי, פריער ווי אַלע מאָל, האָבן רעגינע און איר פאָטער זיך אַוועקגעזעצט צום פרישטיק עסן.

אויסערלעך וואָלט קיינער גאָרנישט דערקענט, אַז די דאָזיקע צוויי מענטשן זענען אומרואיק, אַז זיי וואַרטן אויף עפּעס...

זיי האָבן געגעסן, שווייגנדיק, ווי זיי וואָלטן זיך געשעמט, אָדער געשראָקן אַרויסצוריידן אַ וואָרט.

אָבער ענדלעך האָט רעגינע שטילערהייט אַרויסגעשעפּטשעט:

— וואָס קאָן דאָס באַדייטן? פאַרוואָס איז אין לעאָנס צימער אַזוי שטיל? צו האָט זיך נאָך סאַבינע נישט אויפגעכאַפּט פון שלאָף? צי האָט זי נאָך לעאָנען נישט געגעבן די רעצעפּט? ווי שטיל דאָרטן איז! מ׳הערט נישט קיין שאָרך!...

— אך, רעגינע! — האָט דער אַלטער סאַמועל. קייזערשטיין אַ קרעכץ געטאָן.

— וואָס קרעכצסטו שוין ווידער? — האָט אים רעגינע בייז אָנגעקוקט.

— פאַר וועלכן האָסטו מורא?
— איך האָב מורא, רעגינע...
— מיר קאָנען האָבן אַ דורכפאַל און דעמאָלט וועלן מירביידע גיין אין תפיסה אַריין...
— רעד נישט קיין נאַרישקייטן. ווי אזוי קאָנען מיר האָבן אַ דורכפאַל? צי וועט יעדער איינער נישט גלויבן דערין, אַז די דאָזיקע קראַנקן־שוועסטער האָט אים פאַרסמט, ווײַסנדיק וועגן זיין צוואה? און אויסער דעם וועט מען געפינען דאָס ליידיקע פלעשעלע פון סם ביי איר אין די וועש... עס איז נישטאָ וואָס מורא צו האָבן, פאָטער.
— דאָס אַלץ איז ריכטיק, פונדעסטוועגן בין איך אומרואיק. ספּעציעל באַאומרואיקט מיך די שטילקייט, וואָס הערשט אין יענעם צימער.
אָבער פּלוצלונג האָט זיך דערהערט אַ שאַרף קלינגען פון לע־אָנס צימער. דאָס עלעקטרישע גלעקל האָט לאַנג און אויסטערליש געקלונגען.
— הא, וואָס קאָן דאָס זיין?! — האָבן פאָטער און טאָכטער שטום אין דערשראָקן זיך אָנגעקוקט, נישט זייענדיק אימשטאַנד אויסצורײדן אַ וואָרט.
דאָס שאַרפע קלינגען האָט אַלאַרמירט די דינערשאַפט פון פּאַלאַץ. פון אַלע זייטן זענען געלאָפן דינער און דינערינס אין לעאָנס צימער אַריין.
רעגינע און דער פאָטער זענען נאָך אַלץ געזעסן, ווי פאַרגלי־ווערטע, נישט זייענדיק אימשטאַנד אויסצורײדן אַ וואָרט.
זיי האָבן געהערט, ווי פון לעאָנס צימער דערטראָגן זיך פאַרשידענע געמישטע שטימען און אויסגעשרייען...
— לעאָן מוז שוין זיין טויט... — האָט רעגינע ענדלעך אַ שעפּטשע געטאָן.
לאַנג און זייער געשמאַק איז לעאָן געשלאָפן.

— — — — — — — — — — — —

ווען ער האָט ענדלעך געעפנט די אויגן און זיך אַרומגע־קוקט איבערן צימער, האָט ער מיט שרעק באַמערקט, ווי סאַבינע ליגט אַן אויסגעצויגענע אויף דער פאָדלאָגע.
נישט קוקנדיק דערויף, וואָס ער האָט זיך נאָך געפילט זייער

שוואַך און זיינע וווּנדן זענען נאָך געווען באַנדאַזשירט, האָט זיך לעאָן אַ ריס געטאָן פון זיין געלעגער און איז אַראָפּגעשפּרונגען פון בעט, כדי צו ראַטעווען זיין געליבטע.

אָבער ווען ער האָט זיך צוגעריַרט צו אירע הענט, צו איר געזיכט, האָט ער אויפגעציטערט און ער איז בלאַס געוואָרן.

סאַבינעס קערפּער איז געווען שטייף און קאַלט.

— גאָט אין הימל, צי איז זיין טייערע ווונדערבאַרע סאַבינע טויט ?! צי האָט דאָס לעבן פאַרלאָזן איר קערפּער ?

ניין, ניין! דאָס איז אוממעגלעך! זי איז נישט טויט! זעט אויס, אַז זייענדיק איבערגעמאַטערט פון דער ארבעט, איז זי אַני־דערגעפאַלן אין חלשות.

לעאָן האָט תיכף זיך געוואָרפן צום עלעקטרישן גלעקל און אַלאַרמירט די דינערשאַפט.

ווי נאָר די דינערשאַפט האָט זיך באַוויזן אויף דער שוועל פון צימער האָט ער גענומען שרייען:

— רופן תיכף אַ דאָקטאָר! וואַסער! שנעלער וואסער! וואָס־זשע שטייט איר, ווי די ליימענע גולמס!! שנעלער לויפט נאָך אַ דאָקטאָר! איר זעט דאָך, אַז די קראַנקן־שוועסטער איז אַוועק־געפאַלן אין חלשות.

און ווען די צעשראָקענע דינערשאַפט איז געלאָפן נאָך אַ דאָק־טאָר און נאָך וואַסער, האָט לעאָן דערווייל מיט די אייגענע קרעפטן אויפגעהויבן סאַבינע פון דער פאָדלאָגע און זי אַוועקגעלייגט אויף זיין בעט.

ער האָט אַ טאַפּ געטאָן דעם פּולס, דער פּולס האָט נישט געקלאַפּט מער! ער האָט זיך צוגעבויגן צו איר, כדי צו זען צו זי אָטעמט, סאַבינע האָט אָבער שוין נישט געאָטעמט.

אירע ווונדערבאַרע אויגן זענען איצט געווען פאַרגלייצט.

דעמאָלט איז לעאָן אַרויפגעפאלן אויף סאַבינעס קערפּער און ער האָט שטיל געשליכצט און געשעפּטשעט:

נישט געווען קיין שום צווייפל: סאַבינע איז געווען טויט!

פון זיינע אויגן האָבן זיך גענומען גיסן טרערן.

דפוס „אור" בע"מ		פאַרלאַג „תקוה"

# סאבינע



## ראָמאַן
## פון אַ קראַנקן־שוועסטער

---

נומער 5

— טייערע סאַבינע, וואָס איז מיט דיר געשען? פאַרוואָס האָסטו מיך פאַרלאָזט?... גאָט גרויסער, פאַרוואָס שטראָפסטו מיך אַזוי שווער? סאַבינע, טייערע מיינע, ווי וועל איך איצט קאָנען לעבן אָן דיר,

לאַנג איז אַזוי לעאָן געלעגן אויף דעם קערפּער פון זיין טייער־רער סאַבינע און שטיל געשליכצט.

ערשט ווען דער אַלטער סאַמועל קייזערשטיין און זיין פאַר־ברעכערישע טאָכטער האָבן זיך באַוויזן אויף דער שוועל פון דער טיר, האָט זיך לעאָן אָפּגעריסן פון זיין טייערער סאַבינע.

עס איז זיך לייכט פאָרצושטעלן זייער שטוינונג און פאַרוווּנ־דערונג, ווען זיי האָבן דערזען אָנשטאָט דעם טויטן לעאָן — די טויטע קראַנקן־שוועסטער.

אין פלוג האָט זיך זיי אויסגעדאַכט אַז דאָס איז אַ חלום.

ווי אַזוי איז דאָס מעגלעך? סאַבינע איז גאָר טויט און לעאָן לעבט? אָ, גאָט, זיי זענען פאַרלוירן! זייער מי איז געווען אומ־זיסט! לעאָן לעבט און דאָס פאַרמעגן וועט פאַרבלייבן ביי אים..

אויף אַזאַ דורכפאַל האָט זיך רעגינע בישט געריכט און ווען מ׳גיט איר מיט אַ האַמער איבערן קאָפּ, וואָלט זי נישט דערפילט אַזאַ ווייטאָג, ווי איצט, ווען זי האָט אָנשטאָט לעאָנען דערזען סאַבינען אַ טויטע.

אָבער רעגינע האָט נישט געהאָט קיין צייט איצט לאַנג צו טראַכטן. זי האָט געמאַכט אַ דערשראָקענע מינע און אויסגערופן:

— אָ, גאָט, וואָס איז געשען? די קראַנקן־שוועסטער חלשט? ראַטעוועט זי! ראַטעוועט זי!

— אָ, רעגינע, זי חלשט נישט. לײדער האָט דער אומברחמנות־דיקער טויט זי צוגענומען פון אונדז!... האָט לעאָן אויסגערופן מיט אַ פאַרצווייפלטער שטים, — איך בין איר מערדער, ווייל זי האָט פאַר מיר אָוועקגעגעבן אירע טעג און נעכט, און פון איבער־אַרבעטן זיך האָט זי אויסגעהויכט איר איידעלע נשמה...

און ווידער האָט לעאָן צוגעטראָגן דאָס טיכל צו די אויגן און אָנגעהויבן שטאַרק צו שלוכצן.

— נעם זיך נישט אַזוי איבער, לעאָן, — האָט דער אַלטער סאַמועל קייזערשטיין אים געגומען מכלומרשט טרייסטן. — אַ סך קראַנקן־שוועסטער פאַלן אַ קרבן פון זייער פאַך און קיינער וועט

נישט זאָגן, אַז שולדיק דערין זענען די קראַנקע... און אויסער דעם ביזטו דאָך נאָך זייער שוואַך און טאָרסט זיך נישט איבערנעמען מיט אַזעלכע זאַכן... איך פאַרשטיי, עס טוט דיר וויי, וואָס אַ מענטש איז געשטאָרבן, אָבער דער דאָזיקער מענטש געהערט דאָך אונדז גאָרנישט אָן... זי איז דאָך געווען אַ פרעמדע!...

— אַ פרעמדע זאָגט איר?! — שלוכצט לעאָן און קאָן זיך נישט באַהערשן, — זי׳ איז פאַר מיר נישט געווען קיין פרעמדע!... דאָס איז מיין געליבטע, מיט וועלכער איך האָב געוואָלט חתונה האָבן, ווי נאָר איך וועל געזונט ווערן. איצט דאַרף איך נישט מיין געזונט, ווען דאָס דאָזיקע טייערע וועזן ליגט איצט אָן אומ־באַוועגלעכע, אַ שטומע אויף אייביק!

— דיין געליבטע? — האָט סאַמועל קייזערשטיין געמאַכט אַ מכלומרשט דערשטוינטע מינע. — און דו האָסט געוואָלט מיט איר חתונה האָבן? עס וווּנדערט מיך שטאַרק, אַז דו, דער זון פון מאַקסימיליאַן קייזערשטיין, האָט געהאַט אין זינען חתונה צו האָבן מיט אַ געוויינלעך מיידל פון פראָסטן פאָלק. און באַזונדערס האָב איך געהערט, אַז דו האָסט שוין געהאַט אַ מיידל, מיט וועל־כער דו האָסט גערעכנט חתונה צו האָבן.

— אָט דאָס איז די זעלבע... — האָט לעאָן געענטפערט. — ווי גאָט אַליין וואָלט נישט דערלאָזט דערצו, אַז מיר זאָלן זיין צעשיידט, האָט דער צופאַל אַזוי געמאַכט, אַז די קראַנקן־שוועסטער, וואָס רעגינע האָט געדונגען, האָט זיך אַרויסגעוויזן אַלס דאָס זעלבע מיידל, וועלכע איך האָב אַזוי שטאַרק ליב געהאַט נאָך פון פריער... אָ, טייערע סאַבינע, פאַרוואָס האָט דיך גאָט פון מיר צוגענומען, פאַרוואָס?! — האָבן זיינע פאַרוויינטע אויגן ווידער זיך געווענדעט צו דער טויטער.

רעגינע האָט דערווייל געוואָרפן אַ בליק צו דעם טישל, אויף וועלכן ס׳איז געשטאַנען דאָס פלעשל מיט דער פאַרסמטער מעדיצין. זי האָט זיך גוט צוגעקוקט צום פלעשל און דאַן האָט זי געזאָגט צו לעאָנען:

— לעאָן, נו, שוין גענוג, באַרואיק זיך!...

— אָ, ניין, דאָס איז אַ צו גרויסער קלאַפּ פאַר מיר! איך קאָן זיך נישט באַרואיקן, רעגינע...

— דו פאַרגעסט אָבער, אַז דו ביזט נאָך גוט קראַנק... אָך,

דו האָסט נאָך, זיכער די רעצעפּט נישט גענומען! איצט מוזטו זיך שטאַרקן, מיין טייערער! די קראַנקן־שוועסטער וועט שוין קיין ליעבעדיקע נישט אויפשטיין און מיט דיין פאַרצווייפלען און וויינען ברענגסטו זיך בלויז שאַדן... נו, נעם די רעצעפּט, מיין טייערער.

רעגינע האָט גענומען דאָס פלעשל אין דער האַנט אַריין און האָט גענומען אַריינגיסן די טראָפּנס אין אַ לעפעלע אַריין.

אין דעם מאָמענט האָט רעגינע אַ לייכטן געשריי געטאָן:

— אַך, וואָס איך האָב געטאָן! וואָס פאַראַ אַ שלימזלדיקע איך בין!

דאָס פלעשל איז מיט אַ שטאַרקן קלאַפּ אַרויסגעפאַלן פון אירע הענט. דאָס גלאָז האָט זיך צעבראָכן אויף אַ סך שטיקלעך און די רעצעפּט האָט זיך צעגאָסן איבער דער פּאַדלאָגע.

— נעמט צונויף די שטיקעלעך און ווישט אויס! — האָט רעגינע באַפוילן די דינער.

און אין אַ ווייל אַרום איז נישט פאַרבליבן קיין שום צייכן פון דער פאַרסמטער רעצעפּט, וואָס האָט געקאָנט דינען אַלס באַווייז פון רעגינעס פאַרברעכן.

דערווייל איז אַ פאַרסאַפּעטער געקומען צו לויפן דער דאָקטאָר.

— אַך, הער דאָקטאָר, ראַטעוועט זי: ראַטעוועט זי! — האָט לעאָן בעטנדיק אויסגעשטרעקט צום דאָקטאָר די הענט. — איך גיב אייך אַוועק אַ האַלב פאַרמעגן און ראַטעוועט זי, הער דאָקטאָר!

— איך וועל טאָן אַלץ, וואָס ליגט נאָר אין די גרענעצן פון מיינע מעגלעכקייטן, — האָט דער דאָקטאָר דערקלערט און איז צוגעטרעטן ראַטעווען די קראַנקן־שוועסטער.

אָבער באַלד האָט זיך אויף זיין פּנים באַוויזן אַ טרויעריקע מינע. ער האָט אַ מאַך געטאָן מיט די הענט און געענטפערט:

— ליידער קאָן איך שוין דאָ גאָרנישט אויפטאָן! לויט אַלע וואַרשיינלעכקייטן איז די קראַנקן־שוועסטער שוין טויט.

לעאָן האָט זיך פאַרשטעלט דאָס געזיכט מיט די הענט און האָט נאָך שטאַרקער אָנגעהויבן צו וויינען.

— הער דאָקטאָר, דערלויבט מיר אייך צו שטעלן אַ פראַגע — האָט רעגינע אַ זאָג געטאָן.

— ביטע, פריילין.

— וואָס האָט געקאָנט זיין די סיבה פון אַזאַ פּלוצלונגן טויט?

— זי האָט זיכער באַקומען אַ האַרץ־שלאַג, — האָט דער דאָקטאָר געענטפערט. — די קראַנקן־שוועסטער האָט שוין לאַנג געמוזט ליידן אויפן האַרץ און זי האָט, זעט אויס, וועגן דעם נישט געוווּסט. די פילע נעכט, וואָס זי איז נישט געשלאָפן, די שווערע אַרבעט ביי דעם קראַנקן האָבן געברענגט דערצו, אַז דאָס האַרץ האָט נישט אויסגעהאַלטן און געפּלאַצט.

— אַך, צוליב מיר! צוליב מיר האָט אָט דאָס הערלעכע ווען פאַרלוירן דאָס לעבן!. — האָט לעאָן פאַרצווייפלט פאַרבראָכן מיט די הענט. — וואָס וועל איך איצט טאָן אָן איר? ווי וועל איך קאָנען לעבן?!

— אָ, הער קייזערשטיין, איר פאַרגעסט, אַז איר זענט נאָך אַ קראַנקער, — האָט דער דאָקטאָר אויסגערופן. — אַזאַ פאַרצווייפלען קאָן אייך דעם גרעסטן שאָדן ברענגען! איר האָט נאָך זיכער נישט גענומען היינט די טראָפּנס, וועלכע דאַרפן אייך שטאַרקן דאָס האַרץ!

— עס האָט געטראָפן אַן אומגליק, הער דאָקטאָר, — האָט רעגינע זיך אַריינגעמישט, — שטעלט אייך פאָר, איך האָב טאַקע דעם קוזין געוואָלט געבן די טראָפּנס, האָבן מיר די הענט אַזוי שטאַרק געציטערט, אַז איך האָב דאָס פלעשל אַרויסגעלאָזט און כ׳איז צעבראָכן געוואָרן.

— עס איז נישט קיין שום אומגליק, — האָט דער דאָקטאָר געשמייכלט. — העכסטנס קאָן עס אויסגיין צו געלט. איך וועל באַלד פאַרשרייבן די זעלבע טראָפּנס. און איצט, פּאַניע קייזער־שטיין, מוזט איר פאַרלאָזן דאָס דאָזיקע צימער,, ווו עס געפינט זיך די טויטע, ווייל אייער ווייטערדיק פאַרבלייבן דאָ, קאָן אייך ברענגען גרויס שאָדן.

לעאָן האָט נאָך לאַנג געקוקט מיט אַ טרויעריקן, פאַרצווייפלטן בליק אויף דעם טויטן קערפּער פון זיין געליבטער סאַבינע, נאָכדעם האָט ער זיך געלאָזט אַרויספירן פון צימער דורך רעגינען, וועלכע האָט אים געפירט, ווי מען פירט אַ ווײנענדיק קינד.

לעאָן איז געווען שרעקלעך פאַרצווייפלט און ער האָט נישט אויפגעהערט צו זיך צו רעדן:

— טייערע מיינע, סאַבינעלע,, ווי וועל איך איצט קאָנען לעבן אָן דיר ?!...

## קאַפּיטל עלף
## „די פאַרליבטע זענען בלינד"

דער טויטער קערפּער פון סאַבינע איז אַריבערגעפירט געוואָרן אין דעם טויטן־שטיבל פון געגנשער בית־עולם.

רעגינע האָט אַלע מיטלען אָנגעווענדעט, אַז די לויה זאָל פאָר־קומען שטילערהייט, אַז קיינער זאָל זיך נישט דערוויסן וועגן דער שרעקלעכער טראַגעדיע, וואָס איז פאָרגעקומען אין דעם הויז פון די קייזערשטיינס.

זי האָט דעריבער געווענדעט צו „חסד של אמת", אַז מ'זאָל דעם טויטן קערפּער אַרויספירן גלייך אויפן בעת־עולם.

לעאָן האָט אָבער דערקלערט, אַז ער וויל זיין ביי דער קבורה פון זיין טייערער געליבטער. ער האָט רעגינען שטאַרק געבעטן, אַז זי זאָל אויסזוכן פאַר סאַבינען אַ קבר אין דער הויפּט־אַלעע.

— איך וועל אַלע טאָג קומען אויף איר קבר און לייגן בלומען. — האָט לעאָן שטיל געשלונגען די טרערן. — און אַ מצבה וועל איך לאָזן שטעלן פון דעם טייערסטן מאַרמאָר און אויף דער מצבה וועל איך לאָזן אויפשרייבן:

„דאָ ליגט מיין טייערע געליבטע, וועלכע גאָט האָט פון מיר אַוועקגעריסן, איידער מיר האָבן חתונה געהאַט, לעאָן קייזערשטיינס כלה — סאַבינע"...

רעגינעס געזיכט האָט זיך אויסגעקרימט, ווען זי האָט געהערט לעאָנס ערקלערונג, אָבער זי האָט פאַרביסן די ליפּן און גאָרנישט דערויף געענטפערט.

— ווען וועט זיין די לויה ? — האָט לעאָן זי ווייטער געפרעגט.

— מאָרגן איינס אַ זייגער פון טויטן־שטיבל אויפן געגנשער בית־עולם. אָבער איך ראַט דיך, מיין ליבער לעאָן, אַז דו זאָלסט אָפּהיטן דיין געזונט און זאָלסט אין דער לויה נישט אָנטיילנעמען...

— ניין, ניין, דאָס איז אויסגעשלאָסן ! וואָס רעדסטו, רעגינע ? צי ווייסטו, ווי איך האָב דאָס דאָזיקע מיידל ליב געהאַט ? — האָט ער זיך פאַרשטעלט דאָס געזיכט מיט די הענט און זיך שטיל צע־כליפּעט. — אַך, גאָט, פאַרוואָס האָסטו בעסער מיך נישט צוגענומען פון דער וועלט ? פאַרוואָס האָסטו בעסער צו מיר נישט געשיקט דעם טויט ?

לעאָן האָט נישט באַמערקט, ווי אויף רעגינעס געזיכט האָט

זיך צעלייגט אַ שלאַנגישער שמייכל און אירע אויגן האָבן ווי געֶרעדט:
— איך פֿרעג אויך די זעלבע פֿראַגע. פֿאַרוואָס האָט גאָט בעסער אויף דיר נישט געשיקט דעם טויט? אָבער וואַרט, וואַרט, עס וועט נישט לאַנג דויערן, וועסטו אויך ליגן אין דעמזעלבן טויטן־שטיבל אויפֿן געֶנשער בית־עולם, וווּ עס ליגט איצט דיין געליבטע.
רעגינע האָט שטאַרק נישט געוואָלט, אַז לעאָן זאָל אָנטיילנעמען אין דער לויה. באַקאַנטע און פֿריינט וואָלטן זיך אָנגעהויבן אויס־צופֿרעגן, ווער ס'איז די געשטאָרבענע, ווּעמענס טויטן קערפּער עס באַגלייט צו איר אייביקער רו דער רייכער הויזווירט לעאָן קייזערשטיין.
רעגינע האָט געוואָלט מאַכן די לויה אַזוי, אַז קיינער זאָל זי נישט באַמערקן, אָן שום באַגלייטער, פֿאַרנאַכט און באַגראָבן די פּלוצלונג געשטאָרבענע קראַנקן־שוועסטער ערגעץ נעבן פֿאַרקאַן.
עס האָט אָבער נישט געהאָלפֿן קיין שום רייד. לעאָן האָט ערקלערט, אַז ווען ער זאָל אַפֿילו וויסן צו שטאַרבן, וועט ער זיין געליבטע סאַבינע באַגלייטן צו איר אייביקער רו.
— גיי און קויף דעם שענסטן קראַנץ. — האָט ער רעגינען געהייסן, — דאָס טויטן־שטיבל, אין וועלכן דער טויטער קערפּער פֿון מיין געליבטער וועט אַוועקגעשטעלט ווערן, זאָלסטו אויסצירן מיט בלויז בלומען. אין די צייטונגען דרוק־אָפּ דעם גרעסטן נעקראָלאָג, און לאָז אונטערשרייבן מיין נאָמען. הער, רעגינע, איך וויל, אַז דער נעקראָלאָג זאָל ווערן אַזוי געשריבן:
„אין דער פֿולער בליאונג איז אַוועק פֿון דער וועלט מיין טייערסטע כלה סאַבינע רייזמאַן. וועגן דעם דאָזיקן גרויסן אומגליק איז מודיע דער פֿאַרצווייפֿלטער און טרויערנדער חתן לעאָן קייזערשטיין".
— אָבער, לעאָן, דו וועסט זיך דאָך קאָמפּראָמיטירן אין די אויגן פֿון די גרויסע סוחרים, מיט וועלכע דיין פֿאָטער איז געשטאַנען אין באַציונגען. ווי קומסטו צו עפּעס אַ סאַבינע רייזמאַן?
— האָט רעגינע זיך שוין מער נישט געקאָנט באַהערשן און האָט גענומען רעדן אָפֿענער, ווי ביז איצט.
— וואָס גייען מיך אָן די גרויסע סוחרים, וואָס גייט מיך אָן די גאַנצע רייכע וועלט! — האָט לעאָן אויסגערופֿן. — איך בין גרייט אַוועקצוגעבן מיין גאַנץ פֿאַרמעגן. איך וויל בעסער זיין אַ

בעטלער און לעבן צוזאַמען מיט מיין טייערער סאַבינע, וועלכע איז איצט, ליידער, שוין טויט! צי איז דען ליבע נישט דאָס גרעסטע פאַרמעגן אויף דער וועלט?

— עפּעס אַנדערש וואָלט געווען, ווען זי לעבט, — האָט רעגינע געענטפערט. — אָבער זי איז דאָך שוין טויט און דו וועסט דאָך שוין סיי ווי סיי מיט איר נישט חתונה האָבן, טאָ צו וואָס דאַרפסטו זיך קאָמפּראָמיטירן? וואָס דאַרפסטו נאָך אָפּדרוקן אַ נעקראָלאָג אין דיין נאָמען? לעאָן, פאַרגעס נישט, אַז דיינע באַקאַנטע און פריינט זענען אַלץ גרויסע סוחרים, הויזווירטן, פאַבריקאַנטן, ווי וועסטו אויסזען אין זייערע אויגן?

— רעגינע, אומזיסט דיינע רייד. טו אַזוי, ווי איך הייס דיך. אָט האָסטו פינף טויזנט זלאָטעס. קויף דעם שענסטן קראַנץ, דרוק אָפּ דעם גרעסטן נעקראָלאָג און ציר אויס דאָס גאַנצע טויטן־שטיבל מיט די הערלעכסטע רויזן. זאָל אַלץ ווערן געטאָן אַזוי ווי איך הייס! — האָט לעאָן שטרענג געזאָגט.

— אַך, ווי די פאַרליבטע זענען בלינד! — איז רעגינעס שטים געווען בייז.

ווען זי איז אַרויסגעגאַנגען פון לעאָנס צימער, האָט זי אין דער ריכטונג פון דער טיר געוויזן אַ דראָענדיקע פויסט און גע־שעפּטשעט:

— איצט מוז איך טאָן אַזוי ווי דו הייסט מיך, אָבער נישט לאַנג וועסטו דאָ אַזוי רעדן אין דעם דאָזיקן פּאַלאַץ. עס וועט קומען אַ טאָג, ווען איך וועל קויפן אַ קראַנץ צו דיין לויה... איך מוז איצט פאַרקריצן מיט די ציין, אָבער אינגיכן וועל איך לאַכן אויף דיין קבר... — — —

## די שרעקלעכע נאַכט

דער דאָקטאָר, וועלכער האָט באַטראַכט סאַבינען נאָך איר אַוועקפאַלן אויף דער פּאָדלאָגע, האָט זיך טועה געווען.

סאַבינע איז נישט געווען טויט. די עטלעכע טראָפּנס סם, וואָס זי האָט גענומען צוזאַמען מיט דער רעצעפּט, האָבן זי נישט אָפּגע־טויט, נאָר אַריינגעברענגט אין אַ צושטאַנד פון הינער־פּלעט.

הינטער־פּלעט איז אַ קראַנקהייט, וואָס האָט אַלע צייכנס פון טויט.

הינער־פּלעט קלאַפּט אַזוי שוואַך, אַז מ׳דערהערט עס קוים. דער

אָטעם שטעלט זיך אָפּ און דער קערפּער ווערט קאַלט און פאַר־גליווערט.

נישט איינמאָל האָבן דאָקטוירים אַ טעות געהאַט און דער „טויטער" האָט זיך אויפגעכאַפּט, ווען מ'איז אים שוין געגאַנגען באַגראָבן...

דאָס זעלבע איז געשען מיט סאַבינען. זי איז אַריינגעפאַלן אין אַ שווערן צושטאַנד פון הינער־פּלעט.

און אָט איז זי געלעגן אין דעם טויטן־שטיבל פאַר רייכע טויטע אויף דעם גענשער בית־עולם.

זי איז געלעגן אין אַן אָפענעם קאַסטן, אָנגעטאָן נאָך אין די זעלבע קליידער, וועלכע זי האָט געטראָגן ביי לעאָנס בעט.

בלויז דאָס ווייסע פאַרטוך האָט מען פון איר אַראָפּגענומען.

דאָס גאַנצע צימער מיט די שוואַרצע קרעפּע־ווענט איז געווען איינגעהילט אין אַ ים ווייסע רויזן.

רעגינע האָט געמוזט צוליב־טאָן לעאָנס ווונטש. זי האָט געוווּסט, אַז ער וועט זיין אויף דער לויה, ווען זי טוט נישט צוליב זיין ביטע, וואָלט ער זי אַוועקגעטריבן פון זיין הויז. רעגינע האָט איצט מורא געהאַט איבערצורייסן מיט לעאָנען. זי האָט איצט געמוזט לעבן מיט אים אין גוטע באַציאונגען, כדי צו דערגרייכן איר טייוולאָנישן ציל.

אין דעם טויטן צימער האָט געשמעקט מיט דעם דופט פון די רויזן אין קאַסטן מיט סאַבינעס געזיכט אויסגעזען, ווי דאָס געזיכט פון עפּעס אַ ווונדערלעכער סטאַטוע.

רעגינע האָט אויך געדונגען צוויי היטער, וועלכע זאָלן זיצן אַ גאַנצע נאַכט און היטן דעם טויטן קערפּער. זי איז דאָך געווען זיכער, אַז סאַבינע איז טויט. און אַ טויטער טאָר דאָך נישט ליגן אַליין.

צוקאָפּנס פון דער „טויטער" האָבן געברענט פיר גרויסע ליכט אין הויכע לייכטערס. נעבן דעם קאַסטן זענען געזעסן די היטערס, — צוויי יונגע מענער, — און האָבן געוואַכט.

דערווייל איז צוגעפאַלן די נאַכט. אויפן בית־עולם איז געוואָרן שטיל. די היטערס זענען געוואָרן מיד און שלעפעריק. נאָכמער האָט זיי געמאַכט שלעפעריק דער דופטנדיקער ריח פון די רויזן.

און די אויגן האָבן זיך גענומען ביי זיי קלעבן, די קעפּ זענען

אַלע מאָל אַראָפּגעפאַלן אויף דער ברוסט. ס׳האָט נישט לאַנג געדויערט, וויביידע זענען איינגעשלאָפן מיט אַ שטאַרקן שלאָף.

אַ טויטע שטילקייט האָט געהערשט אין דעם טויטן־צימער. די ליכט האָבן געוואָרפן מיט די געלע פלעמלעך און געשאַפן ציטערנדיקע שאָטנס פון צוויי שלאָפנדיקע, איינגעקורטשעטע מענטשן.

מיטאַמאָל האָט סאַבינע דערפילט, ווי אַ שטראָם לעבן איז צוריק אַריין אין אירע גלידער.

עס איז איר נאָך אָבער שווער געווען צו עפענען די אויגן.

זי האָט בלויז געפילט דעם ווונדערבאַרן דופט פון רויזן.

זי האָט דעריבער נאָך נישט געזען, ווו זי געפינט זיך.

זי האָט געהאַט דעם איינדרוק, ווי זי וואָלט זיך אויפגעכאַפּט פון אַ שווערן שלאָף. סאַבינע האָט דעריבער געטראַכט, אַז זי ליגט אוודאי אין בעט און לעאָן האָט אויסגעצירט דאָס צימער מיט רויזן.

זי האָט געפּרוווט צו עפענען די אויגן, אָבער זיי האָבן זיך באַלד נישט געוואָלט עפענען, ווי שווערע שטיינער וואָלטן געלעגן אויף זיי.

אָבער נאָך אַ געוואַלדיקער אָנשטרענגונג האָט זי ענדלעך די אויגן געעפנט.

— גאָט אין הימל, וואָס איז דאָס ?! ווו געפינט זי זיך ?! איז עס אפשר, בלויז אַ שרעקלעכער חלום ?!...

זי קוקט זיך נאָכאַמאָל אַרום :

ליכט ברענען ביי איר צוקאָפּנס. זי ליגט אין אַ קאַסטן, זי געפינט זיך אין אַ טויטן־צימער. דאָס צימער איז אויסגעצירט מיט ווייסע רויזן. נעבן קאַסטן, אין וועלכן זי ליגט, זיצן צוויי מענער מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ און שלאָפן מיט אַ שווערן שלאָף.

ניין, דאָס איז זיכער אַ חלום, — טראַכט זי ווייטער. — באַלד וועט זי זיך אויפהויבן פון שלאָף און זיך דערזען נעבן דעם בעט פון איר טייערן לעאָן...

זי פילט, ווי אירע גלידער, וואָס זענען געווען פאַרשטייפט, ווערן צוריק באַוועגלעך.

זי הויבט אויף דעם קאָפּ און קוקט זיך נאָכאַמאָל אַרום איבער דעם טויטן צימער מיט די ווייסע רויזן און פיר גרויסע, ברענענ־דיקע ליכט.

ניין, ניין, דאָס איז נישט קיין חלום!! אָבער... ווי קומט זי אַהער? איז זי געשטאָרבן? איז דאָס דער טויט? האָט זי זיך שוין אויפגעכאַפּט אויף יענער וועלט?...

זי וויל געבן אַ געשריי, אָבער די שטים בלייבט איר שטעקן אין האַלדז און זי גיט נישט פון זיך אַרויס קיין שום קלאַנג.

מיט שרעק קוקט זי אויף די צוויי שלאָפנדיקע מענער מיט די אַראָפּגעלאָזטע קעפּ אויף דער ברוסט. זי, די „טויטע" האָט מורא פאַר די דאָזיקע צוויי לעבעדיקע.

וואָס אייגנטלעך איז מיט איר געשען? — הויבט זי זיך אָן צו דערמאָנען.

זי איז געזעסן ביי לעאָנס בעט... אַלע האָבן געטרונקען וויין... נאָכדעם איז זי איינגעשלאָפן... און נאָכדעם?... באַלד, באַלד... זי קאָן זיך נישט אַלץ דערמאָנען מיטאַמאָל...

און וואָס איז נאָכדעם געווען? — טראַכט זי ווייטער און דערמאָנט זיך, אַז נאָכדעם האָט זי זיך אויפגעכאַפּט פון שלאָף... ס'איז שוין געווען טאָג... זי האָט לעאָנען געוואָלט געבן די רעצעפּט, האָט זי זי פריער פאַרזוכט. אָבער די רעצעפּט איז געווען אַ ביטערע...

מער געדענקט זי נישט, וואָס מיט איר איז געשען.

אַלזאָ, הייסט עס, אַז זי איז געשטאָרבן, אַז זי איז טויט. אָבער ווי איז דאָס מעגלעך? די הענט באַוועגן זיך, די אויגן זענען אָפן, איר קערפּער איז וואַרעם, זי הערט דעם ווינט רוישן אין דרויסן.

ניין, זי איז נישט געשטאָרבן, זי לעבט!

אָבער ווי אַזוי האָט מען זי אַ לעבעדיקע אַהערגעבראַכט? וואָס איז מיט איר געשען? זאָל זי ווייטער בלייבן ליגן אין דעם קאַסטן? גאָט אין הימל, וואָס קומט דאָ פאַר מיט איר?!

אין דרויסן רוישט דער ווינט. די פלעמלעך פון די ליכט ציטערן און די צוויי מענער, וואָס זיצן מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ, שלאָפן נאָך אַלץ געשמאַק.

## קאַפּיטל צוועלף
## אויף פאַלשע וועגן

ווען אַדאָלף מאָרגנטאַל איז אַהיימגעקומען פון דער באַנק, האָט ער מאַרילען שוין געטראָפן אין דער היים.

— מאַרילע, צו דו ביזט שטענדיק געווינט צו זאָגן ליגן? — האָט ער פאַרויכערנדיק אַ פּאַפּיראָס, זי געפרעגט.

— וואָס איז דען געשען? — קוקט זי אויף אים מיט אַ כלומרשט פאַרוואונדערטער מינע.

— עס ווייזט זיך אַרויס, אַז דו האָסט געזאָגט ליגן. איך האָב געשיקט דיך זוכן צו דער שניידערין, צו דער מאָדיסטקע, איך האָב געקלונגען אויף אַלע טעלעפאָנען, וועלכע דו האָסט מיר איבערגעגעבן, אָבער דו ביזט אויף די אַלע ערטער נישט געווען.

— א, דאָס מיינסטו? — האָט מאַרילא געענטפערט מיט אַ שמייכל. — שטעל דיר פאָר, מיין טייערער, אַז ווי נאָר איך בין אַרויס פון טויער, האָב איך געטראָפן די מאַדאַם אייזנבוים, וועלכע האָט זיך נישט לאַנג געעגט מיט איר מאַן. זי האָט מיך נישט אָפּגעלאָזט, נאָר איך זאָל מיט איר גיין אין אַ צוקערניע, ווייל זי וויל מיר דערציילן וועגן איר נייעם פאַרערער, וועלכער איז אין איר פאַרליבט ביז איבער די אויערן.

— און דו ביזט מיט איר אַוועקגעגאַנגען אין אַ צוקערניע? — קוקט זי אַדאָלף מאָרגנטאַל שאַרף אָן.

— יאָ, מיר זענען אַריין אין אַ צוקערניע, אין דער „זשעמיאַנסקא". די מאַדאַם אייזנבוים האָט דאָך ניין מאָס רייד, ווייסטו דאָך, האָט זי דערציילט אפשר זעקס שעה וועגן די פּרעזענטער, וואָס דער געליבטער ברענגט איר.

— מאַרילאַ, פאַרוואָס זאָגסטו ליגן? — גיט אויף איר דער מאַן אַ שאַרפן קוק.

— איך זאָג ליגן? איך?

— אוודאי זאָגסטו ליגן, ווייל ערשט יענע וואָך האָסטו מיר דערציילט, אַז די מאַדאַם אייזנבוים איז אַנטלאָפן מיט איר נייעם געליבטן קיין אויסלאַנד. ווי אַזוי זשע איז עס מעגלעך, אַז דו האָסט זיך מיט איר היינט געטראָפן?

מאַרילאַ איז רויט געוואָרן. זי האָט זיך ערשט איצט דערמאָנט, אַז יענע וואָך האָט זי דערציילט דעם מאַן, אַז די מאַדאַם אייזנבוים איז אַנטלאָפן קיין אויסלאַנד מיט איר נייעם געליבטן. אַ ליגנער האָט דאָך אָבער אַ קורצן זכרון,, האָט זי אָן דעם אינגאַנצן פאַרגעסן.

זי האָט זיך אָבער נישט פאַרלוירן און געענטפערט:

— זעסטו, איך האָב דיר אין גאַנצן פאַרגעסן צו זאָגן, אַז די

מאַדאַם אייזנבוים איז נעכטן צוריקגעקומען קיין וואַרשע, ווייל דער קלימאַט אין פּאַריז האָט אויף איר שלעכט געווירקט.

אַדאָלף האָט פאַרביסן מיט די ליפּן און געשוויגן. ער האָט געוווּסט, אַז מאַרילאַ זאָגט ליגן, אָבער ער האָט זיך מיט איר נישט געוואָלט קריגן.

פון דעם דאָזיקן טאָג אָן האָט דער באַנק־דירעקטאָר אַדאָלף מאָרגנטאַל פאַרלוירן יעדן צוטרוי צו זיין פרוי. ער האָט איר שוין מער קיין זאַך נישט געגלויבט און ער האָט דייטלעך אויסגעפילט פון איר באַציאונג צו אים, אַז זי איז אים אומטריי, אַז זי פאַרראַט אים.

אָבער ער האָט נישט געוואָלט געהערן צו די מענער, וואָס ווערן אָפּגענאַרט פון זייערע פרויען.

ער האָט נישט געוואָלט, אַז מענטשן זאָלן טייטלען אויף אים און זאָגן:

— איר זעט, אָט גייט דער באַנק־דירעקטאָר אַדאָלף מאָרגנטאַל. זיין ווייב פאַרראַט אים אויף טריט און שריט. אַלע נאַכט האָט זי אַן אַנדערן.

זיין אַמביציע האָט אים נישט דערלויבט צו זיין אַן אָפּגענאַרטער מאַן און דעריבער האָט ער באַשלאָסן צו טון אַזאַ זאַך, וואָס זאָל איינמאָל פאַר אַלעמאָל מאַכן אַ סוף צו אַזאַ צושטאַנד.

ניין, ער וויל נישט, אַז מען זאָל פון אים אָפּחוזקן. גענוג! ער איז נישט קיין שפּילצייג פאַר מאַרילען!

און איינמאָל, ווען מאַרילאַ איז נישט געווען אין שטוב, האָט זיך אין אַדאָלף מאָרגנטאַלס וווינונג געמאָלדן אַ יונגער, עלעגאַנטער הער. דער דאָזיקער הער האָט זיך מיט אַדאָלפן העפלעך באַגריסט און נאָכדעם זענען זיי ביידע געזעסן פיר שעה צייט אין אַדאָלפס קאַבינעט און האָבן לאַנג, לאַנג געשמועסט.

דאָס דינסט־מיידל איז געווען טשיקאַווע צו וויסן וועגן וואָס איר הער רעדט אַזוי לאַנג מיט דעם יונגן, עלעגאַנטן פאַן, זי האָט זיך דעריבער אַוועקגעשטעלט הינטער דער טיר פון קאַבינעט און־טערהערן. און וואָס לענגער זי איז געשטאַנען און אונטערגעהערט — אַלץ מער איז געוואַקסן איר נייגעריקייט און אַן איראָנישער שמייכל האָט זיך כסדר געשפּילט אויף איר געזיכט.

מאַרילאַ איז דעמזעלבן טאָג אַהיימגעקומען אַ שטאַרק דענער־

ווירטע. זי האָט זיך אַ וואָרף געטאָן אויף דער קאָזעטקע און געזוכט עמיצן, אויף וועמען אויסצולאָזן איר כּעס.

וואָלט אַדאָלף געווען, וואָלט זי אויף אים אויסגעלאָזט דעם כּעס אירן, אָבער אַזוי ווי אַדאָלף איז פריער געהאַט אַוועקגעגאַנגען, האָט זי זיך גענומען צום דינסט־מיידל.

— אַנטאָשע, זע נאָר, וו דער זשיראַנדאָל זעט אויס! בלויז שטויב! און די דיוואַנעס! אַלץ איז ברודיק! גראָבע גאַנדז דו, צו וואָס טויגסטו? אַן אַנדערע מאַדאַם וואָלט דיר אָנגענומען פאַרן קאָפּ און אַרויסגעוואָרפן!

דאָס דינסט־מיידל האָט דער מאַדאַם מיט קיין איין וואָרט נישט געענטפערט. נאָר איז געשטאַנען און געשמייכלט איר גלייך אין די אויגן אריין.

— וואָס לאַכסטו באָך, דו נאַרישע גאַנדז? פונדעסטוועגן האָב איך היינט געהאַנדלט זייער קלוג און די מאַדאַם דאַרף מיר דערפאַר זייער דאַנקבאַר זיין...

מאַרילאַ האָט אַ קוק געטאָן אויף דעם דינסט־מיידל מיט פאַר־וווּנדערטע אויגן.

— איך דאַרף דיר דאַנקבאַר זיין? איך?

— יאָ, ווייל איך האָב דער מאַדאַם איבערצוגעבן זייער אַ וויכטיקע זאַך.

— וואָס איז דאָס פאַר אַ וויכטיקע זאַך? — האָט מאַרילאַ געענדערט דעם טאָן.

— צי די מאַדאַם האָט אַ קאָכאַנעק? — האָט דאָס דינסט־מיידל אַזוי איינפאַך געפרעגט, ווי עס וואָלט זיך געהאַנדלט וועגן אַ גלאָז טיי, אָדער אויספּוצן די פאַנטאָפל.

—וואָ־אָס ?! וואָס האָסטו געזאָגט? — האָט מאַרילאַ אויס־געגלאָצט אויפן דינסט־מיידל אַ פּאָר בייזע אויגן.

— נו, איך פרעג, צי די מאַדאַם האָט אַ קאָכאַנעק?

— שווייג, דו פּאַסקודסטוואָ, ווייל איך וועל דיר באַלד אויספּאַטשן די פּיסקעס דיינע!

— זאָל זיך די מאַדאַם נישט בייזערן, היינט איז געווען ביים הער אין קאַבינעט עפּעס אַ פּאַן, זיי זענען געזעסן ביידע אפשר פינף שעה און גערעדט און גערעדט...

— נו? נו? — איז מאַרילאַ געוואָרן שטאַרק נייגעריק.

—איך האָב שטאַרק געוואָלט וויסן, וועגן וואָס זיי רעדן, — האָט דאָס דינסט־מיידל ווייטער גענומען דערציילן. — האָב איך זיך אַוועקגעשטעלט הינטער דער טיר און... אונטערגעהערט..

— דו האָסט אונטערגעהערט, וואָס זיי האָבן גערעדט? אָ, זייער גוט, — האָט מאַרילאַ אָנגעקוואָלן, — נו, נו, דערצייל ווייטער...

—— אַלזאָ, איך הער, ווי אייער מאַן דערציילט יענעם הער, אַז ער זאָל אייך נאָכשפּיאָנירן. ווי עס ווייזט זיך אַרויס, איז יענער הער אַ דעטעקטיוו.

— נו, וואָס נאָך האָסטו אונטערגעהערט? — פרעגט מאַרילאַ ווייטער און זי ציטערט פאַר אויפרעגונג.

— דער הער האָט אַזוי געזאָגט צו יענעם פאַן: „אויב איר וועט פּאַקן מיין פרוי מיט אַ פרעמדן מאַן אין אַ האָטעל, קלינגט באַלד צו מיר, ווייל איך וויל זי כאַפּן אויף דער הייסער מינוט”.

—— אַזוי האָט מיין מאַן געזאָגט? — באַקומט אַזש מאַרילאַ רויטע קאָלירן אין פנים פאַר דענערווירונג.

— מיינע אויערן האָבן דאָס אַליין געהערט. — ענטפערט דאָס דינסט־מיידל.

מאַרילאַ נעמט אַרויס פון איר האַנט־בייטל אַ באַנקנאָט פון צוואַנציק זלאָטעס און דערלאַנגט עס דער דינסט־מיידל.

— דאָ האָסטו, אנטאָשע, איך דאַנק דיר זייער, וואָס דו האָסט מיר וועגן דעם דערציילט. זעסטו שוין, ווי פּאָדלע די מענער זענען? — האָט מאַרילאַ אויסגערופן.

דאָס דינסט־מיידל האָט אַ צופרידענע אַריינגערוקט דעם באַנק־נאָט אין בוזעם און געזאָגט:

— אויב די מאַדאַם וויל, קאָן איך ווייטער אונטערהערן, וואָס דער הער רעדט אין קאַבינעט מיט פרעמדע מענטשן.

— פאַר יעדן אונטערגעהערטן געשפּרעך וועסטו באַקומען צוואַנציק זלאָטעס, — האָט מאַרילאַ געענטפערט. — און איצט, לאָז מיר איבער אַליין, ווייל איך בין זייער מיד און איך וויל שלאָפן.

דאָס דינסט־מיידל איז אַ צעשמייכלטע , אַ צופרידענע אַרויס פון צימער.

מאַרילאַ האָט זיך אָבער נישט געלייגט שלאָפן. זי האָט זיך

אויפגעהויבן פון דער קאָזעטקע און זיך אַוועקגעזעצט ביי איר קליינעם שרייב־טיש.

מיט אַ נערוועזער האַנטשריפט האָט זי גענומען שרייבן אויף אַ ראָזע בייגעלע פּאַפּיר:

מיין טייערער, מיין ליבסטער!

איך האָב זיך דערוווסט, אַז מיין מאַן האָט ספּעציעל געדונגען אַ דעטעקטיוו, כדי מיך נאָכצושפּיאָנירן.

דער דאָזיקער אידיאָט וויל אונדז דורכאויס פּאַקן אויף דער הייסער מינוט, אָבער ער וועט פריער קריגן אַן אַפּאָפּלעקסיע, איידער דאָס וועט אים געלינגען, נישט אמת, מיין ליבער?

מיר וועלן זיך דעריבער אַ געוויסע צייט נישט קאָנען זעען. מוזט האָבן געדולד, מיין טייערער.

איך קוש דיך שטאַרק.

דיין מ.

נאָכדעם האָט מאַרילאַ אַריינגערוקט דאָס בריוועלע אין אַ קליינעם קאָנווערט און אויפגעשריבן דעם פאָלגנדיקן אַדרעס:

הערמאַן גרינפעלד, וואַרשע 2, פּאָסט־רעסטאַנט״.

זי האָט מורא געהאַט דאָס בריוועלע איבערצוגעבן דער דינסט, אַז יענע זאָל עס אַריינוואַרפן אין פּאָסט־קעסטל.

— ווער ווייסט, צי אַנטאָשע שפּילט נישט קיין צווייזייטיקע ראָל ? — האָט זי געטראַכט.

זי איז דעריבער אַליין אַראָפּגעגאַנגען און אַריינגעוואָרפן דאָס בריוול אין פּאָסט־קעסטל.

מאַרילאַ האָט שוין באַלד צומאָרגנס דערפילט, אַז מען גייט איר נאָך. אויף טריט און שריט איז פאַר איר אויסגעוואַקסן אַ הויכער, שיין־געקליידעטער מאַן.

ווען זי האָט זיך אַוועקגעשטעלט ביי דער טראַמוויי־סטאַציע, פלעגט ער זיך אויך אַוועקשטעלן, ווען זי איז איינגעשטיגן אין טראַמוויי, איז ער אויך איינגעשטיגן.

עס פאַרשטייט זיך, אַז מאַרילאַ האָט אין האַרצן געלאַכט פון דעם דאָזיקן דעטעקטיוו, וועלכער האָט נעבעך שווער געהאָרעוועט כדי זי צו פּאַקן אויף דער הייסער מינוט מיט איר געליבטן.

---

דפוס „אור״ בע״מ פאַרלאַג „תקוה״

# סאבינע



ראָמאַן
פון אַ קראַנקן־שוועסטער

נומער 6

די באַמיאונגען פון דעם דעטעקטיוו זענען אָבער געווען אומזיסט. ער האָט קיין איין מאָל נישט געזען מאַרילאַ אין דער געזעלשאַפט פון אַ מאַן.

אַ גאַנצע וואָך איז פאַרביי און דער דעטעקטיוו איז פון איר נישט אָפּגעטראָטן. זעט אויס,, אַז ער האָט כאַר יעדן פּרייז באַשלאָסן, זי צו פּאַקן אויף דער הייסער מינוט מיט איר געליבטן.

מאַרילאַ האָט דאָס דאָזיקע אָפּטע נאָכשפּיאָנירן שטאַרק דע־נערווירט. — זעט אויס, אַז דער דאָזיקער פּאַרשוין וועט זיך פון איר שוין קיינמאָל נישט אָפּטשעפּען, — האָט זי אַ טראַכט געטאָן און זי האָט באַשלאָסן אים אָפּצוטאָן אַ שפּיצל, כדי איין מאָל פאַר אַלעמאָל פון אים פּטור צו ווערן.

זי האָט געהאַט אַ באַקאַנטע אַרטיסטקע פון גרויסן טעאַטער. איין מאָל איז מאַרילאַ געקומען צו דער אַרטיסטקע און האָט זיך פאַר איר פאַרטרויט, אַז דער מאַן האָט געדונגען אַ דעטעקטיוו, כדי זי נאָכצושפּיאָנירן, צי זי פאַרראַט אים נישט.

— איך האָב צו דיר אַ בקשה, מיין טייערע, — האָט מאַרילאַ געזאָגט — דו קענסט זיך דאָך מיט די גרימירערס פון טעאַטער, איך וויל זיך גרימירן פאַר אַ מאַן...

— מ'קאָן עס שוין מאַכן, — האָט די אַרטיסטקע דערקלערט, — איך האָב אַן עלעגאַנטן מענער־אַנצוג, אַ שיין בלאָנד בערדל און אַ פיינעם פּאַנאַמע־הוט. זעץ זיך אַוועק מאַרילאַ, און אין פאַרלויף פון אַ האַלבער שעה וועסטו זיך אַליין נישט דערקענען. איך וועל דיר אפילו מאַכן קינסטלעכע קנייטשן אויפן געזיכט. דו וועסט אויסזען גענוי ווי אַ מאַן! אָבער זאָג מיר נאָר — דער דעטעקטיוו שטייט נאָך און וואַרט?

מאַרילאַ האָט אַרויסגעקוקט דורכן פענצטער און דערזען דעם דעטעקטיוו שטייענדיק אויף דער אַנדערער זייט גאַס און לייענענדיק אַ צייטונג. מאַרילען האָט זיך זייער געוואָלט אָנטאָן אים אַ שפּיצל. זי האָט אַלזאָ איינגעשטימט אויף דעם פאָרשלאַג פון דער אַרטיסטקע.

נאָך אַ קורצער צייט האָט טאַקע מאַרילאַ אויסגעזען נישט צו דערקענען אָנגעטאָן אין אַ העלן מענער־אַנצוג, ברוינע לאַטשן, אַ שיינעם מענער־הוט. דאָס פּנים איז געווען גאַנץ געענדערט: צו־געקלעפּט אַ קליין בלאָנד בערדל — זי האָט טאַקע אויסגעזען ווי אַ מאַנספּאַרשוין.

ווען זי איז געווען גאַנץ פּאַרטיק האָט זי פּאַרלאָזט די שטוב פון דער באַקאַנטער און ווען זי איז אַראָפּגעקומען אין טויער האָט זי דערזען שטיין אַ ראָווער. בליץ־שנעל האָט זי זיך דעצידירט, אַרויפ־געזעצט זיך אויף דעם ראָווער און פאַר דער נאָז פון דעטעקטיוו, וועלכער האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ פון איבער דער צייטונג און מאַרילען נישט דערקענט — איז זי אַוועקגעפאָרן.

דאָס מזל האָט איר אָבער נישט געשפּילט. נאָך אַ קורצער צייט פון אַרומפאָרן אין די גאַסן, האָט זי דערפילט, אַז עמיץ שפּיאָנירט איר ווידער נאָך. זי האָט זיך פאַרהאַלטן, אַראָפּ פון ראָווער און אומגעקוקט זיך. באַלד האָט זי טאַקע דערזען אַן אומבאַקאַנטן, וועלכער האָט זיך אין איר שטרענג צוגעקוקט. ווי זי האָט זיך איצט געעירט איז ער איר נאָכגעפאָרן אויך אויף אַ ראָווער.

עס איז געווען אַ געהיים־אַגענט, וועלכער האָט געהאַט די אויפגאַבע צו געפינען דעם מענטש מיט אַ בלאָנד בערדל,, וועלכער האָט געשאָסן צו לעאָן קייזערשטיין. דאָס פאַרהאַלטן זיך פון מאַרילען האָט ביי אים אַרויסגערופן אַ פאַרדאַכט. זעענדיק אַז דער בלאָנד־בערדיקער ראָווער־פאָרער קאָן אים פאַרשווונדן ווערן אין געווירבל פון די וואַרשעווער גאַסן — האָט ער פאַרהאַלטן אַ פאַרבייגייענדיקן פּאָליציי־פּאַטרול, זיך פאַר זיי פאַרגעשטעלט און גענומען צו הילף.

מאַרילאַ האָט פון צייט צו צייט געוואָרפן אַ בליק און געזען אַלעס, וואָס קומט פאָר. זעענדיק אַז איר פּלאַן פאַרשווונדן צו ווערן אין די גאַסן איז שוין איצט — ביי דער הילף פון פּאָליציאַנטן — אוממעגלעך, האָט זי באַשלאָסן עפּעס אַנדערש.

מאַרילאַ האָט שנעל פאַרקירעוועט דעם ראָווער אין דער ווספּול־נאַ גאַס און, זעענדיק, אַז דער געהיים־אַגענט איז שוין אַזוי נאָענט, אַז ער וועט זי באַלד כאַפּן, — איז זי אַריינגעפאָרן אין דעם ערשטן בעסטן הויף.

זי איז שנעל אַראָפּגעשפּרונגען פון ראָווער און אַריינגעלאָפן אין ערשטן בעסטן הויז־קאָרידאָר.

אַ פאַרסאַפּעטע האָט זי גענומען לויפן אויף די טרעפּ. זי איז געבליבן שטיין פאַר אַ טיר, אויף וועלכער עס איז געהאַנגען אַ בלעטל מיט פאָלגנדער אויפשריפט.

„דאָקטאָר יעזשי לעוואַנדאָווסקי".

נישט טראַכטנדיק לאַנג, האָט מאַרילאַ אַ דריק געטאָן אויפֿן עלעקטרישן קנעל.

די טיר האָט זיך געעפֿנט און אויף דער שוועל האָט זיך באַוויזן דער דאָקטאָר לעוואַנדאָווסקי אַליין.

דאָס איז געווען אַ הויכער, ברייטפּלייציקער מאַן מיט אַ גוט־מוטיק געזיכט און קלוגע אויגן.

זעענדיק פֿאַר זיך אַ פּאַרסאָפּעטן יונגנמאַן מיט טראָפּנס שווייס אויפֿן שטערן, האָט ער אַ פֿרעג געטאָן:

— וואָס איז אייך? עס איז אייך שלעכט געוואָרן?

— הער דאָקטאָר, ראַטעוועט מיך, לאָזט מיך אַריין אין אייער וווינונג, — האָט מאַרילאַ גענומען רעדן מיט אַ סאָפּענדיקער שטים. — באַהאַלט מיך אויס... איך ווער פֿאַרפֿאָלגט פֿון פּאָליציי נישט דערפֿאַר, ווייל איך האָב געגנבעט, נאַר... נאָר ווייל... אָבער איך וועל אייך שפּעטער אַלץ דערציילן. באַהאַלט מיך דערווייל אויס!

און איידער דאָקטאָר לעוואַנדאָווסקי האָט נאָך באַוויזן צו שטעלן נאָך אַ פֿראַגע, איז מאַרילאַ שנעל אַריינגעלאָפֿן אין דער וווינונג און האָט זיך אויסבאַהאַלטן אין שלאָפֿצימער.

— אָבער ווער זענט איר? — איז דער דאָקטאָר לעוואַנדאָווסקי איר נאָכגעלאָפֿן. — וואָס איז געשען? פֿאַרוואָס פֿאַרפֿאָלגט אייך פּאָליציי?

—— מיין פֿרוי... אַך, אַלץ מיין פֿרוי... — האָט מאַרילאַ זיך באַמיט נאָכצומאַכן אַ מענער־שטים. — זי וויל אַ גט... ניין, ניין, איך קאָן איצט נישט דערציילן... אָבער איך בעט אייך... פֿאַרשליסט מיך דאָ... טאָמער וועט פּאָליציי אָנקלאַפּן און זיך פֿרעגן, צי דאָ איז נישט אַריינגעלאָפֿן אַ יונגערמאַן מיט אַ בלאָנד בערדל... זאָגט, אַז ניין... האָט אויף מיר רחמנות, פּאַניע דאָקטאָזשע, איך וועל אייך אייביק דאַנקבאַר זיין...

דער דאָקטאָר יעזשי לעוואַנדאָווסקי האָט זיך גראָד געפֿינען איינער אַליין אין שטוב. זיין פֿרוי איז אַרויסגעפֿאָרן אויף זומער־וווינונג און דאָס דינסטמיידל איז אַוועק צו אירס אַ קאַלעזשאַנקע.

לעוואַנדאָווסקי איז געווען אַ מענטש מיט זייער אַ ווייך האַרץ, כאָטש ער איז געווען אַ דאָקטאָר. די בעטנדיקע רייד פֿון דעם אומבאַקאַנטן יונגנמאַן האָבן אויף אים אַזוי געווירקט, אַז ער האָט נישט לאַנג געטראַכט און פֿאַרשלאָסן מאַרילען אין שלאָפֿצימער.

—מ׳זעט לויטן געזיכט און לויט די רייד, אַז דער דאָזיקער יונגערמאַן איז נישט קיין פאַרברעכער, — האָט לעוואַנדאָווסקי געטראַכט. — ווי קאָן מען זיין אַזוי שרעקלעך אונמענטשלעך און אים איבערגעבן דער פּאָליציי אין די הענט.

אין דער טיר האָט זיך ווידער דערהערט אַ שאַרפער, לאַנגער קלינג. ווען לעוואַנדאָווסקי האָט געעפנט איז אַריינגעקומען דער געהיים־אַגענט, וועלכער האָט נאָכגעיאָגט מאַרילען. מיט אים צו־זאַמען זענען אויך אַריינגעקומען עטלעכע פּאָליציאַנטן.

— אַנטשולדיקט מיר זייער, הער דאָקטאָר, — האָט דער געהיים־אַגענט דערקלערט. אין דעם דאָזיקן הויז האָט זיך אויסבאהאַלטן אַ געפערלעכער פאַרברעכער. מיר האָבן אַ באַפעל דורכצוזוכן אַלע וווינונגען פון דעם דאָזיקן הויז. פאַרשטייט זיך, הער דאָקטאָר, אַז אונדז פאַלט גאָרנישט איין, אַז איר האָט אויסבאַהאַלטן דעם דאָזיקן געפערלעכן פאַרברעכער, אָבער אַזוי ווי מיר האָבן אַ באַפעל, מוזן מיר דעם באַפעל פּינקטלעך אויספירן. אַלזאָ, וועט איר אונדז דער־לויבן דורכצופירן אין אייער וווינונג אַ רעוויזיע...

עס איז זיך לייכט פאַרצושטעלן, ווי שווער און ביטער עס איז דעם איידעלן דאָקטאָר לעוואַנדאָווסקי געוואָרן אויפן האַרצן. ער האָט געפילט, ווי אַ קעלט גייט אים אַדורך איבער אַלע גלידער.

אָבער וואָס האָט ער נעבעך געקאָנט טון? ער האָט נישט געהאַט קיין אַנדערע ברירה, ווי צו ענטפערן:

— ביטע, מיינע הערן, זוכט...

די פּאָליציי, וועלכע איז געווען איבערצייגט, אַז דער דאָקטאָר לעוואַנדאָווסקי האָט דעם געפערלעכן פאַרברעכער ביי זיך נישט אויסבאַהאַלטן, האָט די רעוויזיע דורכגעפירט אויבנאויפיק און שנעל.

ווען די פּאָליציאַנטן האָבן שוין געוואָלט אַוועקגיין, האָט דער געהיים־אַגענט אַ קוק געטון אויף דער טיר פונם שלאָפצימער און אַ זאָג געטון:

— דאַכט זיך, אַז אין דעם דאָזיקן צימער זענען מיר נאָך נישט געווען.

ער האָט אַ דריק געטון אויף דער קליאַמקע, כדי צו עפענען די טיר, אָבער זעענדיק, אַז דאָס צימער איז פאַרשלאָסן, האָט ער זיך געווענדעט צום דאָקטאָר לעוואַנדאָווסקי מיט אַ באַפעלערישן טאָן:

— אויפשליסן די טיר!

דאָקטאָר לעוואַנדאָווסקי האָט געפּילט, ווי דאָס האַרץ שטאַרבט אים אָפּ פאַר שרעק און, ווי אַ קעלט גייט אים אַדורך איבער אַלע ביינער.

— ענטשולדיקט... דאָס... דאָס דאָזיקע צימער... — האָט ער געגומען שטאַמלען, דאָס דאָזיקע שלאָפצימער געהערט צו מיין פרוי. זי איז... זי איז נישטאָ אין וואַרשאַ... זי האָט מיטגענומען מיט זיך דעם שליסל...

דאָס בלאַסע פּנים פונעם דאָקטאָר און זיין שטאַמלענדיקן טאָן האָבן אָנגעוויזן דערויף, אַז ער שרעקט זיך פאַר עפּעס.

— הער דאָקטאָר, שליסט אויף די טיר!... — האָט דער געהיים־אַגענט שטרענג אַ זאָג געטון.

— איך... איך האָב דאָך אייך געזאָגט, אַז... מיין פרוי איז נישטאָ אין וואַרשאַ און זי האָט מיטגענומען דעם שליסל... — האָט דער דאָקטאָר נאָך אַלץ געשטאַמלט און אין האַרצן געטראַכט: „וואָס האָט עס מיר געלוינט? נאַדיר אַן אונגליק!"

— אויב איר וועט נישט אויפשליסן די טיר, וועלן מיר זי אויפרייסן, איר הערט?! — האָט דער געהיים־אַגענט אַ געשריי געטון.

— אָבער...

— קיין שום אָבער, עפנען די טיר, אַז נישט רייסן מיר זי אויף!...

דער דאָקטאָר לעוואַנדאָווסקי האָט שוין נישט געהאַט קיין אַנדערע ברירה. ער האָט זיך געמאַכט זוכן דעם שליסל און נאָכ־דעם, ווי ער האָט אים אַרויסגענומען פון דער אייגענער קעשענע, האָט ער אויפגעשלאָסן די טיר.

דער געהיים־אַגענט און די פּאָליציאַנטן זענען מיט אָנגעלאָדענע רעוואָלווערן אַריינגעלאָפן אין שלאָפצימער, אָבער אין אַ סעקונדע אַרום האָבן זיי זיך באַלד צוריקגעצויגן און אַרויס פון צימער.

— ענטשולדיקט, הער דאָקטאָר, פאַר די אונאַנגענעמלעכקייט... — האָט דער געהיים־אַגענט זיך פאַרנויגט פאַרן דאָקטאָר לעוואַנ־דאָווסקי. — מיר האָבן טאַקע געמיינט, אַז דער פאַרברעכער האָט זיך דאָ אויסבאַהאַלטן, ווייל איר האָט נישט געוואָלט אויפעפענען די טיר...

דאָקטאָר לעוואַנדאָווסקי איז געבליבן שטיין אַן איבעראַשטער.

וואָס איז דאָס? צי מאַכן די פּאַליציאַנטן אַ שפּאָס? פריער זענען זיי געווען אַזוי שטרענג און איצט ענטשולדיקן זיי זיך פאַר אים?

ער איז אַריין אין שלאָפצימער אַ קוק טון, וואָס עס איז דאָרטן געשען מיטן יונגנמאַן. אָבער ווען ער האָט נאָר איבערגעטרעטן די שוועל, איז ער געבליבן שטיין מיט ברייט אויפגעריסענע אויגן און צו זיין שטוינונג און איבעראַשונג האָט גאָרנישט געפונען קיין ענדע..

— איז דאָס מעגלעך?!... — האָט ער זיך געפרעגט. — צי בין איך זעעוודיק, אָדער בלינד?...

קאַפּיטל דרייצן

# די טראגישע איבערלעבונג

סאַבינע איז ענדלעך געקומען צו דער איבערצייגונג, אַז זי לעבט.

דאָס איז נישט קיין חלום, ניין! זי אָטעמט און זי הערט אַפילו דאָס קלאַפּן פון אייגענעם האַרץ, וואָס וואַרפט זיך איצט פאַר שרעק.

ג־ט אין הימל, וואָס קומט עס מיט איר פאַר?! זי, אַ לעבעדיקע, ליגט אין אַ טויטן־שטיבל, ליכט ברענען איר צוקאָפּנס און צוויי היטערס זיצן מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ און כראָפּן שטאַרק.

זאָל זי מאַכן אַ געוואַלד? זאָל זי נעמען שרייען? די דאָזיקע צוויי מענטשן קאָנען שטאַרבן פאַר שרעק, ווען זיי וועלן דערזען, אַז די „טויטע" לעבט.

ניין, ניין, זי וועט עס נישט טאָן! זי וועט זיך בעסער שטילערהייט פון דאָנען אַרויסגנבנען און זי וועט מאַכן איר געליבטן אַ זייער אָנגענעמע איבעראַשונג.

זי וועט צוריקקומען אין דעם פּאַלאַץ אויף דער אַלעע אויאַזדאָווסקיע, זי וועט זיך דאָרטן אומבאַמערקט אַריינשלייכן און וועט אונטערהערן, וואָס מען רעדט דאָרטן וועגן דער „געשטאָרבענער" סאַבינע.

יאָ, אַזוי וועט זי טאָן.

אָך, ווען די טויטע וואָלטן געקענט הערן, וואָס די לעבעדיקע רעדן וועגן זיי! אָבער זי, די „טויטע" סאַבינע, וועט יאָ הערן, וואָס איר געליבטער רעדט וועגן איר.

און נאָכדעם וועט זי אַריינקומען אין זיין צימער מיט אַ שמייכל אויף די ליפּן און וועט זאָגן:

— גוט מאָרגן, מיין ליבער לעאָן...

און נאָכדעם וועט שוין קיין קראַפט אין דער וועלט זיי נישט צושיידן! זיי וועלן אינגיכן אונטער דער חופה שטיין און לעבן צופרידן און גליקלעך...

די דאָזיקע געדאַנקען האָבן סאַבינעס האַרץ אָנגעפילט מיט אַזוי פיל פרייד, אַז זי האָט אינגאַנצן פאַרגעסן אָן דער שרעק, וואָס האָט זי פריער אַרומגענומען.

שטיל און פּאַמעלעך האָט זי גענומען אַרויסקריכן פון קאַסטן, כדי נישט אויפצוּוועקן די צוויי שלאָפנדיקע היטער.

ווען זיי כאַפּן זיך אויף, וואָלטן זיי זיכער געשטאָרבן פאַר שרעק. סאַבינע האָט זיך דעריבער באַמיט צו האַנדלען זייער פאַרזיכטיק.

מיט גרויס מי איז איר געלונגען אַרויסצוקריכן פון קאַסטן אָן שום גערויש.

נאָכדעם האָט זי שטיל געעפנט די טיר און איז אַרויס אין דרויסן.

אַ קיל ווינטעלע האָט איר אַ בלאָז געטאָן אין געזיכט און זי אַ ביסל אָפּגעפרישט.

אַרום און אַרום האָט געהערשט אַ טויטע שטילקייט און דער גאַנצער בית־עולם איז געווען איינגעהילט אין פינצטערניש.

אָן אַנדער מאָל וואָלט סאַבינע געשטאָרבן פאַר שרעק, ווען איר וואָלט אויסגעקומען אַליין זיך צו געפינען אויפן בית־עולם, אָבער איר פרייד איז איצט געווען אַזוי גרויס, אַז זי האָט קיין שום שרעק נישט געפילט.

זי האָט זיך דערנענטערט צום געמויערטן פאַרקאַן, וועלכער האָט זיך געפונען נישט ווייט פון טויטן־שטיבל און אָנגעהויבן אַריבערצוקריכן אויף דער צווייטער זייט.

דאָס איז איר אָנגעקומען נישט שווער, ווייל מיט עטלעכע יאָר צוריק האָט סאַבינע געהערט צו אַ ספּאָרט־געזעלשאַפט, זי פלעגט דורכמאַכן פאַרשידענע ספּאָרטן אַזוי, אַז איר קערפּער איז שוין געווען געווינט דערצו.

אין פאַרלויף פון עטלעכע מינוט איז שוין סאַבינע געווען אויף דער צווייטער זייט פאַרקאַן. זי איז אַראָפּגעשפּרונגען און זיך געפונען אויף דער אָקאָפּאָווע גאַס פונקט אַנטקעגנאיבער דער געגנשע.

ווו זאָל זי דערווייל איבערנעכטיקן? זי וועט דאָך איצט נישט גיין צופוס אַזאַ שטיק וועג — אַזש אויף דער אלעע אַיאזדאָווסקיע.

און אויסערדעם האָט דאָך נישט קיין זין אַזוי שפּעט אַהינצוגיין.

זי האָט דעריבער באַשלאָסן אַוועקצוגיין אין איר אַלטער וווינונג. דער סטרוזש קען זי דאָך, פאַר דער וווינונג האָט זי באַצאָלט, דעם שליסל האָט זי דעמאָלט איבערגעלאָזטביים סטרופּש אַזוי, אַז ער וועט זי זיכער אַריינלאָזן.

סאַבינע גייט אויף דער גאַס מיט אַ קלאַפּנדיק האַרץ. די גאַס איז שוין פּוסט. פאַרבייגייער זעט מען זעלטן. אַלץ שלאָפט שוין אין דער גרויסער שטאָט.

בלויז סאַבינע, די, וואָס איז פון טויט לעבעדיק געוואָרן וואַנדערט איבער די גאַסן.

אַך, ווען די זעלטענע פאַרבייגייער, ווייסן, וואָס מיט איר איז איצט געשען! זיי וואָלטן אַנטלאָפן פון איר, זיי וואָלטן פאַר שרעק אין אָנמאַכט געפאַלן...

אַ „טויטע" גייט אויף דער גאַס, אַ „טויטע" וועלכע איז פון טויטן־שטיבל אַנטלאָפן...

סאַבינע גייט מיט שנעלע טריט. אָט איז זי שוין נעבן איר טויער, זי קלינגט אָן. עס געדויערט לאַנג ביז דער סטרוזש עפנט איר.

— אַ, די פּאַניענקע איז שוין לאַנג נישט געווען! — רופט ער אויס, ווען ער דערזעט זי.

— איך האָב געאַרבעט, געווען באַשעפטיקט ביי אַ קראַנקן...

— ענטפערט זי.

— די פּאַניענקע וויל דעם שליסל? — פרעגט ער. — באַלד גיב איך אים.

זי דערמאָנט זיך, אַז זי האָט נישט קיין גראָשן ביי זיך. „טויטע" האָבן דאָך נישט קיין געלט. צי קען זי דערציילן דעם סטרוזש, וואָס מיט איר איז געשען?

— דער פּאַן יוזעף וועט מיר אַנטשולדיקן... — פאַרענטפערט זי זיך. — איך האָב גראָד נישט קיין קליינגעלט... איך וועל דעם פּאַן יוזעף מאָרגן אָפּגעבן.

— גוט, גוט, איך ווייס, אַז ביי דער פּאַניענקע וועט מיר נישט פאַרפאַלן ווערן, — שמייכלט ער.

ער דערלאַנגט איר דעם שליסל פון איר וווינונג. און אָט געפינט זיך סאַבינע ווידער אין איר שטיבל אויפן פערטן שטאָק. זי בעט דאָס בעט און לייגט זיך.

זי קאָן אָבער נישט איינשלאָפן. דאָס גרויסע וווּנדער, וואָס האָט מיט איר איצט פּאַסירט, די זעלטענע איבערלעבונג טרייסלט זי אינגאַנצן אויף.

פאַרשידענע געדאַנקען גייען פאַרביי אין איר קאָפּ. זי טראַכט, אַז מאָרגן אין דער פרי וועלן אַלע צייטונגען זיין פול מיט דער שרעקלעכער נייעס, אַז אַ טויטע איז ביינאַכט אַנטלאָפן פון טויטן־שטיבל.

עס וועט קומען פּאָליציי, מען וועט פאַרפירן אַן אויספאָרשונג און די גאַנצע שטאָט וועט וועגן דעם רעדן.

אך, ווי איבעראַשט, ווי גליקלעך וועט זיין איר לעאָן, ווען ער וועט פּלוצלונג דערזען פאַר זיך זיין טייערסטע געליבטע — אַ לעבעדיקע.

אַזוי ווי צו שטאַרקע איבעראַשונג קאָן אים ברענגען שאָדן, וועט זי עס מאַכן זייער פאָרזיכטיק.

זי וועט ביינאַכט אַריינגיין אין דעם גאָרטן, וואָס געפינט זיך נעבן פּאַלאַצל, אין וועלכער לעאָן וווינט, זי וועט צום ערשטן אַריינקוקן דורכן פענצטער אין פאַרטער, וווּ עס געפינט זיך רעגינעס צימער.

צום ערשטן וועט זי זיך ווייזן פאַר רעגינען און זי וועט בעטן די קוזינקע, אַז זי זאָל אָנזאָגן לעאָנען די גוטע בשורה. נאָכדעם וועט זי, סאַבינע, זיך אַליין ווייזן פאַר איר געליבטן.

אָט אַזעלכע פּלענער וועבן זיך ביי סאַבינע אין קאָפּ אַ גאַנצע נאַכט. זי וואַרט שוין מיט אומגעדולד אויפן מאָרגנדיקן טאָג. אַך, מאָרגן וועט איר געליבטער אַנשטאָט טרויער איבערלעבן די גרעסטע פרייד!

ערשט פאַרטאָג איז סאַבינע איינגעשלאָפן מיט אַ פעסטן, שווערן שלאָף. — — — — — — — — — — — — — — — —

אין טויטן־צימער האָבן דערווייל די צוויי, מתים־היטער נאָך אַלץ הויך געכראָפּעט.

די פּלעמלעך פון די ליכט האָבן געצאַפּלט און געוואָרפן שאָטנס אויף די ווענט. דער קאַסטן איז שוין איצט געשטאַנען אַ ליידיקער דער „טויטער" איז אין אים נישט געווען!

איינער פון די מתים־היטער האָט זיך גענומען וועקן. ער האָט

אויפגעהויבן דעם קאָפּ, געעפנט די אויגן, אַ גענעץ געטאָן און זיך ארומגעקוקט.

און פלוצלונג האָבן די אויגן ברייט זיך אויפגעריסן, ער האָט אויך דאָס מויל ברייט געעפנט און דאָס גאַנצע געזיכט האָט אויסגעדריקט שרעק און אימה.

ער וואַרפט נאָכאַמאָל אַ בליק אויפן קאַסטן. ער גלויבט נישט זיינע אייגענע אויגן!

דער טויטער קערפער פון דעם מיידל איז נישטאָ! פאַרשוווּנדן!

האַ, וואָס האָט עס געקאָנט געשען? איז דער טויטער לעבעדיק געוואָרן, אָדער מען האָט אים אַרויסגעגנבעט פון דאַנען?

דער מתים־היטער וואַרפט זיך פאַר שרעק. דאָס לשון איז אים אַזש אָפּגענומען. אַזאַ שרעקלעכע זאַך טרעפט אים דאָס ערשטע מאָל אין לעבן!

— בערל! בערל! — הויבט ער אָן צו וועקן דעם צווייטן היטער.

— וואָ־אָס? וואָס איז?... רייסט דער צווייטער מתים־היטער אויף דעם קאָפּ און עפנט די אויגן. — וואָס שטויסטו מיך אַזוי?

— בערל, געוואַלד, זע נאָר, וואָס עס איז געשען?!

— וואָס אי ז דען געשען?! רייבט בערל אויס די פאַרשלאָפענע אויגן.

— גיב נאָר אַ קוק!

— האַ? וואָס?! רבונו של עולם! שמע ישראל!... — גיט בערל אַ שפּרונג אויף פון בענקל, אויף וועלכן ער איז געזעסן. — ווו איז די טויטע?!

— דאָס זעלבע פרעג איך דאָך אויך: וואָס האָט דאָ געקאָנט געשען?

— לייזער, די זאַך איז נישט גלאַטיק?... הער, די קאָנקורענץ־חברה האָט אונדז אָפּגעטאָן אַ שטיקל... — דערקלערט בערל.

— אַ שטיקל? וואָס פאַר אַ שטיקל?

— קאָפּ מוח, וואָס פאַרשטייסטו נישט? — בייזערט זיך בערל.

— איך פאַרשטיי אָבער פאָרט נישט... צעהאַק מיך, פאַרשטיי איך נישט, וואָס דו מיינסט.

— די זאַך איז דאָך קלאָר, ווי דער טאָג... — דערקלערט בערל

— איצט איז נאַכט, נישט טאָג.

— זאָלסטו געהרגעט ווערן, פאַרשטייסט נישט, וואָס איך מיין?

די קאַנקורענץ־חברה האָט געזען, אַז מיר האָבן אַ דיזשור ביי אַ טויטן, ביי אַ רייכן טויטן, האָט זי אונדז אָפּגעטאָן אַ שפּיצל.. פאַרשטייסטו שוין ?

— איך פאַרשטיי נאָך אַלץ נישט...

— די זאַך איז דאָך קלאָר, פאַרשטאָפּטער קאָפּ, זיי האָבן אַרויסגעגנבעט דעם טויטן און — פאַרטיק !

— ביזט גערעכט, בערל. הם... עס איז מיר גאָרנישט איינגעפאַלן... יאָ, יאָ, דאָס איז זייער שטיקל אַרבעט...

— איצט פאַרשטייסטו שוין, גראָבער קאָפּ ?

— אוודאי פאַרשטיי איך, האָסטו דאָך באַלד געקאָנט אַזוי זאָגן...

— זאָגן, שמאָגן אָבער וואָס טוט מען זיך איצט פאַר אַן עצה ? — מאַכט בערל אַ פאַרצווייפלטע מינע. — פאַר אַזאַ זאַך וועלן מיר גיין אין קרימינאַל אַריין. ביי אַ טויטן טאָר מען נישט שלאָפן... נאַ דיר אַן אומגליק.

— זע נאָר דעם חכם ! ווער, מיר וועלן גיין אין קרימינאַל אַריין ? זיי וועלן גיין זיצן, נישט מיר !...

— ביזט טאָקע גערעכט, אָבער מיר וועלן אויך גיין זיצן, איך קען זיך בעסער אויף פּראַוועס, ווי דו. נאָר הער,איך האָב אַן עצה. נאָר עס מוז בלייבן בסוד, אַז נישט וועלן מירביידע פוילן אין קרימינאַל...

— לאָמיר הערן, וואָס פאַר אַן עצה דו האָסט ? — איז לייזער נייגעריק.

— מען וועט אַריינלייגן אין קאַסטן אַ צווייטן טויטן...

— וואָ־אָס ? ווו וועסטו נעמען אַ טויט מיידל ?

— ביזט אויפן בית־עולם, פרעגסטו, ווו איך וועל נעמען אַ טויטע ? אוי, דו פאַרשטאָפּטער קאָפּ !

— וועסט אויפגראָבן פון אַ קבר ?

— אוודאי אַזוי...

— זעסטו, דאָס איז אַ פּלאַן... אָבער די פאַמיליע קאָן דאָך דערקענען, אַז דער טויטער איז פאַרטוישט...

— ווער וועט דערקענען ? אַלע טויטע האָבן איין פּנים... צווייטנס, געדענק איך, אַז אייערנעכטן איז באַגראָבן געוואָרן אַ מיידל אין דיזעלבע יאָרן און אויך אַ שיינע, מיט דיזעלבע האָר...

— א, די טאָכטער פון דעם רייכן ווייספּאָטער ?

— זעסטו שוין, אַז דו געדענקסט !... מען וועט זי אַרויסנעמען פון קבר, דעם קבר צוריק פאַרשיטן, אַריינשטעלן דאָס ברעטל און — פאַרטיק !

— בערל , האָסט דאָך עפּעס גאָר אַ געניאַלן קאָפּ אויף זיך !...

— קאָפּ, שמאָפּ, קום, לאָמיר זיך בעסער נעמען צו דער אַרבעט ! די טאָכטער פון דעם רייכן ווייפאַטער ליגט אין דער ערשטער גאַס... די לאַפּאַטעס שטייען נעבן די פערד־שטאַלן... לייזער, נישט געוואַרט, ווייל באַלד וועט אָנהויבן צו טאָגן...

— דו ווייסט, בערל, איך האָב מורא... — מאַכט לייזער אַן אומצופרידענע מינע.

— זאָג שמע ישראל, וועסטו אויפהערן מורא צו האָבן... האָסט דאָך נישט קיין אַנדערע ברירה... די חברה האָט זיכער דעם טויטן ערגעץ באַגראָבן, וואָס קאָנען מיר זיך העלפן ? מיר טאָרן דאָך נישט זאָגן, אַז מיר זענען געשלאָפן און מען האָט אונדז אונטער־געלקחנט דאָס טויטע מיידל. און גיי באַווייז, אַז יענע האָבן גע־גנבעט... קאָנסט באַווייזן ?

— ביזט גערעכט, בערל, איך האָב אַפילו מורא, נאָר איך האָב דאָך נישט קיין אַנדערע ברירה...

— זעסטו שוין, אַז איך בין גערעכט...

ביידע מתים־היטער לאָזן זיך אַרויס אין דער ערשטער גאַס מיט צוויי לאָפּאַטעס אין די הענט. איינער פון זיי לייכט מיט אַן עלעקטריש לעמפּעלע. זיי גייען פּאַמעלעך, זוכנדיק דעם קבר פון דער פאַרשטאָרבענער ווייספאַטער.

ענדלעך קומען זיי צו צו אַ פרישן קבר און נעמען שנעל אויפ־גראָבן די ערד אין אַ ווײַלע אַרום נעמען זיי אַרויס דעם טויטן קערפּער פון א יונג מיידל און לייגן אים דערוויל אַוועק אַן אַ זייט.

נאָכן פאַרשיטן צוריק דעם קבר און, אויסגלייכנדיק די ערד, אַז מען זאָל גאַרנישט דערקענען, טראָגן זיי דאָס מיידל אַריין אין דעם טויטן־שטיבל און לייגן זי אַריין אין קאָסטן.

— נו, זאָג אַליין, נישט ענלעך צו יענער, וואָס די באַנדע האָט צוגעגנבעט? — פרעגט בערל. — זע, דיזעלעבע האָר און אַ גאַנץ שיינע...

— יאָ, נאָר האָסט פאַרגעסן אין זייער אַ וויכטיקער זאַך... — דערקלערט לייזער מיט אַן אומצופרידענע מינע.

— וואָס אַזעלכעס האָב איך פאַרגעסן?

— יענע האָט געטראָגן קליידער און זי האָט שוין אויף זיך תכריכים. דו פאַרגעסט, אַז מען האָט די טויטע נאָך נישט מטהר געווען, טאָ ווי אַזוי קומען צו איר תכריכים?

— דאָס ביזטו גערעכט, ברודערקע. מען וועט אראָפּנעמען פון איר די תכריכים און אײַנוויקלען אין עטלעכע ליילעכער, וואָס געפינען זיך שטענדיק אין טהרה־שטיבל. אויב די פאַמיליע וועט זיך פרעגן אויף די קליידער, וועט מען ענטפערן, אַז וויר ווייסן נישט פון וואָס צו זאָגן. צווייטנס געדענקען נישט מענטשן אין אַזעלכע זאַכן, ווען זיי קומען פאַרווײנטע און צעבראָכענע אויפן בית עולם. נו, ברענג אַריין עטלעכע ליילעכער פון טהרה־שטיבל.

לייזער איז אַריין אין טהרה־שטיבל און איז באַלד צוריקגעקומען פון דאָרט אַ שײנענדיקער מיט אַ פּעקל פרויען־קליידער אין דער האַנט.

— שטעל דיר פאָר, אַז איך האָב אין טהרה־שטיבל געפונען די דאָזיקע קליידער פון יענעם מיידל, וואָס האָט זיך נעכטן אַראָפּ־געוואָרפן אויף דער פאַוויע גאַס פון אַ פענצטער. די פאַמיליע האָט זעט אויס, פאַרגעסן מיטצונעמען די קליידער.

— לייזער, זאָלסט מיר לעבן הונדערט און צוואנציק יאָר! — איז בערל געווען צופרידן. — זעסטו שוין, אַז אַלץ גייט גוט און מען וועט גאָרנישט דערקענען!

אין אַ ווייל אַרום איז דאָס טויטע מיידל, וועלכע די צוויי מתים־היטער האָבן אויפגעגראָבן פון קבר, שוין געלעגן אָן איבערגעטוענע אין די קליידער. נאָכדעם האָט זי בערל צוגעדעקט מיט דעם שוואַרצן טוך און אַ זאָג געטאָן:

— נו, איצט מעגן מיר שוין זיין רואיק, אָבער ווער נישט ווידער אַנטשלאָפן...

— איצט בין איך אַזוי מיד פון דעם שווערן שטיקל אַרבעט, אַז איך וואָלט געדאַרפט כאַפּן אַ דרימל, — האָט לייזער געענטפערט, — נאָר איך האָב שוין מורא, אַז די חברה זאָל אונדז דעם דאָזיקן טויטן אויך נישט אַוועקלקחנען...

די מתים־היטער זענען געזעסן ביים טויטן קערפּער ביז אַרום איינס אַזייגער בייטאָג.

צו דער לוויה פון דער פלוצלונג פאַרשטאָרבענער קראַנקנשוועס־

טער זענען געקומען בלויז פיר מענטשן: לעאָן, רעגינע, איר פאָטער און דער הויז־דאָקטאָר פון די קייזערשטיינס.

ווען רעגינע און דער הויז־דאָקטאָר האָבן לעאָנען אַריינגעפירט אין דעם טויטן־שטיבל, וווּ עס איז געלעגן דאָס פרעמדע, טויטע מיידל, איז ער אַרויפגעפאַלן אויפן קאָסטן מיט אַ כליפּענדיק געוויין:

— אָ, טייערע סאַבינע זיי מיר מוחל, וואָס צוליב מיר ביזטו אַזוי יונגערהייט פון דער וועלט אַוועק! אָבער איך בין נישט שולדיק אין דעם... ווען איך ווייס, אַז דיין געטריישאַפט צו מיר, וועט קאָסטן דיין לעבן, וואָלט איך דיך אָפּגעהיט, ווי דאָס שוואַרצאַפּל פון מיין אויג. אָ, טייערע מיינע! ווי וועל איך איצט קאָנען לעבן אָן דיר? פינצטערע וועלן זיין מיינע טעג און שלאָפלאָזע מיינע נעכט! אָ, סאַבינע, דו זעסט נישט מיינע טרערן און דו הערסט נישט מיין געוויין!...

ער האָט לאַנג געכליפּעט ביי דעם טויטן קערפּער פון דעם פרעמדן מיידל. נאָך דעם האָט ער געוואָלט אָפּדעקן איר געזיכט, אָבער רעגינע האָט אים דערין געשטערט, זאָגנדיק, אַז דאָס קען פאַרערגערן זיין שוואַכן געזונט־צושטאַנד.

— מיין טייערער לעאָן, דו טאָרסט דיך אַזויפיל נישט איבער־נעמען... — האָט זי גערעדט צו אים מיט איר פאַלשער שטים. — קום, קום, אַוועק פון דאַנען... וועסט נאָך האָבן צייט זיך אויסצו־וויינען ביים קבר...

זיי זענען אַרויסגעגאַנגען פון טויטן־שטיבל און זיך אַוועקגע־זעצט אויף אַ באַנק. לעאָן האָט נאָך אַלץ נישט געקאָנט קומען צו זיך און ער האָט נישט אויפגעהערט שטיל צו כליפּען.

די פרויען, וואָס האָבן דורכגעפירט די טהרה פון דעם מיידל, האָבן צווישן זיך גערעדט, אַז מיט צוויי טעג צוריק האָבן זיי מטהר געווען אַ טויטע, וואָס איז אין גאַנצן געווען ענלעך צו דעם דאַזיקן מיידל.

—— די זעלבע האָר...

— דאָס זעלבע פּנים... הם... וואָס פאַר אַן ענלעכקייט... — האָבן זיך די פרויען געוווּנדערט.

ווען מען האָט דאָס טויטע מיידל צום צווייטן מאָל אַראָפּגעלאָזט אין קבר, האָט לעאָן פאַרבראַכן מיט די הענט און אויסגעבראַכן אין אַ שליכצנדיק געוויין:

— גאָט מיינער, ווי געענדדערט איר געזיכט האָט זיך! איך דערקען זי דאָך אַזש נישט! טייערע סאַבינע. ווייַ, ווי דו זעסט איצט אויס! אָ, ווי דער טויט האָט דיין געזיכט פאַרענדערט!... גאָט, גאָט, פאַרוואָס האָסטו בעסער מיך אין דעם דאָזיקן קבר נישט אַריינגעלייגט?!

— ווי געענדערט זי האָט זיך! איך דערקען זי נישט אין גאַנצן!... — האָט רעגינע אַ שעפּטשע געטאָן צום פּאָטער אירן.

מען האָט דער טויטער שערבעלעך אויף די אויגן אַרויפגעלייגט, נאָך דעם האָט מען דעם קבר פאַרשיט. לעאָן האָט זיך לאַנג פונעם קבר נישט געלאָזט אַוועקפירן און פון זיינע אויגן זענען כסדר געריננען טרערן.

— אָ, סאַבינע טייערע, ווי קאָן איך פון דיר אַוועקגיין? — האָט ער געכליפּעט. — מיר דאַכט זיך, אַז דו זעסט מיך, אַז דו לעבסט, אַז דו הערסט מיין געוויין...

מיט גרויס שוועריקייט איז אים געלונגען אַוועקצורייסן פון קבר פון זיין געליבטער סאַבינע. ער איז געגאַנגען אַ וואַקלדיקער און זיין פנים האָט אויסגעדריקט אומבאַשרייבלעכן ווייטאָג.

— ניין, ניין, קיינער וועט מיך נישט טרייסטן אין מיין גרויס אומגליק, — האָט ער שטיל גערעדט צו זיך. — איצט וועט מיין גאַנץ לעבן זיין איין גרויסער טרויער...



ווען סאַבינע האָט זיך אויפגעכאַפּט פון שלאָף איז שוין געווען מיטאָג־צייט. די זון איז שוין הויך געשטאַנען אין הימל.

— אַך, שוין צוויי אַ זייגער! — האָט זי אַ קוק געטאָן אויף דעם וואַנט־זייגער איבער איר בעט.

זי איז אַרויסגעשפּרונגען פון בעט און האָט זיך שנעל גענומען אָנטאָן. נאָכדעם האָט זי זיך דערמאָנט, אַז זי האָט אין שענקל, אונטערן פּאַפּיר געהאַט אַוועקגעלייגט צוויי זלאָטעס.

דאָס געלט איז נאָך געלעגן אויפן זעלבן אָרט. זי איז אַראָפּ־געגאַנגען אויף דער גאַס, האָט געקויפט עטלעכע זעמל, פּוטער, קעז און אַ צייטונג.

דפוס „אור" בע"מ פאַרלאַג תקוה

# סאבינע



## ראמאַן
## פון אַ קראַנקן־שוועסטער

נומער 7

זי איז געווען שטאַרק הונגעריק, ווייל שוין עטלעכע טעג, ווי זי האָט אין איר מויל נישט געהאַט.

אַרויפקומענדיק צוריק אין שטוב, האָט סאַבינע גענומען אַדורכקוקן די צייטונג.

באַלד האָט זיך איר געוואָרפן אין די אויגן אַ גרויסער נעק־ראָלאָג:

„אין דער פולער בליאונג איז אַוועק פון דער וועלט מיין טייערסטע כלה סאַבינע רייזמאַן, וועגן דעם דאָזיקן גרויסן אומגליק איז מודיע דער פאַרצווייפלטער און טרויערנדער חתן לעאָן קייזער־שטיין.

אין סאַבינעס אויגן האָבן זיך געשטעלט טרערן, אָבער דאָס זענען איצט געווען טרערן פון פרייד.

— זיי רואיק, מיין טייערער לעאָן, — האָבן אירע ליפן געשעפטשעט. — נאָך היינט אין אָוונט וועט פארשווינדן ווערן פון דייך געזיכט דיין פאַרצווייפלונג און טרויער, אַ גליקלעכער שמייכל וועט זיך שפּילן אויף דיינע ליפּע און אַ געשריי פון פרייד וועט זיך אַרויסרייסן פון דיין ברוסט, ווען דו וועסט מיך דערזען. דיין געליבטע וועט היינט קומען צו דיר און פאַרטרייבן דעם ווייטאָג פון דיין האַרץ.

סאַבינע האָט איבערגעלעבט אַ מאָדנע געפיל, לייענענדיק איר אייגענעם נעקראָלאָג. עס האָט זיך איר געדאַכט, אַז דאָס אַלץ, וואָס זי האָט ביז איצט איבערגעלעבט איז אַ שרעקלעכער חלום.

זי האָט שוין מיט אומגעדולד געוואַרט, אַז עס זאָל ווערן אָוונט. דעמאָלט וועט זי אַהינפאָרן אויף אַלעיי אַרום דעם פּאַלאַץ פון די קייזערשטיינס און צוגיין צום פענצטער פון רעגינעס צימער.

דערווייל איז סאַבינע געזעסן אין צימערל און געלייענט די צייטונג. עס האָט זי שטאַרק געוווּנדערט, פאַרוואָס די צייטונג שרייבט נישט וועגן דעם פאַרשוווּנדענעם טויטן קערפּער פון אַ יונג מיידל אויפן געגנשער בית־עולם.

זי האָט געזוכט אין דער צייטונג די דאָזיקע נייעס, אָבער אין ערגעץ נישט געפונען.

— הם... וואָס קאָן דאָס זיין? — האָט זי געטראַכט. — די צייטונג דערמאָנט אפילו נישט מיט קיין איין וואָרט וועגן דעם פאַקט.

זי איז ספּעציעל נאָכאַמאָל אַראָפּגעגאַנגען און האָט געקויפט אַ

צווייטע צייטונג. זי האָט געמיינט, אַז די צווייטע צייטונג שרייבט וועגן דעם, אָבער אויך דאָ איז נישט געווען דערמאָנט קיין וואָרט וועגן דעם פאַרשווונדענעם טויטן קערפּער.

דערווייל האָבן זיך געריקט די ווייזערס פון זייגער. עס איז געוואָרן נאַכט. סאַבינע האָט זיך איבערגעטאָן אין אַנדערע קליידער, האָט גלייך געמאַכט די פריזור און איז אַראָפּ אויף דער גאַס.

זי איז איינגעשטיגן אין טראַמוויי, וועלכער פאָרט אויף אַלייע אויאַזדאָווסקיע.

זיצנדיק אין טראַמוויי, האָט זי געהערט, ווי צוויי עלעגאַנט־געקליידעטע פרויען רעדן צווישן זיך.

— האָבן זי שוין געהערט די נייעס ? — האָט געפרעגט איינע.

— וואָס פאַר אַ נייעס ?

— די כלה פון אונדזער יונגן ווירט לעאָן קייזערשטיין איז דאָך געשטאָרבן... היינט איז פאָרגעקומען די לויה...

— דער פאָן לעאָן האָט דען שוין געהאַט אַ כלה ?

— לייענען זי דעם נעקראָלאָג אין דער היינטיקער צייטונג, וועלן זי זען, אַז ער האָט שוין געהאַט אַ כלה, אַ געוויסע סאַבינע רייזמאַן. מען דערציילט, אַז מען האָט אים גאָרנישט געקאָנט אָפּרייסן פון קבר — אַזוי פאַרצווייפלט איז ער געווען !... ער האָט כסדר געהאַלטן אין איין וויינען...

— וואָס רעדן זי ? אַזוי ? ער האָט זי, אוודאי, געמוזט שטאַרק ליב האָבן...

עס איז זיך לייכט פאָרצושטעלן, וואָס סאַבינע האָט איבערגעלעבט, הערנדיק דעם דאָזיקן שמועס. זי האָט געהאַט דעם איינדרוק, אַז אָט באַלד וועט זי פאַלן אין אָנמאַכט.

גאָט גרויסער אין הימל, הייסט עס, אַז איר לויה איז היינט יאָ פאָרגעקומען, אַז מען האָט זי באַגראָבן, אַז זי ליגט אין קבר, כאָטש זי לעבט, כאָטש זי פאָרט איצט אין טראַמוויי !.. .

ווי אַזוי איז דאָס מעגלעך ? ווי אַזוי האָט דאָס געקאָנט געשען ? זי לעבט און עס איז פאָרגעקומען איר לויה ? צי האָט זי אפשר, שלעכט געהערט ? אפשר איז פאַראַן נאָך אַ לעאָן קייזערשטיין ?...

און כאָטש עס שטיקט איר אין האַלדז, פרעגט זי די צוויי פרויען :

— אַנטשולדיקט מיר זייער, צי איז היינט פאָרגעקומען די לויה פון לעאָן קייזערשטיינס כלה ?

זיין כלה?

— יאָ, היינט, — ענטפערן די פרויען. — וואָס זי האָבן געקענט

— יאָ... — ענטפערט סאַבינע און זי פילט, ווי זי איז מער נישט אימשטאַנד קיין וואָרט אויסצורעדן...

— זי איז געווען אַ שיינע? — פון אַ רייך הויז?... זענען די צוויי פרויען נייגעריק. — יאָ? אַ קליינינקייט — אַ כלה פון אַזאַ מיליאָנער!...

— איך... איך ווייס נישט... — שטאַמלט סאַבינע און טרערן קומען מען איר אין די אויגן אַריין.

— זי זאָגן דאָך, אַ ז זי האָבן זי געקענט? פאַרוואָס ווינען זי עפּעס? — וואונדערן זיך די פרויען, זעענדיק, ווי סאַבינע לייגט אַ טיכל צו די אויגן.

— גאָרנישט... גאָרנישט... — קאָן סאַבינע מער נישט רעדן.

זי שטעלט זיך האַסטיק אויף און גייט אַרויס אויף דער פאָ־דערשטער פּלאַטפאָרם פון טראַמוויי. די ביידע פרויען קוקן איר נאָך מיט גרויס פאַרוואונדערונג, נישט פאַרשטייענדיק, פאַרוואָס די אומבאַקאַנטע האָט זיך פלוצלונג צעוויינט.

סאַבינע ווישט די טרערן פון די אויגן. גאָט אין הימל, ווי איז דאָס מעגלעך, אַז לעאָן זאָל האָבן געווען אויף איר לויה, אין דער צייט ווען זי לעבט, ווען זי איז פאַרשוואונדן געוואָרן פון טויטן־שטיבל?

אָבער מסתמא וועט איר לעאָן באַלד אויפקלערן דאָס רעטעניש. זי וועט זיך דאָך באַלד מיט אים זען, באַלד וועט זי זיך געפינען אין זיינע אָרעמס.

ענדלעך בלייבט דער טראַמוויי שטיין אויף אלייע אויאַזדאָווסקיע. סאַבינע שטייגט אויס. זי לאָזט זיך גיין מיט שנעלע טריט צו דעם הויז, וווּ עס וווינט איר טייערסטער, איר לעאָן.

אָט איז זי שוין נעבן טויער. זי גייט אַריין און איר האַרץ זעצט ווי מיט אַ האַמער.

באַלד וועט פאַרקומען די גרויסע איבערראַשונג, באַלד וועט לעאָנס געזיכט אויפשיינען פאַר פרייד...

אָ, האַרץ, פאַרוואָס האַמערסטו אַזוי שטאַרק? פאַרוואָס צאַ־פּעלסטו אַזוי?

אָט איז שוין סאַבינע אין גאָרטן, וואָס רינגלט אַרום דעם

פּאַלאַץ. זי זעט שוין פונדערווייטנס די פענצטער פון רעגינעס צימער. רעגינע איז איצט זיכער דאָ אין שטוב.

סאַבינע שלייכט זיך אין דער פינצטערער אַלייע. איר האַרץ האַמערט אַזוי, אַז זי קאָן נישט דעם אָטעם כאַפּן, זי מוז אַלע ווייל בלייבן שטיין און שווער אָפּאָטעמען.

זי גייט ווייטער, ענדלעך איז זי ביים פענצטער. זי שטעלט זיך אויף די שפּיץ פינגער און לייגט צו איר געזיכט צו דער שויב.

אָבער גאָט אין הימל, וואָס זעט זי ?!

די קניען בויגן זיך איר איין. זי קאָן מער נישט קוקן... ניין, ניין, זי וויל בעסער בלינד ווערן, איידער ווייטער צו זען דאָס, וואָס אירע אויגן האָבן איצט געזען !...

אַ שטילער קרעכץ רייסט זיך אַרויס פון איר ברוסט. נאָכדעם לאָזט זי זיך לויפן צוריק אַרויס, צוריק אויף דער גאַס אַרויס און אַ ספּאַזמאַטיש געוויין רייסט זיך פון איר האַלדז... —

## קאַפּיטל פּערצן
## דער טייוול ביי דער אַרבעט

אין אָוונט פון דעמזעלבן טאָג, ווען עס איז פאַרגעקומען די לויה, זענען רעגינע און איר פאָטער געזעסן אַליין אין עס־צימער און געפירט אַ שטילן שמועס צווישן זיך.

— נו, זעסט שוין, מיין טאָכטער, — האָט דער אַלטער סאַמועל קייזערשטיין אָנגעהויבן, — זעסט שוין, אַז פון דיינע אַלע פּלענער האָט זיך אויסגעלאָזן אַ בוידעם. לעאָן לעבט, דאָס פאַרמעגן געהערט ווייטער צו אים און אונדז וועט איינגיכן אויסקומען צו גיין איבער די הייזער...

— נו, הער מיך אויף צו דענערווירן !... — האָט רעגינע בייז געענטפערט.

— דו בייזערסט זיך אומזיסט, מיין טאָכטער. איך האָב צו דיר גאָרנישט. איך זאָג נאָר, אַז מיר האָבן פאַרשפּילט...

— מיר האָבן נאָך נישט פאַרשפּילט, פאָטער !...

— וואָס מיינסטו דערמיט צו זאָגן ?

— איך מיין דערמיט צו זאָגן, אַז איצט האָב איך אַ פרייען וועג צו לעאָנס האַרץ, ווייל מיין קאָנקורענטין לעבט נישט מער...

— און דו מיינסט, אַז ער וועט אַזוי שנעל פאַרגעסן אָן סאַבינען? צי האָסטו געזען, ווי שווער עס איז געווען אים אָפּצורייסן פון קבר? און איצט זיצט ער אַ פאַרצווייפלטער, אין טיפן טרויער איינגעהילט.

— פאָטער, נישטאָ אַזאַ ווונד אויף דער וועלט, וועלכע מ'זאָל נישט קאָנען פאַרהיילן, — האָט רעגינע געענטפערט. — געדולד, פאָטער! די צייט איז דער בעסטער דאָקטאָר... לעאָן וועט אָן סאַבינען שנעל פאַרגעסן...

— דאַרפסט זוכן אים צו טרייסטן, צו באַרואיקן, פאַרשטייסט?

— וואָס איך האָב צו טאָן, דאַרפסטו מיך נישט לערנען, קוק זיך צו צום גרייטן. וועסט זען, אַז אין אַ קורצער צייט אַרום וועל איך לעאָנען אַזוי אַריינבנעמען אין מיין ליבעס־נעץ, אַז ער וועט קניען פאַר מיר און קושן מיר מיינע טריט...

— ביסט זיכער דערין?

— אָ, פולשטענדיק זיכער! אַזוי לאַנג, ווי סאַבינע האָט געלעבט איז עס געווען אוממעגלעך, ווייל ער האָט זי זייער שטאַרק ליב גע־האַט, אָבער איצט, נאָך איר טויט, וועט דאָס מיר געלונגען... שוין היינט אין אָוונט וועל איך מאַכן די ערשטע פּראָבע...

— זאָל דיר זיין מיט גליק, טאָכטער מיינע! — האָט דער אַלטער סאַמועל קייזערשטיין איר אַ גלעט געטאָן איבער דער באַק. — פיר אים אַריין צו זיך אין צימער...

— לערן מיך נישט, וואָס איך האָב צו טאָן, פאָטער. עס וועט אַלץ זיין אין בעסטן אָרדענונג...

רעגינע איז אַריינגעגאַנגען אין איר צימער און האָט זיך אי־בערגעטאָן אין אַ שוואַרץ קלייד מיט ווייסע מאַנקעטן. אין דעם דאָ־זיקן שוואַרצן קלייד האָט זי אויסגעזען נאָך שענער און רייצנדער.

נאָך דעם איז זי אַריין צו לעאָנען אין צימער.

ער איז געזעסן מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ און האָט נישט אויפֿ־געהערט צו טראַכטן וועגן דער פאַרשטאָרבענער סאַבינע. ער האָט כסדר געשעפּטשעט צו זיך:

— נייך, מיין גאָלד, מיין קרוין, איך וועל קיינמאָל אָן דיר נישט פאַרגעסן!

ווען רעגינע איז אַריינגעקומען אין לעאָנס צימער, איז זי אַ

ווילע געבליבן שטיין אויף דער שוועל אַ שווייגנדיקע און אומבאַ־וועגלעכע.

לעאָן האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ און האָט זי אָנגעקוקט מיט אַ שטומען, טרויעריקן בליק.

— ווי פילסטו זיך, מיין טייערער? — האָט רעגינע אָנגעהויבן צו רעדן מיט אַ האַרציקן, מיטפילנדיקן טאָן.

— ווי איך פיל זיך? אַך, רעגינע, איך וואָלט אַזוי געוואָלט שטאַרבן... וואָס פאַר אַ ווערט האָט מיין לעבן אָן מיין סאַבינען?

— איך פאַרשטיי דיין ווייטיק, מיין טייערער. — האָט זי אַ זיפץ געטאָן. — ווייל אויך איך לייד זייער פיל... אָ, ווי איך לייד!

— האָט זי פאַרשטעלט דאָס געזיכט מיט די הענט.

לעאָן האָט פאַרמאָגט זייער אַ מיטליידנד האַרץ, און זעענדיק זיין קוזינקעס צושטאַנד, האָט ער זיך אויפגעשטעלט, און צו איר צוגעגאַנגען און זי צערטלעך געפרעגט:

— וואָס איז דיר, רעגינע?

— אָ, ווי אומגליקלעך איך בין!... — האָט זי זיך פּלוצלונג צעוויינט און איז אַרויסגעלאָפן פון צימער.

„וואָס איז מיט איר פּלוצלונג געשען? — האָט לעאָן אַ טראַכט געטאָן און ער האָט רחמנות געקראָגן אויף זיין קוזינקע.

ער איז אַריין צו איר אין צימער, כדי זי צו פרעגן, פאַרוואָס זי ליידט אַזוי. זי איז געזעסן אויף אַ שטול און, אָנשפּאַרנדיק די הענט אָן טיש, האָט זי שטיל געכליפּעט...

— וואָס איז דיר, רעגינע? — האָט ער געפרעגט מיט אַ פאָטערלעכער שטים.

— אַך, לעאָן, ווען דו ווייסט, ווען דו ווייסט... — האָט זי געהעשעט.

— אָבער וואָס איז געשען? — האָט ער איבערגעפרעגט.

— איך לייד שרעקלעך!

— אין וואָס אייגנטלעך באַשטייען דיינע ליידן?

— איך בין עלנט, לעאָן! איך האָב נישט קיין פריינט. איך האָב נישט ווער עס זאָל מיר אַמאָל זאָגן אַ גוט וואָרט, ווער עס זאָל מיר אַ גלעט טאָן איבערן קאָפּ... אָ, ווי שלעכט מיר איז!

— נו, זיי נישט פאַרצווייפלט, רעגינע, דאָס איז נישט אַזוי שרעקלעך! מיך האָט גאָט ערגער געטראָפן, ווי דיך... איך האָב

ליב געהאַט אַ פרוי, זי איז געווען די קרוין פון מיין קאָפּ, דאָס אייגענע האַרץ מיינס, און אין איין שיינעם טאָג האָב איך זי פאַר־לוירן...

— דו האָסט כאָטש געהאַט אַ פרוי, וואָס האָט דיך ליב געהאַט, וואָס האָט דיך פאַרגעטערט, אָבער מיך... מיך... האָט דאָך קיינער נישט ליב... אָ, טייערער לעאָן, ווי שלעכט מיר איז!... האָט זי ווידער גענומען וויינען.

— נו, וויין נישט, רעגינע, דאָס לעבן וועט דיר נאָך געבן גליק... — האָט ער זי גענומען גלעטן איבער די האָר פון קאָפּ.

—אָ, גוטער קוזין מיינער, — האָט זי זיך גענומען צוטוליען צו אים און האָט אים אַרומגעהאַלדזט, — איך האָב גאָרנישט געוווסט, וואָס פאַר אַ גוט האַרץ דו פאַרמאָגסט... טייערער מיינער... — האָט זי צוגעטוליעט איר קאָפּ צו זיינעם.

פּלוצלונג האָט זיך לעאָן אַ ריס געטאָן פון אירע אָרעמס און האָט אַ געשריי געטאָן:

— אָ, גאָט, סאַבינע! סאַבינע שטייט הינטערן פענצטער!... איך האָב נאָר וואָס געזען איר געזיכט...

אויך רעגינע האָט באַוויזן צו באַמערקן סאַבינעס געזיכט, וואָס איז געווען צוגעטוליעט צו דער שויב גראָד אין דעם מאָמענט, ווען זי, רעגינע, האָט געהאַלטן אַרומגעהאַלדזט לעאָנען...

רעגינע האָט געפילט, ווי דאָס בלוט ווערט איר פאַרגליווערט אין די אָדערן פאַר שרעק.

זאָל דער גייסט פון דער געשטאָרבענער האָבן געקומען אַהער, כדי איר צו שטערן אין אירע פּלענער? — האָט רעגינע געטראַכט.

אָבער רעגינע האָט נישט געגלויבט אין קיין גייסטער, זי האָט נישט געגלויבט, אַז טויטע קאָנען זיך באַווייזן צו לעבעדיקע.

אירע אויגן האָבן דייטלעך געזען סאַבינעס פּנים אין פענצטער. דאָס איז נישט קיין טויטער, קיין גייסט, דאָס איז געווען די לעבע־דיקע סאַבינע!!...

רעגינע האָט זיך דעריבער מאָמענטאַל באַהערשט, זעענדיק, אַז לעאָן לאָזט זיך שנעל לויפן צו דער טיר און זיינע אויגן דריקן אויס אַזאַ פרייד, וועלכע זי האָט נאָך ביי אים קיינמאָל נישט געזען, האָט רעגינע אים פאַרשטעלט דעם וועג און אַ פרעג געטאָן:

— וווהין לויפסטו דאָס לעאָן, וואָס איז געשען?

— רעגינע, דו האָסט נישט געזען ווער ס'איז געשטאַנען הינטערן פענצטער? גאָט מיינער, ווי איז דאָס מעגלעך?! — האָט לעאָן געשריגן און זיין געזיכט איז געוווען בלאַס.

— וועגן וועמען רעדסטו?

— סאַבינע איז דאָך געשטאַנען הינטערן פענצטער... לאָז מיך נאָר, רעגינע, איך מוז זען, וואָס דאָ איז געשען...

אָבער רעגינע האָט ווידער פאַרשטעלט דעם וועג און געמאַכט אַ מכלומרשט פאַרוווּנדעטע מינע:

— לעאָן, וואָס טוט זיך עס מיט דיר? דו גלויבסט אין אַזעלכע נאַרישקייטן? דו גלויבסט, אַז טויטע קאָנען לעבעדיק ווערן? אָ, טייערער לעאָן. — האָט זי גענומען רעדן צו אים מיט אַ צאַרטער שטים. — דו ביזט דאָך קראַנק, דעריבער מאָלט דיר די פאַנטאַזיע פאַרשידענע שרעקלעכע בילדער... נו, קום, מיין טייערער...

— אָבער, רעגינע, וואָס רעדסטו? מיינע אייגענע אויגן האָבן דאָך איצט געזען סאַבינען!

— נו, טייערער לעאָן, רעד שוין בעסער נישט קיין נאַריש־קייטן... איך בין דאָך אויך דאָ אין צימער און איך האָב קיין שום זאַך נישט געזען... דו ביזט דאָך שטאַרק אָפּגעשוואַכט, דעריבער זעסטו אַזעלכע פאַנטאַסטישע בילדער... נו, קום אַרויס פון דאַנען...

— ניין, ניין, לאָז מיך... איך מוז זען, וואָס עס איז געשען! — האָט זיך לעאָן געריסן צו דער טיר, וואָס פירט אַרויס אויף דער וועראַנדע אין גאָרטן אַרויס.

אָבער רעגינע האָט אים ווידער פאַרשטעלט דעם וועג און איר שטים האָט נאָך צערטלעכער גערעדט צו אים:

— לעאָן טייערער, איך פאַרשטיי דיך באמת נישט, ווי קאָנסטו גאָר צולאָזן צו זיך אַזאַ געדאַנק, , אַז די טויטע פאַרלאָזן די קברים און קומען שרעקן די לעבעדיקע?... נו, לאָז שוין צו רו דערמיט, מיין טייערער.

אָבער אַלע אירע זיסע און צאַרטע רייד האָבן גאָרנישט געהאָלפן. לעאָן האָט זיך מיט אַלע כוחות געריסן צו דער טיר פון דער וועראַאַנדע און האָט דערקלערט, אַז ער מוז זיך אַליין איבערצייגן.

— רעגינע, — האָט ער אויסגערופן, — מיינע אויגן האָבן זי געזען אַ לעבעדיקע... דו הערסט, אַ לעבעדיקע!... — האָט ער

אויפגעריסן די טיר פון דער וועראַנדע און איז אַראָפּגעלאָפן אין גאָרטן אַריין.

רעגינע האָט אים שוין מער נישט געקאָנט איינהאַלטן. זי האָט אויסגערעכנט, אַז פאַר דער צייט, וואָס זי האָט גערעדט מיט לעאָנען און אים כסדר פאַרשטעלט דעם וועג, האָט סאַבינע זיכער שוין באַוויזן פאַרשווינדן צו ווערן.

און רעגינע, וועלכע האָט מיט די אייגענע אויגן געזען די לעבעדיקע סאַבינע שטיין הינטערן פענצטער, האָט אויף אַ סעקונדע נישט געצווייפלט, אַז דאָס איז געווען טאַקע די פאַרשטאָרבענע קראַנקן־שוועסטער אַליין.

לעאָן און רעגינע זענען אַרומגעגאַנגען איבערן גאָרטן מיט עלעקטרישע לעמפלעך אין די הענט און אַדורכגעזוכט יעדעס ווינקעלע. זיי האָבן אָבער נישט געפונען קיין שום שפור, פון וועלכן ס'איז מענטש.

— נו, זעסטו שוין, לעאָן, — האָט רעגינע דערקלערט, — איך האָב דיר געזאָגט, אַז איך האָב קיין שום געשטאַלט אין פענצטער נישט געזען שטיין. דאָס האָט זיך דיר זיכער אויסגעדוכט.

— אויב אַזוי, איז דאָס געווען סאַבינעס גייסט, וואָס האָט זיך נאָר צו מיר באַוויזן, — האָט לעאָן געענטפערט. — און דעריבער האָב נאָר איך אים געזען. דער אויסדרוק פון איר געזיכט איז געווען פול מיט פאָרוואורף. עס איז נישט קיין וווּנדער. זי האָט אַריינ־געקוקט אין צימער אין דעם מאָמענט, ווען דו האָסט מיך אַרומ־געהאַלדזט און אַ קוש געטאָן...

— אָ, וואָס פאַר אַ קינד דו ביזט נאָך... — האָט רעגינע אים אַ צערטל געטאָן איבער דער האַנט. — צי ביזטו אַזוי נאַאיוו און גלויבסט, אַז טויטע קאָנען זיין אייפערזיכטיק? — אָ, לעאָן לאָז שוין צו רו.

— וואָס דען האָט געקאָנט באַדייטן דער אויסדרוק פול מיט פאָרוואורפן אויף איר געזיכט? אַך, ווי שרעקלעך זי האָט אויסגע־זען! — האָט לעאָן אויסגערופן.

— איך וועל דיר יאָ זאָגן, וואָס אַזעלכעס איר געזיכט האָט אויסגעדריקט... — האָט רעגינע געענטפערט, — זי האָט דיר געמאַכט פאָרוואורפן, פאַרוואָס דו מאַכסט אַ תל פון זיך, פאַרוואָס דו עסט נישט און שלאָפסט נישט... איך ווייס, אַז דו האָסט זי

שטאַרק ליב געהאַט, אָבער דו קענסט זיך דאָך נישט מיטלייגן מיט איר אין קבר אַריין. איר גייסט איז זיכער געקומען צו דיר אַלס צייכן פון געטריישאַפט און ליבע... דער גייסט פון דיין טייערער סאַבינע וויל נישט, אַז דו זאָלסט אַזוי אויסזען, ווי דו זעסט אויס... אָ, ניין, לעאָן...

— וואָס פאַר אַ גוטע און קלוגע דו ביזט, רעגינע. — האָט לעאָן געדריקט איר האַנט. — דו ביזט גערעכט, עס קען זיין, אַז דער גייסט פון סאַבינען איז געקומען צו מיר, מיך בעטן, אַז איך זאָל מער זאָרגן וועגן זיך...

— פאַרשטייט זיך, מיין טייערער. — האָט רעגינע אים ווי אַ קליין קינד צוריק אַריינגעפירט אין שטוב אַריין. — און איצט, מיין ליבער לעאָן, לייג זיך שלאָפן. דיין קערפּער מוז האָבן רו, דו ביזט צופיל דערשעפּט פון דעם היינטיקן טאָג...

ער האָט געפאָלגט זיין קוזינע און איז באַלד אַוועק צו זיך אין שלאָף־צימער.

דער דינער האָט געהאָלפן אים זיך אויסטאָן. נאָכדעם, ווי דער דינער איז אַרויס און לעאָן האָט זיך געלייגט אין בעט אַריין, האָט ער לאַנג, לאַנג נישט געקאָנט איינשלאָפן.

ער האָט נישט אויפגעהערט צו טראַכטן וועגן דעם גייסט פון זיין געליבטער, וואָס האָט זיך צו אים באַוויזן דורכן פענצטער פון רעגינעס צימער גראָד אין דעם מאָמענט, ווען די קוזינקע האָט אים אַרומגעהאַלדזט און אַ קוש געטאָן.

וואָס האָט דאָס געקאָנט באַדייטן? אָבער ער האָט דייטלעך געזען אַ לעבעדיק געזיכט. איז דען מעגלעך, אַז סאַבינעס גייסט זאָל זיך האָבן געוויזן אַזוי דייטלעך און קלאָר? זי האָט דאָך אויסגעזען פונקט ווי אַ לעבעדיקער מענטש... וואָס האָט דאָ געקאָנט געשען? איז דאָס געווען סאַבינעס גייסט, אָדער סאַבינע, די לע־בעדיקע סאַבינע אַליין?

אָבער לעאָן האָט אויף די דאָזיקע אַלע פּאַרוויקלטע פראַגן קיין ענטפער נישט געקאָנט געבן.

## קאַפּיטל פופצן

אויך רעגינע איז אַ גאַנצע נאַכט נישט געשלאָפן.

זי האָט נישט אויפגעהערט צו טראַכטן וועגן דעם שרעקלעכן

רעטעניש, וואָס זי האָט היינט בייגעוווינט.

מיט אירע אייגענע אויגן האָט זי געזען סאַבינעס געזיכט, דאָס איז געווען אַ לעבעדיק פּנים פון אַ לעבעדיקן מענטש.

— איך בין נישט אַזוי נאַריש, ווי לעאָן, — האָט זי געטראַכט, — לעאָן גלויבט, אַז דער גייסט פון זיין געליבטער האָט זיך צו אים באַוויזן, אָבער איך בין איבערצייגט, אַז דאָס איז נישט געווען קיין שום גייסט, נאָר די לעבעדיקע סאַבינע.

אָבער ווי אַזוי איז דאָס מעגלעך? איז דאָך רעגינע אַליין געווען אויף דער לויה פון סאַבינען, איז געשטאַנען ביים קבר, ווען מען האָט סאַבינען אַראָפּגעלאָזט אין גרוב. ווי אַזוי ענטפערט מען אויף דעם דאָזיקן רעטעניש?

רעגינע איז נישט אַזוי נאַריש צו גלויבן, אַז די טויטע ווערן צוריק לעבעדיק.

טאָ וואָס האָט דאָ פּאַרט געקאָנט געשען? סאַבינע און נישט קיין אַנדערע האָט זיך באַוויזן ביים פענצטער. זי, רעגינע, האָט אַ געניט שאַרפן בליק. זי האָט נישט קיין טעות געהאַט. דאָס איז געווען די קראַנקן־שוועסטער. — אָבער באַלד... באַלד... לאָמיר זיך נאָר דערמאָנען... — קאָן נאָך רעגינע אַלץ נישט איינשלאָפן. — ווען מען האָט אין מתים־שטיבל אָפּגעדעקט דאָס געזיכט פון דער טויטער סאַבינע, האָב איך זי נישט דערקענט, אַזוי געענדערט איז זי געווען...

— האַ, וואָס זאָל דאָס באַדייטן?... דער דאָקטאָר האָט אַפילו געזאָגט, אַז די געזיכטער פון אַ סך טויטע ענדערן זיך אַזוי שטאַרק, אַז ס'איז זיי אוממעגלעך צו דערקענען...

אָבער די טויטע סאַבינע איז אינגאַנצן נישט געווען צו דער־קענען, אַז דאָס איז די זעלבע.

און אפשר איז דאָ געשען עפּעס אַ שרעקלעך פאַרברעכן? אפ־שר האָט די דאָזיקע קראַנקן־שוועסטער זיך געמאַכט טויט און האָט אָפּגעטאָן עפּעס אַ טייוולאָניש שפּיצל.

מען מוז די גאַנצע זאַך אויספאָרשן, מען מוז אַוועק אויף דעם בית־עלמין, שטילערהייט אויפגראָבן סאַבינעס קבר און נאָכאַמאָל זיך איבערצייגן, צי דאָס איז די זעלבע.

אמת, די געזיכטער פון טויטע ענדערן זיך אין קבר זייער שנעל, אָבער רעגינע האָט באַמערקט ביי דער קראַנקן־שוועסטער

אַ געוויסן צייכן, לויט וועלכן מען וועט לייכט קאָנען דערקענען, צי דאָס איז סאַבינע, צי נישט.

אויפן קאַרק האָט סאַבינע געהאַט אַ בולט, שוואַרץ פּינטעלע, וואָס רעגינע האָט עס באַמערקט באַלד אינעם ערשטן טאָג, ווען סאַבינע איז אָנגעקומען אַלס קראַנקן־שוועסטער ביי לעאָנס בעט.

חוץ דעם האָט סאַבינע געהאַט אַ גאָלדענעם צאָן, אויך דאָס האָט געקאָנט זיין אַ ריכטיקער סימן.

רעגינע האָט שוין נישט געקאָנט איינשלאָפן, זי איז געווען שטאַרק אומגעדולדיק. זי האָט שוין געוואָלט, אַז ס'זאָל זיין טאָג, ווייל זי האָט מיט איר פאָטער געוואָלט איבעררעדן, וואָס זי זאָל טאָן.

אין דער פרי, ביים פרישטיק, האָט דער אַלטער סאַמועל קייזער־שטיין באַמערקט, אַז זיין טאָכטער איז עפּעס שטאַרק דערשלאָגן.

— וואָס איז שוין ווידער געשען? — האָט ער געפרעגט.

— עפּעס שרעקלעכעס! — האָט רעגינע אַ שעפּטשע געטאָן און זיך אומגעקוקט צו דער טיר, ווייל זי האָט מורא געהאַט, אַז לעאָן זאָל זיי נישט אונטערהערן.

— גאָט מיינער, רעד שוין, וואָס איז געשען?

— סאַבינע לעבט... — האָט רעגינע אַ זאָג געטאָן.

— וואָס? וואָס האָסטו געזאָגט? — האָט סאַמועל קייזער־שטיין געמיינט אַז ער האָט פאַרהערט, וואָס רעגינע האָט אים געזאָגט.

— סאַבינע, די געליבטע לעאָנס, לעבט... — האָט רעגינע טרויעריק געשאָקלט מיטן קאָפּ.

— רעגינע, צי ביסטו פון זינען אַראָפּ? וואָס רעדסטו?

— אָט דאָס, וואָס דו הערסט... זי איז נישט געשטאָרבן, זי לעבט...

— איך פאַרשטיי דיך נישט, רעגינע, צי דו וויצלסט זיך?

— דאָס איז נישט קיין וויץ, דאָס איז, ליידער, דער טרויע־ריקער אמת... — האָט רעגינע געענטפערט און דערציילט איר פאָ־טער, וואָס זי האָט געזען.

דער אַלטער סאַמועל קייזערשטיין האָט געפּרוווט אויסלאַכן רעגינען, ער האָט געזאָגט, אַז עס האָט זיך איר זיכער אויסגעדוכט, אָבער רעגינע איז ווייטער געבליבן ביי דאָס איריקע: זי האָט געזען

סאַבינען, די קראַנקן שוועסטער לעבט און מען מוז פאַר יעדן פרייז אויפגראָבן איר קבר.

— אָבער וויאַזוי וועסטו עס מאַכן? — רופט אויס סאַמועל קייזערשטיין, — צי ווייסטו, אַז דערפאַר דראָט אַ גרויסע שטראָף?

— פאָטער, זיי רואיק, — האָט רעגינע געענטפערט, — לאָז די זאַך איבער פאַר מיר. איך מוז זיך פעסט איבערצייגן, צי סאַבינע לעבט, ווייל טאָמער לעבט זי, דאַן זענען מיר פאַרלאָרן...

— אָבער, ווער זאָגט דיר, אַז זי לעבט, דאָס האָט זיך דיר אַזוי אויסגעדאַכט, — האָט סאַמועל קייזערשטיין דערקלערט.

— איך וויל טאַקע וויסן, צי מיר האָט זיך אויסגעדוכט, אָדער מיינע אויגן זעען גוט... פאַרשטיי, פאָטער, מיר מוזן גענוי וויסן, צי זי לעבט, אָדער נישט!...

— — — —

אין דער ווינונג פון דעם נאַכט־וועכטער פון בית־עולם האָט אָנגעקלאַפט אַן עלעגאַנט־געקליידעטע דאַמע.

זי האָט געטראָגן אַ גרויסן ברייטן הוט און אַ לאַנגער טרויער־וואַל האָט באַדעקט איר געזיכט.

דעם נאַכט־וועכטערס ווייב האָט אַריינגעבעטן די דאַמע אין דער אָרעמער ווינונג און געפרעגט, וואָס זי דאַרף.

— ווינט דאָ דער פאַן שיקאָרעק? — האָט די דאַמע געפרעגט.

— יאָ, גנעדיקע מאַדאַם, וואָס ווינטשן זי?

— איז אייער מאַן אַ נאַכט־וועכטער אויפן בית־עולם?

יאָ, גנעדיקע מאַדאַם, וואָס איז דען? — האָט זיך שוין דעם נאַכט־וועכטערס ווייב אַביסל דערשראָקן.

ווי קומט אַזאַ עלעגנט־געקליידעטע דאַמע צו איר מאַן? וואָס פרעגט זי זיך עפעס אַזוי אויס, צי איר מאַן איז נאַכט־וועכטער אויפן בית־עולם.

די דאַמע האָט דערקלערט, אַז זי מוז רעדן פערזענלעך מיטן פאַן שיקאָרעק.

— קאָן מען וויסן וועגן וואָס? איז דאָס נאַכט־וועכטערס ווייב נייגעריק.

— ניין! האָט די דאַמע שאַרף געענטפערט.

— אויב עס האַנדלט זיך וועגן אַ נויטיקן עניין, קאָן איך אים

רופן. ער זיצט ביי אַ שכן און שפּילט אין קאָרטן.
—עס האַנדלט זיך וועגן אַ גרויס פּאַרדינסט...
— אַ וועגן אַ גרויס פּאַרדינסט, לויף איך שוין און רוף אים! — האָט דעם נאַכט־זוועכטערס ווייב אויסגערופן.
ווען דער נאַכט־וועכטער איז אַריינגעקומען, האָט אים די דאַמע אין טרויער־וווּאַל אָוועקגערופן אין אַ זייט און דערקלערט, אַז זי האָט מיט אים צו רעדן וועגן אַ געוויסן ענין, אָבער נאָר אונטער פיר אויגן.
— זאָל איך מיין ווייב אַרויסשיקן פון שטוב! — האָט דער נאַכט־וועכטער געפרעגט.
— יאָ, — האָט די דאַמע געענטפערט.
— נו, סטעפּאַ, טראָג זיך נאָר אָפּ אַ ווייל פון דאַנען...
ווען דעם נאַכט־וועכטערס ווייב איז אַרויסגעגאַנגען פון שטוב האָט די דאַמע גענומען רעדן מיט אַ געהיימניספולן, שעפּטשענדיקן טאָן:
— נאָך גרויסע באַמיאונגען האָב איך זיך ענדלעך דערוווּסט ווו איר ווינט. איר קריגט פון מיר פינף הונדערט זלאָטעס, דאָס איז אַ גענוג גרויסע סומע, נישט אמת?
— דאָס איז ביי מיר אַ גאַנץ פאַרמעגן גנעדיקע מאַדאַם, — האָט דער נאַכט־וועכטער אויסגערופן.
— אַלזאָ, הערט־זשע, איר באַקומט פון מיר די דאָזיקע סומע. היינט ביינאַכט זאָלט איר מיך אַריינלאָזן אויפן בית־עולם און אויפגראָבן אין מיין אָנוועזנהייט אַ קבר פון אַ געוויסער פאַר־שטאָרבענער פרוי. נאָכדעם, ווי איך וועל באַטראַכטן דעם טויטן קערפּער פון דער דאָזיקער פרוי, וועט איר זי צוריק באַגראָבן אין דעם זעלבן קבר...
אָבער... — האָט זיך דער נאַכט־וועכטער גענומען קראַצן אין קאָפּ. — איך... איך האָב אַביסל מורא... דאָס דראָט דאָך מיט קרימינאַל.
— איר פאַרגעסט, אַז איר באַקומט פון מיר דערפאַר פינף הונדערט זלאָטעס.
— יאָ, אָבער איך... איך חיל וויסן, ווער איר זענט... טאָמער וועט איר מיך דערנאָך מסרן...
— מיין נאָמען קאָן איך אייך, ליידער, נישט זאָגן, איך גיב

אייך אָבער מיין ערן־וואָרט, אַז די גאַנצע זאַך וועט בלייבן שטרענג בסוד. עס גייט מיר טאַקע דערין, אַז קיין שום לעבעדיקער מענטש אויסער אונדז ביידע זאָל וועגן דעם נישט וויסן. דאָ האָט איר נאָך אַ הונדערטער און זייט נישט איינגעשפּארט.

דער הונדערטער האָט מער געווירקט ווי דער דאַמעס פּאַרזי־כערונג אַז זי וועט קיינעם נישט אויסזאָגן דעם סוד. דער נאַכט־וועכטער האָט זי געהייסן קומען אַרום צוויי אַ זייגער ביינאַכט אויף דעם בית־עולם.

— איך וועל שוין וואַרטן אויף אייך ביים טויער, נעמט־מיט מיט זיך אַ גוטע עלעקטרישע דיימאַן־לאָמפּ. די עלעקטרישע דיימאַן־לעמפּלעך לויכטן אַזוי ליכטיק, ווי אין מיטן העלן טאָג, אַזוי אַז איר וועט קאָנען גוט באַטראַכטן דעם טויטן קערפּער פון דער פרוי.

די דאַמע האָט דערלאַנגט דעם נאַכט־וועכטער צוויי הונדערט זלאָטעס און דערקלערט, אַז די רעשט פיר הונדערט וועט זי ברענגען מיט זיך ביינאַכט.

— — — — —

אויף דער אָקאָפּאָוואַ גאַס איז מיט שנעלע טריט געגאַנגען אַ דאַמע מיט אַ טרויער־וואַל איבערן געזיכט.

זי איז געבליבן שטיין ביים טויער פון יידישן בית־עולם און לייכט אָנגעקלאַפּט. דער טויער האָט זיך געעפנט און די דאַמע איז אריין אינעווייניק.

— איר האָט מיט זיך מיטגעבראַכט אַ דיימאַן־לעמפּל? —

— יאָ... — האָט רעגינע שטיל געענטפערט.

— ווו געפינט זיך דער קבר? — האָט דער נאַכט־וועכטער ווייטער געפרעגט.

— קומט, איך וועל אייך שוין ווייזן.

זיי זענען געגאַנגען אַ ווײַלע שטילשווייגנדיק. רעגינע האָט געלויכטן מיט דעם דיימאַן־לאָמפּ, וועלכע האָט געוואָרפן אַ בלענ־דענדיקע ליכטיקייט אויף זייער אַ ווייטן שטח.

ענדלעך האָבן זיי זיך אָפּגעשטעלט ביי אַ פרישן קבר.

דפוס „אור" בע"מ פאַרלאַג „תקוה"

# סאבינע



ראמאַן
פון אַ קראַנקן־שוועסטער

---

נומער 8

דאָ איז עס... — האָט רעגינע געזאָגט.

דער נאַכט־וועכטער האָט זיך גענומען צו דער ארבעט. ער האָט זייער שנעל געגראָבן, אַרויסוואַרפנדיק גרויסע שופלעס מיט ערד. אין פאַרלויף פון צען מינוט איז דאָס קבר געווען אויפגעגראָבן.

אָן שום אינערלעכן ציטער, אָן שום שרעק איז רעגינע אַריינגעשפּרונגען אין קבר אַריין און האָט אָפּגעדעקט דאָס געזיכט פון דער טויטער.

אַ בלענדענדיק ליכט פון דער דיימאָן־לאָמפּ איז געפאַלן אויף דער טויטער פרויס פּנים.

רעגינע האָט זיך איצט גוט איינגעקוקט אין דעם דאָזיקן געזיכט און שיעור נישט קיין געשריי געטאָן פון איבערראַשונג. די טויטע האָט נישט געהאַט די מינדעסטע ענלעכקייט צו סאַבינען! דאָס איז געווען אַ פולשטענדיק פרעמדע פרוי.

רעגינע האָט דאַן מיט אַ זעלטענער רואיקייט געעפנט ביי דער טויטער פרוי דאָס מויל און נישט געזען דאָרט קיין איין גאָלדענעם צאָן.

און סאַבינע האָט דאָך געהאַט אַ גאָלדענעם צאָן. רעגינע געדענקט דאָך זייער גוט.

רעגינע דרייט אויס דעם קאָפּ ביי דער טויטער און זוכט דאָס שוואַרצע פינטעלע , וואָס זי האָט באַמערקט אויף סאַבינעס קאַרק.

אָבער זי באַמערקט נישט דאָ קיין שום פינטעלע. פאַר רעגינען איז דעריבער שוין איצט נישטאָ דער מינדעסטער צווייפל אַז דער דאָזיקער טויטער קערפּער איז פון אַ פרעמדער פרוי.

ווי אַזוי איז ער דאָ אַהערגעקומען? ווער האָט אים דאָ באַגראָבן? ווי אַזוי איז סאַבינע אַנטלאָפן פון בית־עולם?

אויף די דאָזיקע אַלע פראַגן קאָן רעגינע קיין קלאָרן ענטפער נישט האָבן. אָבער איינס איז פאַר איר קלאָר: סאַבינע לעבט! נישט קיין אַנדערער און נישט קיין שום גייסט האָט דעמאָלט אַריינגעקוקט דורכן פאַרטער־פענצטער, נאָר סאַבינע אַליין!

רעגינע האָט נאָכאַמאָל גוט באַלויכטן מיט דער דיימאָן־לאָמפּ דאָס געזיכט פון דער טויטער, נאָכדעם איז זי מיט דער הילף פונעם נאַכט־וועכטער אַרויסגעקומען פון קבר און א זאָג געטאָן:

— שוין, איר קאָנט שוין צוריק פאַרשיטן.

— וואָס אייגנטלעך האָט איר דאָ געוואָלט זען? פֿרעגט דער נאַכט־וועכטער, פֿאַרשיטנדיק צוריק דאָס קבר.

— דאָס מוז בלייבן אַ געהיימניש, — ענטפֿערט רעגינע, — אָבער ענטפֿערט מיר אויף דער איינער פֿראַגע: צי טרעפֿן פֿאַלן, אַז מען זאָל פֿאַרטוישן טויטע?

— עס טרעפֿט זייער זעלטן, — ענטפֿערט דער נאַכט־וועכטער, — אָבער נאָר ביי אָרעמע לייט און אויך נאָר דעמאָלט, ווען קיין שום קרובים קומען נישט צו דער לויה.

רעגינע שווייגט אַ ווײַלע, ווי זי וואָלט זיך פֿאַרטראַכט. דאַן נעמט זי אַרויס פֿון האַנט־בײַטל פֿיר הונדערט זלאָטעס און דער־לאַנגט עס דעם נאַכט־וועכטער.

— דאָ האָט איר פּאַר אייער שטיקל אַרבעט, — דערקלערט זי. — געדענקט זייער גוט, אַז קיין שום לעבעדיקער מענטש טאָר נישט וויסן, וואָס עס איז היינטיקע נאַכט פֿאָרגעקומען אויפֿן בית־עולם.

— גנעדיקע פֿרוי, דער סוד וועט זיין אַזוי באַגראָבן, ווי די טויטע, וואָס ליגן דאָ, — ענטפֿערט דער נאַכט־וועכטער.

— מעגלעך, אַז איר וועט מיר נאָך נויטיק זיין, — זאָגט רעגינע, — נו, אַ גוטע נאַכט.

זי לאָזט זיך גיין צום טויער, דער נאַכט־וועכטער באַגלייט זי. ווען זי קומט אַרויס אויף דער גאַס, רופֿט זי צו אַ פֿאַרבייפֿאָרנדיקן אויטאָ און הייסט זיך פֿירן אין אַ נאַכט־לאָקאַל, כּדי ביים קלאַנג פֿון מוזיק אין א ווירבלדיקן טאַנץ צו פֿאַרגעסן אָן דער שרעקלעכער אַנטדעקונג, וואָס זי האָט היינט געמאַכט אויפֿן בית־עולם.

פֿאָרנדיק אין אויטאָ, הערט רעגינע נישט אויף צו טראַכטן וועגן דער רעטזלהאַפֿטער געשיכטע מיט דער לעבעדיק געוואָרענער סאַבינע.

— — — — — — — — — — — — — — — —

אין דעם מאָמענט, ווען סאַבינע האָט דורכן פֿאַרטער־פֿענצטער דערזען, ווי רעגינע האַלדזט אַרום און קושט דעם מענטש, וועלכער איז געווען פֿאַר איר דאָס טייערסטע וועזן אויף דער וועלט, האָט די אומגליקלעכע־פֿאַרליבטע געהאַט דעם איינדרוק, אַז עמיצער

האָט אַ לאַנג מעסער אַריינגעזעצט אין איר האַרץ.

זי איז געוואָרן, ווי צעמישט און האָט זיך געלאָזט לויפן אין גאָרטן אַריין אויף דער גאַס אַרויס.

ניין, אויף דעם האָט זי זיך נישט געריכט!

לעאָן האָט דאָ נישט געוווסט, אַז זי לעבט, און שוין אויף צומאָרגנס נאָך איר לויה, האָט ער אַרומגעאָרעמט זיין קוזינע און זיי האָבן זיך געקושט.

הייסט עס, אַז לעאָן איז געווען פאַלש, אַז אַלע זיינע ליבעס־ווערטער זענען געווען ליגן, אַז ער האָט פּשוט געלאַכט פון אירע הייסע געפילן צו אים.

אָ, כ'וויל בעסער שטאַרבן; האָט זי געשעפּטשעט צו זיך, — אָבער דאָס מאָל וויל איך שוין שטאַרבן מיט אַן אמתן טויט.

וואָס פאַר אַ זין האָט איצט איר לעבן, ווען דער, וועמען זי האָט אַזוי שטאַרק ליב געהאַט, האָט אויף צומאָרגנס נאָך איר לויה שוין געהאַלדזט און געקושט אַ צווייטע!

און זי האָט אַזוי הייליק געגלויבט אין אַלע זיינע פאַרזיכערונגען, אַז ער האָט זי ליב ביז משוגעת.

אָ, וואָס פאַר אַ פאַלשע די מענער זענען! — איז סאַבינע ווייטער געלאָפן, ווי געיאָגט פון טויזנטער שדים. — גאָט, שיק אויף מיר דעם טויט, — האָבן אירע ליפּן געפּליסטערט. — איך וויל מער נישט לעבן! — ניין, ניין, איצט האָט מיין לעבן קיין זין נישט.

זאָל לעאָן ווייטער מיינען, אַז זי איז טויט. פון היינט אָן איז זי פאַר אים אויף אַן אמת געשטאָרבן, ניין, זי עקזיסטירט נישט מער פאַר אים.

זי איז געלאָפן אַלץ ווייטער און ווייטער, ענדלעך איז זי אַרויסגעקומען אויף דער גאַס און האָט זיך געלאָזט גיין מיט שנעלע טריט נישט אין דער ריכטונג צום צענטער שטאָט, נאָר אין דער ריכטונג פון שאָסיי, וואָס פירט קיין ווילאַנאָוו.

זי איז געגאַנגען, נישט זעענדיק פאַר זיך קיינעם. די גאַנצע וועלט האָט איצט אין אירע אויגן אויסגעזען, ווי אַ פינצטערער בית־עולם. דער קאָפּ אירער האָט געגליט, די שלייפן האָבן געהאַקט, ווי מיט האַמערס און דאָס האַרץ האָט זיך געוואָרפן, ווי ס'וואָלט געוואָלט אַרויסשפּרינגען.

עס האָט געבלאָזן אַ קאַלטער ווינט און אַ רעגן האָט גענומען פּאַטשן סאַבינען אין פּנים אַריין.

אָבער נישט דער שטאַרקער ווינט און נישט דער רעגן האָבן זי געשראָקן.. זי האָט איצט נישט געטראַכט וועגן דעם ציל פון איר וועג. וווהין גייט זי? איז איר דען נישט אַלץ איינס, וווהין זי גייט.

דאָס לעבן האָט סיי־ווי־סיי פאַרלוירן פאַר איר יעדן אינטערעס. אויב זי האָט פאַרלוירן לעאָנען, איז איר אַלץ איינס, וואָס מיט איר וועט געשען. זאָל דער רעגן פּאַטשן איר אין פּנים אַריין! זאָל דער ווינט רייסן אירע האָר!

ס׳איז איר אַלץ איינס...

און זי גייט אַלץ ווייטער און ווייטער אויף דעם פוסטן שאָסיי. מ׳זעט נישט דאָ קיין לעבעדיקן נפש. און דער רעגן גיסט אַלץ און גיסט און סאַבינע ווערט דורכגענעצט ביזן ביין.

זי לייגט אָבער אויף דעם נישט קיין אַכט. זי גייט אַליין ווייטער און ווייטער.

אָבער די קניען בויגן זיך איר, פאַר די אויגן שווינדלט, דער קאָפּ ברענט און זי שוידערט אויפן גאַנצן לייב, ווייל דאָס נאַסע הימד און קלייד, וואָס זענען דורכגעווייקט פון רעגן, קלעבן זיך צו צו איר צאַרט לייב.

זי פילט, ווי עס גייען איר אויס די כוחות, אין קאָפּ מישט זיך, זי קאָן קוים אַ טריט שטעלן און מיטאַמאָל גיט זי אַ פאַל אַנידער און בלייבט ליגן אין מיטן שאָסיי אָן באַוווסטזיין.

א לענגערע צייט איז סאַבינע אַזוי געלעגן אַ פאַרחלשטע אין מיטן וועג. דער רעגן האָט אַלץ נישט אויפגעהערט צו גיסן. אָבער שפּעט ביינאַכט האָט זיך דער הימל צוריק גענומען אויסלייטערן און פון צווישן די צעגייענדיקע וואָלקנס האָט גענומען אַרויסשיינען אַ פולע לבנה.

אין מיטן שאָסיי איז געלעגן די פאַרחלשטע סאַבינע. דער העלער שיין פון דער לבנה האָט באַלויכטן אירע דורכגענעצטע האָר און קליידער.

ארום און אַרום האָט געהערשט אַ טויטע שטילקייט.

אָבער מיט אַמאָל איז די דאָזיקע שטילקייט איבערגעריסן געוואָרן פון א טופּעריי פון פערדישע פּאָדקאָוועס.

אויפֿן שאָסיי האָט זיך באַוויזן אַ גרויסער צירקוואָגן, אין וועלכן עס פֿאָרן געווײַנלעך פֿון שטאָט צו שטאָט, פֿון דאָרף צו דאָרף וואַנדערנדיקע צירק־טרופּעס, וועלכע באַווײַזן פֿאַרשידענע קונצן.

האַרט נעבן וואָגן איז נאָכגעלאָפֿן אַ גרויסער הונט. פּלוצלונג האָט ער אָנגעהויבן שרעקלעך צו בילן.

דער פֿערד־אָנטרײַבער, אַ הויקער, דערזעענדיק ליגן אַ מענטש אין מיטן וועג, האָט שנעל אַ צי געטאָן ביי די לייצעס און אײַנגע־האַלטן די פֿערד.

ווען דער וואָגן איז געבליבן שטיין, האָט דער הויקער גענומען אַראָפּקריכן פֿונעם הויכן וואָגן.

— וואָס איז געשען? ווֹהין קריכסטו? — האָט אַ שטים געפֿרעגט פֿון דעם געדעקטן וואָגן.

דער הויקער האָט גאָרנישט געענטפֿערט און האָט זיך געלאָזט גיין צו דער ליגנדיקער סאַבינע.

קאַפּיטל זעכצן

נאָך קיינמאָל האָט מאַרילע נישט איבערגעלעבט אַזאַ שרעק־לעכן מאָמענט אין איר לעבן, ווי דעמאָלט, ווען זי האָט זיך געפֿונען אין שלאָפֿצימער פֿון דאָקטאָר יעזשי לעוואַנדאָווסקי.

דערהערנדיק, אַז אין די אַנדערע צימערן געפֿינט זיך שוין פּאָליציי, אַז יעדע מינוט קאָן מען זי דאָ כאַפּן און אַרעסטירן — איז מאַרילע אַרײַנגעפֿאַלן אין אַ צושטאַנד פֿון העכסטער פֿאַר־צווייפֿלונג.

זי האָט גענומען אַרומלויפֿן איבערן שלאָפֿצימער, ווי אַ חיה, וועלכע מען האָט נאָר וואָס אַרײַנגעלייגט אין אַ שטייג.

וואָס טוט מען זיך פֿאַר אַן עצה? ווי אַזוי ראַטעוועט מען זיך? — האָט זי זיך נישט אויפֿגעהערט צו פֿרעגן.

עס איז איר אײַנגעפֿאַלן אַ געדאַנק אַראָפּצושפּרינגען פֿון פֿענצטער און אַזוי אַרום זיך ראַטעווען פֿון דער פּאָליציי. אָבער, ווען זי איז צוגעלאָפֿן צו פֿענצטער און אַראָפּגעקוקט אויפֿן האַרטן ברוק, האָט זי פֿאַרשטאַנען, אַז אַראָפּשפּרינגען פֿון דאַנען — באַדײַט אַ זיכערער טויט.

און אָט האָט זי שוין געהערט, ווי די פּאָליציי דערנענטערט זיך צו דער טיר פון שלאָפצימער.

באַלד וועט די טיר פון שלאָפצימער ווערן געעפנט. באַלד וועט מען זי כאַפּן. אָגט, וואָס טוט מען?! ווי אַזוי ראַטעוועט מען זיך?

און מיטאַמאָל האָט זי זיך געגעבן אַ קלאַפּ אין שטערן:

— אַך, זי האָט דאָך גאָר פאַרגעסן! דאָס איז דאָך אַזוי פּשוט, אַזוי נאַטירלעך! פאַרוואָס האָט זי באַלד וועגן דעם נישט געטראַכט!

זי איז שנעל צוגעלאָפן צו דער קליידער־שאַנק און זי געעפנט. דאָרטן זענען געהאָנגען פאַרשידענע פרויען קליידער, פּידזשאַמעס און בלוזקעס, וועלכע האָבן אָנגעהערט צו דעם דאָקטאָר לע־וואַנדאָווסקיס פרוי.

די ערשטע זאַך, וואָס זי האָט געטאָן, איז געווען דאָס אַראָפּ־רייסן דאָס בלאָנדע בערדל, וואָס זי האָט געטראָגן. נאָך דעם האָט זי אָפּגעווישט די פאַרב, וועלכע האָט צוגעגעבן איר געזיכט אַ מענ־לעכן אויסזען.

אין אַ מינוט אַרום האָט זי אויך בליץ שנעל אַראָפּגעוואָרפן געבליבן שטיין מוטער נאַקעט.

פון זיך די מענער־קליידער, וועלכע זי האָט געטראָגן און איז זי האָט שנעל געוואָלט אַרויפוואַרפן אויף זיך דאָס ערשטע בעסטע קלייד, וואָס איז איר געקומען אונטער דער האַנט, אָבער אין דעם מאָמענט האָט דער שליסל פון דאָקטאָר לעוואַנדאָווסקי אַ גרילץ געטאָן אין שלאָס פון דער טיר.

מאַרילאַ האָט געפילט, ווי דאָס האַרץ שטאַרבט איר אָפּ פאַר שרעק.

אָבער די ציטערנדיקע האַנט פון דאָקטאָר לעוואַנדאָווסקי האָט נישט אַזוי שנעל געקענט עפענען די טיר.

דאָס איז געווען פאַר מאַרילען אַ גליק, ווייל זי האָט אין דער דאָזיקער סעקונדע באַוויזן אַרויפצוּוואַרפן אויף זיך אַ פּרעכטיקן יאַפּאַנישן שלאַפראָק, וועלכער איז איר געקומען אונטער דער האַנט.

איין בליק אין שפּיגל האָט מאַרילען איבערצייגט, אַז זי זעט אויס אין דעם דאָזיקן שלאָפראָק רייצנד שיין.

אין דעם דאָזיקן מאָמענט זענען אין צימער אַריינגעפאַלן די פּאָליציאַנטן מיט די אויסגעשטרעקטע רעוואָלווערן אין די הענט. זיי זענען געווען זיכער, אַז זיי האָבן דאָ געכאַפּט דעם געפער־

לעכן פאַרברעכער מיט דעם בלאָנדן בערדל. אָבער ווען זיי האָבן דערזען פאַר זיך אַ פּרעכטיק שיינע פרוי, איינגעהילט אין אַ רייך־פאַרביקן, אַפּאַנישן שלאָפראָק, האָבן זיי פאַרשטאַנען, אַז זיי האָבן אַ טעות געהאַט.

„דער דאָקטאָר לעוואַנדאָווסקי האָט זיך אַריינגענומען אין זיין וווינונג עפּעס אַ שיינע קאָקעטע, אויסנוצנדיק די לאַגע, וואָס זיין פרוי געפינט זיך אין זומער־וווינונג. דעריבער האָט ער אַזוי מורא געהאַט צו עפענען די טיר פון זיין שלאָפצימער".

אַזוי האָבן געטראַכט די פּאָליציאַנטן און זיי האָבן זיך באַלד אַרויסגערוקט פון צימער.

אָבער ווי גרויס איז געווען די איבערראַשונג און שטוינונג פונעם דאָקטאָר לעוואַנדאָווסקי, ווען ער האָט אין זיין שלאָפצימער, אָנשטאָט אַ מאַן מיט אַ בלאָנד בערדל, פּלוצלונג דערזען פאַר זיך אַ פּרעכטיק־שיינע פרוי, וועלכע איז געווען איינגעהילט אין אַ יאַפּאַנישן שלאָפראָק.

ער איז געשטאַנען און געקוקט אויף דער דאָזיקער מאָדנער דערשיינונג מיט ברייט־אויפגעריסענע אויגן און אַן אָפן מויל.

די צעטומלטע פּאָליציאַנטן האָבן זיין פאַרווונדערונג נישט באַמערקט און האָבן זיך שנעל גענומען אַרויסרוקן פון דער וווינונג.

— אַך, וואָס פאַר אַ נישט־דערצויגענע! — האָט מאַרילע זיי נאָכגעשריגן. — אַפילו קיין שלאָפצימער שוינען זיי נישט און רייסן זיך אַריין אָן שום פאַרדאַן...

די פּאָליציאַנטן האָבן זיך נאָכאַמאָל אַנטשולדיקט און פאַרלאָזט די וווינונג.

דער דאָקטאָר לעוואַנדאָווסקי איז געבליבן אויג אויף אויג מיט מאַרילען.

ער האָט זיך דערמאָנט אַז ווען ער האָט מיט צוויי יאָר צוריק פּראַקטיצירט אין קריניצע, האָט ער דאָרט זיך באַקענט מיט דער דאָזיקער פרוי.

ער האָט זיך אויך דערמאָנט איר נאָמען.

— אויב איך האָב נישט קיין טעות, איז אייער נאָמען מאַרילע מאָרגנטאַל —— האָט ער באַמערקט, — איר זענט די פרוי פון באַנק־דירעקטאָר אַדאָלף מאָרגנטאַל, יאָ?

— אָ... — האָט מאַרילע מורא געהאַט צו לייקענען, כאָטש

זי איז געווען שטאַרק נישט צופרידן דערפון, וואָס דער דאָקטאָר לעוואַנדאָווקי האָט זי דערקענט.

— גאָט מיינער, וואָס פאַר אַ שפּיל האָט איר דאָ איינגע־אָרדנט? — האָט זיך דער דאָקטאָר לעוואַנדאָווסקי נישט אויפגעהערט צו וווּנדערן.

— כאַ־כאַ־כאַ!,,, — האָט זיך מאַרילע נישט נאַטירלעך צע־לאַכט, — איך האָב געוווּנען דעם געווּעט... ס'איז מיר געלונגען...

— וואָס פאַר אַ געווּעט? — וווּנדערט זיך דאָקטאָר לעוואַנ־דאָווסקי.

— שטעלט אייך פאָר, הער דאָקטאָר, — דערציילט מאַרילע דעם דאָקטאָר לעוואַנדאָווסקי אַ נישט־געשטויגענע, נישט־געפלוי־גענע געשיכטע. — שטעלט אייך פאָר, אַז איך האָב זיך געווּעט מיט מיינער אַ פריינדין, אַז איך וועל אין מיטן העלן טאָג אַרומגיין איבער די וואַרשעווער גאַסן אין מענער קליידער און קיינער וועט מיך נישט דערקענען... כאַ־כאַ־כאַ, די פּאָליציאַנטן האָבן מיך גאָר אָנגענומען פאַר אַ פאַרברעכער, וועלכן זיי האָבן געזוכט... מיט איין וואָרט, הער דאָקטאָר, איך האָב דאָס געווּעט געוווּנען!...

— וואָס פאַר אַ העלדישע פרוי איר זענט?... האָט דאָקטאָר לעוואַנדאָווסקי אויסגערופן און זיך נענטער צו איר צוגערוקט,

איר פרעכטיקער קערפּער, וועלכער האָט זיך אַזוי בולט אויס־געטיילט פון אונטער דעם דינעם זיידענעם שלאָפראָק, וואָס זי האָט אַרויסגענומען פון דער שאַנק, איר ווייסער, שיינער האַלדז און די זיך־פאַלנדיקע ברוסט האָט אויף דעם דאָקטאָר לעוואַנדאָווסקי געווירקט אַזוי רייצנד, אַז ער האָט מאַרילען ממש אויפגעגעסן מיט די אויגן.

ער האָט זיך געפונען אויג אויף אויג מיט אַ פרעכטיקע שיינער פרוי אין זיין שלאָפצימער. ער האָט די דאָזיקע פרוי גערעטעוועט פון א גרויסער אומאָנגענעמלעכקייט, צי זאָל ער די דאָזיקע געלעגנהייט אַדורכלאָזן אַזוי גלאַטיק.

ניין, מען דאַרף די געלעגנהייט אויסנוצן, נישט אלעמאָל פאַלט אַריי אין שלאָפצימער אַזאַ רייצנדע פרוי.

— און איך וועל פאַר מיין גאַסטפריינטלעכקייט נישט באַקומען קיין שום באַלוינונג?... — שמייכלט ער און רוקט זיך צו אַלץ נענטער צו מאַרילען.

— אַ באַלוינונג ?... — קוקט אים מאַרילע אָן מיט אַ מכלומרשט פאַרוווּנדעטע מינע. — איך פאַרשטיי נישט, וואָס איר מיינט...

— כע־כע־כע. איך מיין... כע־כע־כע... — לאַכט דער דאָקטאָר לעוואַנדאָווסקי און נעמט זי אָן פאַר דער האַנט.

— וועגן וואָס פאַר אַ באַלוינונג רעדט איר ? — מאַכט נאָך אַלץ מאַרילע אַן אומשולדיקע מינע, כאָטש זי פאַרשטייט גאַנץ גוט, וואָס דער דאָקטאָר מיינט...

זיינע גלאַנציקע אויגן און דער הייסער אָטעם זיינער זאָגן גענוג עדות, וואָס ער וויל...

אָבער מאַרילע באַשליסט, ווי אַמשנעלסטן פון אים זיך אָפּצו־טשעפּען און צו פאַרלאָזן די דאָזיקע וווינונג.

— איך וויל... איך וויל אַ קוש אַלס באַלוינונג... — שטאַמלט דער דאָקטאָר לעוואַנדאָווסקי.

— אַ קוש ?... — נו, גוט, איר זענט ווערט, אַז איך זאָל אייך אַ קוש טאָן, — רופט אויס מאַרילע. — איר האָט דאָך מיר געטאָן אַ גרויסע טובה...

און כדי פון אים זיך וואָס שנעלער אָפּצוטשעפּען, גיט זי אים אַ קוש אין דער באַק.

אָבער ווי נאָר זי גיט אים דעם קוש, כאַפּט ער זי פעסט אַרום, דריקט זי צו צו זיך און הויבט אָן צו רעדן צו איר האַלב־שכורע ווערטער :

— טייערע... קום... קיינער איז דאָך נישטאָ.. לאָ זמיך געניסן פון דיין פּרעכטיקע קערפּער... דיין לייב בריט... איך בין פאַר־שיכורט פון דיינע גלידער... נו קוק... האָב אויף מיר רחמנות...

און ער נעמט זי שלעפּן צום בעט...

— ווי וואַגט איר ?! לאָזט מיך אָפּ !... אַך, וואָס טוט איר!... — נעמט זיך מאַרילע אַמפּערן מיט דעם ליידנשאַפטלעכן דאָקטאָר. — הערט אויף... איך וועל מאַכן אַ געוואַלד...

אין זיין ליידנשאַפטלעכער שכרות באַמערקט נישט דער דאָקטאָר לעוואַנדאָווסקי, ווי אין די ווינקלען פון מאַרילעס מויל שפּילט זיך אַן איראָנישער שמייכל...

ער סאַפּעט שווער, זיינע אויגן ברענען און ער רייסט פון איר אַראָפּ דעם לויזן שלאָפראָק, וואָס זי טראָגט...

מיט אַ פעסטן זעץ פון דער פויסט שטויסט זי אים פון זיך און רופט אויס מיט אַ כלומרשט באַליידיקער שטים:

— ווי וואַגט איר אַזוי צו באַפאַלן אַ שוצלאָזע פרוי! שוין דערלאַנגט מיר אַ קלייד פון אייער פרוי און פאַרלאָזט תיכף דאָס צימער!...

דער דאָקטאָר לעוואַנדאָווסקי שטייט אין מיטן צימער אַ דער־שראָקענער, מיט אַ לעקישעוואַטער מינע, און פאַרענטפערט זיך:

— אַנטשולדיקט... איך... איך... האָב נישט געמיינט... כ'בין דאָך אַ מאַן... פאַרשטייט מיך...

— אָבער, ווי האָט איר געוואַגט?! דאָס איז דאָך אומדערהערט!

— האָט מאַרילע געשריגן, שטייענדיק אינמיטן צימער אַ האַלב־נאַקעטע, כמעט אין בלויזן העמד, ווייל מיט אַ מינוט פריער האָט דער דאָקטאָר לעוואַנדאָווסקי אַראָפּגעריסן פון איר דעם שלאָפראָק. זי האָט אַפילו זיך נישט באַמיט צו פאַרשטעלן איר האַלב־נאַקעטקייט, איר אַנטבלויזטע ברוסט, אירע אַנטבלויזטע אָרעמס און פֿיס. אָבער דערביי האָט זי נישט אויפגעהערט צו שרייען:

— איך האָב נישט געוווּסט, הער דאָקטאָר, אַז איר זענט אַזאַ ברוטאַלער מאַן... איך בין געווען זיכער, אַז איר זענט אַן איידע־לער מענטש...

— אַנטשולדיקט... איך... איך... — האָט דער דאָקטאָר געשטאַמלט און מיט גליענדיקע אויגן געקוקט אויף מאַרילען, וועלכע איז זיך רואיק געשטאַנען פאַר אים אַ האַלב־נאַקעטע...

— פאַרלאָזט דאָס צימער! לאָזט מיך זיך אָנטאָן! — האָט זי באַפעלעריש אַ זאָג געטאָן.

— אַנטשולדיקט... אַנטשולדיקט... — האָט זיך דער דאָקטאָר לעוואַנדאָווסקי הינטערווײַלעכס אַרויסגערוקט פון צימער, נישט קאָנענדיק אָפּרייסן זיין בליק פון מאַרילאַס פרעכטיקע גלידער.

ווען ער איז אַרויסגעגאַנגען פון צימער און פאַרמאַכט הינטער זיך די טיר, איז ער אַנידערגעפאַלן אויף דער קאָזעטקע, ווי אַ שיכורער. ער האָט נישט באַמערקט, ווי דאָס דינסטמיידל, וואָס איז אָנגעקומען דורך דעם הינטערשטן אַריינגאַנג, איז אָפּגעשפּרונ־גען פון דער טיר און האָט זיך באַהאַלטן הינטער אַ פאָרטיערע.

דאָס דינסטמיידל איז די גאַנצע צייט געשטאַנען און זיך

צוגעהערט צו דער סצענע, וואָס קומט פאָר ביי איר שעף אין שלאָף־צימער.

מאַרילע האָט דערווייל געגומען אויסזוכן אין דער קליידער־שאַנק דאָס שענסטע קלייד און די עלעגאַנטסטע לאַטשן. זי האָט זיך אויך באַנוצט מיט דעם פודער און שמינקע פון דעם דאָקטאָר לעוואַנדאָווסקיס פרוי.

נאָכדעם האָט זי געעפנט די טיר און אַ זאָג געטאָן:

— איצט, הער דאָקטאָר, קאָנט איר שוין אַריינגיין...

און ווען דער דאָקטאָר לעוואַנדאָווסקי איז אַריינגעגאַנגען און זי האָט דערזען זיין לעקישעוואַט, צעשראָקן פּנים, האָט זי זיך הויך צעלאַכט און זאָג געטאָן:

— איר זענט דאָך עפּעס גאָרנישט קיין מאַן!

— פאַרוואָס? „— האָט ער פאַרוואונדערט געפרעגט.

— אַז איר האָט נישט געקאָנט באַזיגן אַזאַ רייצנדע, ווי איך, זענט איר נישט קיין מאַנסביל... כאַ־כאַ־כאַ...

— אָבער איר... איר האָט דאָך... — האָט דער דאָקטאָר לעוואַנ־דאָווסקי געשטאַמלט.

— נו, געוויס האָב איך זיך קעגנגעשטעלט... וואָס דען האָט איר געוואָלט, אַז עס זאָלן אייך גלייך אין מויל אַריינפאַלן געבראָ־טענע טייבעלעך... אַ פרוי דאַרף מען קאָנען נעמען... איר האָט זיך אַרויסגעוויזן אַלס טויגעניכטס...

דער דאָקטאָר האָט ברייט געעפנט די אויגן און זי אָנגעקוקט מיט אַזאַ נאַרישעוואַטן בליק, אַז מאַרילע האָט זיך הויך פונאַנ־דערגעלאַכט...

ער האָט זיך דערנענטערט צו איר און זי געוואָלט אַרומנעמען, אָבער זי האָט אים פעסט פון זיך אָפּגעשטויסן און אַ זאָג געטאָן:

— גייט, איר זענט אַ שלימזל!... איר זענט טאַקי געווען אַזוי נאַריש און געמיינט, אַז איך וועל מאַכן אַ געוואַלד... כאַ־כאַ־כאַ...

— אַנטשולדיקט מיר זייער... — האָט ער אָנגענומען איר האַנט און זי געוואָלט אַ קוש טאָן.

אָבער מאַרילע האָט זיך שנעל אַרויסגעריסן פון אים און האָט שנעל פאַרלאָזט זיין וווינונג. ביי דער טיר האָט זי צו אים אַ זאָג געטאָן מיט אַ שעלמישן שמייכל:

— אַ צווייט מאָל זאָלט איר שוין וויסן, ווי אַזוי זיך אויפ־צופירן...

דער דאָקטאָר לעוואַנדאָווסקי איז געזעסן אַ לענגערע ווייל אַ פאַרטראַכטער.

ער האָט שטאַרק באַדויערט, וואָס ער האָט די דאָזיקע רייצנדע פרוי נישט גענומען מיט געוואַלד. ער האָט זיך איצט פשוט געשעמט פאַר זיך אַליין...

יאָ, ריכטיק, ער איז אַ טויגעניכטס, אַ שלימזל, פרויען דאַרף מען נעמען מיט געוואַלד. פון היינט אָן וועט ער שוין וועגן דעם וויסן.

פלוצלינג האָט דאָקטאָר לעוואַנדאָווסקי אַ ציטער געטון. ער האָט געהערט טריט אין די אַנדערע צימערן.

האַ, ווער קאָן דאָס זיין? ער האָט דאָך קיינעם די טיר נישט געעפנט.

— ווער איז דאָס? — האָט ער דערשראָקן אַ פרעג געטון.

— דאָס בין איך... — האָט ער דערהערט די שטים פון דינסט־מיידל, וועלכע איז באַלד אַריינגעקומען אין זיין קאַבינעט.

— ווינטש זיך עפּעס דער הער דאָקטאָר? — האָט דאָס דינסט־מיידל געפרעגט, באַהאַלטנדיק אַ איראָנישן שמייכל אין די ווינק־לען פון איר מויל.

— ביזט שוין לאַנג דאָ? — האָט דער דאָקטאָר געפרעגט, אָנקוקנדיק זי מיט אַ פאָרשנדיקן בליק.

נישט לאַנג...

— דורך וואַנען ביזטו געקומען?

— דורך דער הינטער־טיר. איך האָב דאָך דעם שליסל פון קלאַפּ־שלאָס. ווינטש זיך עפּעס דער הער דאָקטאָר? — האָט זי ווידער געפרעגט.

— ניין.

אין צען מינוט אַרום איז זי ווידער אַריינגעקומען.

— וואָס ווילסטו? — האָט דער דאָקטאָר זי בייז אָנגעקוקט. — איך האָב דיר געזאָגט, אַז איך דאַרף דיך נישט...

דאָס שיינע דינסטמיידל האָט אויף דעם דאָקטאָר לעוואַנדאָווסקי געוואָרפן אַ שעלמישן בליק.

— אַוודאי דאַרפט איר מיך שוין מער נישט... — האָט זי אַ זאָג געטון.
— וואָס מיינסטו דערמיט?... — האָט ער זי בייז אָנגעקוקט.
— אינם שלאָפצימער זעט דאָך אויס, ווי נאָך אַ פּאָגראָם...
— איך האָב דאָרטן עפּעס געזוכט... — ענטפערט דאָקטאָר לעוואַנדאָווסקי.
— דער הער האָט געזוכט שמינקע און פּודער?... — שמייכלט דאָס דינסטמיידל שעלמיש.
— וואָס זענען דאָס פאַר אַ רייד? האַ? — שרייט אויף איר דער דאָקטאָר.
— ווען דער הער קומט אַריין צו מיר ביינאַכט אין קיך אַריין, שרייט נישט אויף מיר דער הער... דאַמאָלסט בין איך אַ „קעצעלע"...
— שווייג, ווייל איך וועל דיך צעפּאַטשן פאַר דיינע חוצפּהדיקע רייד!... — גיט זיך דער דאָקטאָר אַ ריס פון אָרט.
— איך האָב נישט קיין מורא... איך האָב געמיינט, אַז דער הער האָט טאַקע מיך ליב... איצט זע איך, אַז אַלע מענער זענען פאַלש... דער הער האָט זיך אַריינגענומען אין שלאָפצימער אַ פרעמדע פרוי... אָ, אַזוי טוען אָרנטלעכע מענער!...
דער דאָקטאָר לעוואַנדאָווסקי שטייט אויף פון זיין אָרט און וויל שוין דעם דינסט־מיידל אַראָפּלאָזן אַ פייערדיקן פּאַטש פאַר אירע חוצפּה'דיקע רייד.
אָבער באַלד כאַפּט ער זיך, אַז ער קאָן דאָ זייער שלעכט אָפּשניידן. עס קאָן ווערן אַ סקאַנדאַל, דאָס דינסט־מיידל קאָן מאַכן אַ געוואַלד, שכנים וועלן זיך צוזאַמענלויפן און דאַן וועט דאָס דינסט־מיידל דערציילן, אַז ער איז צו איר געקראָכן ביינאַכט און אַ חוץ דעם אַריינגענומען צו זיך פרעמדע פרויען אין שלאָפ־צימער.
ער ענדערט מאָמענטאַל דעם טאָן און זאָגט:
— מאַרישע, הער, איך באַצאָל דיר פאַר צוויי חדשים און גיי אַוועק... דו קריכסט מיר שוין צופיל אין דער לעבער אַריין... גענוג!
— אויב דער הער וועט מיר באַצאָלן פאַר דריי חדשים גיי איך שוין אַוועק... — ענטפערט דאָס דינסטמיידל. — איך וויל אויך דאָ מער נישט זיין, זעענדיק, ווי דער הער פאַרראַט מיך...
— איך פאַרראַט דיך?! וואָס ביזטו, מיין ווייב?... — גיט דער

דאָקטאָר לעוואַנדאָווסקי ווידער אַ געשריי אויף איר. — אַזאַ חוצפּה דאָס האָט!

— דער הער פאַרגעסט שטענדיק, וואָס דער הער רעדט... יענע נאַכט האָט דער הער כסדר גערעדט: „מאַרישע, איך האָב דיך ליב, ווי מיין לעבן". שיין האָט מיך דער הער ליב... דאָס שלאָפצימער מיט דער אָפענער שאַנק, מיט דעם שלאַפראָק אויף דער ערד זאָגן אַמבעסטן עדות וועגן דעם!

— אַרויס פון מיין שטוב! — גיט דער דאָקטאָר אַ זעץ מיט דער פויסט אין טיש.

— אַז דער הער וועט מיר באַצאָלן, וועל איך פאַרלאָזן די שטוב... איך וויל פאַר גאַנצע דריי חדשים אַנטשעדיקונג... — ענטפערט דאָס דינסטמיידל רויק.

דאָקטאָר לעוואַנדאָווסקי כאַפּט שנעל אַרויס פון זיין פּאָרטפעל עטלעכע באַנקנאָטן און גיט זיי אַ וואָרף אויפן טיש:

— נאַ, דאָ האָסטו און גיי! מער זאָלסטו זיך אין דעם דאָזיקן הויז נישט ווייזן!

דאָס דינסטמיידל פּאַקט שנעל איין אירע זאַכן און פאַרלאָזט די וווינונג פון דאָקטאָר לעוואַנדאָווסקי.

— די זאַך וועט אים אַזוי גלאַטיק נישט אָפּגיין, — רעדט זי צו זיך. — ער מיינט, אַז ער האָט אָנגעטראָפן אויף עפּעס אַ נאַאיווער דאָרפס־ מויד. איך וועל אים שוין שטיין צוקאָפּנס, ער וועט שוין ביי מיר קיין רו נישט האָבן. איך ווייס דאָך יאָ, ווער עס איז די פרוי, וואָס איז היינט ביי אים געווען אין שלאָפצימער. איך קאָן זי דאָך זער גוט. דאָס איז דאָך די שוועסטער פון דער פריערדיקער מאַדאַם, ביי וועלכער איך האָב געדינט. זי הייסט מאַרילאַ מאָרגנ־ טאַל... אָהאָ, גוט צו וויסן!...

נאָך אין דעמזעלבן אָוונט האָט דאָס דינסטמיידל פון באַנק־ דירעקטאָר אַדאָלף מאָרגנטאַל געמאָלדן, אַז עפּעס אַ יונגע פריילין וויל רעדן מיטן הער.

— ווער איז זי? — האָט מאָרגנטאַל געפרעגט.

— זי וויל נישט זאָגן איר נאָמען, זי האָט דערקלערט בלויז. אַז זי דאַרף מיטן הער רעדן וועגן זייער אַ וויכטיקער זאַך.

— בעט זי אַריין. — האָט מאָרגנטאַל באַפוילן.

## קאַפּיטל זיבצן

אויך רעגינע האָט געהאַט גרויסע צרות פון אירע דינסט־מיידלעך. אָבער נישט דאָס אָרעמע, שטילע דינסטמיידל איז דערין שולדיק געווען, נאָר זי אַליין, רעגינע.

רעגינע איז אין די לעצטע טעג געווען שטאַרק נערוועז און צעוודערט און דעם גאַנצן כעס אירן האָט זי דעריבער אויסגעלאָזט צו דער דינערשאַפט.

עס איז נישט קיין ווונדער, וואָס רעגינע איז אַרומגעגאַנגען כסדר אַ בייזע, אַ דענערווירטע, און געהאַלטן אין איין שרייען און באַליידיקן די דינסטמיידלעך.

זי איז געווען זיכער, אַז זי האָט אויף אירע אייגענע אויגן געזען סאַבינען, אָבער איר קוזין האָט נישט אויפגעהערט צו טראַכטן וועגן זיין געליבטער, וועלכע ער האָט געהאַלטן פאַר אַ געשטאָרבענע.

אַלע טאָג פלעגט ער רעדן מיט רעגינען וועגן דער קראַנקן־שוועסטער סאַבינע און דערקלערט, אַז ער וועט קיינמאָל אָן סאַבינען נישט פאַרגעסן.

רעגינע האָט שוין געהאָפט, אַז לעאָן וועט ווערן אינגיכן איר מאַן און אַזוי וועט זי קאָנען ווערן די אייגנטימערין פון לעאָנ׳ס רייכטימער...

אָבער דערווייל האָט זי איינגעזען, אַז לעאָן טראַכט אַפילו נישט וועגן איר, אַז אַלע זיינע געדאַנקען און געפילן זענען ביי סאַבינען...

איז דען אַ ווונדער, וואָס רעגינע איז כסדר אַרומגעגאַנגען אַ בייזע, אַן אויפגערעגטע, און האָט די דינסטמיידלעך דערעסן דאָס לעבן?

איינע פון די דינסטמיידלעך אין פּאַלאַץ, די בלאָנדע סטאַשע האָט אונגערן אַראָפּגעלאָזט אַ טעצעלע און עס צעבראָכן.

רעגינע האָט גענומען אויף איר שרייען:

— בלויז שאָדנס מאַכסטו אָן און צו דער אַרבעט טויגסטו צו גאָרנישט. אַזעלכע ווי דו, דאַרף מען אָננעמען פאָרן קאַרק און אַרויסוואַרפן!

---

אַלע פּר־ערדיקע בראָשורן קאָן מען באַקומען אין די צייטונגס קיאָסקן. אין חברה „שלה, גדוד העברי 64. מ׳קען די בראָשורן אויך באַשטעלן דורך פּאָסט, אַריינשיקנדיק דאָס געלט.

# סאבינע



ראָמאַן
פון אַ קראַנקן־שוועסטער

— מיט מענטשן וואַרפט מען זיך נישט אַזוי! — האָט דאָס דינסטמיידל רואיק געענטפערט.

— שווייג, דו כאַמקע דו! איך וואַרף דיך שוין אַרויס פון דאַנען!

— פריילין רעגינע, איך בעט אייך זיך רעכענען מיט די ווערטער... איך בין פונקט אַזאַ מענטש, ווי איר זענט... — ענטפערט דאָס דינסטמיידל.

— איך פּאַטש דיר באַלד אויס די מאָרדעס פאַר אַזעלכע ווערטער! — שרייט רעגינע.

— איצט זע איך, אַז דער וואָס טוט אַריין סם אין אַ רעצעפּט פון אַ קראַנקן, ווייסט נישט ווי אַזוי צו באַגיין זיך מיט מענטשן... — ענטפערט שאַרף אָפּ דאָס דינסטמיידל.

דערהערנדיק די דאָזיקע ווערטער, איז רעגינע געוואָרן טויט־בלאַס. די רייד פונעם דינסטמיידל האָבן איר, ווי מיט אַ האַמער געגעבן אַ זעץ איבערן קאָפּ...

זי האָט זיך מיט אַלע כוחות באַהערשט, כדי נישט אומצופאַלן און האָט קוים אַרויסגעשטאַמלט:

— וואָס... וואָס האָסטו געזאָגט?!...

דאָס דינסטמיידל האָט דערפילט, אַז זי האָט דער פאַננאַ רעגינע אָנגערירט ביי דער זיבעטער ריפּ און אַ זיגערישער שמייכל האָט זיך באַוויזן אויף איר פּנים.

— מיינט נישט, פאַננאַ רעגינע, אַז איך ווייס גאָרנישט...

— וואָס ווייסטו? — האָט רעגינע זיך אין גאַנצן געוואָרפן.

— איך ווייס אַ סך זאַכן... אָבער ווי זאָגט אַ שפּריכוואָרט: רעדן איז זילבער, שווייגן — איז גאָלד...

— אָבער זאָג, וואָס ווייסטו?!... — איז רעגינע צוגעגאַנגען צו איר נעענטער. — רעד!

— איך ווייס, צום ביישפּיל זייער אַ סך וועגן דעם פּלוצלונגן טויט פון דער קראַנקן־שוועסטער סאַבינע, וועלכע האָט באַדינט דעם הער לעאָן...

— וואָס אַזעלכעס ווייסטו? זאָג שוין! — האָט רעגינעס שטים געציטערט.

— זאָל מיר בעסער די פאַננע רעגינע נישט ציען ביי דער צונג... — האָט דאָס דינסטמיידל געענטפערט.

— רעגינע האָט שווער געאָטעמט. זי האָט זיך געמוטשעט אַוועקזעצן, ווייל די קניען האָבן זיך איר געבויגן. אין איר קאָפּ זענען איצט געקומען פאַרשידענע געדאַנקען.

— רעד נישט סתם אין דער וועלט אַריין, נאָר זאָג, וואָס דו ווייסט... —ענדערט רעגינע דעם טאָן.

זי ווייסט, אַז איצט וועט זי מיט גוטן בעסער דערגרייכן, ווי מיט בייזן, אויב דאָס דאָזיקע דינסטמיידל ווייסט שוין וועגן אַלעם, דאַרף מען זי נעמען צו הילף, כדי צו דערגרייכן די פּלענער, וועלכע זי, רעגינע פּלאַנט.

הערנדיק, אַז רעגינע איז געוואָרן ווייכער, האָט דאָס דינסטמיידל געענטפערט:

— די פאַננע רעגינע האָט אַריינגעגאָסן סם אין דעם פאַן לעאָנס רעצעפּט... מיינע אויגן האָבן עס אַליין געזען... איך האָב אויך געזען, ווי די קראַנקן־שוועסטער סאַבינע האָט פאַרזוכט פון דער דאָזיקער רעצעפּט און נאָכדעם איז זי אַנידערגעפאַלן אויף דער ערד. איך האָב ביז אַהער געשוויגן. ווי זאָגט מען עס: ניע מוי קאָן, ניע מוי וווז. נישט מיין דאגה. אָבער, אַז די פאַננע רעגינע זידלט מיך אַזוי און וויל מיך אַרויסוואַרפן פאַרן קאָפּ, מוז איך דאָך שוין רעדן.

— האָסטו אַליין געזען מיט דיינע אייגענע אויגן — פרעגט רעגינע.

— געוויס האָב איך געזען...

— פון וואַנען ווייסטו, אַז איך האָב אַריינגעגאָסן סם? אפשר האָב איך אַריינגעגאָסן פּראָסט וואַסער... מיינסטו, אַז מענטשן וועלן דיר גלויבן, אַז דו וועסט קומען און דערציילן אַזאַ נאַרישקייט...

— פאַנאַ רעגינע, פון קיין פּראָסט וואַסער זענען נאָך מענטשן נישט געשטאָרבן... — ענטפערט דאָס דינסטמיידל מיט אַ שעלמישן שמייכל... — מיינע אויגן האָבן אַליין געזען, ווי באַלד נאָכדעם, ווי די קראַנקן־שוועסטער האָט פאַרזוכט די רעצעפּט איז זי אַנידערגעפאַלן און געשטאָרבן...

— דו רעדסט נאַרישקייטן, סטאַשע, די דאָקטוירים האָבן דאָך

פעסטגעשטעלט, אַז די קראַנקן־שוועסטער איז געשטאָרבן פון אַ האַרץ־שלאַג, — דערקלערט רעגינע.

— ווען די דאָקטוירים זעען דאָס, וואָס מײַנע אויגן האָבן געזען, וואָלטן זיי נישט פעסטגעשטעלט, אַז די קראַנקן־שוועסטער איז געשטאָרבן פון אַ האַרץ־שלאַג...

רעגינע שווייגט אַ ווײַלע און בײַסט נערוועז די ליפּן.

— הער נאָר, סטאַשע, דו האָסט ליב געלט? — פרעגט פּלוצלונג רעגינע.

— וועלכער מענטש האָט עס דען פײַנט געלט?

— צי וואָלסטו געוואָלט לײַכט אַרבעטן און גוט פאַרדינען?

— אָ, געוויס. שמייכלט סטאַשע.

— דו וועסט האָבן אַזויפיל געלט, וויפל דו וועסט נאָר וועלן און אַנגעטאָן וועסטו גיין שענער פאַר מיר... נאָר דו וועסט מיר דאַרפן אין עפּעס צוהעלפן.

— אין פאַרשטיי... האָט דאָס דינסטמיידל פילזאָגנדיק געגעבן אַ מאַך מיט די אויגן.

— נאַדיר דערווײַל אַ קאָנטע... — האָט רעגינע אַרויסגענומען פון איר טאַש אַ באַנקנאָט פון פופציק זלאָטעס און אַרײַנגערוקט דעם דינסטמיידל אין דער האַנט.

נאָכדעם האָט זי פאַרשלאָסן די טיר און אָנגעהויבן צו רעדן צו סטאַשען מיט אַ שעפּטשענדיקער שטים...

— — — — — — — — — —

רעגינע איז נישט אומזיסט אַרומגעגאַנגען אַ בײַזע און אויפגערעגטע. ווי האָט זי געקאָנט זײַן רואיק, זעענדיק, ווי לעאָן גייט אַרום טאָג טעגלעך אַ פאַרחלומטער און טראַכט נאָר וועגן סאַבינען.

נישט געווען קיין איין מינוט, אַז לעאָן זאָל נישט טראַכטן וועגן דער געליבטער זײַנער, וועלכע ער האָט געהאַלטן פאַר אַ געשטאָרבענע.

אָפטמאָל פלעגט ער זיצן שעהנלאַנג אין זײַן קאַבינעט און זיך איבערטראָגן אין דער פאַנטאַזיע צו יענער צײַט, ווען זײַן טײַערע סאַבינע האָט נאָך געלעבט, ווען זי האָט זיך געטוליעט צו זײַן ברוסט און געשעפּטשעט אים הייסע ליבעס־ווערטער.

רעגינע איז געווען זיכער, אַז די צײַט וועט אַלץ אויסהיילן, אַז

אין פאַרלויף פון אַ קורצער צייט וועט לעאָן פאַרגעסן אָן סאַבינען, ווי מען פאַרגעסט אָן פאַראַיאָריקן שניי. אָבער רעגינע האָט זיך ביטער טועה געווען.

פאַרקערט, לעאָן האָט פון טאָג צו טאָג זיך נאָך מער פאַרטיפט אין זיין גרענעצלאָזער בענקשאַפט נאָך זיין פאַרשטאָרבענער גע־ליבטער.

איין באַגער האָט ער געהאַט ווידער צו זען איר גייסט, וואָס האָט זיך דעמאָלט באַוויזן אין פענצטער פון זיין צימער.

אָ, פאַרוואָס באַווייזט זיך איר גייסט ווידער נישט צו אים? — האָט געבענקט און געליטן. — פאַרוואָס דערשיינט זי נישט ווידער אזוי ווי דעמאָלט אין פענצטער?

פון טאָג צו טאָג איז די בענקשאַפט זיינע געוואָרן שטאַרקער און נישט איינמאָל האָט לעאָן געזאָגט צו רעגינען, אַז נאָר דער טויט וועט אַ סוף מאַכן צו זיין בענקשאַפט, ווייל דעמאָלט וועט זיין נשמה זיך פאַראייניקן מיט דער נשמה פון זיין טייערער סאַבינע.

אויך היינט אין אָוונט איז לעאָן אַרומגעגאַנגען הין און צוריק איבער זיין צימער און נישט אויפגעהערט צו טראַכטן וועגן די זיסע, הערלעכע מינוטן, וועלכע ער האָט איבערגעלעבט מיט סאַבינען.

ער איז אַזוי אַרומגעגאַנגען הין און צוריק אַ לענגערע צייט. נאָכדעם האָט ער זיך אויסגעטאָן און אַ וואָרף געטאָן אין בעט אַריין.

אָבער ער האָט נישט געקאָנט איינשלאָפן. ווידער האָט זיין פאַנטאַזיע אים געמאָלט דאָס בילד פון סאַבינען, ווי זי איז געזעסן נעבן זיין בעט, ווען ער איז געווען קראַנק און האָט אים צערטלעך געגלעט איבער די האָר פון קאָפּ און ליבעס־ווערטער אין אויער געשעפּטשעט.

— אָ, סאַבינע טייערע, — האָט ער שטיל געשעפּטשעט און זיינע אויגן האָבן זיך אָנגעפילט מיט טרערן. — ווען דו קאָנסט איצט זען מיין געזיכט, וואָס איז פול מיט ווייטאָק, ווען דו קאָנסט הערן מיין שטים, וואָס רופט דיך, וואָלט דיין גייסט זיך ווידער צו מיר באַוויזן כדי מיר צו ברענגען טרייסט און היילונג אין מיינע ליידן...

ער האָט צוגעמאַכט אַ ווייל די אויגן און זיי ווידער געעפנט.

אָבער ווען ער האָט ווידער געעפנט די אויגן האָט זיין גאַנצער קערפּער אַ ציטער געטאָן און די אויגן האָבן זיך ברייט אויפגעריסן.

דאָס וואָס ער האָט איצט דערזען איז געווען אזוי פאַנטאַסטיש, אַזוי אומגלויבלעך, אַז ער איז אינגאַנצן געבליבן ליגן אַ פאַרגלי־ווערטער.

האָט דער גייסט פון סאַבינען זיך צוגעהערט צו זיינע שעפּ־טשענדיקע רייד ?

אָדער אפשר איז עס גאָר אַ חלום? אפשר מאָלט עס אים זיין שטאַרקע פאַנטאַזיע אָט דאָס דאָזיקע פאַנטאַסטישע בילד ?

דאָס, וואָס לעאָנס אויגן האָבן איצט דערזען ,איז טאַקע געווען פאַנטאַסטיש ביז גאָר:

דורך דער האַלב־געעפנטער טיר פון לעאָנס שלאָפצימער האָט זיך אַריינגעגאָסן אַ העל־בלויע וווּנדערלעכע ליכטיקייט.

פון דער דאָזיקער פאַנטאַסטישער ליכטיקייט איז ווי אַרויס־געשווומען אַ צאַרט פרויען־געשטאַלט אין אַ ווייס, זיידן חופּה־קלייד און אַ וועלאָן איבערגעדעקט איבערן פּנים.

לעאָן האָט איינגעגראָבן זיינע ברייט־געעפנטע אויגן אין דעם געזיכט פון דעם דאָזיקן פרויען־געשטאַלט ,אָבער צוליב דעם, ווייל דאָס פּנים פון דער דאָזיקער פרוי איז געווען צוגעדעקט מיטן וועלאָן, איז שווער געווען אונטערצושיידן די שטריכן פון געזיכט.

— דאָס איז דאָך סאַבינע!... האָט לעאָן נאָך ברייטער אויפ־געריסן די אויגן — יאָ, דאָס איז זי!.. איר גייסט האָט זיך צו מיר באַוויזן. גאָט מיין גאָט, וואָס זע איך־...

און באַלד האָט צו לעאָנס אויערן דערגרייכט אַ וווּנדערלעכער קלינגענדיקע שטים. ער האָט געהאַט דעם איינדרוק, ווי אַ האַרפע וואָלט שטיל געשפּילט...

אזוי וווּנדערלעך, אזוי זיס איז די דאָזיקע שטים געווען!

— לעאָן... טייערער לעאָן... — האָט ער דייטלעך געהערט סאַבינעס שטים.

און ווי אין חלום האָט ער געענטפערט:

— סאַבינע... איינציקע טייערע... איז דאָס דיין גייסט, וואָס איז געקומען מיך טרייסטן און לינדערן מיין בענקשאַפט־וויי?...

און די וווּנדערלעך־קלינגענדיקע שטים האָט געענטפערט:

—יאָ, דאָס בין איך... דיין סאַבינע...

— אָ, גאָט, ווי גליקלעך איך בין!... — האָט לעאָן געענטפערט, ווי ער וואָלט גערעדט פון חלום.

— לעאָן... מיין גאָלד... — האָט די זיסע שטים ווייטער גע־רעדט, ווי פון אונטער דער ערד אַרויס.. — דיין ווייטאָק און דיין בענקשאַפט האָבן מיך געררופן אַהער...

— אָ, לעאָן, טייערער, איך קאָן קיין רו נישט געפינען אין קבר, זעענדיק ווי דו גייסט אַרום טאָג און נאַכט אַ פאַרצווייפלטער, מיט אויגן פול מיט טרערן און מיט אַ האַרץ, וואָס איז אָנגעפילט מיט ווייטאָק און צער, — האָט די וואונדערלעכע שטים ווייטער זיך אָפּגעשלאָגן אין לעאָנס אויערן, ווי די שענסטע מוזיק.

— איך וויל דיר זען א גליקלעכן, אַ שמייכלענדיקן, מיין טייערער לעאָן אַנדערש וועט מיין נשמה קיין רו נישט האָבן...

— ווייל איך האָב דיר אַזוי שטאַרק ליב געהאַט ביי מיין לעבן, איז מיין באַגער, אַז נאָך מיין טויט, זאָלסטו געפינען גליק און נישט אַרומגיין אַזאַ פאַרצווייפלטער און דערשלאָגענער.

— ווייס זשע לעאָן טייערער, אַז אין דיין הויז, נעבן דיר געפינט זיך אַ פרוי, וואָס האָט דיך ליב און וועט דיר ברענגען גליק, דאָס איז רעגינע, דיין קוזינקע.

— אויב דו האָסט מיך טאַקע אויפריכטיק ליב געהאַט ביי מיין לעבן, אויב מיין אָנדענק איז דיר טייער איז מיין וואונטש, אַז דו זאָלסט חתונה האָבן מיט דיין קוזינקע רעגינע.

— איך קאָן שוין מער נישט צוזען ווי דו ליידסט, ווי דיין געזיכט איז שטענדיק באַדעקט מיט טרויער און אומעט.

— מיין גייסט וועט קיין רו נישט געפינען אזוי לאַנג, ווי דו וועסט נישט חתונה האָבן מיט רעגינען. איך וויל, אַז דו זאָלסט זיין גליקלעך, מיין טייערער לעאָן! דאָס איז מיין איינציקער באַגער!...

— און דעריבער געדענק זשע, אויב מיין גייסט איז דיר טייער, שטעל אַ חופה מיט רעגינען. איך וועל אייך ביידן בענטשן און מיין פרייד וועט זיין גרויס, ווען איך וועל דיך זען מיט רעגינען אונ־טער דער חופה.

די וואונדערלעכע שטים איז שטיל געוואָרן. דאָס פאַנטאַסטישע העל־בלויע ליכט איז מיטאַמאָל געוואָרן אויסגעלאָשן און דאָס ווייסע געשטאַלט אינעם איינגעזונקען געוואָרן אין דער ערד...

לעאָן איז נאָך אַלץ געלעגן מיט אָפענע אויגן און איז געווען ווי פאַרגליווערט.

זיין בליק איז נאָך אַלץ געווען געווענדעט אין יענעם אָרט, ווו עס האָט זיך מיט אַ מינוט פריער באַוויזן דאָס פרויען־געשטאַלט אין זיידענעם חופּה־קלייד.

— גאָט גרויסער, איז דאָס געווען אַ חלום?! ניין, דאָס איז נישט געווען קיין חלום, איך בין דאָך וואַך... מיינע אויגן האָבן דאָך איצט געזען סאַבינען, האָבן געהערט איר וואונדערלעכע שטים... איר גייסט האָט זיך צו מיר באַוויזן...

— אָ, טייערע סאַבינע... — האָט אים געגומען שטיקן אין האַלדז, — אָבער ווי קאָן איך דיין פאַרלאַנג דערפילן? ווי קאָן איך חתונה האָבן מיט אַ פרוי, וועלכע איך האָב נישט ליב, וועלכע איז מיר פרעמד. ווי וועל איך קאָנען קושן אַנדערע ליפּן, ווען די זיסקייט פון דיינע ליפּן פיל איך נאָך אויף מיין מויל. ווי וועל איך קאָנען זיין צוזאַמען מיט אַן אַנדערער פרוי, ווען דעם דופט פון דיין קערפּער פיל איך נאָך ביזן היינטיקן טאָג אַרום זיך...

— אָבער, ווען דיין ווילן איז אַזוי, טייערע סאבינע, ווען די האָסט צוליב מיר קיין רו נישט אין קבר, וועל איך דיין באַגער דערפילן און איך וועל מיט רעגינען חתונה האָבן...

— אָ, איך טו עס נאָר צוליב דיר, וואונדערלעכער גייסט, ווייל איך וויל, אַז דיין נשמה זאָל ענדלעך איר רו געפינען...

די דאָזיקע אומרואיקע, שווערע געדאַנקען האָבן לעאָנען ביז אין דער פרי דעם שלאָף צוגערויבט.

ערשט ווען די זון האָט אַריינגעשיינט צו לעאָנען אין צימער, איז ער אַנטשלאָפן געוואָרן מיט אַ שווערן שלאָף...

קאַפּיטל אַכצן

## דער טייוול איז צופרידן פון זיין שטיקל אַרבעט

צומאָרגנס אין דער פרי איז רעגינע געשלאָפן לענגער, ווי אַלעמאָל.

ווען זי האָט אויפגעמאַכט די אויגן, האָט זי געזען, ווי איר פאָטער און דאָס דינסטמיידל פאָרן זיך ביי אַ פּראָזשעקטאָר־לאָמפּ, וואָס וואַרפט אַ העל־בלויע ליכט.

— אַ גוטער אויפשטאַנד אויף דיר, טאָכטער מיינע, — האָט

דער אַלטער סאַמועל קייזערשטיין אַ זאָג געטאָן מיט אַ שמייכל,
— נו, ווי מיינסטו, מיר האָבן אים איצטער געפאַנגען?

— איך מיין, אַז יאָ — האָט אים רעגינע געענטפערט, אויסצי־ענדיק זיך געמיטלעך אין בעט. — דאַרפסט וויסן, אַז צוליב זיין לעצטער קראַנקהייט, איז לעאָנס פאַנטאַזיע געוואָרן שטאַרק קרענק־לעך. דער דאָקטאָר האָט מיר וועגן דעם געזאָגט, אזוי, אַז לעאָן איז זיכער טיף איבערצייגט, אַז סאַבינעס גייסט האָט זיך צו אים באַווזין.

— אָבער, פאַננאָ רעגינע, איך האָב מיין ראָל גוט געשפּילט ?

— לאַכט סטאַשע, — נישט אמת?

— אויסגעצייכנט! איך האָב דיך געזען דורך דעם שליסל־לאָך פון דער טיר, וואָס פירט אין לעאָנס צימער... אך, ווי הו האָסט אויסגעזען! ווי אַן אמתער גייסט פון יענער וועלט!...

— מיין פּראָזשעקטאָר־לאָמפּ האָט אויך אַ סך צוגעהאָלפן, — דערקלערט דער אלטער קייזערשטיין. — דאָס ליכט האָט אויסגעזען אַזוי פאַנטאַסטיש, ווי אין טעאַטער, — ווען מען פירט אַרויס גייס־טער און טויטע...

— צי שלאָפט ער נאָך? — פרעגט רעגינע.

— יאָ, — ענטפערט סטאַשע... — ער האָט זיכער אַ גאַנצע נאַכט נישט געקאָנט איינשלאָפן, טראַכטנדיק וועגן דעם גייסט פון דער קראַנקן־שוועסטער סאַבינע... כא־כא־כא... און איצט וועט די פאַננע רעגינע ווייטער שפּילן די קאָמעדיע...

— אָבער געדענק, סטאַשע, אַז דו דאַרפסט האַלטן די צונג צווישן די ציין! — האָט רעגינע אַ זאָג געטאָן צום דינסט־מיידל. — טאָמער רעדסטו אויס אַ וואָרט פאַר עמיצן, וועסטו שלעכט אָפּשניידן!

— אך, פאַננאָ רעגינע, וואָס רעדט איר? מיר קאָן מען אָנ־פאַרטרויען אַ סוד... איך וויס, ווי אים צו האַלטן... די פאַננע רעגינע מעג זיין רואיק.

אין צוויי שעה אַרום האָט רעגינע אָנגעקלאַפּט צו לעאָנען אין צימער.

— ביטע אַריין! — האָט ער געענטפערט.

זיין פּנים איז געוועזן בלאַס און די אויגן, ווי דערשראָקן. ער

האָט זיך נאָך אַלץ געפונען אונטער דעם איינדרוק פון דעם פאַנ־טאַסטישן געשטאַלט, וואָס האָט זיך אים בײַנאַכט באַוויזן.

ווי נאָר רעגינע איז אַריינגעקומען אין צימער, האָט זי דער־קלערט לעאָנען, אַז זי איז געקומען מיט אים זיך געזעגענען,, ווייל זי זי פאָרט היינט לאָדזש אָננעמען דאָרט אַ פּאָסטן אַלס בוכהאַלטערקע אין אַ געוויסער פאַבריק.

— אָ, ניין, טייערע קוזינקע, דו וועסט נישט פאָרן! — האָט לעאָן אויסגערופן. —— איך האָב מיט דיר איבערצורעדן וועגן זיי־ער אַ וויכטיקן ענין... עס האַנדלט זיך וועגן מיין און דיין צוקונפט... ניין, רעגינע, דו וועסט נישט פאָרן, דו בלייבסט דאָ איבער...

רעגינע האָט געמאַכט אַ מכלומרשטע פאַרוווּנדערטע און אי־בערראַשטע מינע, כאָטש זי האָט גוט געוווּסט, וואָס לעאָן מיינט.

און כאָטש דאָס האַרץ האָט איר פאַר פרייד אָנגעהויבן שטאַר־קער צו קלאַפּן און אַ רויטקייט האָט באַדעקט איר געזיכט, האָט זי געפרעגט:

— דו ווילסט זיך, אודאי, לעאָן... יאָ ?

— איך וויל זיך נישט, טייערע רעגינע... עס האַנדלט זיך וועגן מיין און דיין צוקונפט און צוליב דעם וועסטו נישט פאָרן קיין לאָדזש אָננעמען דעם פּאָסטן פון אַ בוכאַהאַלטערקע.

— אָ, ניין, ניין, לעאָן, איך מוז פאָרן, — האָט רעגינע געמאַכט דעם אָנשטעל.

— אַך, רעגינע, ווען דו ווייסט, וואָס מיט מיר איז היינטיקע נאַכט געשען... — האָט לעאָן לייכט אַ זיפץ געטאָן.

רעגינע האָט מכלומרשט אויסגעגלאָצט אויף איר קוזין אַ פּאָר דערשטוינטע אויגן.

וואָס איז דען געשען? — האָט זי געפרעגט.

— שטעל דיר פאָר, רעגינע, אַז אין מיין שלאָפצימער האָט זיך היינטיקע נאַכט באַוויזן דער גייסט פון סאַבינען... כ'האָב זי געזען מיט די אייגענע אויגן און אפילו געהערט איר שטים...

— נו, רייד נישט קיין נאַרישקייטן מיין טייערער, דיר האָט זיך, אודאי, געחלומט...

— ניין, ניין, רעגינע, דאָס איז נישט געווען קיין חלום.. .איך בין געווען וואַך, איך געדענק גוט, אַז איך בין נישט געשלאָפן און

מיטאַמאָל האָב איך דערזען אין דער טיר סאַבינעס געשטאַלט...
רעגינע האָט אַרויפגעלייגט די האַנט אויף איר קוזינס שטערן און אַ זאָג געטאָן:
— דו ווייסט, מיין טייערער, איך האָב דעם איינדרוק, אַז דו ביזט ווידער קראַנק. נאָר אַ קראַנקער מענטש קאָן האָבן אַזעלכע פאַנטאַזיעס... אפשר רופן דעם דאָקטאָר?
אָבער לעאָן האָט זיך נישט געלאָזט אַראָפּפירן פון וועג. מיט אַ פעסטער שטים האָט ער דערקלערט:
— ניין, רעגינע, איך בין פולשטענדיק געזונט און מיינע קראַנקע נערוון זענען שוין אין גאַנצן אויסגעהיילט. היינטיקע נאַכט בין איך געווען זייער רואיק און איך בין טיף איבערצייגט, אַז אַלץ, וואָס מיינע אויגן האָבן געזען און וואָס מיינע אויערן האָבן געהערט, איז געווען ווירקלעך... ניין, רעגינע, דאָס איז נישט געווען קיין חלום און קיין פאַנטאַזיע.
— און דו האָסט אפילו געהערט איר שטים? — מאַכט רעגינע דעם אָנשטעל.
— יאָ, רעגינע. זי האָט לאַנג גערעדט צו מיר. איך בין געווען ווי פאַרשיכורט פון איר שטים.
— אָבער וואָס אַזעלכעס האָט זי דיר געזאָגט? — האָט רע־גינע ווייטער געשפּילט די קאָמעדיע.
— אָך. ניין. מיין טייערע... וואָס אַזעלכעס זי האָט מיר געזאָגט. איז מיר שווער צו דערציילן... אָבער הער, רעגינע, איך האָב אָנגענומען אַ געוויסן באַשלוס...
— וואָס פאַר אַ באַשלוס?
— הער, טייערע רעגינע, צי ווען איך זאָל דיך שטאַרק בעטן וועגן עפּעס, וואָלסטו מיר צוליב געטאָן
— טייערער קוזין, צי איז דען פאַראַן אַזאַ ווונטש, אַז איך זאָל דיר נישט צוליב טאָן? — האָט רעגינע געמאַכט אַ מינע פון אַן איבערגעגעבענע און גוטע.
— און אויב איך וועל דיר בעטן, אַז דו זאָלסט מיט מיר חתונה האָבן? — האָט ער אָנגענומען איר האַנט.
זי האָט מכלומרשט געמאַכט אַן איבערראַשטע מינע.
— איך מיין, אַז דו ווילסט זיך איבער מיר... — האָט זי

— ניין, רעגינע, איך מיין עס זייער ערנסט!

— אויב דו מיינסט עס טאַקע ערנסט, וויל איך דיר עפּעס זאָגן לעאָן, — האָט רעגינע געמאַכט אַן ערנסטע מינע. — דו ווייסט גאַנץ גוט, אַז מיין האַרץ איז פול מיט ליבע צו דיר... דו ווייסט, אַז איך טראַכט נאָר וועגן דיר און מער וועגן קיין אַנדער מאַן נישט...

— אָבער איך האָב געמוזט פאַרקריצן מיט די ציין און שווייגן, זעענדיק, אַז דו ליבסט אַן אַנדערע. וואָס האָב איך געקאָנט טאָן? אַ האַרץ איז נישט קיין קנעכט, אַ האַרץ איז אַ האַר איבערן מענטש... האָב איך דעריבער געשוויגן, נישט וועלנדיק דיר שטערן אין דיין גליק.

— איצט דערקלערסטו, אַז דו ווילסט מי טמיר חתונה האָבן. נעכטן האָסטו אפילו נישט געטראַכט וועגן דעם, ערשט סאַבינעס גייסט האָט דיר באַפוילן צו האַנדלען אַזוי....

— דאָס הייסט, מיין ליבער לעאָן, אַז דו ווילסט מיט מיר חתונה האָבן נישט דערפאַר, ווייל דו ליבסט מיך, נאָר ווייל דו געפינסט זיך אונטערן איינדרוק פון סאַבינעס גייסט? צי קאָן איך חתונה האָבן מיט אַ מאַן, וועלכער האָט מיך נישט ליב? — האָט רעגינע ווייטער גלענצנד געשפּילט איר קאָמעדיע.

— ביזט אפשר גערעכט, טייערע רעגינע, — האָט ער גע־רעדט מיט אַ זיסער שטים. — אָבער פאַרשטיי מיך גוט... מעגלעך, אַז היינט ליב איך דיר נאָך נישט, אָבער צי טרעפט דען נישט זייער אָפט, אַז נאָך דער חתונה קריגן זיך מענטשן שטאַרק ליב? איך גלויב, אַז אונדזער צוזאַמענלעבן וועט זיין אַ גליקלעכס...

— ווי קאָן מען לעבן גלקילעך צוזאַמען, ווען דער מאַן האָט נישט ליב די פרוי. — האָט רעגינע מכלומרשט אַ שווערן זיפץ געטאָן. — איידער אַזאַ לעבן איז בעסער אינגאַנצן נישט חתונה צו האָבן!...

— הייסט עס, אַז דו זאָגסט מיר אָפּ? — האָט לעאָן געפרעגט.

רעגינע האָט איינגעזען, אַז זי איז צו ווייט פאַרפאָרן. וואָס וועט זי טאָן, אַז לעאָן וועט טאַקע נעמען ערנסט אירע רייד? זי האָט מורא געהאַט, אַז פון דער דאָזיקער קאָמעדיע זאָל זיך נישט אויסלאָזן קיין טראַגעדיע.

דעריבער האָט זי גלייך אַ קוק געטאָן לעאָנען אין די אויגן און מיט אַ פעסטער שטים אַ זאָג געטאָן:

— ניין, לעאָן טייערער, איך זאָג דיר נישט אָפּ! איך טו עס דערפאַר, ווייל די ליבע מיינע צו דיר איז אַ סך שטאַרקער, ווי דער ווילן צו גליק. בעסער אַ שווער לעבן צוזאַמען מיט דיר, מיין טייערער, — האָט זי אַרויפגעלייגט איר קאָפּ אויף זיין ברוסט, — איידער אַ רואיק לעבן אָן דיר...

— איך טו צוליב דיין ווונטש, מיין ליבער לעאָן, נאָר דערפאַר, ווייל איך וויל, אַז דו זאָלסט זיין גליקלעך. ווער וועט קאָנען אַזוי זאָרגן וועגן דיר, ווי איך? ווער וועט דיר ברענגען אַזוי פיל טרייסט און גליק ווי איך... און כאָטש איך ווייס, אַז דו ליבסט מיך נישט, טואיך עס צוליב דיר. איך וויל, אַז דו זאָלסט זיין גליקלעך!...

זי האָט גערעדט מיט אַ רירנדיקער שטים. זי האָט אַזוי גלענצענד געשפילט איר נידערטרעכטיקע קאָמעדיע, אַז עס האָבן זיך איר אַזש טרערן געשטעלט אין די אויגן. זי האָט זיך געטוליעט צו אים און געשעפטשעט:

— איך בין גרייט מיין גאַנץ לעבן אַוועקשענקען פאַר דיר, מיין טייערער לעאָן!...

און אַזוי ווי אים איז נישט איינגעפאַלן, וואָס פאַר אַ שרעקלעכע קאָמעדיע רעגינע שפּילט מיט אים, איז ער פון אירע רייד געוואָרן אַזוי שטאַרק גערירט, אַז ער האָט אָנגענומען אירעביידע הענט און זיי הייס געקושט.

— וועסט זען, מיין טייערע רעגינע, אַז מיר וועלן נאָך לעבן גליקלעך! — האָט ער אויסגערופן.

— איך וואָלט אויך געוואָלט ,אַז אונדזער צוזאַמענלעבן זאָל זיין דויערהאַפטיק און גליקלעך. — האָט רעגינע מעכאַניש איבערגעהזרט און זיך צוגעטוליעט צו לעאָנען.

— קום, רעגינע, לאָמיר וועגן דעם אַלעם דערציילן דעם פעטער... האָט לעאָן פאָרגעלייגט.

— ניין, ניין, זאָל דאָך דער טאַטעשי וועגן דעם נישט... — האָט רעגינע אַ דריי געטאָן מיטן קאָפּ.

— פאַרוואָס? איך וועל אים איבערגעבן וועגן מיין באַשלוס, חתונה צו האָבן מיט דיר...

— נו, זאָל זיין. קום אַריין אין זיין צימער...

ווען דער אַלטער סאַמועל קייזערשטיין האָט געהערט פון לעאָנס מויל, אַז ער, לעאָן, האָט פעסט באַשלאָסן חתונה צו האָבן מיט רעגינען. — איז ער געבליבן זיצן מיט ברייט צעעפנטע איגן.

ער האָט געוווסט, אַז רעגינע טוט אַלץ, כדי זייער ציל צו דערגרייכן, כדי אַריינצונעמען לעאָנען אין זייערע הענט אַריין, אָבער ער האָט זיך נישט פאָרגעשטעלט, אַז דאָס איז אַזוי שנעל געשען.

— אך, ווי גליקלעך איך בין! — האָט ער פעסט געדריקט לעאָנס האַנט. — איך האָב שטענדיק געטרוימט דיך צו האָבן פאַר מיין איידעם, נאָר, זעענדיק, אַז דו ביזט פאַרליבט אין אַן אַנדערע, האָב איך דיר נישט געוואָלט קיין דעה זאָגן... אויב אַזוי, ווינטש איך אייך ביידן גליק! — האָט ער אויסגערופן.

אין עטלעכע שעה אַרום האָט שוין די דינערשאַפט פון פאַלאַץ געוווסט, אַז דער „פאַן מלאָדי" האָט זיך פאַרלאָבט מיט זיין קוזינקע רעגינע. דער אַלטער סאַמועל קייזערשטיין האָט ספּעציעל פאַרשפּרייט צווישן די דינער די דאָזיקע ידיעה, כדי אויך זיינע קרעדיטאָרן זאָלן וועגן דעם וויסן.

און ווען דער אַלטער קייזערשטיין איז פאַרנאַכט איבערגעבליבן מיט זיין טאָכטער אַ ווייל איינער אַליין, האָט ער געזאָגט:

— אַלזאָ, מיין ליב קינד, דאָס רעדל האָט זיך אַ דריי געטאָן, עס הויבט אונדז אָן צו גיין גוט...

— צי האָסטו זיך געריכט, אַז איך וועל אים אַזוי שנעל אַריינקריגן אין מיינע הענט? — האָט רעגינע זיגעריש געשמייכלט.

— אָ, איך האָב געמיינט, אַז דו וועסט דאַרפן מיט אים אַרבעטן חדשים, און אפשר יאָרן, אַז ער זאָל פאַרגעסן יענע מויד, וועלכע ער האַלט פאַר אַ געשטאָרבענע און זאָל מיט דיר חתונה האָבן...

— אַלזאָ, זעסטו שוין, פאָטער, אַז מיין פּלאַן איז געווען אַ געלונגענער! — האָט רעגינע צופרידן געשמייכלט.

— אַ דאַנק דיר, מיין טאָכטער, ווערן מיר די אייגנטימערס פון גרויסע רייכטימער. איצט וועלן שוין די קרעדיטאָרן מיט אונדז ריידן אַנדערע ווערטער... איך וועל זיי ווייזן, ווער איך בין! אָהאָ, איצט הויבט זיך אָן אַ נייַ לעבן, מיין קינד! — האָט ער

איר אַ גלעט געטאָן איבערן בעקל. — זע נאָר צו שמידן דאָס אייזן אַזוי לאַנג, ווי ס'איז הייס...

## קאַפּיטל נײַנצן
## צווישן נייע מענטשן

ווען דער הויקער, וואָס איז אַראָפּגעקראָכן פונעם הויכן, גע־דעקטן וואָגן, האָט דערזען ליגן אויפן שאָסיי אַ פאַרהלשט מיידל, איז ער געבליבן שטיין אַ דערשראָקענער.

— אפשר אַ מאָרד... אפשר איז דאָס מיידל טויט... — האָט ער אַ טראַכט געטאָן.

— זעט נאָר ווער דאָ ליגט! — האָט ער דויך אויסגעשריגן.

פון דעם געדעקטן וואָגן האָבן זיך אָנגעהויבן אַרויסרוקן יונגע מענער און פרויען, זיי האָבן זיך דערנענטערט צו דער ליגענדיקער סאַבינע און זי באַטראַכט.

— זי ליבט נאָך, — האָט טזיך אָנגערופן אַ מיידל מיט שוואַרצע לאָקן און גרויסע, גאָלדענע אויערינגלעך.

— דוכט זיך מיר, אַז זי איז טויט... — האָט דער הויקער אָנגעטאַפּט סאַבינעס הענט און שטערן. — קאַלט, ווי אייז...

— לאָזט מיך נאָר אַ קוק טאָן, — האָט זיך אַרויסגערוקט פאָראויס אַ הויכער, בדייט־פּלייציקער פאַרשוין מיט גליענדיקע אויגן. — איך וועל אייך שוין זאָגן, צי דאָס מיידל איז טויט, אָדער זי לעבט.

ער האָט פעסט אַ דריק געטאָן אין סאַבינעס ביידע שלייפן. פון סאַבינעס ברוסט האָט זיך אַרויסגעריסן אַ שטילער קרעכץ.

— איך ווייס דאָך, אַז טויטע קרעכצן נישט — האָט דער ברייט־פּלייציקער פאַרשוין זיך צעלאַכט. — אויב זי האָט אַ קרעכץ געטאָן, איז דאָך אַ סימן, אַז זי לעבט.

— העי, פּוק, טראָג זי אַריין אין דער בויד אַריין! זי זעט מיר אויס צו זיין נישט קיין מיאוסע, זי קאָן אונדז צונוץ קומען...

דאָס מיידל מיט די שוואַרצע לאָקן און גרויסע, גאָלדענע אויערינגלעך, האָט בייז אַ קוק געטאָן אויף דעם ברייט־פּלייציקן פאַרשוין און געזאָגט:

— דאָס מיידל ליגט אין טיפן חלשות, ווער ווייסט, וואָס מיט דער אומגליקלעכער איז געשען. מן־הסתם איז זי דאָך דאָ ניטש אַנידערגעפאַלן פון פאַרגעניגן, אפשר האָט זי עמיצער פאַרפאָלגט, נאָכגעיאָגט, און דיך גייט דאָס אַלץ נישט אָן... מ׳דאַרף זי פריער אָפּמינטערן און נאָך דעם מיטנעמען מיט זיך... דו ביזט אַ שלעכטער, רודאָלף!

— און דו פּעפּי, ביזט אַ צעקראָכענע, ווי אַלטע סחורה! — האָט אָפּגעענטפערט דער ברייט־פּלייציקער פאַרשוין, וועלכן מ׳האָט גערופן רודאָלף. — וואָס גייט דיך אָן דאָס דאָזיקע מיידל? איב דו וועסט ריידן אַ סך, וועל איך זי דאָ לאָזן ליגן און מיר וועלן פאָרן ווייטער...

— דו וועסט עס נישט טאָן! — האָט פּעפּי אַ זאָג געטאָן באַפעלעריש.

— נו, נו, קינדערלעך, נאָר נישט געקריגט זיך, איר ווייסט, ווי איך האָב דאָס פיינט! — איז אַראָפּגעקראָכן פון דער בויד אַן עלטערער פאַרשוין, מיט דיקע, גרויע וואָנסעס און מיט אַ ליולקע אין מויל. — וואָס איז דאָ געשען?

—אַ מיידל? הם? — האָט זיך דער פאַפּאַ סעם אַראָפּגע־בויגן איבער סאַבינען. — זי אָטעמט. בלויז פאַרחלשט. אַזאַ רעגן, אַזאַ וועטער, נישט קיין וווּנדער. נעמט זי אַריין אין דער בויד אַריין, גיסט איר אַריין אַביסל בראָנפן אין מויל אַריין, וועט זי קומען צו זיך... אַ רחמנות אויף אַזאַ יונג מיידל. זי זעט אויס זייער אָרעם...

— פאַפּאַ סעם, ווי מיינסטו, זי וועט אונדז צונוץ קומען? — האָט רודאָלף זיך געוואָרענדעט צום אַלטן. — אַ שיינע, האָ?

— איצט איז זי דערווייל אַן אומגליקלעכע, פאַרשטייסט? און מ׳דאַרף זי אָפּמינטערן... — האָט דער פאַפּאַ סעם אָפּגעענטפערט בייז.

דער הויקער האָט אַ נעם געטאָן סאַבינען אין זיינע קרעפטיקע אָרעמס און זי אַריינגעטראָגן אין דער בויד אַריין.

(המשך אין קומענדן נומער)

---

דפוס „אור״ בע״מ פאַרלאַג „תקוה״

# סאבינע



## ראמאַן
## פון אַ קראַנקן־שוועסטער

אויך אַלע ,וואָס זענען געהאַט אַרויסגעקראָכן פון דער בויד, זענען צוריק איינגעשטיגן.

ביי דער שיין פון אַ נאַפט־לעמפל האָט דאָס שוואַרצלאָקיקע מיידל, וועלכע מ׳האָט גערופן פעפי, גענומען מינטערן סאַבינען. דער הויקער האָט איר דערין צוגעהאָלפן און שטילערהייט גערעדט צו זיך:

— גאָטעניו, וואָס פאַר אַ שיינע! דאָס האַרץ האָט דאָך אַזש אָנגעהויבן צו זינגען אין מיר...

זיי האָבן איר ביידע איינגעריבן די שלייפן מיט עסיק, געגאָסן איר קאָניאַק אין מויל אַריין, געפאָכעט איבער איר פנים מיט אַ פעכער.

ענדלעך איז סאַבינע געקומען צו זיך. זי האָט געעפנט די אויגן און מיט אַ דערשראָקענעם און אומרואיקן בליק זיך אַרומגעקוקט אַרום זיך.

— ווו בין איך? — האָבן אירע ליפן אַרויסגעפליסטערט.

— צווישן מענטשן, וועלכע וועלן אייך קיין שום שלעכטס נישט טאָן... — האָט געענטפערט פעפי.

און דער הויקער האָט צוגעגעבן מיט אַ צאַרטער שטים:

— שרעקט אייך נישט... דער פּאַפּאַ סעם איז אונדזער אַלעמענס באַשיצער.

אָבער וואָס איז מיט מיר געשען? ווו בין איך? — האָט סאַבינע געקוקט .מיט פאַרוווּנדערונג אויף די געשטאַלטן, וואָס זענען געזעסן אַרום איר.

— מיר האָבן אייך געפונען אויפן שאָסיי, אַ פאַרחלשטע — האָט פעפי דערקלערט.

— אויפן שאָסיי, אַ פאַרחלשטע... — האָט זיך סאַבינע גענומען דערמאָנען, וואָס מיט איר איז געשען. — אַך, גאָט!

— ווער זענט איר? וואָס איז מיט אייך געשען? — האָט זיך געווענדעט צו סאַבינען דער פּאַפּאַ סעם.

— איך... ווער איך בין?... אַן אומגליקלעכע... — האָט סאַבינע שווער אָפּגעזיפצט.

— אָבער, וואָס איז מיט אייך געשען אויפן שאָסיי? ווי קומט איר אַהער אין אַזאַ שרעקלעך וועטער און דאָס דערצו אין שפּעטער נאַכט?

— דער ביטערער שיקזאַל מיינער האָט מיך אַהער געטריבן...
— האָט סאַבינע געענטפערט.

זי האָט נישט אויפגעהערט צו קוקן אויף די מאָדנע פרעמדע פנימער, וועלכע האָבן זי אַרומגערינגלט און געפרעגט:

— אָבער, זאָגט מיר, ליבע מענטשן, ווער זענט איר און ווו געפין איך זיך?

— אין אַ בויד... — האָט פעפי געענטפערט.

— וווהין פאָרט איר? — האָט סאַבינע באַקומען מורא.

— מיר וואַנדערן... אונדזער פרנסה איז פריילעך צו מאַכן מענטשן, — האָט דער פאַפּאַ סעם געענטפערט, נישט אַרויסלאָזנדיק די ליולקע פון מויל.

— וואָס איז דאָס פאַר אַ פרנסה?... — האָט סאַבינע נישט דרייסט אַ פרעג געטאָן.

— מיר זענען אַ טרופּע פון אַ וואַנדער־צירק, — האָט געענט־פערט דער פאַפּאַ סעם. — מיר פאָרן מיט אָט דער גרויסער בויד פון שטעטל צו שטעטל, פון דאָרף צו דאָרף און פאַרקויפן געלעכ־טער און פאַרגעניגן. נו, מיידל, עס געפעלט דיר די דאָזיקע פרנסה?

— אַך, ווי אומגליקלעך איך בין! — האָט זיך סאַבינע דער־מאָנט אָן דער שרעקלעכער סצענע, וועלכע אירע אויגן האָבן געזען, ווי איר טייערער לעאָן האָט אַרומגעהאַלדזט זיין קוזינקע און זי געקושט.

פעפי האָט אַוועקגערופן סאַבינען אין אַ זייט און האָט גע־זאָגט צו איר:

— פאַרטרויט פאַר מיר אייער סוד... איך זע, אַז איר טראָגט אַ שווערן סוד אין האַרצן, דערציילט זשע מיר, וואָס מיט אייך איז געשען... האָט נישט קיין מורא, איר האָט אין מיר אַ גוטן פריינט...

עס איז מיר זייער שווער צו ריידן וועגן דעם... — האָט סאַבינע געשלונגען די טרערן.

— הערט, צי וואָלט איר גרייט געווען איבערצובלייבן ביי אונדז? — האָט פעפי פּלוצלונג אַ פרעג געטאָן. — איר געפעלט מיר זייער און ווי כ׳זע זענט איר אַן עלנדע, איר האָט נישט קיינעם אויף דער וועלט און ביי אונדז וואָלט אייך געווען נישט שלעכט...

— שטעלט אייך פאָר, אַז מיר האָבן נישט קיין בעל־הביתטע

אין אונדזער טרופּע. עס איז נישטאָ ווער עס זאָל צונייען אַ קלייד, אָפּקאָכן אַ מיטאָג, פֿאַריכטן אַ זאָק. איך קען זייער גוט טאַנצן און אויף אַ שמאָלער שטריק גיי איך אַזוי זיכער, ווי איר אויף אַ ברייטע פּאָדלאָגע, אָבער קיין זאָק פֿאַריכטן קען איך נישט... בלייבט ביי אונדז, יאָ?

זעלטן ווען סאַבינע האָט געהערט פֿון אַ מענטש אַ גוט וואָרט. די אַלע מענטשן, וועלכע זי פֿלעגט אָנטרעפֿן אין לעבן, זענען געווען אַזעלכע שלעכטע. עס האָט זיך איר אויסגעדאַכט, אַז חוץ לעאָנען זענען שוין קיין גוטע מענטשן אויף דער וועלט נישט פֿאַראַן.

איצט האָט זי אויך אין לעאָנען זיך אַנטוישט. די גאַנצע וועלט האָט מיט איינמאָל אויסגעזען אין אירע אויגן, ווי דער גיהנום אַליין.

און דאָ הערט זי, ווי פֿרעמדע מענטשן, פּשוטע צירק־אַקטיאָרן ריידן צו איר אַזוי מענטשלעך, אַזוי האַרציק, ווי זי וואָלט געווען זייערס אַ נאָענטע.

אין אָנהויב האָט זי זיך געשראָקן סיי פֿאַר דעם פּאַפּאַ סעם, דעם אָנפֿירער פֿון דער וואַנדער טרופּע, סיי פֿאַרן הויקער פּוק, סיי פֿאַר דער שוואַרצלאָקיקער פּעפּי, סיי פֿאַר רודאָלפֿן.

איצט האָט זי צו די דאָזיקע פֿרעמדע מענטשן באַקומען צוטרוי, זי האָט זיך פֿאַר זיי מער נישט געשראָקן.

— ווען נישט די דאָזיקע גוטע מענטש — האָט זי געטראַכט, — וואָלט איך דאָך אויסגעגאַנגען אויפֿן שאָסיי פֿאַר הונגער און קעלט. וואָס גייען מיך אָן אַנדערע? די וועלט אינטערעסירט מיך נישט מער. איך בין פֿאַר דער וועלט געשטאָרבן.

און סאַבינע האָט געענטפֿערט:

— גוט, איך וועל פֿאַרבלייבן ביי אייך.

— אָבער איר מוזט מיר דערציילן דעם סוד פֿון אייער לעבן —האָט פּעפּי זי געבעטן.

און סאַבינע האָט דערציילט וועגן אַלע אירע שווערע איבער־לעבונגען, אָבער זי האָט נישט אָנגערופֿן דעם נאָמען פֿון איר געליבטן לעאָן. זי האָט נאָר בלויז דערציילט אַז דער געליבטער, וואָס האָט זי פֿאַרראַטן מיט זיין קוזינקע, איז זייער אַ רייכער.

אין דער וואַנדער־טרופּע פֿון די צירק־אַקטיאָרן האָט זיך פֿאַר סאַבינען אָנגעהויבן אין גאַנצן אַ ניי לעבן.

זי האָט געוואַשן, גענייט, געקאָכט, פאַרצירעוועט זאָקן און שקאַרפעטן. די אַקטיאָרן האָבן זי דערפאַר שטאַרק ליב באַקומען און געווען אַנטציקט פון איר בעל־הבתישקייט.

מיט פעפין האָט זיך סאַבינע זייער נאָענט באַפריינדעט. ביידע פלעגן אָפט זיצן אין אַ ווינקל פון דער בויד און לאַנג, לאַנג שמועסן.

סאַבינע האָט איינגעזען, אַז צווישן די דאָזיקע צירק־קלויאַנען האָט זי געפונען מער מענטשן מיט האַרץ און געפיל, ווי אין די אַזוי־גערופענע בעסערע הייזער.

וואָס וואָלט פון איר געוואָרן, ווער ווייסט, צי זי וואָלט שוין נישט געלעגן איצט אַ טויטע ערגעץ אויף אַ פעלד, ווען נישט דער הויקער פוק און די גוטע פעפי.

ביסלעכווייז האָט זיך סאַבינע אַזוי איינגעלעבט צווישן די נייע מענטשן, וועלכע האָבן אין אָנהויב איר אויסגעזען שרעקלעך, אַז זי האָט זיך נישט פאָרגעשטעלט, ווי אַזוי זי וועט זיך קאָנען מיט זיי שיידן.

זיי זענען איר געוואָרן אַזוי נאָענט, ווי אייגענע שוועסטער און ברידער און זי האָט באַשלאָסן צו פאַרבלייבן אויף שטענדיק אין דער וואַנדער־טרופע פון פאַפאַ סעם.

די וואנדער־טרופע פון פאַפאַ סעם איז באַשטאַנען פון זעקס מאַן. דריי פאָליאַקן, צוויי ציגיינער און איין רומענער.

דער פאַפאַ סעם אַליין איז געווען אַ ייד. ער האָט שוין גע־האַט אַמאָל אָנגעפירט מיט אַ וואַנדער־טרופע אין אַמעריקע און קומענדיק צוריק קיין פוילן האָט עס אים ווידער געצויגן צו דעם זעלבן פאַך.

אויך פעפי איז געווען אַ יידיש קינד און האָט געשטאַמט פון אַ קליין שטעטל אירן מערב־גאַליציע. נאָך אַלס דריי־יעריק מיידל איז זי אַנטלאָפן פון אירע פרומע, חסידישע עלטערן און, איבער־לעבנדיק פאַרשידענע אַנטוישונגען, האָט זי זיך אָנגעשלאָסן אין דער טרופע פון פאַפאַ סעם.

דער הויקער פוק, וואָס פלעגט טאַנצן אויף שטריק און אַרויס־רופן ביים פובליקום שטורמישע אַפּלאָדיסמענטן, איז געווען אַ ציגיינער. אַזוי האָט ער אַליין דערציילט, אָבער דער פאַפאַ סעם

האָט דערין נישט געגלויבט. ער האָט געזאָגט, אַז די ציגײַנער דער־הרגענען יעדן הויקער, וואָס געפינט זיך צווישן זיי.

— מן־הסתם איז זײַן טאַטע געווען אַ ייִד, — האָט ער גע־לאַכט, — און זײַן באָבע האָט געבענטשט ליכט.

— איך האָב מײַן טאַטן קיינמאָל נישט געקענט... — האָט דער הויקער פּוק געוויזן זײַנע ווײַסע ציין, — און דוכט זיך, אַז קיין באָבען האָב איך קיינמאָל נישט געהאַט...

שוין פון ערשטן טאָג אָן האָט ער געוואָרפן אַן אויג אויף כאַבינען, זי איז אים שטאַרק געפעלן געוואָרן, אָבער ער האָט זי צורו געלאָזט.

ער האָט מורא געהאַט פאַרן פּאַפּאַ סעם, וועלכער האָט אָנ־געזאָגט רודאָלפן, אַז ער זאָל מיטן שײַנעם מיידל נישט טשעפּען.

— זי קומט אונדז שטאַרק צונוץ, זינט זי געפינט זיך בײַ אונדז, גייט יעדער איינער פון אונדז אַ רייַן העמד, טראָגט אַ פאַרצירעוועטע שקאַרפּעטקע, אויב דו וועסט זיך טשעפּען צו איר, וועט זי פון אונדז אַנטלויפן...

אַזוי האָט געגערעדט דער פּאַפּאַ סעם צו רודאָלפן און דעריבער האָט רודאָלף סאַבינען צורו געלאָזט, כאָטש זי האָט אים שטאַרק געריצט מיט איר שיינקייט און באַשיידענער אויפפירונג.

רודאָלף האָט אָבער נישט רעזיגנירט. ער האָט זיך געגעבן דאָס וואָרט, אַז ער מוז נאָך סאַבינען האָבן אין זײַנע אָרעמס.

אין אָנהויב האָט ער זיך באַמיט צו געווינען סאַבינעס האַרץ, אָבער סאַבינע האָט אים דערקלערט, אַז איר האַרץ איז פאַרוווּנדעט פון ליבע און דעריבער קאָן זי מער נישט טראַכטן וועגן קיין שום מאַן.

די ליבע האָט שוין גענוג אויסגעזויגן דעם מאַרך פון מײַנע ביינער, — האָט זי דערקלערט רודאָלפן. — איך וויל מער וועגן ליבע נישט הערן.

איינמאָל איז רודאָלף אַראָפּגעפאַלן פון אַ פערד און האָט זיך שטאַרק צעקלאַפּט אַ פוס. עטלעכע טעג איז ער געלעגן אויסגעצויגן אויף אַ שעניק אין דער בויד און האָט געליטן גרויסע יסורים.

סאַבינע האָט דאָך שוין געהאַט פּראַקטיק אַלס קראַנקן־שוועס־טער, דעריבער האָט זי איינגעריבן די ווונד אויפן פוס מיט פאַר־

שידענע מאַשטשען און שמירעכצן און האָט רודאָלפן דערלאַנגט עסן און אים געקאָרמעט ווי אַ קליין קינד.

די דאָזיקע וואַרעמע באַציאונג האָט נאָך מער צערייצט די ליידנשאַפטן אין דעם רומענער און ווען זיי זענען איינמאָל געבליבן אַליין אין דער בויד, האָט ער געפרעגט סאַבינען:

— זאָג מיר, פאַרוואָס האָסטו מיך נישט ליב.

— קיינער ווייסט נישט, פאַרוואָס ער האָט ליב, אָדער נישט ליב.. — האָט סאַבינע שטיל געענטפערט.

— איך וויל אָבער, אַז דו זאָלסט מיך ליב האָבן, דו הערסט?

— האָט ער זי אַ כאַפּ געטאָן אין זיינע פעסטע אָרעמס און איר שאַרף אַריינגעקוקט אין די אויגן.

— איך האָב אויך געוואָלט, אַז מ׳זאָל מיך ליב האָבן און דאָך האָט מען מיך פאַרראַטן... — האָט סאַבינע געענטפערט.

— דו האָסט עמיצן ליב? וועמען?

— איך האָב אים ליב, אָבער פאַר מיר איז ער שוין אַ געשטאָרבענער, פונקט ווי איך בין פאַר אים אַ געשטאָרבענע.

— אָבער איך לעב דאָך! — האָט ער זי אַ ריס געטאָן צו זיך.

— לאָזט מיך צורו! — האָט זי זיך מיט אַלע כוחות געריסן פון זיינע אייזערנע אָרעמס.

— איך וויל דו זאָלסט זיין מיינע! — האָט דער רומענער שווער געסאָפּעט.

— גאָט אין הימל, וואָס טוט איר? — האָט סאַבינע מיט די לעצטע כוחות זיך געריסן פון אים.

ער האָט זי אַ וואָרף געטאָן אויפן שעניק נעבן זיך און גענומען אַראָפּרייסן אירע קליידער. זיינע אויגן זענען געווען אָנגעגאָסן מיט בלוט און ער האָט איצט געמאַכט דעם איינדרוק פון אַ טיגער, וואָס האָט זיך געוואָרפן אויף זיין קרבן.

סאַבינע האָט געמאַכט אַ גוואַלד, אָבער דער צעווילדעוועטער רודאָלף האָט איר מיט אַ טיכל פאַרשטאָפּט דאָס מויל און האָט ווייטער געריסן פון איר די קליידער...

נאָך אַ מינוט און רודאָלף וואָלט דערגרייכט זיין נידערטרעכטיקן ציל. צי האָט דען די שוואַכע, צאַרטע סאַבינע געהאַט די מעגלעכקייט און דעם כוח זיך אַנטקעגנצושטעלן דעם צעיושעטן היהשן מאַן?

זי וואָלט זיכער געפאַלן אַ קרבן פון דעם רומענערס ווילדער לײדנשאַפט, ווען עס באַווייזט זיך נישט פלוצלונג אין דער טיר דער פּאַפּאַ סעם.

דערזעענדיק פאַר זיך דעם פּאַפּאַ סעם, איז רודאָלף אָפּגעשפּרונגען פון זיין קרבן, ווי אַן אָפּגעבריטער.

— וואָס קומט דאָ פאָר? — האָט דער פּאַפּאַ סעם צאָרנדיק אַ פרעג געטאָן און אַ קנאַק געטאָן מיטן בייטשל, וואָס ער האָט געהאַלטן אין דער האַנט.

רודאָלף האָט נישט געענטפערט, נאָר געקוקט סיי מיט כעס סיי מיט שרעק אויף דעם פּאַפּאַ סעם.

— וואָס איז דאָ געשען? ענטפער? —האָט דעם פּאפּא סעמס שטים נאָך אַמאָל אַ דונער געטאָן.

סאַבינע איז געלעגן אויפן שעניק אַ האַלב־פאַרחלשטע און דורך די צעריסענע טיילן פון איר קלייד האָט אַדורכגעקוקט דאָס קלאָרע לייב איר...

דער פּאַפּאַ סעם איז צוגעגאַנגען צו רודאָלפן און האָט מיטן גאַנצן כוח אים אַראָפּגעלאָזט אַ שמיץ מיטן בייטשל איבערן פּנים.

— האָסט דאָס מיידל געוואָלט נעמען מיט כוח, האַ? האָט ער געקריצט מיט די ציין.

— איך... איך... זי האָט... זי האָט אויך געוואָלט... — האָט רודאָלף געשטאַמלט.

— שיין האָט זי געוואָלט, ווען אלע קליידער זענען אויף איר צעריסן און זי ליגט אָן כוחות... — האָט דער פּאַפּאַ סעם ווייטער געקריצט מיט די ציין. — נו, שוין זאָלסטו זיך אָפּטראָגן פון דאַנען? מאַרש!

רודאָלף האָט זיך הינטערווײלעכץ אַרויסגערוקט פון דער בויד, וועלכע איז געשטאַנען אויף אַ גרויסן הויף. אַרויסקומענדיק אויפן הויף האָט ער צונויפגעביילט די פויסטן אין דער ריכטונג פון דער בויד און געזעדט צו זיך:

— וואַרט, וואַרט, דו שיינע יידישקע, איך וועל דיך שוין פאַקן! נישט היינט איז מאָרגן וועסטו זיין מיינע... עס וועט דיר שוין נישט העלפן קיין שום פּאַפּאַ סעם! דו וועסט שוין אויף די קני פאַר מיר שטיין און אַלע מיינע באַפעלן אויספירן. אָ, דו ווייסט נאָך נישט, אויף וועמען דו האָסט אָנגעטראָפן. שיינע יידישקע!...

## די פאַרשטערטע תנאים

דאָס דינסטמיידל, מיט וועלכער רעגינע האָט זיך באַנוצט צו אירע פאַלשקייטן און נידערטרעכטיקע מעשים, האָט אָנגעהויבן צו טראָגן עלעגאַנטע, זיידענע קליידער, גאָלדענע פינגערלעך און אוירינגלעך.

— פון וואַנען האָסטו אַזוי פיל געלט? — האָבן זיך געפרעגט די רעשט דינסטמיידלעך און קעכינס פון קייזערשטיינס פּאַלאַץ. — דו פאַרדינסט דאָך נישט מער פון אונדז, טאָ פון וואַנען נעמסטו געלט אויף צו קליידן זיך אַזוי ווי אַ גרעפין?

— אַ רייכער פעטער פון אַמעריקע שיקט מיר געלט... — האָט דאָס דינסטמיידל דערציילט אַ נישט געשטויגענע געשיכטע.

— אַ פעטער פון אַמעריקע? כאַ־כאַ־כאַ, — האָבן די רעשט דינסטמיידלעך זיך צעלאַכט. — ווען דערציילסטו אַזאַ מעשה. ווען מיר וואָלטן געהאַט רייכע פעטערס אין אַמעריקע, וואָס זאָלן אונדז שיקן געלט, וואָלטן מיר נישט געדאַרפט זיין קיין דינסט־מיידלעך...

צי האָט דען דאָס דינסטמיידל געקאָנט דערציילן. אַז דעם הער לעאָנס קוזינקע, די פאַנגע רעגינע צוזאַמען מיט איר פאָטער האָבן איר שוין געגעבן עטלעכע טויזנט זלאָטעס, אַז זי זאָל זיי צוהעלפן אין זייערע טונקעלע געשעפטן?

צי האָט דאָס דינסטמיידל געקאָנט דערציילן, אַז זי ווייס, ווי אַזוי רעגינע איז געוואָרן לעאָנס כלה?

זי האָט דעריבער געמוזט אויסטראַכטן אַ געשיכטע וועגן אַן אַמעריקאַנער פעטער.

זעענדיק אַז אַ פּראָסט דינסטמיידל גייט אַזוי עלעגאַנט געקליידעט, האָבן זיך צו איר גענומען „פּוצן” פאַרשידענע אַמאַ־טאָרן. זי האָט אָבער פאַרשטאַנען, אַז די דאָזיקע אמאטאָרן מיינען מער איר געלט, ווי זי אַליין. איז זי דעריבער געווען זייער פאָר־זיכטיק.

אָבער איינעם, אַ שיינעם יונגנמאַן, וואָס איז געווען אַרבעטס־לאָז, איז געלונגען צו געווינען דאָס האַרץ פון דעם דינסטמיידל.

זי האָט זיך אין אים פאַרליבט ביז איבער די אויערן און האָט אים יעדן אָוונט געפירט אין אַן אַנדער רעסטאָראַן און געפונדעוועט פון אַלדאָס גוטס.

אפילו שאַמפּאַניער האָט דאָס דינסטמיידל געפונדעוועט איר „חתן", ווי זי האָט אים פאַר יעדן איינעם פאַרגעשטעלט.

זיצנדיק איינמאָל אין אַ רעסטאָראַן אויף מאַרשאַלקאָווסקאָ און, שוין זייענדיק גוט אָנגעטרונקען, האָט דאָס דינסטמיידל ביס־לעכווייז אויסגעפּלאַפּלט אַלע סודות, וועלכע זי האָט געוווסט וועגן רעגינען.

— און שוין די אַנדערע וואָך קומט פאַר אַ גרויסאַרטיקער באַל אין פּאַלאַץ פון די קייזערשטיינס, — האָט דאָס דינסטמיידל ווײַ־טער דערציילט. — דאָס וועלן זיין די תנאים פון מיין שעף מיט דער פּאַננע רעגינע.

— הייסט עס, אַז זי האָט איר ציל דערגרייכט ? — האָט דער „חתן" געפרעגט.

ווען נישט איך וואָלט גאַרנישט געשען, ווייל דער פּאַן מלאַדי איז געווען שטערבלעך פאַרליבט אין אַ שיינע זשידוווקע. אָבער יענע לעבט נישט מער... כאַ־כאַ־כאַ... — האָט זיך דאָס שכורע דינסטמיידל פּלוצלונג צעלאַכט.

— וואָס האָסטו זיך אַזוי צעלאַכט ? — האָט דער „חתן" גע־פרעגט.

— כאַ־כאַ, דער פּאַן מלאַדי איז זיכער, אַז זיין פריערדיקע געליבטע לעבט נישט מער, אָבער אין דער אמתן לעבט זי און די פּאַננע רעגינע האָט זי אַליין געזען.

דעם דינסטמיידלס „חתן" האָט זיך אַ ווייל פאַרטראַכט, נאָך דעם האָט ער אַ זאָג געטאָן :

— דו ווייסט, אַז דו קאָנסט רייך ווערן ?

— ווי אַזוי — האָט זי פאַרוווּנדעט אָנגעקוקט.

— אויב דו ווייסט וועגן דער פּאַננע רעגינע אַזעלכע וויכטיקע סודות, קאָנסטו דאָך פון איר אויספּרעסן וויפל געלט דו ווילסט נאָר... און גלויב מיר, אַז זי וועט צאָלן. הער, נאָך איידער עס קומען פאָר די תנאים פּאָדער פון איר פינף טויזנט זלאָטעס און טאָמער וועט זי נישט געבן דאַן מעגסטו איר זאָגן, אַז עס וועט איר טייערער קאָסטן, דו הערסט ?

— ביזט געראַכט, מיין טייערער. איך דאַרף האָבן נאָך צוויי קליידער, דו אַ נייעם אַנצוג און וועגן אַ חתונה דאַרף מען דאָך אויך אַ טראַכט טאָן, נישט אמת מיין ליבער טאַדעאוש?

און דער דאַזיקער שיינער יונגערמאַן האָט אפילו נישט אין זינען געהאַט צו נעמען פאַר אַ ווייב דאָס דינסטמיידל פון די קייזערשטיינס, האָט ער פונדעסטוועגן געענטפערט:

— איך מיין טאַקע, אַז מיר זאָלן האָבן געלט חתונה צו האָבן... היינטיקע צייטן קאָן מען אָן געלט נישט פאַרלייגן קיין פאַמיליען־נעסט...

אַזוי ווי דאָס דינסטמיידל האָט אייַנגעזען, אַז איר „חתן" האָט רעכט, אַז אָן געלט קאָן מען נישט חתונה האָבן, האָט זי פעסט באַשלאָסן ביי זיך צו פאָלגן זיין עצה...

און דריי טעג פאַר די תנאים האָט זי דערקלערט רעגינען, אַז זי מוז האָבן פינף טויזנט זלאָטעס.

רעגינע האָט אויפן דינסטמיידל אויסגעשטעלט אַ פאַר פאַר־וווּנדעטע אויגן.

— וואָס, דו ביזט פון זינען אַראָפּ?! האָט זי אויסגערופן.

— איך בין ביי די קלאָרע געדאַנקען, פאַננאָ רעגינאָ... — האָט דאָס דינסטמיידל רואיק געענטפערט. — איך דאַרף צו האָבן פינף טויזנט זלאָטעס.

— ערשטנס האָב איך נישט אַזאַ סומע און צווייטנס פאַר וועלכן קומט דיר עפּעס פינף טויזנט זלאָטעס?

— פאַרן האַלטן ס'מויל, פאַרן שווייגן... — האָט דאָס דינסט־מיידל זיגעריש אַ שמייכל געטאָן.

— וואַ־אָס?!

— אַזוי איז עס, פאַננאָ רעגינאָ...

— דו שאַנטאַזשירסט מיך, האַ?

— איך קען מיך נישט אויף אַזעלכע ווערטער... איך פאַרשטיי נישט, וואָס מען מיינט... איך דערקלער אייך, אַז אויב איך וועל נישט האָבן קיין פינף טויזנט זלאָטעס — דאַן וועל איך אויפהערן צו שווייגן...

רעגינע איז טויט בלאַס געוואָרן. אירע אויגן האָבן אָנגעהויבן צו ברענען. זי איז געווען גרייט זיך צו וואַרפן אויף דעם דינסטמיידל און צו דערשטיקן זי אויפן אַרט.

אָ, דאָס דאַזיקע דינסטמיידל האָט אָנגעהויבן צו ווערן גע־פערלעך, זי ווייסט צופיל. מ׳דאַרף זי שטום מאַכן אויף אייביק!
אָבער רעגינע האָט מורא געהאַט מיט איר איינצורייסן. וואָס טוט מען? ווו נעמט מען פינף טויזנט זלאָטעס? נעמען ביי לעאָנען? אָבער ער וועט זיך דאָך פרעגן, אויף וואָס זי דאַרף דאָס געלט און וואָס פאַר אַ תּירוץ טראַכט מען אויס?

רעגינע איז געווען אין גרויס פאַרלעגנהייט. אַזוי אָבער ווי איר איז אין דעם מאָמענט איינגעפאַלן אַ געדאַנק, ווי אַזוי פּטור צו ווערן אויף שטענדיק פון דעם עדות פון אַלע אירע פאַלשקייטן און געמיינקייטן, האָט זי אַ זאָג געטאָן:

— נו גוט, דו באַקומסט די פינף טויזנט זלאָטעס, אָבער ערשט אין אַ וואָך אַרום...

— ניין, נישט אין אַ וואָך אַרום, נאָר שוין מאָרגן! — האָט דאָס דינסטמיידל פעסט אָפּגעענטפערט.

— וואָס האָסטו נישט קיין געדולד? דו קאָנסט דען נישט וואַרטן?

— איך וויל דאָס געלט פאַר אייערע תּנאים, פאַננאָ רעגינאָ, — האָט דאָס דינסטמיידל דערקלערט. — אויב איר וועט מיר פריער נישט געבן די סומע פון פינף טויזנט זלאָטעס, וועט איר דעם פאַן לעאָנס כּלה נישט זיין!... האָט דאָס דינסטמיידל אויסגערופן מיט אַ דראָענדיקן טאָן.

— וואָס האָסטו געזאָגט! — האָט רעגינעס פּנים זיך אַזש אויסגעקרימט פאַר שרעק און כּעס.

דאָס דינסטמיידל, פילנדיק, אַז זי האָט רעגינען אין די הענט, האָט רואיק געענטפערט.

— איך האָב געזאָגט, אַז אויב די פאַננאָ רעגינע וועט מיר נישט געבן ביז מאָרגן קיין פינף טויזנט זלאָטעס, וועלן די תּנאים מיטן פאַן לעאָן נישט פאָרקומען!...

— דו דראָעסט מיר? געדענק!

— איך דראָ אייך נישט, איך וויל נאָר געלט... — האָט דאָס דינסטמיידל דערקלערט מיט אַ ציניש שמייכל.

— פאַר אַזאַ זאַך וועסטו ביי מיר גיין אין קרימינאַל אריין! — האָט רעגינע געקריצט מיט די ציין.

— מיר דוכט זיך, פאַננאַ רעגינאַ, אַז פאַרן קרימינאַל דאַרפט איר ענדער מורא האָבן, ווי איך...

רעגינע איז טויט־בלאַס געוואָרן. זי האָט אין גאַנצן געציטערט פאַר אויפרעגונג. דאָס דאַזיקע דינסטמיידל ווייסט וועגן אַלע אירע סודות. אָ דאָס איז שרעקלעך!

וואָס טוט מען? ווו נעמט מען פינף טויזנט זלאָטעס, כדי זי צו מאַכן שווייגן?

און וואָס וועט שוין זיין, אַז זי וועט איר איצט געבן געלט? מאָרגן וועט זי קומען און וועט פאָדערן צען טויזנט.

ניין, דאָס איז נישט קיין פּלאַן. מען דאַרף פון דעם דאָזיקן דינסטמיידל פּטור ווערן אויף אַן אַנדער אופן — האָט רעגינע געטראַכט.

— הער אויס, — האָט זיך רעגינע געווענדעט צום דינסט־מיידל מיט אַ מילדערנעם טאָן. — צו וואָס זאָלן מיר זיך קריגן? צי קאָנען מיר נישט אַזעלכע זאַכן דערליידיקן אָן אַ קריגעריי. זאָג מיר, אַז איך וועל דיר געבן צוויי טויזנט זלאָטעס וועט עס דען זיין ווייניק?

— איך וועל אפילו קיין איין זלאָטע נישט אַראָפּלאָזן... — האָט דאָס דינסטמיידל געענטפערט מיט אַ חוצפּהדיקן טאָן.

— איך האָב דאָך אָבער דערווייל נישט קיין געלט...

— איר האָט אַ רייכן חתן, איר קענט ביי אים נעמען.

ווען רעגינע וואָלט איצט געקאָנט דערשטיקן דאָס דינסטמיידל און זי ערגעץ אַריינוואַרפן אין אַ טייך, אַזוי אַז מען זאָל נישט אַנטדעקן איר פאַרברעכן, וואָלט זי עס זיכער איצט געטאָן.

אָבער רעגינע האָט געוווּסט, אַז ווען זי דערמאָרדעט אינעם איצטיקן מאָמענט דעם לעבעדיקן עדות פון אירע נידערטרעכטיקע טאַטן, וואָלט זי נישט געווען אומשטאַנד צו פאַרווישן די שפּורן פון מאָרד.

האָט זי דעריבער נישט געהאַט קיין אַנדער ברירה און גע־נומען רעדן מיטן דינסטמיידל גוטע רייד.

דאָס דינסטמיידל איז אָבער ווייטער געווען איינגעשפּאַרט און דערקלערט:

— אויב איר וועט מיר נישט געבן ביז מאָרגן דריי אַ זייגער די פינף טויזנט זלאָטעס, וועט איר שטאַרק באַדויערן.

— וואָס קאָן זי מיר סוף־כל־סוף טאָן? — האָט רעגינע גע־טראַכט, אַרויסגייענדיק שוין פון געדולד. — פאַרוואָס האָב איך אייגנטלעך פאַר איר אַזוי מורא? ווער וועט איר גלויבן, אַז זי וועט ריידן? ווער וועט גלויבן אין די רייד פון אַ דינסט־מיידל?״

— איך גיב נישט קיין איין גראָשן! — האָט רעגינע אַ גע־שריי געטאָן,— און שוין זאָלסטו נעמען דיינע זאַכן און זיך פון דאַנען אָפּטראָגן! דו הערסט?

פאַננאָ רעגינע, איר וועט באַדויערן, — האָט דאָס דינסט־מיידל געגרעדט מיט אַ דרייענדיקן טאָן.

— שוין זאָלסטו זיך פון דאַנען אָפּטראָגן, דו הערסט?!... האָט זיך רעגינע אינגאַנצן געוואָרפן פון כעס.

— איך וועל זיך טאַקע אָפּטראָגן פון דאַנען, — האָט דאָס דינסטמיידל געענטפערט, — אָבער איר וועט דערפאַר טייער באַצאָלן... זייט זיכער, אַז עס וועט אייך טייערער קאָסטן, ווי פינף טויזנט זלאָטעס...

— אַרויס פון דאַנען! — האָט רעגינע געגעבן אַ געשריי.

דאָס דינסטמיידל איז אַרויס פון צימער, נישט רעדנדיק מער קיין וואָרט.

— — — — — — — — — — — — — —

אין דעם טאָג פון די תנאים האָט רעגינע אין גאַנצן פאַרגעסן אָן די דראָאונגען פונעם דינסטמיידל.

איבעריקנס האָט זי נישט געגלויבט אַז די דראָאונגען וועלן ווערן אויסגעפירט, זי האָט נישט געגלויבט, אַז דאָס דינסטיימדל וועט וואַגן אַזאַ זאַך צו טאָן.

אין דעם טאָג פון די תנאים האָט רעגינע באַקומען צענדליקער בוקעטן בלומען. כמעט אַלע צימערן פונעם פּאַלאַץ אויף אַלייע אויאזדאָווסקע זענען פול געווען מיט רויזן, ליליען און כריזאַנטעמען.

ספּעציעל־געדונגענע קוכערס און העלפערס האָבן געקאָכט די טייערסטע מאכלים און סערווירט די טישן.

אויף די מיט ווייסע טישטוכער געדעקטע טישן האָבן געפינקלט פלעשער מיט די טייערסטע ווייַנען און ליקערן, עס האָבן שימע־רירט קרישטאָלענע בעכערס און באָקאַלן.

אַ קלייניקייט — איינער פון די רייכסטע יונגע יידן אין

וואַרשע, דער מאַגנאַט לעאָן קייזערשטיין שרייבט תנאים! עס זענען געווען איינגעלאַדן באַנקירן, הויזווירטן, אַדוואָקאַטן, דאָקטוירים, אינזשיניערן.

רעגינע האָט געטראָגן אַ פּרעכטיק זיידן קלייד, וואָס איז געווען אויסגעהאָפטן מיט די טייערסטע קאָראָנקעס. אין די האָר האָט זי געטראָגן אַ בריליאַנטענעם דיאַדעם, וואָס האָט וווּנדערלעך שיין געפינקלט.

אַלע געסט זענען געווען אַנטציקט מיט איר שיינקייט און פּרעכטיק קלייד בלויז איין לעאָן איז געווען גלייכגילטיק צו זיין כלה, בלויז ער אַליין האָט זיך נישט אַנטציקט מיט איר שיינקייט.

און כאָטש אַרום אים האָט געהילכט אַ פריילעך געלעכטער פון די צענדליקער געסט, עלעגאַנט געקליידעטע הערן און דאַמען, כאָטש אין די באָקאַלן האָט געשוימט דער שאַמפּאַניער, כאָטש נעבן אים איז געזעסן רעגינע אַ שיינענדיקע און שמייכלענדיקע, — זענען לעאָנס געדאַנקען געווען ערגעץ ווייט, ווייט פון דאַנען, אין גאָר אַן אַנדער וועלט.

ער האָט נישט געזען די העלע זשיראַנדאָלן מיט די צענט־ליקער לאָמפּן, ער האָט נישט געזען די געסט אַרום, פאַר זיינע אויגן האָט געשוועבט דאָס געשטאַלט פון סאַבינען...

— אַך, פאַרוואָס איז דער גורל אַזוי אומדערבאַרמדיק? — האָט ער געטראַכט, — ווי גליקלעך וואָלט איך זיך געפילט, ווען נעבן מיר זיצט איצט סאַבינע, ווען סאַבינע טראָגט איצט אַזאַ פּרעכטיק כלה־קלייד.

— צי פיל איך דען עפּעס צו מיין קוזינקע? אַבסאָלוט גאָר־נישט! איך האָב זי דאָך נישט ליב און נאָר אויפן ווונטש פונעם גייסט פון מיין טייערער סאַבינע, פאַרבינד איך זיך מיט איר... ווען נישט סאַבינעס גייסט, וואָס האָט זיך צו מיר באַוויזן, וואָלט איך דאָך קיינמאָל מיט רעגינען קיין תנאים נישט געשריבן.

זעענדיק, אַז ער זיצט אַ פאַרטראַכטער און גלייכגילטיקער צו איר, האָט רעגינע געפרעגט:

— מיין טייערער, וואָס איז דיר? פאַרוואָס ביסטו אַזוי אומ־מעטיק?

ער האָט געצוווּנגען אַ שמייכל געטאָן, ווייל ער האָט נישט

געוואָלט, אַז די געסט זאָלן באַמערקן זיין שלעכטע שטימונג און האָט געענטפערט:

— איך בין גאַנץ פריילעך, דאָס דוכט זיך דיר בלויז אַזוי אויס, מיין טייערע.

אָבער רעגינען האָט זיך נישט אויסגעדוכט. זי האָט געהאַט אַ זייער גוט אויג און האָט גוט באַמערקט, אין וואָס פאַר אַן אומעטיקער שטימונג לעאָן געפינט זיך.

זי האָט פאַרשטאַנען און געפילט, אַז לעאָן טראכט איצט וועגן סאַבינען, אַז אַלע זיינע געדאַנקען זענען איצט ביי דער קראַנקן־שוועסטער... אַלס פרוי האָט זי געפילט, אַז לעאָן האָט זי נישט ליב. אַז זיין צערטלעכע באַציאונג צו איר איז נישט מער ווי אַ געקינסטלטע.

אין רעגינען האָט אויפגעבראַזט אַ שטאַרקע שנאה צו לעאָנען. זי האָט ביי זיך באַשלאָסן, אַז באַלד נאָך דער חתונה וועט זי זיך נוקם זיין אָן לעאָנען פאַר זיין גרינגשעצונג צו איר.

נאָך דעם ווי זיי וועלן מאכן חתונה־אַקטן און שטעלן אַ חופּה נאָך דעם, ווי דאָס גאַנצע פאַרמעגן לעאָנס וועט זיין איבערגעשריבן אויף איר נאָמען, וועט זי זיך שוין באַמיען, אַז ער זאָל לאַנג נישט לעבן.

און אַזעלכע זאַכן קאָן מען זייער לייכט מאַכן, בפרט אַן אייגן ווייב... איצט פילט זי, ווי זי האַסט אים, ווי זי האָט אים פיינט! זאָל נאָר זיין נאָך דער חתונה, וועט זי שוין וויסן, וואָס זי האָט צו טאָן.

די געסט האָבן, פאַרשטייט זיך, נישט געוווּסט, וואָס עס טראַכט דער חתן און וואָס פאַר אַ פאַרברעכערישע געדאַנקען עס האָט די כלה. זיי האָבן זיך דערווייל גוט געוויילט.

אַלע ווײַלע האָט מען געעפנט נייע פלאַשן ווײַן, די קעלנער האָבן דערלאַנגט אויף גרויסע טאַצן טייערע מאכלים, עטלעכע פידלער האָבן געשפּילט פריילעכע מאָטיוון. עס איז געווען היימלעך און פריילעך.

---

לייענט און רעקאָמענדירט אייערע פריינט צו לייענען דעם ראָמאַן. ווער עס וויל באַקומען די פריערדיקע נומערן, זאָל שרייבן צו: „חברת שלה", רח' גדוד העברי 64 און צושיקן דעם באַטרעף פון 50 אגורה אַ בראָשור.

---

דפוס „אור" בע"מ פאַרלאַג „תקוה"

# סאבינע



## ראָמאַן
## פון אַ קראַנקן־שוועסטער

---

נומער 11

מיטאַמאָל האָט זיך אין דרויסן געהערט עפּעס אַ גערויש אין אָנהויב האָט קיינער נישט געלייגט קיין אַכט אויף דעם דאָזיקן גערויש. מ׳האָט ווייטער געטרונקען דעם שאַמפּאַניער און געלאַכט און זיך געוויצלט.

אָבער פּלוצלונג האָט זיך דערהערט אַ פרויען־שטים:

— לאָזט מיך אַריין! לאָזט מיך אַריין!

רעגינע איז טויט בלאַס געוואָרן. זי האָט דערקענט די שטים פון דעם דינסטמיידל. זי האָט זיך געוואָלט אויפשטעלן, שנעל אַריינגיין אין פאָדערצימער און אָנזאָגן דער דינערשאַפט, אַז מ׳זאָל דאָס דינסטמיידל נישט אַריינלאָזן, אָבער אין דעם מאָמענט האָבן זיך אין זאַל אַריינגעריסן, ווי אַ ווירבער, דאָס דינסטמיידל מיט איר חתן.

און איידער די דערשטוינטע געסט האָבן זיך אָריענטירט, ווער עס איז די פרוי און דער מאַן, וואָס האָבן זיך אַריינגעריסן אין זאַל, האָט דאָס דינסטמיידל זיך אַוועקגעשטעלט אויף אַ שטול און גענומען שרייען:

— דערלאָזט נישט צו די דאָזיקע תנאים! מענטשן, דאָ קומט פאָר אַ גרויסער שווינדל און פאַרברעכן! זאָלן אַלע וויסן, אַז דאָ קומט פאָר אַ שרעקלעכע זאַך!...

קאַפּיטל איין און צוואַנציק

## אַ פרוי אָן ווירדע

אַדאָלף מאָרגענטאַל איז געזעסן אין זיין קאַבינעט און איז געווען פאַרטיפט אין פאַרשידענע רעכענונגען.

דער דינער האָט אים געמאָלדן, אַז עפּעס אַ יונגע דאַמע וויל זיך דורכאויס זען מיטן הער.

— אַ יונגע דאַמע? ווער קאָן דאָס זיין? — איז אַדאָלף מאָרגענטאַל געווען שטאַרק נייגעריק.

ער האָט אַוועקגעלייגט די רעכענונגען אין אַ זייט און געהייסן דעם דינער אַריינרופן די אומבאַקאַנטע דאַמע.

אין מאָרגענטאַלס קאַבינעט איז מיט נישט קיין דרייסטע שריט אַריינגעקומען אַ יונגע, באַשיידן־געקליידעטע דאַמע.

זי האָט זיך לייכט פאַרנויגט און געבליבן שטיין אַ שווייגנדיקע.

— מיט וואָס קאָן איך אייך דינען? — אָט אַדאָלף מאָרגענטאַל מיט נייגעריקע בליקן באַטראַכט די דאַמע.

— אַנטשולדיקט מיר זייער... איך.... איך... — האָט די יונגע דאַמע געשטאַמלט און זיך געשטיקט מיט די רייד.

דער באַנקיר אַדאָלף מאָרגענטאַל איז געווען זיכער, אַז די יונגע דאַמע איז געקומען צו אים וועגן אַ פּאָסטן אין זיין באַנק, נישט איינמאָל האָט זיך געטראָפן, אַז יונגע דאַמען פלעגן צו אים קומען בעטן וועגן געבן זיי אַ פּאָסטן.

— זאָגט מיר, וואָס פאַרלאַנגט איר? — האָט ער אומגעדולדיק געפרעגט.

— איך? איך פאַרלאַנג גאָרנישט, הער דירעקטאָר...

— איר פאַרלאַנגט גאָרנישט, המ... וואָס דען זענט איר צו מיר געקומען? ווער זענט איר אייגנטלעך?

— איך? איך, הער דירעקטאָר בין... בין... אַ געוויינלעך דינסטמיידל.

— אַ געוויינלעך דינסטמיידל?...— האָט זי אַדאָלף מאָרגענטאַל אָנגעקוקט מיט אַ געוויסן חשד. — וואָס פאַרלאַנגט איר? רעדט שנעלער, ווייל איך האָב נישט קיין צייט.

— איך האָב דאָך אייך געזאָגט, הער דירעקטאָר, אַז איך פאַרלאַנג גאָרנישט...

— אָבער זאָגט, וואָס איר ווילט...

— איך... איך בין געקומען אייך דערציילן אַז...

— אַז וואָס? — האָט אַדאָלף מאָרגענטאַל איר בייז איבערגעריסן.

— אַז אייער פרוי באַזוכט דאָס שלאָפצימער פון אַ פרעמדן מאַן...

אַדאָלף מאָרגענטאַל האָט זיך אזש האַסטיק אַ ריס געטאָן פון זיין אָרט, דערהערנדיק די דאָזיקע רייד.

— מיין פרוי? פון וואַנען ווייסט איר וועגן דעם?

— פון וואַנען איך ווייס? איך בין אַליין געווען אַן עדות דערפון.

— ווער זענט איר?...

— איך האָב דאָך אייך שוין געזאָגט. איך בין אַ דינסטמיידל...

— ביי וועמען?

—ביים דאָקטאָר יעזשי לעוואַנדאָווסקי... היינט איז אייער פרוי געווען ביי מיין הער אין שלאָפצימער... וואָס זיי האָבן דאָרטן געטאָן ווייס איך נישט, אָבער איך מיין, אַז דאָס איז שוין נישט אַזוי וויכטיק... — האָט דאָס פּיפּיקע דינסטמיידל פילזאָגנדיק אַ שמייכל געטאָן.

— פון וואַנען ווייסט איר, אַז דאָס איז געווען מיין פרוי?

— איך קאָן זי גראָד... זי פלעגט אַריינקומען אין אַ געוויסער שטוב, ווו איך האָב געדינט...

— איר זענט זיכער, אַז דאָס איז די זעלבע?

— אָט דאָס איז איר פּאָרטרעט... — ווייזט אָן דאָס דינסט־מיידל אויף אַ פּאָרטרעט, וואָס איז געהאָנגען אויף דער וואַנט.

— איז מיין פרוי געווען היינט אין דעם שלאָפצימער פון דאָקטאָר לעוואַנדאָווסקי?!... — קריצט אַדאָלף מאָרגענטאַל מיט די ציין פאַר אויפרעגונג.

— פאַרוואָס גלויבט איר מיר נישט, הער דירעקטאָר? איך וואָלט צו אייך נישט געקומען דערציילן די געשיכטע. וואָס גייט מיך אָן, וואָס עמיצנס אַ ווייב קריכט אין שלאָפצימער צו אַ צווייטן מאַן? אַזעלכע זאַכן געשעען היינט זייער אָפט... מיר, דינסט־מיידלעך, האָבן אַ סך צו דערציילן וועגן דעם. אויב איך בין געקומען צו אייך, הער דירעקטאָר, איז עס דערפאַר, ווייל איך וויל זיך נוקם זיין אָן מיין הער, וועלכער האָט מיך היינט אַרויסגעוואָרפן פון פּאָסטן דערפאַר, ווייל ער האָט זיך דערוווסט אַז איך ווייס וועגן זיינע באַציאונגען מיט אייער פרוי, הער דירעקטאָר...

— און איר זענט גרייט אפילו עדות צו זאָגן אין געריכט, אַז איר האָט געזען, ווי מיין פרוי האָט צוזאַמען פאַרברענגט מיטן דאָקטאָר לעוואַנדאָווסקי אין זיין שלאָפצימער?

— יאָ, איך בין גרייט... — האָט דאָס דינסטמיידל געענטפערט.

אַדאָלף מאָרגענטאַל האָט אַרויסגענומען אַ פינפער זלאָטי און דערלאַנגט דעם דינסטמיידל אָבער זי האָט זיך אָפּגעזאָגט צו נעמען.

— איר באַליידיקט מיך, הער דירעקטאָר, איך האָב אייך שוין געזאָגט, אַז איך בין געקומען אַהער צו דערציילן אייך די גאַנצע געשיכטע נאָר דערפאַר, ווייל איך וויל מיך נוקם זיין אָן מיין שעף, וועלכער האָט מיך באַזייטיקט פון פּאָסטן.

— אויב אַזוי דאַנק איך זייער, — האָט מאָרגענטאַל דער־קלערט. — איך בעט איך צו זיין גרייט אַרויסצוטרעטן אַלס עדות, ווען עס וועט נויטיק זיין...

— איך וועל שטענדיק זיין גרייט... — האָט דאָס דינסטמיידל געענטפערט.



אין צוויי שעה אַרום, ווען מאַרילע איז געקומען אַהיים, האָט זי דעם פאַן אירן אין עס צימער נישט געטראָפן.

דער דינער האָט איר איבערגעגעבן, אַז דער פאַן האָט היינט געגעסן דאָס אָוונט־ברויט איינער אַליין, דערקלערנדיק, אַז ער וועט נישט וואַרטן אויף דער פאַני.

— הם... דאָס טרעפט זיך דאָס ערשטע מאָל... — האָט זיך מאַרילא שטאַרק געוווּנדערט. — עס האָט געמוזט עפּעס געשען.

— ווו איז דער פאַן? — האָט זי האַסטיק אַ פרעג געטאָן.

— ביי זיך אין קאַבינעט.

מאַרילע האָט אָנגעקלאַפּט אין איר מאַנס קאַבינעט.

— ווער איז? — האָט זי געהערט אַ בייזע שטים פון אינווייניק.

— איך... עפן.

— מאָרגענטאַל האָט אויפגעשלאָסן די טיר און ווען מאַרילע איז אַריינגעקומען, האָט ער זי אָפּגעמאָסטן מיט אַ בייזן בליק.

— וואָס קוקסטו אויף מיר אַזוי? — האָט זי געפרעגט. — וואָס איז געשען? — פאַרוואָס האָסטו נישט געוואַרט מיטן אָוונט־ברויט אויף מיר?

אָנשטאָט צו ענטפערן אויף איר פראַגע, האָט ער בייז אַ פרעג געטאָן:

— ווו ביסטו געווען היינט אַ גאַנצן נאָכמיטאָג?

— ווער, איך?... — האָט מאַרילע אים פאַרשנד אָנגעקוקט, ווילנדיק וויסן, צי ער ווייסט עפּעס, אָדער ער פרעגט זי סתם אַזוי...

— דו, דו... איך פרעג ווו דו ביסט געווען?

— דאָ, ווו איך האָב געדאַרפט צו זיין...

ער האָט זיך אויפגעשטעלט, איז צוגעגאַנגען צו איר נענטער און, אַריינקוקנדיק איר שאַרף אין די אויגן, האָט ער געפרעגט:

— ווער איז דאָס דער דאָקטאָר לעוואַנדאָווסקי?

אַנשטאָט אַן ענטפער האָט זיך מאַרילע צעלאַכט מיט אַ הילכיק געלעכטער.

— דו לאַכסט נאָך ? — האָט מאָרגענטאַל געקריצט מיט ציין.

— וואָס דען, וויינען זאָל איך, הערנדיק, ווי דו רעדסט אַזעלכע נאַרישקייטן... — לאַכט מאַרילע.

— ענטפער, ווער איז דער דאָזיקער דאָקטאָר לעוואַנדאָווסקי ? וואָס האָסטו היינט געטאָן ביי אים אין שלאָפצימער ?

— כאַ־כאַ־כאַ־כאַ... — האָט זיך מאַרילע געהאַלטן ביי די זייטן פון געלעכטער.

— הער אויף צו לאַכן ! — האָט מאָרגענטאַל געשריגן. — דו פאַראַטסט מיך, דו קריכסט צו אַ פרעמדן מאַן אין שלאָפצימער און דו וואַקסט נאָך צו לאַכן ?!...

— איך מוז לאַכן, ווייל איך האָב אויסגעשטעלט דיינע באַצאָלטע דעטעקטיוון פאַר פרייערס...

— דו האָסט זיי אויסגעשטעלט פאַר פרייערס ? זעסט דאָך, אַז זיי האָבן מיר געבראַכט די ידיעה, אַז דו ביסט געווען ביים דאָקטאָר לעוואַנדאָווסקי אין שלאָפצימער...

— זיי האָבן דיר געבראַכט די ידיעה ? כאַ־כאַ־כאַ, איך האָב זיי דאָך אָפּגענאַרט... איך שווער דיר ביי גאָט, אַז צווישן מיר און דעם דאָזיקן דאָקטאָר לעוואַנדאָווסקי איז גאָרנישט פאָרגע־קומען... אמת איז, אַז ער האָט שטאַרק געוואָלט מיך האָבן אין זיינע אָרעמס, אָבער איך האָב אים געגעבן אַזאַ ענטפער, אַז ער האָט זיך תיכף געמוזט פון מיר אָפּטשעפּען...

— אָבער ווי קומסטו צום דאָקטאָר לעוואַנדאָווסקי אין שלאָפ־צימער ? — וווּנדערט זיך נאָך אַלץ דער באַנקיר.

— דאָס ביסט דו שולדיק דערין ! זעענדיק, אַז דיינע געדונגענע דעטעקטיוון פאַרפאָלגן מיך אויף שריט און טריט האָב איך איינמאָל פאַר אַלע מאָל באַשלאָסן פטור צו ווערן פון די דאָזיקע לייט.

— וואָס זשע האָב איך געטאָן ? איך האָב זיך פאַרקליידט פאַר אַ מאַן און זיך געלאָזט פאָרן אויף אַ ראָווער. פאַרשטייט זיך, אַז די דעטעקטיוון האָבן מיך באַלד פאַרלוירן פון אויג, אָבער דערפאַר איז געשען אַן אַנדער אומגליק. — אין מיינע מענערישע קליידער האָט מיך די פּאָליציי אָנגענומען פאַר אַ פאַרברעכער,

װעלכן זי האָט געזוכט. עטלעכע געהײם־אַגענטן און פּאָליציאַנטן האָבן מיר גענומען נאָכיאָגן.

— איך בין שנעל אַרײַנגעפּאָרן אין אַ הויף, בין אַרויף אויף די ערשטע, בעסטע טרעפּ, האָב אָנגעקלונגען אין דער ערשטער, בעסטער טיר און זיך אויסבאַהאַלטן אין אַ פרעמדער שטוב.

— דער אײגנטימער פון דער דאָזיקער פרעמדער שטוב האָט זיך אַרויסגעוויזן אַלס אַ געוויסער דאָקטאָר לעוואַנדאָווסקי. ער איז געווען אויף אַזוי פיל פײַן און אײדל, אַז ער האָט מיר אויס־באַהאַלטן בײַ זיך אין שלאָפצימער. איך האָב באַלד דאָרט זיך אָנגעטאָן אין זײַן פרויס קלײדער און אַזוי אַרום זיך געראַטעוועט פון דער פּאָליציייס הענט און פון אַן אומאָנגענעמער געשיכטע.

— פאַרשטײט זיך, אַז דער דאָקטאָר לעוואַנדאָווסקי האָט געוואָלט אַ באַשטימטע באַלוינונג פאַר זײַן אײדעלער און דרײסטער האַנדלונג אָבער מער ווי אַ קוש האָב איך אים נישט דערלויבט מיר צו געבן... איך בין אַן ערלעכע און געטרײַע פרוי!

— אויב דו האַלטסט, — האָט מאַרילע אויסגערופן מיט אַ באַ־לײדיקטן טאָן, — אַז דער דאָזיקער קוש איז געווען אַ פאַרברעכן, אַז מיט דעם דאָזיקן קוש האָב איך דיך פאַראַטן, האָסטו אַ ברירה מיך צו גטן... גאָט איז מײַן עדות, אַז אז איך האָב דיך קײנמאָל נישט פאַראַטן, אַז איך בין דיר אַלעמאָל געווען געטרײַ...

— נײן. דו האָסט מיך נישט ליב... — האָט זי געמאַכט זיך ווישן די מכלומרשטע טרערן... — ווי קאָן אַ מאַן קומען מיט אַזאַ אומזיניקע באַשולדיקונג קעגן אַן אײגענער פרוי... — אַך, איר מענער!... — האָט זי זיך געמאַכט װײנען.

אירע פאַלשע טרערן האָבן מאַרגענטאַלן גערירט. ער איז געווען בײז אויף זיך, פאַרוואָס ער האָט געגלײבט אין די רייד פון עפּעס אַ דינסטמײדל.

— מן הסתם האָט דאָס דינסטמײדל ספּעציעל געוואָלט אָנמאַכן אַן אינטריגע... — האָט מאַרגענטאַל געטראַכט און גענומען איבער־בעטן זײַן ווײַב.

— זײַ מיר מוחל, איך האָב נישט געוווסט...

אָבער מאַרילע האָט באַשלאָסן ווײַטער צו שפּילן איר קאָמעדיע.

— מוחל זײַן? אָ, נײן! — האָט זי אויסגערופן — אַזעלכעס קאָן מען אַזוי שנעל נישט מוחל זײַן...

מאָרגענטאַל האָט אָנגענומען מאַרילען ביי דער האַנט און געפּרעדט צו איר מיט אַ צאַרטער שטים:

— אָבער פאַרשטיי, טייערע מאַרילע איך בין דאָך נישט שולדיק. ס׳איז געקומען עמיצער און האָט מיר דערציילט, אַז מען האָט דיך געזען אַריינגיין אין שלאָפצימער פון דאָקטאָר לעוואַנדאָווסקי... זעסט דאָך, אַז עס שטימט... איך האָב אָבער נישט געוווסט וואָס מיט דיר איז געשען... זיין מיר מוחל, טייערע...

— איך וואָלט דיר מוחל געווען, אָבער איך ווייס דאָך, אַז מאָרגן וועסטו ווידער קומען מיט אַ נייער געשיכטע... — האָט מאַרילע געמאַכט דעם אָנשטעל.

— ניין, ניין, מאַרילע טייערע, איך פאַרזיכער דיך, אַז איך וועל שוין מער דיך נישט באַשולדיקן אומזיסט און אומנישט... איך ווייס, אַז דאָס פאַרשאַפט דיר ליידן...

מאַרילע האָט נאָך אַלץ ווייטער געמאַכט דעם אָנשטעל, אַז זי איז שרעקלעך באַליידיקט פון איר מאַן, אָבער סוף כל סוף האָט זי זיך געלאָזט איבערבעטן.

אַ געוויסע צייט האָבן ווייב און מאַן געלעבט בשלום, אַדאָלף מאָרגענטאַל האָט מער נישט נאָכגעשיקט נאָך זיין ווייב קיין דעטעקטיוון און האָט געגלייבט אין יעדן וואָרט אירס.

טאָמער האָט ער אָנגעהויבן צו צווייפלען אין עפּעס וואָס זי האָט דערציילט, האָט זי באַלד אַ זאָג געטאָן:

— ביסט מיך שוין ווידער חושד? אָך, דו שלעכטער מענטש!

כאָטש מאָרגענטאַל האָט זיך צוריק איבערגעבעטן מיט זיין פרוי איז אים פונדעסטוועגן נישט איינמאָל געקומען אויפן זינען דאָס סימפּאַטישע געשטאַלט פון דער יונגער אומגליקלעכער פרוי גליקסאָן, וועלכע איז געווען זיין סעקרעטאַרקע.

איינמאָל איז די פרוי גליקסאָן אַריינגעקומען אין מאָרגענטאַלס קאַבינעט מיט פאַרוויינטע אויגן.

— וואָס איז געשען? — האָט ער זי געפרעגט מיט אַ מיטפילנדער שטים.

— אַך, הער שעף, איך בין אַזוי אומגליקלעך... — פאַרוואָס איז דער גורל צו מיר אַזוי אומברחמנותדיק?...

— אָבער זאָגט מיר, וואָס ס׳איז געשען?

די פרוי גליקסאָן איז געבליבן שטיין אָן איבערראַשטע און איר שווער קראַנק געוואָרן. אַזוי, ווי ס'איז נישטאָ ווער ס'זאָל זיך פאַרנעמען מיטן קינד, בעט זי, אַז דער שעף זאָל איר געבן אַ צוויי־וואָכיקן אורלויב.

— איך וועל פאַר אייך אַלץ טאָן, טייערע פרוי גליקסאָן! — האָט מאָרגענטאַל אויסגערופן.

דאָס ערשטע מאָל זינט ער קען זי, האָט ער באַנוצט דאָס וואָרט „טייערע". ער האָט זיך אַליין געוווּנדערט, וואָס דאָס דאָזיקע וואָרט האָט זיך אים אַרויסגעכאַפּט פון מויל.

די פרוי גליקסאָן האָט אים אָנגעקוקט מיט דאַנקבאַרע בליקן און געזאָגט:

— ווען נישט איר, ליבער הער מאָרגענטאַל, וואָלט איך שוין לאַנג זיך נישט געפונען צווישן די לעבעדיקע... איך דאַנק אייך זייער.

— איר דאַרפט דאָך, אַוודאי אויף רעצעפּטן און דאָקטוי־רים... — האָט מאָרגענטאַל אַרויסגענומען דעם פּאָרטפעל פון טאַש. — אָט האָט איר הונדערט זלאָטעס.

די פרוי גליקסאָן האָט דערציילט, אַז איר איינציק קינד איז אירע אויגן זענען ווידער פול געוואָרן מיט טרערן.

— נו, נעמט די הונדערט זלאָטעס... עס מאַכט נישט אויס, — האָט מאָרגענטאַל דערקלערט, — יעדער מענטש דאַרף דעם אַנדערן אַרויסהעלפן, אויב דער אַנדערער איז אין אַ נויט.

— אַך, הער מאָרגענטאַל... איך ווייס נישט מיט וואָס איך זאָל דאַנקען... איך בין דאָך אַזוי אָרעם... ווען וועל איך אייך קאָנען אָפּצאָלן פאַר אייער גוטסקייט!...

— איך פאָדער נישט קיין שום באַצאָלונג... מיין פליכט איז צו העלפן אייך אין אַ נויט...

און אָט דעם דאָזיקן זעלטן גוטן מענטש, אָט דעם מאָן מיטן קרישטאָל־ריינעם האַרץ האָט מאַרילע ווייטער נישט אויפגעהערט צו פאַרראַטן...

איינמאָל איז אַדאָלף מאָרגענטאַל אין געשעפטלעכע אָנגעלעגנהייטן אַוועקגעפאָרן קיין ווין, וווּ ער האָט פאַרבראַכט אַ וואָך צייט.

מאַרילע איז דאָן אין איר שלאָפצימער נישט געשלאָפן אַליין. שפּעט ביינאַכט, ווען דאָס דינסטמיידל איז שוין געשמאַק געשלאָפן אין דעם צימערל פאַר דינסטן, פלעגט מאַרילע אַראָפּגיין פון בעט, אויף די שפּיץ־פינגער זיך צושלייכן צו דער טיר און זי שטילערהייט עפענען.

דאָס פלעגט צו איר נאַכט־ביינאַכט קומען דער שוין אונדז באַקאַנטער הערמאַן גרינפעלד, מאַרילעס ליבעס־קרבן.

נאָך אין פאָדערצימער פלעגט ער זי אַרומנעמען און צוטוליען צו זיך און די פולע גלידער אירע, וואָס פלעגן זיך אַזוי בולט אויסטיילן אונטער דעם דינעם זיידענעם שלאָפראָק, האָבן פשוט אָנגעצונדן אַ פייער אין הערמאַן גרינפעלדס האַרץ.

זי פלעגט קאָנען אַזוי שטאַרק צערייצן זיינע געבליטן, אַז ער פלעגט זיך פילן אין אירע אָרעמס, ווי אַ שכורער און נישט איינמאָל פלעגט ער זאָגן:

— וויפל איך טרינק נישט פון דעם בעכער פון דיין ליבע — קאָן איך נישט לעשן דעם דורשט, וואָס פאַרצערט מיין נשמה. איך טרינק און טרינק און בין כסדר דורשטיק.

אַדאָלף מאַרגענטאַל האָט געשריבן זיין ווייב, אַז ער וועט קומען פון זוין זונטיק אינדערפרי. ער האָט געבעטן, אַז זי זאָל אים אָפּוואַרטן ביי דער באַן.

אויב איר מאַן קומט זונטיק אינדערפרי, קאָן זי דאָך דרייסט איינלאַדן צו זיך אין שלאָפצימער אויף דער שבתדיקער נאַכט הערמאַן גרינפעלדן.

זאָל דער נאַרישער הערמאַן נאָכאַמאָל זיך אָנטרינקען מיט איר ליבע. קיינמאָל ווערט ער דאָך נישט זאַט, אַלעמאָל וויל ער נאָך און נאָך...

ווען דאָס דינסטמיידל איז שוין געשמאַק געשלאָפן, איז מאַרילע אַראָפּ פון בעט אינעם בלויזן העמד, האָט זיך צוגעשלייכט צו דער טיר און זי געעפנט. דער פאַרליבטער הערמאַן גרינפעלד האָט זיך שטיל אַריינגעגנבעט.

אין פופצן מינוט אַרום איז שוין הערמאַן געלעגן אַ שכורער אין מאַרילעס אָרעמס...

— טייערע... וווּנדערבאַרע... שטיל מיין דורשט... לעש דאָס

פייער, וואָס ברענט אין מיינע אָדערן... — האָט ער געשעפטשעט אַ פּאַרשכורטער.

פּלוצלונג האָבן ביידע אויפגעציטערט. אין דער פּראַנטאַווער טיר האָט זיך דערהערט אַ שאַרפער קלונג.

— ווער קאָן דאָס זיין? — האָט מאַרילע אויפגעצאַפּלט און זיך באַפרייט פון הערמאַנס אָרעם.

— אפשר דיין מאַן... — האָט הערמאַן גרינפעלד אַ ציטער געטאָן.

— מיין מאַן? וואָס פאַלט דיר איין? ער קומט ערשט מאָרגן אינדערפרי.

— מוז עס זיין פּאָליציי.

— פּאָליציי? — איז מאַרילע פול מיט שרעק, — ווי קומט צו מיר אין דער ווינונג פּאָליציי? וואָס, כ'מאַך פאַלש געלט?

— טאָ ווער קאָן דאָס זיין?

— כ'הויב נישט אָן צו וויסן...

— און אפשר, איז עס פאַרט דיין מאַן? — ציטערט אויף הערמאַן גרינפעלדן די הויט.

„אפשר טאַקע, — טראַכט מאַרילע און אַ קעלט גייט איר אַריבער איבער אַלע גלידער, — וואָס טוט מען, ווו באַהאַלט מען אויס דעם געליבטן?"

דאָס קלינגען הערט נישט אויף, ס'ווערט אַלץ העפטיקער און שטאַרקער.

מאַרילע האָט מורא, אַז דאָס דינסטמיידל זאָל זיך נישט אויפוועקן. זי וועט דאַן לויפן עפענען די טיר און אויב דאָס איז טאַקע מאַרילעס מאַן וועט ער זי דאַך פּאַקן אויף דער סאַמע הייסער מינוט מיט אַ פרעמדן מאַן אין שלאָפצימער...

— הער, טו זיך שנעל אָן, איינס צוויי, — צינדט זי אָן דאָס עלעקטרישע ליכט, — איך וועל דיך אַרויסלאָזן דורך דער הינטערשטער טיר. איך האָב טאַקע דעם איינדרוק, אַז דאָס איז מיין מאַן..

— דיין מאַן? וואָס רעדסטו? — מאַכט הערמאַן גרינפעלד אַ זויערע מינע.

ער נעמט זיך שנעל אָנטאָן. מאַרילע איילט אים געוואַלדיק,

ווייל דאָס קלינגען רייסט שוין פּשוט די אויערן און דאָס דינסט־מיידל קאָן זיך באַלד אויפכאַפּן פון שלאָף.

און וואָס מער הערמאַן גרינפעלד יאָגט זיך, וואָס מער מאַרילע איילט, אַלץ לענגער געדויערט דאָס אָנטאָן.

עס פאַלט אים כסדר פון די הענט. אַט שטעקט ער אַריין דעם רעכטן פוס אין דער לינקער הויז, אַט גייט נישט אַריין דער פוס אין לאַטש, אַט צעברעכט זיך אים אַ ספּינקע פונעם קאָלנער און קיין אַנדער ספּינקע אונטער דער האַנט האָט ער נישט.

— אוי, זאָלן אַלע מענער פון ווייבער געהרגעט ווערן!... — זידלט ער זיך און סאָפּעט שווער.

— נו, שנעלער, שנעלער, דו הערסט נישט, ווי דאָס עלעקט־רישע גלעקל מאַכט געוואַלדן? — איז מאַרילע אויפגערעגט.

— נו, וואָס זאָל איך טאָן, אַז דער לאַטש גייט נישט אַריין... עך, זאָל עס דער טייוול נעמען!

— אָבער, הערמאַן, דו טאָרסט זיך דאָ קיין איין סעקונדע לענגער נישט געפונען! — קריצט מאַרילע מיט די ציין.

— כ׳קאָן דאָך אָבער נישט אַראָפּגיין אויף דער גאַס קיין נאַקעטער! — סאָפּעט הערמאַן גרינפעלד און ציט מיט אַלע כוחות דעם ענגן לאַטש אויפן פוס אַרויף.

— איך בין פאַרלוירן! — פאַרברעכט מאַרילע פּלוצלונג די הענט און מאַכט אַזאַ פאַרצווייפלטע מינע, אַז הערמאַן גרינפעלד דערשרעקט זיך אַזש פאַר איר.

— וואָס איז געשען?

— דו הערסט נישט? דאָס דינסטמיידל האָט זיך אויפגעכאַפּט און גייט עפענען די טיר.

— וואָס טוט מען? וואָס טוט מען? וווּ באַהאַלט מען דיך אויס? העו׳סט, הערסט? זי פרעגט זיך ווער דאָס איז... ווייַ צו מיר, איך בין פאַרלוירן!...

— ס׳איז נישטאָ קיין אַנדערע ברירה, איך וועל דיך מוזן באַהאַלטן אונטער די בעטן...

— אפשר אין עס־צימער... אין דער קאַנאַפּע... — צאַפּלט מאַרילע פאַר שרעק.

— אין דער קאַנאַפּע? איך וועל דאָך דערשטיקט ווערן!...

איבעריקנס וועל איך שוין נישט באַווייזן אַרויסצוגיין פון שלאָף־צימער... דו הערסט? דו הערסט? די טיר עפנט זיך...

— אוי, ווי צו מיר, מיין מאַנס שטים... איך בין פאַרלוירן... ער בייזערט זיך אויפן דינסט־מיידל, פאַרוואָס זי האָט אים נישט אַזוי שנעל געעפנט..

— פאַרפאַלן, הערמאַן, קריך אַרונטער אונטערן בעט, אָבער שנעלער... שנעלער... קאַרטשע זיך גוט איין... זאָלסט נישט געבן קיין פּיפּס, הערסט?...

— אַך, מאַרילע... ווער ווייסט, צי ער וועט מיך נישט פּאַקן... אָבער פאַרפאַלן, קיין אַנדערע ברירה איז דאָך נישטאָ!...

הערמאַן גרינפעלד קריכט שנעל אַרונטער אונטער די דאָפּלטע בעטן און בלייבט דאָרטן ליגן, ווי אַן איינגעקאָרטשעטער יעזש... טייכן שווייס גיסן זיך פון אים. ער קאָן קוים דעם אָטעם כאַפּן, ווייל אונטער די נידעריקע בעטן איז שרעקלעך דושנע. אָבער ער האָט נישט קיין אַנדערע ברירה, ער מוז ליגן און נישט געבן קיין פּיפּס אַפילו.

מאַרילע מאַכט גלייך דאָס צעקנייטשטע בעטגעוואַנט, רוקט זיך שנעל אַריין אין בעט, לעשט אויס דאָס עלעקטרישע ליכט און מאַכט זיך שלאָפן.

אדאָלף מאַרגענטאַל האָט נישט געוווסט, אַז ס'איז געענדערט דער רייזע־פּלאַן פון צוגן, וועלכע גייען פון ווין קיין וואַרשע, דעריבער האָט ער געשריבן זיין פרוי, אַז ער קומט זונטיק אין דער פרי.

אָבער פאַקטיש איז דער ווינער צוג אָנגעקומען קיין וואַרשע האַלב איינס ביינאַכט.

דאָס לאַנגע קלינגען הינטער דער טיר האָט אים דענערווירט און באַזומרואיקט. וואָס קאָן דאָס זיין. נישט [illegible] און נישט דאָס דינסטמיידל הערן נישט דאָס שטאַרקע קלינגען?

און ווען דאָס דינסטמיידל האָט אים ענדלעך געעפנט, האָט ער זיך שטאַרק אויף איר אָנגעבייזערט.

— זאָל מיר דער הער זייער אַנטשולדיקן... איך האָב נישט געהערט...

— די פאַני איז דאָ אין שטוב ? — האָט אדאָלף מאָרגענטאַל געפרעגט.

— יאָ.

— זי שלאָפט שוין ?

— די פאַני לייגט זיך אַלע נאַכט זייער פרי שלאָפן, — האָט דאָס דינסטמיידל געענטפערט.

דאָס איז אים געפעלן געוואָרן. אויב זי לייגט זיך אַלע נאַכט זייער פרי שלאָפן, איז דאָך דער בעסטער סימן, אַז זי פאראט אים נישט, אַז זי איז אים געטריי...

— און איך האָב זי שטענדיק חושד געווען אין פאַראַט, — מאַכט זיך אדאָלף מאָרגענטאַל אַ פאָרוווּרף.

נאָך דעם ווי ער וואַשט זיך אָפּ און עסט אָפּ, גייט ער אַריין אין שלאָף־צימער.

ער בענקט שטאַרק נאָך מאַרילעס אָרעמס. שוין אַכט טעג, ווי ער איז צוזאַמען מיט זיין פרוי נישט געווען. עס איז אים אַ שאַד זי איבערצוּוועקן. אַך ווי געשמאַק זי שלאָפט!

אָבער ווי נאָר ער לייגט זיך אַריין אין בעט אַריין, עפנט מאַרילע די אויגן...

— אַך, מיין טייערער, דו ביסט שוין געקומען צו פאָרן!... — נעמט זי אים אַרום, — אַך, וואָס פאַר אַ אַנגענעם סיורפּריז דו האָסט מיר געמאַכט, מיין ליבער!

— ווי פילסטו זיך, מיין גאָלד? — דריקט ער זי פעסט צו צו זיך און די וואָרעמקייט פון איר לייב צעררייצט זיינע געבליטן.

— איך פיל זיך גאַנץ גוט, מיין טייערער, נאָר איך האָב אַזוי געבענקט נאָך דיר... אַך... — באַמיט זי זיך איינצוטוליען זיין קאָפּ אין אירע בריסטן, כדי ער זאָל שוואַך הערן.

זי נעמט אים פעסט אַרום און באַמיט זיך שטאַרק צוצורייצן זיין ליידנשאַפט, כדי ער זאָל נישט הערן, וואָס אַרום אים קומט פאָר.

און ווען אירע הענט און פיס קלאַמערן אים פעסט אַרום, דערהערט זיך פּלוצלונג אין דער שטילקייט פון שלאָף־צימער אַ שטילער איינגעהאַלטענער ניס.

— האַ, ווער ניסט עס דאָ?... — גיט זיך מאָרגענטאַל האַס־טיק אַ פרעג.

— עמיצער ניסט ?... פרעגט מאַרילע איבער און זי פילט, ווי דאָס האַרץ שטאַרבט איר אָפּ פאַר שרעק. — ווער קאָן עס ניסן ? אפשר האָט זיך דיר אויסגעדוכט ?..

— איך האָב דייטלעך געהערט אַ נאָס... — ענטפערט אַדאָלף מאַרגענטאַל.

— מן הסתם אַ מויז... — ציטערט מאַרילע אינגאַנצן.

— דאָס ערשטע מאָל הער איך, אַז מייז ניסן...

— דאָס ערשטע מאָל זאָגסטו ? איך האָב שוין געהערט מייז ניסן... נו, גיב דיינע ליפּן, מיין טייערער... עס האָט זיך דיר זיכער אויסגעדוכט...

— מעגלעך... — נעמט אַדאָלף זי ווידער פעסט אַרום און זייערע קערפּערס קלאַמערן זיך איין אייגער אין דעם אַנדערן...

אין אַ ווײַלע אַרום פרעגט אַדאָלף ווידער:

— צי ביי אונדז אין דער וווינונג האָבן זיך אַריינגעכאַפּט מייז ?

— דוכט זיך, אַז יאָ... — ענטפערט מאַרילע און עס ווערט איר אַביסל לייכטער אויפן האַרצן.

— איך האָב דעם איינדרוק, ווי אַ מויז וואָלט געדראַפּעט אונטער די בעטן.

— איך הער אויך.. — זאָגט מאַרילע.

—מ׳וואָלט געדאַרפט אַ מיטל דערצו.

— אוודאי...

מאַרילע נעמט אַרום זיין האַלדז מיט אירע אָרעמס און ציט צו זיין קאָפּ צו איר וואַרעמער ברוסט...

— טייערער מיינער, טייערער! — שעפּטשעט זי און וויגט אים איין אויף איר ברוסט ווי אַ קינד...

— ס׳איז דאָך דיר שווער, —, שעפּטשעט אדאָלף און פּרווט אַראָפּנעמען דעם קאָפּ פון איר ברוסט.

— ניין, טייערער, ניין, ס׳איז אַ ליבע לאַסט, — ענטפערט מאַרילע און וויגט אַלץ זיין קאָפּ.

— טייערע, טייערע מיינע, — שעפּטשעט אַדאָלף שוין אין האַלבן דרימל.

— ס׳האָט נישט לאַנג געדויערט און אַדאַלף איז איינגעשלאָפן. מאַרילע נעמט צאַרט אָן זיין קאָפּ און רוקט אים פאַרזיכטיק

אַראָפּ פון איר ברוסט אויפן קישן. זי בויגט זיך צו נאָענט צו אים און רופט אים מיט אַ שטיל קול:

— אַדאָלף! אַדאָלף!

אַדאָלף שלאָפט...

מאַרילע הויבט דאַן פּאַמעלעך אויף די קאָלדרע, שטעלט אַראָפּ אַ פוס אויף דער פּאַדלאָגע, באַלד דעם צווייטן און אָט בויגט זי זיך אַראָפּ און שעפּטשעט אַרונטער אונטערן בעט:

— הערמאַן, שנעלער!

הערמאַן קריכט פאַרזיכטיק אָפּער פון אונטערן בעט. מאַרילע כאַפּט אים אַן פאַרן אָרעם און פירט אים שנעל אַרויס פונעם שלאָף־צימער.

אין קאָרידאָר כאַפּט זי אָן זיין האַנט:

— נו, צום ווידערזען, טייערע! מאָרגן זעען מיר זיך אין יע־נער קאַוויאַרניע ביים טעאַטער. צען אַזייגער אין דער פרי.

מאַרילע האָט זיך איינגעטוליעט אין הערמאַנען, וועלכער האָט זי אַרומגענומען מיט זיינע שטאַרקע אָרעמס. זייערע דורשטיקע ליפּן האָבן זיך באַהאָפטן אין אַ הייסן און לאַנגן קוש...

מאַרילע האָט געעפנט די טיר. הערמאַן איז אַרויס מיט שטילע טריט. מאַרילע האָט שטיל פאַרמאַכט די טיר, צוריק אַריינגעשלייכט אין שלאָפצימער און זיך געלייגט אין בעט אַריין.

אַדאָלף האָט זיך איבערגעוועקט.

— דו שלאָפסט נישט, מאַרילע?

— ניין.

— פאַרוואָס?

— דאַרפסט מיר נאָך איין קוש געבן, מיין טייערער...

און זי האָט זיך מיט אירע ליפּן געוואָרפן אויף זיינע...

צומאָרגנס איז מאַרילע אַוועק אין דער קאַוויאַרניע, ווו זי האָט זיך געהאַט אָפּגעשמועסט צו טרעפן מיט הערמאַנען. דאָס איז געווען אַ קליין קאַוויאַרניעלע, וואָס האָט זיך געפונען אין אַ שטיל, שמאָל געסל, ווייט פון דעם צענטער. עס איז געווען דאָס בעסטע אָרט אויף געהיימע באַגעגענישן און ראַנדקעס.

---

דפוס „אור" בע"מ פאַרלאַג „תקוה"

# סאבינע



## ראָמאַן
## פון אַ קראַנקן־שוועסטער

נומער 12

נישט איין גימנאַזיסטקע פלעגט זיך אַרויסנאַרן פון דער היים מיטן תירוץ, אַז זי גייט מאַכן די לעקציע און לויפן אין דער קאַוויאַרניע אינעם דאַזיקן שטילן פאַרוואָרפענעם געסל, ווו זי האָט זיך געהאַט אָפגעשמועסט אַ ראַנדקע מיט אַ יונגן סטודענט אָדער אַזוי אַ פאַצעט. נישט איין פאַניענקע פון אַ פיינער היים האָט זיך דאָ אָפגעשמועסט מיט איר געליבטן. אָבער אין דער דאָזיקער צייט איז אין דער קאַוויאַרניע קיין איין גאַסט נישט געווען.

מאַרילע און הערמאַן האָבן זיך אַוועקגעזעצט ביי איינעם פון די טישלעך, וואָס איז געשטאַנען פאַרוקט אין אַ ווינקל און האָבן זיך געהייסן דערלאַנגען שוואַרצע קאַווע.

— טייערע! טייערע! — האָט הערמאַן נישט אויפגעהערט צו שעפטשען — ווען וועלן מיר שוין קענען זיך באַגעגענען פריי און אומגעשטערט?

הערמאַן גרינפעלד איז געווען אַ לײדנשאַפטלעכער מענטש און אין זיין היציקייט איז ער גרייט געווען אויף אַלעם.

— ווען איך טראַכט, — האָט הערמאַן קוים איינגעהאַלטן זיין קול נישט אַרויסצושרייען, — אַז— דו געהערסט נאָך אַלץ צו דיין מאַן און איך מוז צו דיר קומען ווי אַ גנב, קומט מיר דאָס בלוט אין קאָפּ אַריין. איך בין גרייט צו דערהרגנען אים...

— לאָז צורו, הערמאַן, — האָט מאַרילע אים באַרואיקט, — צי ווייסטו דען נישט, אַז אין דער אמתן געהער איך נאָר צו דיר, צו דיר אַליין?

— אָבער ווי אַזוי וועלן מיר זיך נאָכאַמאָל באַגעגענען אַזוי ווי נעכטן, אַז איך זאָל קאָנען טרינקען פונעם פולן בעכער פון דער ליבע?...

— דאָס לאָז איך פאַר דיר צוצוטראַכטן, — האָט מאַרילע געענטפערט, בכיוון כדי צו רייצן אים.

הערמאַן איז אַ ווייל געזעסן אַ פאַרטראַכטער און אַ גרויסע זאָרג האָט אַראָפּגעקוקט פון זיין שטערן. פלוצלונג האָט זיין פנים אויפגעלויכטן.

— איך האָב! — האָט ער אויסגערופן מיט פרייד.

— וואָס איז? — האָט מאַרילע געפרעגט.

— איך האָב אַ פריינד אַ כעמיקער, האָט ער מיר דערציילט וועגן אַ געוויסן מין גאַז, וועלכן ער קאָן אויסאַרבעטן. מיטן דאָזיקן

גאַז קאָן מען איינשלעפערן אַ מענטש אויף אַ געוויסער צייט און ס׳איז נישט שעדלעך פאַרן געזונט. דער שלאָף איז דאַן אַ פעסטער און אַ לאַנג דויערנדער.

— וואָס האָסטו? — מאַרילע איז אַזש בלאַס געוואָרן, אַזוי האָט זי זיך דערשראָקן פון הערמאַנס איינפאַל — איינשלעפערן אַדאָלפן מיט גאַז?! דו ביסט פון זינען אַראָפּ, הערמאַן. און וואָס וועט זיין, אַז ער וועט זיך מער נישט אויפכאַפּן פון שלאָף?...

— ס׳וועט אים גאָרנישט זיין, מאַרילע. איך גאַראַנטיר דיר דערפאַר! ווען ער וועט זיך אויפכאַפּן אין דער פרי פון זיין שווערן שלאָף, וועט ער נישט וויסן פון קיין פּותר און פון קיין חלום. גלויב מיר, טייערע, ס׳איז דאָס איינציקע און בעסטע מיטל, אַז מיר זאָלן זיך קאָנען ליב האָבן פריי און אומגעשטערט.

אָבער מאַרילע האָט נישט געוואָלט הערן דערפון. אויף אַלע זיינע טענות האָט זי בלויז שטום געשאָקלט מיטן קאָפּ אויף „ניין".

אָבער הערמאַן איז נישט מיד געוואָרן אין איר אַריינצוטענהען און צו בעטן זי, ביז די פאַרעטערישע פרוי איז ענדלעך איינגעגאַנגען אויף די פּלענער פון איר געליבטן.

— ביסט ענדלעך מסכים, יאָ? — האָט הערמאַן זיך אַזש געהויבן פון אָרט פאַר פרייד. ער האָט געכאַפּט אירע הענטלעך אין זיינע הענט, וועלכע האָבן געציטערט פון ליידנשאַפט, און זיי לאַנג געקושט.

— אַלזאָ, היינט ביינאַכט! כ׳וועל אַריינקומען צו דיר מיטן זעלבן וועג, וואָס נעכטן. אויף ווידערזען!

— גוט, טייערער. נאָר געדענק, טאָמער חלילה געשעט עפּעס זענען מיר ביידע פאַרלוירן...

אין דער קאָוויאַרניע האָבן אָנגעהויבן אָנצוקומען אַלץ מער געסט — מאַרילע האָט אַלזאָ צוגערופן דעם קעלנער און באַצאָלט דעם רעכענונג. דאָס פאַרליבטע פּאָר האָט פאַרלאָזט דעם קאַפע־לאָקאַל און זיך געזעגנט אויף דער גאַס.

# פוקס נקמה

פון דעם טאָג אָן, ווען רודאָלף איז אַנגעפאַלן דאָס אומבאַשיצטע מיידל, האָט ער אויסגעמיטן, כדי זיך מיט איר נישט צוזאַמענטרעפן.

סאַבינע האָט ווייטער נישט געוואָלט צוציען די אויפמערקזאַמ־קייט פון די אַקטיאָרן און האָט זיך פאַרהאַלטן קעגן רודאָלפן אַזוי ווי עס וואָלט גאָר נישט פאַרגעקומען צווישן זיי. די בליקן אָבער, וועלכע רודאָלף האָט אויף איר געוואָרפן פון צייט צו צייט, האָבן זי אָנגעפילט מיט שרעק.

נאָר פוק איז געווען דער איינציקער, וואָס האָט דערפילט די ענדערונג וואָס איז פאָרגעקומען אין סאַבינעס שטימונג. דער מיאוסער קאַליקע, מיט דער לאַנגער נאָז און גרויסן הויקער — האָט געהאַט אַ גוט האַרץ און אַן עמפינדלעכע נשמה.

שוין פון ערשטן מאָמענט, ווי ער האָט געזען סאַבינען, איז ער געבליבן אונטער איר איינפלוס; עס איז אָבער געווען אַ העכסט ריין געפיל און זיין גאַנצער באַגער איז געווען צו זען סאַבינען גליקלעך — אויב נישט מיט אים זאָל זיין מיט אַן אַנדערן, אָבער גליקלעך...

ווען ער האָט אַלזאָ געזען דעם אומעט אויף סאַבינעס פּנים, האָט ער זיך פאַראינטערעסירט מיט די סיבות פון דעם. און איינמאָל, ווען סאַבינע איז געזעסן איינזאַם, נישט ווייט פון דעם צירק־וואָגן, איז ער צו איר צוגעגאַנגען און געפרעגט מיט אַ שעמעוודיקן טאָן:

— וואָס זענט איר אַזוי אומעטיק לעצטנס, פריילין סאַבינע?

— עס דאַכט זיך דיר, ליבער פוק, איך בין היינט נישט מער אומעטיק ווי אַ מאָל. דו ווייסט דאָך, אַז איך האָב איבערגעלעבט שווערע ליידן...

— יאָ, איך ווייס, אויך מיין לעבן איז איין קייט פון ליידן און ווייטאָג...

— און דאָך ביזטו פריילעך, מאַכסט פריילעך אַנדערע, לאַכסט אַליין און מאַכסט לאַכן הונדערטער צושויער אין צירק.

— דאָס איז אמת — האָט פוק געענטפערט. — איך קען לאַכן, און דאָס איז אפשר מיין איינציק גליק. ווען איך וואָלט נישט

געקאָנט לאַכן — וואָלט איך שוין לאַנג געהאַנגען ערגעץ אויף אַ שטריק... יאָ, פריילין סאַבינע, איך לאַך טאַקע, איך לאַך פון דער גאַנצער וועלט, פון מיר אַליין און פון מיינע ליידן...

סאַבינע האָט אָנגעקוקט דאָס פּנים פון דעם קאַרליק און האָט פּלוצלונג דערזען אין זיין מיאוס פּנים עפּעס אַ באַהאַלטן שיינקייט, וועלכעס זי האָט ביז אַ הער נישט באַמערקט.

— דו האָסט צום ווייניקסטן די מעגלעכקייט צו לאַכן — האָט געזאָגט סאַבינע — ערגער איז דעם, וועלכער האָט נישט אפילו די מעגלעכקייט...

— מען מוז טאָן אַלעס, כדי צו לאַכן — האָט געענטפערט פּוק — אין אָנפאַנג קומט עס אָן שווער, מיט דער צייט געוווינט מען זיך אָבער דערצו.

— פאַרגעס אָבער נישט, פּוק, אַז ביי דעם גאַנצן אומגליק דיינעם, ביזטו דאָך אַ מאַנספּאַרשוין.

— הא, הא, הא — האָט זיך צעלאַכט פּוק — אויך מיר אַ מאַנספּאַרשוין...

— לאַך נישט. ביזט דאָך נישט קיין פרוי, וועלכע יעדער אויסוואורף קאָן צוטרעטן און וואַרפן אין אַ ברודיקן תהום... נישט לייכט איז דער גורל פון אַ פרוי, זי איז גאַנץ אָפט הילפלאָז, און ווער עס וויל קאָן זי באַליידיקן.

— עס האָט אייך עמעץ באַליידיקט, פריילין סאַבינע ?

— מיר וועלן בעסער נישט רעדן דערפון — האָט געענטפערט סאַבינע און צוויי טרערן האָבן זיך באַוויזן אין אירע שיינע אויגן.

פּאָר פּוקן איז די אַנטוואָרט אָבער נישט געווען גענוג.

— איך ווייס שוין — האָט ער געזאָגט, קריצנדיק מיט די ציין. איך פאַרשטיי שוין אַלעס. דאָס איז דער אויסוואורף, דער רומענער...

— לאָז צורו, פּוק — האָט געבעטן סאַבינע, איבערגעשראָקן מיט פּוקס אויסזען.

— איך האָב שוין לאַנג געזען, אַז דער אויסוואורף טשעפּעט זיך צו אייך. איך וועל אים שוין אָנלערנען. ער וועט מיך געדענקען.

סאַבינע האָט גענומען ווייטער בעטן פּוקן — זי האָט מורא געהאַט, אַז די זאַך קאָן זיך שלעכט ענדיקן פאַר פּוקן.

— לאָז צורו, פּוק — האָט זי געבעטן — איך וויל נישט אַז עס זאָל הערשן אין אונדזער אַנסאַמבל מיספאַרשטענדענישן.

פוק האָט איינגעשטימט נישט צו באַרירן די זאַך, אין האַרץ האָט ער זיך אָבער געגעבן דאָס וואָרט באַצאָלן דעם רומענער ביי דער ערשטער געלעגנהייט.

עס איז אַדורך אַ קורצע צייט און די געלעגנהייט איז גע־קומען. דער אַנסאַמבל איז אָנגעקומען אין די סביבה פון לעמבערג, אין אַ קליין שטעטל, אויף אַ פּאָר פאָרשטעלונגען.

דער ערשטער נומער איז געווען דער אויפטריט פון דער טענ־צערין פעפּי. צום לעצטן מאָל איז אַרויף פעפּי אויף דער אַרענע — דער זאַל האָט געהילכט פון אַפּלאָדיסמענטן.

נאָך פעפּין האָט זיך באַוויזן אויף דער אַרענע דער הויקער פוק, נאָכמאַכנדיק די שיינע טענצערין. אַזוי ווי פעפּי, איז ער אויך געווען אָנגעטאָן אין אַ קורץ, טיולן קליידל, און שוין זיין אויסזען האָט אַרויסגערופן אַ הילכיקן געלעכטער.

מיט אַ אָנגעבלאָזענער מינע איז אַרויס פוק אויף אַ קליין אייזעלע. נישט אינטערעסירנדיק זיך מיט דעם געלעכטער האָט ער באַגריסט דאָס פּובליקום, געשיקט אין אַלע זייטן לופט־קושן און שמייכלען — אַזוי ווי עס האָט דאָס געטאָן פעפּי.

פלוצלונג איז אַרויס אויף דער אַרענע דער „שמייסער", אָנגע־טאָן אין אַ פּאָר ברייטע הויזן, ווי צוויי זעק, אין אַ העמד, וועלכעס האָט זיך יעדעסמאָל אָנגעבלאָזן, ווי אַ באַלאָן. מיט אַ לאַנגער בייטש האָט ער געשלאָגן דאָס אייזעלע, אויף וועלכן פוק האָט געריטן און געיאָגט דאָס אייזעלע עס זאָל שנעלער לויפן. דער „שמייסער" איז געווען נישט עמיצער אַנדערש ווי — רודאָלף, דער רומענער.

דאָס אייזעלע, געשמיסן דורך רודאָלפן, האָט אָנגעהויבן צו שפּרינגען. דאָס איז נעמלעך געווען די סענסאַציע פון דעם נומער: דער הויקער האָט זיך מכלומרשט קוים געהאַלטן אויף דעם אייזעלע, האָט זיך אָנגעהאלטן אָן די לאַנגע אויערן, אָן דעם עק, מאַ־כנדיק דערביי פאַרשידענע מינעס, אַז דאָס פּובליקום האָט גע־פּלאַצט פאַר געלעכטער.

אין אַ באַשטימטן מאָמענט האָט דאָס גוט אויסטרענירטע אייזעלע זיך אָפּגעשטעלט, איינגעשפּאַרט, און נישט געוואָלט רירן פון אָרט. עס האָבן נישט געהאָלפן קיין קלעפּ — דאָס אייזעלע איז געשטאַנען ווי איינגעמויערט.

ביידע לצים האָבן כלומרשט אָנגעהויבן אַריינקלערן און זוכן

אַן עצה. אין דעם מאָמענט אָבער איז פאָרגעקומען עפּעס אומדער־וואַרטעטעס: דאָס אייזעלע האָט זיך אָנגעשפּאַרט אויף די הינ־טערשטע פיס און אַרויסגעוואָרפן פוקן אין דער לופט, ווי אַ באַל. פוק האָט געמאַכט אַ סאַלטאָ אין דער לופט און רואיק זיך אַוועק־געזעצט אויף די שולטערן פון דעם רומענער.

דאָס איז אייגנטלעך געווען דער סוף פון דעם נומער. היינט האָט אָבער פוק באַשלאָסן צו געבן דעם אויפטריט אַן אַנדערן סוף. איצט, אין דעם מאָמענט, איז געקומען די בעסטע געלעגנהייט אָנ־צולערנען רודאָלפן און באַצאָלן אים פאַר סאַבינעס קריוודע.

פאַלנדיק אויף רודאָלפס קאַרק, האָט זיך פוק אַזוי פעסט אין אים איינגעשפּאַרט אַז דער רומענער האָט זיך אונטער אים איינגעבויגן, ווי אַ אונטערגעהאַקטער בוים. אין דעם אויגנבליק האָט פוק אָנגעהויבן צו שלאָגן מיט דער בייטש רודאָלפן איבערן קאָפּ, איבערן פּנים — —און רודאָלף, נישט ווויסנדיק וואָס עס טוט זיך דאָ — האָט אָנגענומען די קלעפּ אָן ווידערשטאַנד.

דאָס פּובליקום האָט זעלבסטפאַרשטענדלעך געמיינט, אַז דאָס געהערט צום פּראָגראַם און זיך געקייקלט פאַר געלעכטער.

פוק האָט נישט פאַרזוימט די צייט און געגעבן דעם רומענער קלעפּ, וויפל עס איז נאָר אַריין.

— טשעפּע נישט מיין אייזעלע — האָט ער געשריגן — טשע־פּע נישט, זאָג איך דיר!...

דערנאָך האָט ער זיך אַראָפּגעבויגן צו רודאָלפן און אים איינ־געררוימט אין אויער אַריין:

— דאָס נאַדיר פאַר סאַבינען, דו אויסוווּרף דו!... איצטער וועסטו שוין האָבן צו געדענקען...

רודאָלף האָט זיך געוואָרפן און געוואָיעט. פוק איז אָבער פעסט געזעסן אויף זיין קאַרק ווי אַ מויער און דער רומענער האָט זיך נישט געקאָנט קעגן אים קיין עצה געבן.

— לאָז אָפּ פוק! — האָט דער רומענער זיך געבעטן ביים הויקערל — וואָס ווילסטו פון מיר?

אָבער פוק האָט כסדר געשמירט מיטן בייטשל, צייכענענדיק דעם רומענערס לייב מיט דיקע שיניאַקעס...

— וועסטו זיך נאָך טשעפּען צו סאַבינען? — האָט פוק אַריינ־געברומט דעם רומענער אין אויער אַריין.

— ניין! ווי גאָט איז מיר ליב! — האָט רודאָלף זיך געשווירן.

ערשט דעמאָלט האָט פּוק אָפּגעלאָזט דעם רומענער.

דאָס פּובליקום האָט הייס אַפּלאָדירט די באַליבטע פּאַיאַצן פאַר זייער פיינער שפּיל, נישט האָבנדיק, פאַרשטייט זיך, קיין אַנונג, אז אינם דאָזיקן קאָמישן שפּיל האָט געשטעקט אַ סך ערנסט.

צומאָרגנס האָט פּעפּי ערשט דערציילט סאַבינען וועגן דעם פאָרגעקומענעם.

— האָסטו געהערט סאַבינע, ווי דער קאַרליק האָט אָנגעבויקערט דעם רומענער?

— וואָס? — האָט סאַבינע געפרעגט און איז בלאַס געוואָרן.

— וואָס האָסטו זיך אַזוי דערשראָקן, סאַבינע? — האָט פּעפּי געפרעגט — ווער וואָלט זיך עס געריכט, אַז דער דאָזיקער קאַרליק איז אַזוי שטאַרק. דער דאָזיקער רודאָלף ציטערט דאָך איצט פאַר אים.

פּעפּי האָט סאַבינען איבערגעגעבן די גאַנצע סצענע, אזוי ווי זי איז פאָרגעקומען. אָבער די אמתע סיבה פון דעם דאָזיקן געשלעג האָט נאָר סאַבינע אַליין געוווּסט.

סאַבינעס האַרץ איז אָנגעפילט געוואָרן מיט שרעק.

„דער רומענער וועט זיך זיכער בלוטיק נוקם זיין אינעם אָרעמען הויקערל נעבעך", האָט זי געטראַכט מיט האַרצווייטיק.

רודאָלף האָט אָבער גאָרנישט געטראַכט וועגן נוקם זיין זיך אינעם הויקערל. ער האָט גוט געדענקט די שמיץ, וועלכע ער האָט פון אים געקראָגן און ער האָט גאָרנישט קיין חשק געהאַט נאָכאַמאָל צו פילן זייער טעם...

אָבער וועגן נקמה האָט דער רומענער פונדעסטוועגן געטראַכט. נישט אין חוקן, נאָר אין סאַבינען האָט ער באַשלאָסן נוקם צו זיין זיך, כאָטש סאַבינע איז דאָ גאָרנישט שולדיק געווען און זי האָט גאָרנישט חושד געווען, אַז עמיצער וויל זיך אין איר נוקם זיין.

דערווייל זענען אַוועק עטלעכע וואָכן.

פּאַפּאַ סעמס טרופּע איז אַריינגעפאָרן קיין לעמבערג.

דאָ, אין דער גרויסער שטאָט, האָט פּאַפּאַ סעם באַשלאָסן צו פאַרבלייבן אויף אַ לענגערע צייט.

פּאַפּאַ סעמס צירק האָט זיך איינגעאָרדנט אויף איינער פון די לעמבערגער פאָרשטעט און זיינע פאָרשטעלונגען האָבן געהאַט גרויס דערפאָלג ביי דער אָרעמער באַפעלקערונג.

נישט ווייט פון דער פאָרשטאָט, ווו עס האָט זיך געפונען פּאַפּאַ סעמס צירק, איז געשטאַנען דער פּאַלאַץ פונעם באַרימטן יידישן מאַגנאַט אין גאַליציע — בערנאַרד קרויזער.

הער בערנאַרד קרויזער איז געווען דער אייגנטימער פון אַ גאַנצער ריי נאַפּט־גרובנס און ער האָט זיך געקליידעט מיט דער גרעסטער עלעגאַנץ.

ער האָט געהאַט אַלץ, וואָס קאָן אַ מענטש גליקלעך מאַכן: ער איז געווען יונג, שיין, רייך. וואָס נאָך דאַרף אַ מענטש, כדי גליקלעך צו זיין?

אָבער בערנאַרד קרייזער איז נישט גליקלעך געווען.

אין דער צייט, ווען מיליאָנען אַנדערע זענען אומגליקלעך צוליב זייער אָרעמקייט און נויט, איז בערנאַרד קרייזער געווען אומ־גליקלעך צוליב זיין רייכקייט און איבערפלוס.

ער האָט זיך געפילט, ווי איינער, וואָס זיצט נעבן אַ רייך־געדעקטן טיש, ער קאָן אָבער דערפון גאָרנישט געניסן, ווייל — ער האָט נישט קיין אַפּעטיט...

בערנאַרד קרויזער האָט געפייניקט זיין זאַטקייט, זיין איבער־געזעטיגטקייט.

אַלע פאַרגעניגנס זענען פאַר אים שוין קיין נייעס נישט געווען. ער האָט שוין אַלץ פאַרזוכט, אַלץ געהאַט. ס'איז אים איצט דעריבער געווען לאַנגווייליק און נודנע...

כאָטש זיין פּנים איז נאָך גענוג יונג און שיין געווען, האָט מען געקאָנט דערויף דערקענען די שפּורן פון דעם אויסגעלאַסענעם לעבן, וואָס ער האָט געפירט. דאָ און דאָרט האָט אַ קנייטשל אויף זיין פּנים דערציילט וועגן זיין פאַרגאַנגענהייט...

בערנאַרד קרויזער האָט די גרעסטע טייל פון זיין צייט פאַר־ברענגט אין אויסלאַנד, אין די שענסטע פאַרוויילונגס־ערטער אין איטאַליע און אין דער שווייץ.

קיין פאַמיליע האָט ער נישט געהאַט. זיינע עלטערן האָבן מער נישט געלעבט און זיין פרוי האָט זיך געגט מיט אים באַלד אין די ערשטע חדשים נאָך דער חתונה, ווען זי האָט באַמערקט, אַז

איר מאַן יאָגט זיך נאָך אַלע מיידלעך, וועלכע ער באַגעגנט נאָר, נישט מאַכנדיק קיין חילוק, ווער זיי זענען און פון וואָסער שטאַנד.
די ווירטשאַפט אינעם פּאַלאַץ הינטער לעמבערג, ווו בערנאַרד קרויזער פלעגט פאַרברענגען בלויז עטלעכע חדשים אין יאָר, האָט געפירט מאדמאזעל לוסי, אַ פראַנצויזין, וועלכע איז אַמאָל געווען בערנאַרדס געליבטע.
מאַדמאַזעל לוסי איז אַמאָל געווען זייער אַ שיינע, אָבער איצט איז זי שוין געווען אָפּגעוועלקט און פאַרעלטערט. פון איר אַמאָליקער שיינקייט זענען בלויז געבליבן די שוואַרצע, ליכטנדיקע אויגן. דאָס איז אָבער צו ווייניק געווען פאַר צעבאַלעוועטן מאַגנאַט בערנארד קרויזער.
בערנאַרד האָט געזוכט נייע ליבע־אַוואַנטורעס. ער האָט געוואָלט פרישע, יונגע און שיינע מיידלעך, מיט וועלכע ער זאָל קאָנען זיין צייט פאַרטרייבן און זיך אַביסל דאָס לעבן פאַרזיסן...

מאַדמאַזעל לוסי האָט אָבער בערנאַרדן נאָך אַלץ ליב געהאַט, ווי פריער. איר הונגער נאָך זיינס אַ ליבן שמייכל איז אַזוי גרויס געווען, אַז זי איז גרייט געווען אַלץ פאַר אים צו טאָן, אַבי אַרויסצורופן ביי אים אַזאַ שמייכל פון דאַנקבאַרקייט.

נישט קענענדיק מער אַליין זעטיקן דעם לעבנס־דורשט פון איר געליבטן, פלעג זי זוכן פאַר אים אַנדערע פרויען, כאָטש דאָס האָט איר נישט ווייניק האַרצווייטיק פאַרשאַפט.
ווען פּאַפּאַ סעמס צירק האָט זיך איינגעאָרדנט אויף דער פאַרשטאָט נישט ווייט פון בערנאַרד קרוויזערס פּאַלאַץ — איז דער כיטרער, דורכגעטריבענער לוסין איינגעפאַלן צו באַזוכן איינע פון די פאָרשטעלונגען.
— אפשר — האָט לוסי געטראַכט — געפינט זיך דאָרט עפּעס אַ טאַנצערקע, וואָס וואָלט בערנאַרדן געקאָנט פאַראינטערעסירן...
די לעצטע טעג איז בערנאַרד אַרומגעגאַנגען פאַראומערט און פאַרזויערט — ס׳איז אים לאַנגווייליק געווען און נודנע.
אַ פריש מיידל, האָט לוסי געוווסט, קאָן אים אַביסל אויפלעבן און אַז בערנאַרד פילט זיך אַ אויפגעהייטערטער, וואַרפט ער איר אויך צו אַ זופּ פונעם בעכער פון דער ליבע...
לוסי איז אַריין אין צירק.

ווי זי האָט נאָר דערזען די טענצעריין פעפי — האָט איר האַרץ אַ קלאַפּ געטאָן:

— אָט דאָס מיין איך!...

זי האָט אויך נישט ווילנדיק אַ טראַכט געטאָן וועגן דעם, אַז אויך זי איז אַמאָל אַזוי שיין און אַזוי רייצנדיק געווען...

זי האָט אָבער לאַנג נישט געוואָלט טראַכטן וועגן דעם, ווייל דאָס האַרץ האָט איר ווי געטאָן...

— איך האָב פאַר דיר עפּעס רעכטס — האָט לוסי אַ זאָג געטאָן צו בערנאַרדן, צווונקענדיק שעלמיש מיט איין אויגל.

— נ—ו, דערצייל! האָט דער פארזויערטער פּרויען־יעגער אויפגעלעבט. ווי נאָר ער האָט דערהערט אירע רייד.

— זי האָט אפילו אַ מאַן, האָט לוסי פאַרגעזעצט.

— דאָס איז נישט קיין חסרון, לוסי, — האָט בערנאַרד געוויצלט זיך, — אַז זי טויג פאַר יענעם, טויג זי פאַר מיר אויך.

אַ ספּעציעלער שליח איז באַלד אַריבערגעלאָפן צום פּאַפּאַ סעם און אים דערציילט, אַז דער באַקאַנטער מאַגנאַט בערנאַרד קרויזער וויל באַזוכן דעם צירק.

— אָבער דאָס מוז זיין שטרענג בסוד! — האָט דער שליח צוגעגעבן. — אָרדנט איין אַ ספּעציעלע לאָזשע מיט פאָרהאַנגען, אין וועלכער מען זאָל קאָנען אַריינגיין דורך דער הינטערטיר. און קיינער טאָר וועגן דעם באַזוך נישט וויסן. איר וועט קריגן דעם געהעריקן לוין.

פּאַפּאַ סעם איז געווען אויסער זיך פון פרייד.

— מיין צירק איז נישט עפּעס אַ ליאַדע וועלכע בודע, — האָט ער געזטראַכט ביי זיך מיט שטאָלץ — מאַגנאַטן קומען צו מיר...

ער האָט נעבעך נישט געוווסט, דער פּאַפּאַ סעם, אַז דעם מאַגנאַט גיין זיין צירק אָן ווי דער פאַראַיאָריקער שניי און ער מיינט גאָר עפּעס אַנדערש...

מ׳האָט אויפגעשטעלט אַ שיין דעקאָרירטע לאָזשע באַלד נעבן דער סצענע.

— ס׳דאַרף היינט קומען אַ חשובער גאַסט, — האָט פּאַפּאַ סעם געזאָגט צו זיינע אַקטיאָרן, —— אַ הויכער מלוכה־מאַן... וואָס דען מיינט ער, חברה, אַז איר שפּילט ערגעץ אין אַ בודע? פּאַ־פּאַ סעמס צירק איז באַקאַנט אין דער וועלט...

צו דער באַשטימטער צייט איז בערנאַרד געקומען אין צירק אַריין און פאַרנומען זיין אָרט אין דער לאָזשע.

די פאָרשטעלונג האָט זיך אָנגעהויבן.

אויף דער סצענע האָט זיך באַוויזן די טענצערין פעפי, אין איר קורצן קליידל און אין די געפּאסטע טריקאָטן. ס'האָבן זיך דייטלעך אָנגעזען די שיינע פאָרמען פון איר רייצנדיקן קערפּער.

באַלד האָט זי אָנגעהויבן אירע אַקראָבאַטישע טענץ אויפן רוקן פון אַ לויפנדיקן פערד.

אין אירע באַוועגונגען איז געלעגן אַזוי פיל ווייבלעכער חן און רייץ, אַז בערנאַרד האָט זי געשלונגען מיט די אויגן.

ער האָט זיך נישט געקאָנט דערוואַרטן ביז די פאָרשטעלונג וועט זיך ענדיקן. באַלד ביי דער ערשטער פּויזע איז ער אַרונטער הינטער די קוליסן.

פּאַפּאַ סעם האָט זיך צעשמאָלצן פון נחת. ער האָט אין שיין־קלינגענדיקע פראַזן באַגריסט דעם „הויכן גאַסט" אין נאָמען פון דער גאַנצער טרופּע.

אַלס ענטפער דערויף האָט דער אויסגעלאַסענער מאַגנאַט גע־לויבט דאָס שפּיל פון דעם צירק, און ספּעציעל די טענצערין פעפי.

—— ווו איז זי, די שיינע טענצערין ? — האָט ער געפרעגט — איך וויל איר אויסדריקן מיין דאַנק .

בערנאַרד האָט זיך אַרומגעקוקט.

באַלד איז זיין בליק געפאַלן אויף דער שיינער טענצערקע. ער האָט אָבער נישט באַמערקט, ווי הינטער איר שלייכט דורך אַ שאָטן פון אַ מענטש, וועלכער האָט נאָכגעשפּירט בערנאַרדס יע־דע באַוועגונג און איז באַלד פאַרשוווּנדן.

בערנאַרד האָט געשלונגען מיט די אויגן די רייצנדיקע טענ־צערין, וועלכע איז געשטאַנען אָן אַ זייט און סאַבינע האָט איר צוגעבייט אַ בענדל פון פעפּיס קליידל, וואָס האָט זיך אָפּגעריסן ביים טאַנצן.

בערנאַרדס בליק האָט זיך געגליטשט איבער די קיילעכדיקע פאָרמען פון פעפּיס רייצנדיקן קערפּער.

בערנאַרד האָט נישט גערעכנט לאַנג זיך צו צערעמאָניען מיטן שיינעם צירק־מיידל.

— איך וועל איר באַלד זאָגן, וואָס איך וויל און שוין... —

האָט ער געטראַכט, — וואָס איז דאָ צו צערעמאָניען זיך מיט אַ צירק־קאָמעדיאַנטקע!

אָבער סאַבינע איז געשטאַנען אַלץ נעבן פּעפּין און בערנאַרד האָט זיך געשעמט.

ער האָט דעריבער גענומען באַשיטן פּעפּין מיט קאָמפּלימענטן און אָנצוהערעניש...

פּעפּי האָט זיך געמאַכט נישט הערנדיק.

קיין ליבעס־דערפּאָלג ביים דאָזיקן מאַגנאַט האָט זי נישט געזוכט. זי האָט ליב געהאַט איר מאַן סאַשאַ, וועלכער איז אויך געווען אַן אַקטיאָר פון פּאַפּאַ סעמס טרופּע.

יעדע פרוי אָבער האָט ליב אויסצוהערן קאָמפּלימענטן וועגן איר שיינקייט.

כאָטש פּעפּי האָט זיך געמאַכט נישט הערנדיק, האָט זי פונדעסטוועגן אַלע קאָמפּלימענטן אויסגעהערט.

ס'איז איר דעריבער געוואָרן אויפפאַלנד, וואָס בערנאַרדס קאָמפּלימענטן זענען וואָס אַ ווײַלע אַלץ שוואַכער און בלאַסער געוואָרן.

בערנאַרדס בליק איז געפאַלן אויף סאַבינען און פּעפּיס רייץ איז פאַר אים מיט אַמאָל פאַרשוווּנדן.

— ווו האָב איך ביז איצט געהאַט מיינע אויגן? — האָט בערנאַרד צו זיך אַליין גערעדט אין געדאַנק — וואָס פאַראַ ווערט האָט די דאָזיקע טענצערין אַנטקעגן דעם פּרעכטיקן מיידל?

ער האָט אַ צעפלאַמטער באַטראַכט אירע הימל־בלויע אויגן, די זיסקייט און דעם חן פון איר פּנימל, אירע פּרעכטיקע האָר.

— אַזאַ מיידעלע האָב איך נאָך נישט געהאַט! — האָט בערנאַרד זיך געטראַכט און דאָס בלוט האָט אין אים אויפגעקאָכט.

פּעפּי האָט אים שוין מער נישט אינטערעסירט. ער איז איצט פול געווען מיט לוסט צו סאַבינען.

נאָר אָט האָט סאַבינע שוין צוגענייט פּעפּיס קליידל און זי האָט זיך געגרייט אַוועקצוגיין.

— וואָס אײַלט איר זיך אַזוי קינד? — האָט בערנאַרד זיך געווענדעט צו איר.

סאַבינע האָט אויף אים אויסגעשטעלט אירע בלויע פאַרחלומטע אויגן.

— ווען וועט איר היינט אַרויסטרעטן אויף דער סצענע ? —
האָט בערנארד געפרעגט — איר וועט מסתמא טאַנצן פונקט אזוי
שיין, ווי אייער חברטע.

— זי איז נישט קיין טענצערין, — האָט פעפי זיך אָנגערופן —
זי איז אַ קראַנקן־שוועסטער. אויב עמיצן פון אונדז געשעט עפּעס,
היילט זי און פלעגט אים.

— אַ קראַקן־שוועסטער ? — האָט בערנארד זיך געווענדעט
צו סאַבינען, — זייער גוט. אפשר וואָלט איר געקאָנט היילן אַ
קראַנק האַרץ, וואָס איז פאַרוואונדעט געוואָרן מיט אַ פייל פון דער
ליבע ?... איך רעכן, אַז איר וועט נישט אָפּזאָגן...

סאַבינען האָט באַליידיקט די דאָזיקע פּרעכע אָנצוהערענישן.
אָבער צוליב שעמעוודיקייט האָט זי זיך געמאַכט נישט פאַר־
שטייענדיק.

— איך רעכן, — האָט זי געענטפערט באַשיידן, — אַז איר
וועט תמיד זיין געזונט און איר וועט נישט דאַרפן אָנקומען צו
קיינעמס הילף.

סאַבינע האָט זיך באַלד אַרויסגעשאַרט דורך דער טיר, פי־
לנדיק זיך אומהיימלעך מיטן דאָזיקן פרויען־יעגער.

— ס׳אַראַ פרעכטיק מיידל ! — האָט בערנארד זיך געווענ־
דעט צו פעפין, — ווען איר וואָלט געוואָלט אַזוי גוט זיין און
מיך צונויפפירן מיטן דאָזיקן מיידל, וואָלט איך אייך שיין באַלוינט.

פעפיס פנים האָט אויפגעפלאַמט מיט אַ שטאַרקער רויטקייט.

— איך בין טאַקי אַ וואַנדערגדיקע, אָרימע טענצערין, —
האָט זי געזאָגט מיט כעס, — אָבער מיט אַזעלכע געשעפטן פאַר־
נעם איך זיך נישט !

— און סאַבינע, — האָט זי צוגעגעבן — איז נישט פון די
מיידלעך, וועלכע איר שטעלט זיך פאָר, זי איז נישט ערגער ווי
אייערע מאַגנאַטישע טעכטער !

בערנארד איז רויט געוואָרן.

— ווען זי וואָלט נישט געווען קיין אָרענטלעך קינד, — האָט
פעפי ווייטער גערעדט — וואָלט זי זיך נישט גענומען צו אַזאַ
שווערער פּראַצע, ווי צו זיין אַ קראַנקן־שוועסטער. פאַר געלט האָט
זי נישט געוואָלט אוועקגעבן איר ריינקייט און אונשולדיקייט.

ס׳האָט זיך דערהערט דאָס קלינגען פונעם גלעקל. פעפי האָט

ווידער געדאַרפט אויפטרעטן אויף דער סצענע. פּעפּי איז שנעל אַרויסגעלאָפן.

בערנאַרד איז געבליבן זיצן אַליין אַ פאַרשעמטער און אַ באַ־לײדיקטער.

ער איז אַרויס פון צירק אַ בייזער.

אין דעם מאָמענט איז פאַר אים פּלוצלונג און אומגעריכט אויסגעוואַקסן די געשטאַלט פונעם הויכן און מוסקולאַרן רומענער, רודאָלף, דער צווייטער אַקטיאָר פון פּאַפּאַ סעמס טרופּע.

## קאַפּיטל דריי און צוואַנציק

## „דאַ קומען פאַר געהיימניספולע זאַכן"

אין סאַלאָן פון לעאָן קייזערשטיין האָט אַ ווילדע געהערשט אַ טויט־שטילקייט.

אַלע געסט האָבן געקוקט מיט שטוינונג אויף דער דינסט, וועלכע האָט פאַרשטערט די שמחה פון די תנאים מיט איר פּלוצ־לונגען אַריינפאַלן אין זאַל און מיט איר געשריי.

רעגינע און איר פאָטער, דער אַלטער סאַמועל קייזערשטיין, זענען בלאַס געוואָרן ווי דער טויט.

ס'האָט זיך געדאַכט, אַז אָט פאַלן די אַראָפּ פון זייערע שטולן אין חלשות.

ס'האָט אַזוי געדויערט אַ ווילע פון טויטער שטילקייט.

אָבער באַלד איז דער אַלטער קייזערשטיין געקומען צו זיך.

— קעלנער! — האָט ער אויסגערופן מיט צאָרן, — וואַרפט אַרויס די דאָזיקע אויסגעלאַסענע מויד! זי האָט זיך לעצטנס גע־נומען צו שכורן...

די קעלנער האָבן שנעל געכאַפּט מארישען, דאָס איבערגע־שראָקענע דינסטמיידל, פאַר ביידע אָרעמס און זי אַרויסגעשלעפּט פון זאַל.

זי האָט געפּרוּווט זיך ווערן, נישט לאָזן זיך, אָבער די קעלנער זענען פיל שטאַרקער געווען פון איר.

זי האָט געפּרוּווט נאָך עפּעס אַריינשרייען אין זאַל, אָבער מ'האָט איר צוגעהאַלטן דאָס מויל און זי אַרויסגעשלעפּט.

אין עטלעכע סעקונדן איז מארישע געשטאַנען אין דרויסן

הינטער די פאַרהאַקטע טירן.

זי האָט זיך אָנגעהויבן באַרעכענען, וואָס זי האָט אָפּגעטאָן און אַ שרעק האָט זי אַרומגענומען.

— כ׳האָב איצט אַלץ קאַליע געמאַכט מיט מיין נאַרישן מויל! איז זי געווען בייז אויף זיך — מיט גוטנס וואָלט איך דאָך עפּעס געוויס געקראָגן. אָבער איצט איז אַלץ פאַרפאַלן!

אין מארישען האָט געוויינט דאָס האַרץ.

— אַלע מיינע פּלענער האָב איך איצט אַליין צעשטערט, — האָט זי געשעפּטשעט — און וואָס וועט איצטער זיין?

אַ פאַרוויינטע איז מארישע צוגעגאַנגען צו דער טיר און אַ דריק געטאָן ביים עלעקטרישן גלעקל.

דער וואָזשני האָט זיך באַוויזן.

— גיי אַריין אין זאַל און זאָג דער פּאַני, אַז איך האָב הרטה און איך וויל זי איבערבעטן, — האָט מארישע געבעטן דעם וואָזשני.

— פריער זידלסטו, דערנאָך ווילסטו איבערבעטן... — האָט דער וואָזשני זיך געקרימט.

— גיי, גיי, — האָט מארישע אים געבעטן, — איך בעט דיך.

דער וואָזשני איז אַריינגעגאַנגען.

— זי וועט מיך שוין זיכער נישט וועלן קענען, — האָט מאַרישע אין זיך אַריינגעוויינט — זי וועט מיר נישט וועלן מוחל זיין.

אָבער זי האָט אַ טעות געהאַט. דאָס נאַאיווע דינסט־מיידל האָט נישט פאַרשטאַנען, אַז רעגינע וועט איר גערן מוחל זיין, ווייל זי האָט מורא פאַר איר, זי זאָל נישט אויפדעקן איר געהיימניש.

— דאָס שיכורע מיידל וויל איבערבעטן מיין טאָכטער — האָט סאַמועל קייזערשטיין געזאָגט צו די געסט, — זיי איר מוחל, רעגינע, אַן אָרים מיידל נעבעך...

— קאָנסט אַריינגיין! — האָט דער וואָזשני געמאָלדן מאַרישען.

מאַרישע האָט זיך צעהעשעט פון פרייד.

דפוס „אור" בע"מ פאַרלאַג „תקוה"

# סאבינע



ראָמאַן
פון אַ קראַנקן־שוועסטער

נומער 13

זי איז אַריינגעלאָפן אין סאַלאָן און אַ שלוכצענדיקע געפאַלן צו רעגינעס פיס.

זי האָט אויפגעהויבן צו רעגינען ביידע הענט, ווי צו אַ תפי־לה און זי האָט קיין איין וואָרט פון איר מויל נישט געקאָנט אַרויסברענגען.

— אַזוי דאַנקסטו מיר אָפּ פאַר מיין גוטסקייט? — האָט רע־גינע געפרעגט.

מאַרישע האָט זיך באַגאָסן מיט טרערן.

זייט מיר מוחל, פאַני, — האָט זי געשלוכצט, — זייט מיר מוחל! אַ משוגעת איז מיר אריין אין קאָפּ אריין...

לעאָן, וועלכער האָט אין גאַנצן נישט פאַרשטאַנען, וואָס דאָ קומט פאָר, האָט געציטערט פון צאָרן צוליב דעם סקאַנדאַל, וואָס דאָס דינסט־מיידל האָט דאָ געמאַכט.

— וואָסער שווינדל איז דאָ געווען? — האָט ער אויסגעשרי־ען צו מארישען — זאָג!

רעגינעס פנים האָט זיך באַדעקט מיט אַ בלאַסקייט. אַ שרעק האָט זי ארומגענומען.

— דאָס נאַרישע דינסט־מיידל זאָל זיך נאָר נישט ארויסכאַפּן מיט אַ וואָרט! — האָט זי מיט שרעק געטראַכט.

אָבער מארישע איז נישט געווען אזוי נאריש, ווי רעגינע האָט געמיינט.

— אַזאַ משוגעת איז מיך באַפאַלן, — האָט מאַרישע גע־ענטפערט, איך האָב אַליין נישט געוווסט, וואָס איך רייד...

— זייט מיר מוחל, — האָט מארישע געבעטן, — איך בין נישט שולדיק.

— נו, גוט, גוט! — האָט לעאָן געזאָגט מיט אומגעדולד, — גיי! מאָרגן וועלן מיר שוין זען.

דאָס אָרימע דינסט־מיידל האָט פאַרלאָזט דעם סאַלאָן אַ הע־שענדיקע און כליפּענדיקע, נישט וויסענדיק, צי האָט מען איר מוחל געווען, אדער נישט.

לעאָן איז געזעסן אַ פאַרטראַכטער און פאַרזאָרגטער.

דאָס האַרץ האָט אים געזאָגט, אַז אַרום אים געשעען עפּעס געהיימע זאַכן, וועגן וועלכע ער האָט קיין אַנונג נישט.

ס׳האָט זיך אים געדאַכט, אַז ער האָט געזען רעגינען זיך איבערקוקן מיט מארישען.

— איז טאַקע דאָס דינסט־מידל פלוצלונג משוגע געוואָרן?

— האָט זיך לעאָן געטראַכט — טאָ ווי אַזוי איז זי באַלד אין אַ ווײַלע אַרום צוריק געווען מיושב?...

— ניין, — האָט לעאָן ביי זיך באַשלאָסן, — דאָ קומען פאָר עפעס געהיימניספולע זאַכן!

דערווייל איז דער אלטער קייזערשטיין צוריק אַריינגעקומען.

דער אַלטער קייזערשטיין איז אַ כיטרער חברה־מאַן געווען. אין עטלעכע מינוטן האָט ער שוין אויסגעפאָרשט די זאַך און ער האָט זיך דערוווסט, אַז מארישען האָט אָנגערעדט איר חתן טאַ־דעאוש.

דער אַלטער קייזערשטיין האָט באַלד פאַרשפאַרט טאדעאושן אין אַ זייטיק צימערל פון פאַלאַץ.

ווען סאמועל קייזערשטיין איז צוריק אַריינגעקומען אין זאַל, איז דער עולם געסט שוין געווען באַרואיקט.

מאַלע עפעס אַ משוגן מיידל צעשרייט זיך...

מ׳האָט ווידער אָנגעגאָסן די בעכערס.

דער אַלטער קייזערשטיין האָט זיך אויפגעשטעלט:

— דאַמען און הערן! — האָט ער אויסגערופן — איך גלויב, אַז דאָס קליינע וואָלקנדל האָט נישט באַוויזן טונקל צו מאַכן די זון פון אונדזער שמחה... איך וויל אייך דאַנקען, מיינע געערטע דאַמען און הערן, פאַר אייער אָנטייל אין מיין קינדס שמחה. איך בעט אייך נאָכאַמאָל אויסצוטרינקען פאַרן געזונט פונעם יונגן פּאָר!

אַלע געסט האָבן אויפגעהויבן זייערע בעכערס.

דער ארקעסטער האָט אויפגעשפּילט אַ פריילעכן מאַרש.

ס׳האָבן זיך דערהערט אויסרופן לכבוד דעם יונגן פּאָר.

— זאָל לעבן! זאָל לעבן! — האָט געהילכט אין סאלאָן.

מען האָט געדריקט דעם יונגן פּאָר די הענט און זיי גליק געווונטשן.

דערווייל האָט דער אַלטער סאַמועל קייזערשטיין זיך אומ־באַמערקט אַרויסגעשאַרט פון סאַלאָן און ער איז אַוועק צו טאַדעאושן, וועלכער איז געווען פאַרשפּאַרט.

— נו, ווי פילסטו זיך דאָ עפעס? — האָט דער אַלטער

קייזערשטיין געפרעגט טאַדעאושן מיט חוזק — איצטער זעסטו שוין, אַז מ׳דאַרף נישט אונטערהעצן קיינעם?

— שאַט נישט, — האָט טאַדעאוש געענטפערט מיט חוצפּה, — איך וועל שוין אַלץ אויפקלערן פאַרן פאַן לעאָן.

— קענסטו דאָך אַלץ אויפקלערן פאַר מיר? — האָט דער אַלטער כיטראַק זיך געמאַכט תמעוואַטע — איך בין דאָך דעם פאַן לעאָנס פעטער און מחותן, אין אַ קורצער צייט אַרום וועל איך זיין זיין שווער.

— דאָס וועלן מיר נאָך זען...— האָט טאַדעאוש געענטפערט מיט אַ גיפטיקן שמייכל — אַז איך וועל זיך נאָר זען מיט דעם פאַן לעאָן, וועט איר שוין קיין מאָל זיין שווער נישט זיין.

דער אַלטער קייזערשטיין איז צוגעגאַנגען נענטער צו טאַדעאושן.

— דו סטראַשעסט? וואָס? היט דיר בעסער די ביינער, דו נאַרישער יונג איינער! מיט וועמען הויבסטו זיך אָן? איך בין סאַמועל קייזערשטיין! איך קאָן דיך צעטרעטן, ווי אַ וואָרעם!

סאַמועל קייזערשטיין האָט געסאַפּעט פון כעס.

— אַזוי גאָר? נאַריש יונגל דו! איך האָב גאָרנישט געוווסט, וואָס דו מיינסט. דאָס טאַקי מיינסטו?

— אוודאי דאָס!

— הער... און דיין כלה האָט דאָך דאָ געשפּילט די הויפּט־ראָלע... ווילסטו זי ברענגען אין תפיסה אַריין?

— זי גייט מיך מער נישט אָן! — האָט טאַדעאוש אויסגערופן מיט צאָרן.

— אָבער איך מוז דיר אויפקלערן, — האָט דער אַלטער קייזערשטיין געזאָגט — אַז דאָ איז גאָר קיין שווינדל נישט געווען, לעאָן וואָלט אָן דעם אויך חתונה געהאַט מיט מיין טאָכטער, ווייל ער איז שוין לאַנג פאַרליבט אין איר.

טאַדעאוש האָט אויסגעשטעלט זיינע אויגן אויפן אַלטן קייזערשטיין, פאַרשנדיק זיין יעדע באַוועגונג. צי נאַרט אים דער אַלטער שווינדלער נישט אָפּ?

— לעאָן האָט אָבער מורא געהאַט חתונה צו האָבן מיט מיין רעגינען, — האָט דער אַלטער ווייטער ערקלערט, — ווייל צוליב זיינע שוואַכע נערוון האָט זיך אים אויסגעדאַכט, אַז דער גייסט פון

דער קראַנקן־שוועסטער סאַבינע פאַרפּאַלגט אים און וויל זיך נוקם זיין אין רעגינען. — די דאָקטוירים האָבן אָנגעהויבן מורא צו האָבן, אַז ער זאָל נישט אַראָפּ פון זינען, — האָט דער אַלטער צוגעגעבן, — האָבן זיי געהייסן מאַכן די גאַנצע סצענע, כדי אים צו ראַטעווען.

— אַצינד פאַרשטייסטו שוין, יונגל, — האָט דער אַלטער פאַרענדיקט, — צו וואָס מ׳האָט דאָס געטאָן? — אַזוי אַרום האָבן מיר אים געראַטעוועט! ווילסטו אים איצטער אומברענגען?

— אָבער פאַרוואָס האָט די פּאַנגע רעגינע אַזוי רייך באַלוינט מאַרישען? — האָט טאַדעאוש נאָך אַלץ נישט געוואָלט גלויבן דעם אַלטן.

— נאַרישער קאָפּ דו! איז נישט ווערט געווען צו געבן אַ רייכע באַלוינונג פאַר אויסהיילן לעאָנען? זי האָט זי רייך באַלוינט אַז זי זאָל זיך גאָרנישט אַרויסכאַפּן פאַר לעאָנען, ווייל לעאָן וואָלט ווידער קראַנק געוואָרן...

— און די נאַרישע מויד האָט נישט געקאָנט איינהאַלטן די צונג צווישן די ציין! — האָט טאַדעאוש אויסגערופן.

איצט האָט טאַדעאוש שוין געגלויבט דעם אַלטן קייזערשטיינס רייד.

דער אַלטער כיטראַק האָט געשמייכלט מיט צופרידנהייט.

— איצטער זעסטו שוין, טאַדעאוש, וואָס פאַרא נאַרישע קאַשע דו האָסט געוואָלט פאַרקאָכן... איצטער פאַרשטייסטו שוין, אַז וועגן דער גאַנצער זאַך טאָר מען קיין פּיפּס נישט טאָן?

דער אַלטער האָט זיך גאָר נאָנט צוגערוקט צו טאַדעאושן.

— זאָרג נישט, טאַדעאוש, סאַמועל קייזערשטיין האָט נאָך קיינעם נישט קיין עוולה געטאָן, ער וועט אויך דיר נישט טאָן קיין עוולה. איך וועל דיך צונעמען פאַר אַ מענטש ביי מיר און ס׳וועט דיר ביי מיר גאָרנישט פעלן.

טאַדעאושס אויגן האָבן אויפגעלויכטן פון פרייד.

— איך זענט אַזאַ גוטער, פּראָשען פּאַנאַ!...

— זאָרג נישט, אַלץ וועט שוין גוט זיין. דער עיקר איז, אַז זאָלסט נישט מער איבערחזרן אַזעלכע שטיק.

דער אַלטער כיטראַק האָט זיך ציניש צעשמייכלט.

אָבער אין דעם מאָמענט איז דעם אַלטן קייזערשטיינס בליק

געפאַלן אויף דער טיר פונעם צימערל און ער איז טויט־בלאָס געוואָרן.

אין דער טיר איז געשטאַנען — לעאָן.

צי איז שוין לעאָן דאָ לאַנג געשטאַנען און אויסגעהערט דאָס גאַנצע געשפרעך ?...

## קאַפּיטל פיר און צוואַנציק

„אזוי לאַנג גייט דאָס קריגל צום וואַסער ביז דאָס אויערל רייסט זיך אָפּ"

ס'איז געווען האַלבע נאַכט.

פון די פענסטער פון אַדאָלף מאָרגענטאַלס רייכער דירה האָט זיך מער נישט געזען דער שיין פון אַ לאָמפּ.

ס'האָט אויסגעזען, ווי אַלע וואָלטן זיין פאַרזונקען אין אַ טיפן שלאָף.

אָבער אַדאָלף מאָרגענטאַלס שיינע און יונגע פרוי איז נאָך נישט געשלאָפן.

איינגעהילט אין אַ דין זיידן געוועב איז זי געלעגן אויף איר אָטאָמאַן אַן אומבאַוועגלעכע און איינגעזויגן אירע אויגן אין דער פינסטערניש.

פון שלאָפצימער האָט זיך מער קיין שום שאָרך נישט געהערט. דער פאַרראַטענער מאַן, וועלכער האָט גאָרנישט חושד געווען, איז שוין געהאַט פעסט איינגעשלאָפן.

מאַרילע האָט נאָך צוגעוואַרט אַ ווייַלע, דערנאָך האָט זי זיך אויפגעהויבן פונעם אָטאָמאַן. זי איז שטיל צוגעגאַנגען צום טישל און אָנגעצונדן אַ קליין רויט נאַכט־לעמפל.

אַזוי האָט זי זיך געהאַט אָפּגעשמועסט מיט הערמאַנען. דאָס לעמפל איז געווען אַ צייכן פאַר אים, אַז ער קאָן שוין אַריינקומען.

ס'האָט בלויז געדויערט אַ קורצע ווייַלע און די טיר פון באַלקאָן האָט זיך געעפנט. הערמאַן האָט זיך אַריינגעשלייכט אין צימער אַריין.

הערמאַן, אַן אויפגערעגטער, אַ הייסער, איז צוגעפאַלן צו מאַרילען און זי אַרומגענומען מיט זיינע שטאַרקע אָרעמס.

מאַרילע האָט אַרומגעקלאַמערט זיין האַלדז מיט אירע נאַקעטע סאַמעט־ווייכע אָרעמס און זייערע ליפּן האָבן זיך באַהעפט און זיך איינגעזויגן איינע אין די אַנדערע.

אַזוי זענען זיי געשטאַנען אַ ווייל ווי פאַרגליווערט, ווי צונויפּ־געוואַקסן אין איין קערפּער.

— הערמאַן! הערמאַן! — האָט מאַרילע געשעפּטשעט, — זע ווי ליב איך האָב דיך! איך ציטער אָבער אין גאַנצן. טאָמער וועט זיך עס דיר נישט איינגעבן.

הערמאַן האָט אַ שמייכל געטאָן.

— האָב קיין מורא נישט, טייערע! קאָנסט גאַנץ רואיק זיין!

ער האָט אַרויסגעצויגן פון קעשענע נישט קיין גרויס מעטאַלן פּלעשל, צו וועלכן ס'איז געווען צוגעטשעפּעט אַ לאַנג און שמאָל גומי־רערל.

ביים סוף פונעם גומענעם רערל איז געווען אַ קליינער קראַן.

מאַרילע האָט געקוקט מיט שרעק אויף דעם דאָזיקן אַפּאַראַט.

— הערמאַן! — האָט זי געשעפּטשעט — געדענק אין גאָט! טאָמער וועט עפּעס געשען, זענען מיר ביידע פאַרלוירן.

— זיי רואיק, טייבעלע! — האָט הערמאַן זי געגלעט און באַ־רואיקט — עס וועט אַדאָלפן גאָרנישט זיין. ער וועט בלויז זיך אַביסל גוט אויסשלאָפן...

הערמאַן האָט מיט אַ קליין עלעקטריש לעמפּל באַלויכטן די טיר פונעם שלאָפצימער. ער האָט אַ ווייל זיך איינגעהערט.

אַדאָלף האָט געשנאָרכט פון שלאָף.

הערמאַן האָט פאָרזיכטיק גענומען דאָס מעטאַלענע פּלעשל, אַריינגעצעצט דעם קראַן פונעם גומי־רערל אינעם שליסללאָך און אַ קוק טועבדיק אויפן זייגער האָט ער אַ דריי געטאָן דעם קראַן.

באַלד האָט זיך דערהערט דאָס רוישן פון דעם אַרויסשטראָ־מענדיקן גאַז.

עטלעכע מינוט איז דאָס געליבטע פּאָרל אַזוי געשטאַנען הינטער דער טיר. דערנאָך האָט הערמאַן פאַרדרייט דעם גאַז־קראַן און צוריק אַריינגעלייגט דאָס פלעשל אין קעשענע אַריין.

— ס'וועט זיין גענוג — האָט הערמאַן געזאָגט, — איצט וועלן מיר זיין פרייע פייגעלעך... ביז מאָרגן אין דער פרי...

זיי האָבן זיך ווידער הייס אַרומגענומען און זיך אַראָפּגעלאָזט אויפן אָטאָמאַן...

ווען דער בלויער פּרימאָרגן האָט אַריינגעקוקט אין פענסטער איז הערמאַן אַרויס פון זיין געליבטער אַ שמייכלענדיקער און צופרידענער...

אַרויסגייענדיק, האָט ער פריער געעפנט אַ פענסטער פונעם שלאָפצימער, ווו אַדאָלף איז געלעגן פאַרזינקען אין טיפן שלאָף, כדי דער גאַז זאָל אַרויס.

די פאַררעטערישע פרוי איז באַלד געלעגן נעבן איר מאַן און געוואַרט אויף זיין אויפוועקן זיך...

— — — — — — — — — — — — — — — —

אַדאָלף האָט זיך שטאַרק געוווּנדערט, וואָס לעצטנס האָט ער אַזאַ שווערן שלאָף.

— די גאַנצע נאַכט שלאָף איך דורך אין איין אָטעם — האָט ער זיך געקלאָגט פאַר דער פרוי, — און ווען איך כאַפּ זיך אויף, פיל איך אַ שטאַרקן קאָפּ־ווייטיק.

ער האָט אָבער נישט געמאַכט דערפון קיין וועזן.

— מסתמא איז עס צוליב מיין צו שווערער אַרבעט, — האָט ער זיך געטראַכט.

אין איינעם אַ העלן טאָג האָט אים דערוואַרט אַן איבעראַשונג.

ווען ער איז אין דער פרי געקומען אין זיין ביוראָ, האָט אינם דערנעבעדיקן צימער געוואַרט אויף אים זיין סעקרעטאַרקע, פרוי גליקסאָן.

אַדאָלף האָט זיך מיט איר דערפרייט און זיך האַרציק באַגריסט מיט איר.

— נו, — האָט אַדאָלף געפרעגט, — וואָס מאַכט אייער קינד? איז ער שוין געזונט?

— עס איז אים שוין אַ ביסעלע בעסער.

— פאַרוואָס־זשע זיינט איר היינט שוין געקומען צו דער אַרבעט, ווען אייער קינד איז נאָך קראַנק?

פרוי גליקסאָן האָט זיך פאַררויטלט.

— איך האָב זיך נישט געקאָנט דערלויבן אויף אַזאַ לאַנגן אורלויב, — האָט זי געענטפערט. — איך ווייס, ווי נויטיק איך בין אייך צו דער אַרבעט.

און דאָס איז אויך אמת געווען. זינט די דאָזיקע ענערגישע, אַרבעטסזאַמע פרוי איז נישט געקומען צו דער אַרבעט, האָט אַדאָלף ערשט געזען, ווי נויטיק זי איז אים. קיין שום אַנדער מענטש האָט נישט געקאָנט אַזוי שנעל און גוט אויספירן זיינע פאַראָרדנונגען.
אָבער נאָך עפּעס איז געווען, אין וואָס אַדאָלף האָט זיך נישט געוואָלט מודה זיין אַפילו פאַר זיך אַליין: עס האָט אים אויך געפעלט איר העל באַ׳חנט פּנים און אירע קלוגע און שיינע אויגן...
אַדאָלף האָט אָנגענומען פרוי גליקסאָנס האַנט.
אַדאָלף האָט זיך דעריבער שטאַרק דערפרייט, ווען ער האָט ווידער דערזען אין ביוראָ זיין סעקרעטאַרקע.

ער האָט שטאַרק געוואָלט זי ווידער האָבן נעבן זיך. אָבער זיין מענטשלעכע איבערגעגעבנקייט צו איר האָט באַזיגט זיין באַגער.
— איר קאָנט צוריק אַהיימגיין, — האָט אַדאָלף געזאָגט צו זיין סעקרעטאַרקע, — כל־זמן אייער קינד איז נאָך נישט אין גאַנצן געזונט, באַפריי איך אייך פון דער אַרבעט.
פרוי גליקסאָן האָט זיך צעוויינט פון גערירטקייט.
— איך זיינט אַזוי גוט צו מיר! — האָט זי געזאָגט — איך באַוואונדער אייער איידלקייט.

— איר פאַרדינט עס, — האָט אַדאָלף געזאָגט און אַראָפּגעלאָזט די אויגן, — טאָמער חלילה עס וועט עפּעס געשען און איר וועט דאַרפן מיין הילף, ווענדעט זיך באַלד צו מיר. מעג זיין אפילו אין מיטן דער נאַכט.
— איר זאָגט עס מיר צו?
— יאָ.
אין דעם מאָמענט האָט זיך געעפנט די טיר פון קאַבינעט און עס האָט זיך באַוויזן די פאַננע רענע, פרוי גליקסאָנס פאַרטרעטערין.
אין דער ערשטער רגע איז רענע געבליבן שטיין אַ פאַרחי־דושטע און פאַרשעמטע צוליב דער אינטימער פּאָזע פון איר שעף מיט זיין סעקרעטאַרקע. אָבער באַלד האָבן זיך צוריי גרינע, בייזע פייערלעך צעפלאַקערט אין אירע אויגן.

— ענטשולדיקט מיר, וואָס איך האָב אייך געשטערט, —האָט זי געזאָגט מיט אַ בייזן חוזק, — אויב פרוי גליקסאָן איז שוין טעטיק... האָב איך שוין דאָ נישט וואָס צו טאָן...

— איר קאָנט שוין טאַקע פאַרלאָזן אייער אַרבעט! — האָט אַדאָלף געזאָגט מיט כעס.

רענע האָט אַ בייזע פאַרלאָזט דעם קאַבינעט.

די פאַננע רענע איז געווען אַן אַלטע, דאַרע פריילין, וועלכע האָט געהאָפט שוין צו פאַרבלייבן אַרבעטן אויף פרוי גליקסאָנס אָרט.

ווען זי האָט ווידער דערזען די פר. גליקסאָן, האָט עס איר אַ שטאָך געטאָן, ווי דער ביס פון אַ שלאַנג. אַלע אירע האָפענונגען זענען מיטאַמאָל צעשוומען געוואָרן, ווי רויך.

עס האָט זי דעריבער אַרומגעכאַפּט אַ חשק זיך נוקם צו זיין אין איר קאָנקורענטקע.

רענע האָט שנעל צונויפגערופן דאָס גאַנצע פערסאָנאַל פון ביוראָ און זי האָט געגומען שילדערן פאַר זיי די אינטימע פּאָזע, אין וועלכער זי האָט געטראָפן דעם שעף מיט דער סעקרעטאַרקע.

זי האָט דערביי נישט געזשאַלעוועט קיין פאַרבן אויסצומאָלן די זאַך פיל שאַרפער, ווי עס איז אין דער אמתן געווען.

— עס איז געווען די אמתע פּאָזע... — האָט זי געזאָגט און צוגעוווּנקען מיט אַן אויג.

דאָס פערסאָנאַל האָט שוין לאַנג געוואָרפן אַן אומחן אויף דער פרוי גליקסאָן צוליב איר שטילקייט און תמיד גיין אין אַ זייט. זיי האָבן זי געהאַלטן פאַר אַ בעל־גאווהניצע און אָנגעבלאָזענע.

זיי האָבן זיך דעריבער געפרייט, ווען זיי האָבן געקריגן די געלעגנהייט צו באַשמוצן זי.

— זי איז אַן אומפאַרשעמטע! — האָט עמיץ אויסגערופן.

— דאָס שטילע וואַסערל בויערט טיף!

— וואָס פאַר אַ צניעותדיקן אָנשטעל זי מאַכט דאָס!

— זי דערלייגט מסתמא נישט צו דעם געשעפט...

— וואָס דען? אומזיסט לאָזט מען זיך נישט ליב האָבן...

— עס איז אַ רחמנות! אויף דער מאַדאַם מאָרגנטאַל!

— מען דאַרף עס איר צו וויסן טאָן... — האָט רענע געזאָגט.

געזאָגט און געטאָן. רענע האָט באַלד אָנגעשריבן אַ בריוו צו מאַרילען און אים אַריינגעוואָרפן אין פאָסט־קעסטל.

צומאָרגנס אין אָוונט האָט פרוי מאָרגנטאַל זיך פרי געלייגט שלאָפן.

ווען אין שטוב איז שוין געווען פולשטענדיק פינצטער און

אַדאָלף האָט זיך אויך שוין גענומען אויסטאָן, האָט דער טעלעפאָן פלוצלונג אָנגעהויבן צו קלינגען און איבערגעריסן די נאַכטיקע שטילקייט.

שטיל, אויף די פינגער, ער זאָל נישט איבערוועקן זיין שלאָפנ־דיקע פרוי, איז אַדאָלף אַריין אין קאַבינעט.

— האַלאָ! — האָט אַדאָלף אַריינגעשריגן אין טעלעפאָן־טרייבל.

עס האָט זיך אָנגערופן אַ ציטערנדיקע פרויען־שטים:

— אַנטשולדיקט מיר, הער מאָרגענטאַל, וואָס איך נעם זיך די דרייסטקייט אייך אַזוי שפּעט צו באַאומרואיקן. איך בין אָבער אַזוי אומגליקלעך און הילפלאָז...

— ווער רעדט? — האָט אַדאָלף געפרעגט.

— פרוי גליקסאָן, — האָט די שטים געענטפערט.

— ביטע. וואָס איז געשען, פרוי גליקסאָן?

— איר האָט מיר דערלויבט צו אייך קלינגען, אויב... חלילה עפּעס שלעכטס?...

אַדאָלף האָט דערהערט דורך דעם טעלעפאָן פרוי גליקסאָנס שלוכצן.

— באַרואיקט אייך, פרוי גליקסאָן — האָט אַדאָלף צאַרט גע־רעדט, — דערציילט, וואָס איז?

— מיין קינד, — האָט זיך דערהערט אין טרייבל פרוי גליקסאָנס שלוכצנדיק רעדן, — האָט ווידער פאַרלוירן דאָס באַוווסטזיין און גלי אין דער היץ... און קיין דאָקטאָר קאָן איך איצט נישט קריגן, אַזוי שפּעט.

— גוט, זייט רואיק, — האָט אַדאָלף געזאָגט, — אין פופצן מי־נוט אַרום וועל איך ביי אייך זיין מיט אַ דאָקטאָר.

— איך דאַנק אייך זייער!

עס האָט זיך נאָך געהערט אַ כליפּ אינעם טעלעפאָן־טרייבל און די פרויען־שטים איז אַנטשוויגן געוואָרן, אומקערנדיק די פריערדיקע נאַכט־שטילקייט.

אַדאָלף האָט אָנטעלעפאָנירט צו זיין פריינט, דעם קינדער־דאָקטאָר שפּערלינג, און אים געבעטן באַלד זיך אָנצוטאָן און וואַרטן אויף אים.

ער האָט באַלד געכאַפּט אויף זיך דעם פּאַלטן און דעם הוט און איז שנעל אַרויס פון זיין היים.

ער האָט געכאַפּט אַן אויטאָ און באַפוילן דעם שאָפער:

— זגאָדע 7! נאָר שנעל!

ד"ר שפּערלניג האָט שוין געוואַרט אויף אים אין טויער. אין זיין האַנט האָט ער געהאַלטן אַ קליין רענצל מיט די דאָקטאָרשע מכשירים.

אויפן וועג, ווען זיי זענען געזעסן אין אויטאָ, פאַרנדיק צו פרוי גליקסאָן, האָט אַדאָלף דערציילט דעם דאָקטאָר דעם פאַרלויף פון דעם קינדס קראַנקהייט.

קומענדיק אויפן אָרט, האָט דער דאָקטאָר באַלד זיך גענומען באַטראַכטן דאָס קינד.

פרוי גליקסאָן האָט מיט טרערן אין די אויגן נאָכגעפאָרשט דעם דאָקטאָרס יעדע באַוועגונג: זי האָט געוואָלט אַראָפּלייענען פון זיין פּנים וועגן דעם צושטאַנד פון איר הייס־געליבט קינד.

דאָס קראַנקע קינד האָט געצאַפּלט און זיך געוואָרפן אויף זיין געלעגער. פון זיינע פאַרטריקנטע ליפּן האָבן זיך געהערט אומפאַרשטענדלעכע ווערטער: דאָס קינד האָט גערעדט פון היץ.

פּלוצלונג האָט זיך עס אַ ריס געטאָן פון געלעגער און אָנגעהויבן שרייען:

מאַמעליו! מאַמעליו! זע נאָר וויפל פייגל... זיי זינגען אַזוי שיין... און בלימעלעך... געלע, ווייסע, רויטע... אַ מלאכל פליט. מאַמאַ, איך וויל אויך זיין אַ מלאכל...

פרוי גליקסאָן האָט זיך ספּאַזמאַטיש צעהעשעט.

— גאָט אין הימל, נעם מיר נישט צו מיין איינציק קינד, מיין איינציקע טרייסט!

אַדאָלף האָט זיך באַמיט צו טרייסטן די אומגליקלעכע פרוי. גלעטנדיק זי איבער אירע האָר, האָט ער איר געזאָגט טרייסט־ווערטער:

— זייט רואיק, פרוי גליקסאָן, אייער קינד וועט האָפנטלעך געזונט ווערן.

דערווייל האָט דער דאָקטאָר שפּערלינג געענדיקט זיין אונטערזוכונג.

— די קראַנקהייט, — האָט ער געזאָגט, — איז טאַקע אַן

ערנסטע, אָבער נישט גאָר געפערלעך. לאָמיר האָפן, אַז דאָס קינד וועט נאָך צו זיך קומען.

ער האָט פאַרשריבן אַ רעצעפּט און די געהעריקע דיעטע.

אַדאָלף האָט נאָך באַוויזן אַריינצושטופּן אַ הונדערט־גילדן־באַנקנאָט דעם שטוב־מיידל אין דער האַנט אַריין פאַר פרוי גליקסאָן און צוזאַמען מיטן דאָקטאָר האָט ער פאַרלאָזט דאָס הויז.

— אַ גוטע נאַכט! — האָט אַדאָלף זיך געזעגנט, דריקנדיק פרוי גליקסאָנס האַנט — איך וועל אייך די טעג באַזוכן.

די אומגליקלעכע מוטער איז אַזוי פאַרטאָן געווען אין איר נאָכ־טראַכטן וועגן דעם קראַנקן קינד, און זי האָט קיין ווערטער נישט געפונען צום באַדאַנקען איר איידלען שעף פאַר זיין גוטהאַרציקייט. איר בליק איז אָבער געווען פול מיט דאַנקבאַרקייט.

אויף דער גאַס האָט אַדאָלף האַרציק געדאַנקט זיין פריינט, דעם דאָקטאָר שפּערלינג, וועלכער האָט זיך אָפּגעזאָגט צו נעמען האָנאָראַר פאַר זיין וויזיט. זיי האָבן זיך האַרציק געזעגנט און יעדער איז אַוועק אין זיין היים.

עס איז שוין געווען ווייט נאָך האַלבער נאַכט, ווען אַדאָלף איז צוריק אַהיימגעקומען.

גייענדיק איבער די טרעפּ צו זיין וווינונג, האָט ער נאָך אַלץ געטראַכט וועגן דער אומגליקלעכער פרוי גליקסאָן.

ער האָט געטראַכט וועגן דעם, ווי אומגערעכט עס איז אָפט דער שיקזאַל פון אַ מענטש. בעת אַנדערע פרויען לעבן אין גליק און אין רייכקייט, וועלכעס זיי פאַרשטייען גאָרנישט אָפּצושאַצן, מוז זיך די דאָזיקע ענערגישע און קלוגע פרוי ראַנגלען מיטן לעבן, כדי צו פאַרדינען אויפן שטיקל ברויט פאַר זיך און פאַרן קינד.

צי פאַרדינט זי נישט די גרעסטע ליבע און אַכטונג?

און אָט די דאָזיקע פרוי האָט דער מאַן פאַרלאָזט. ער האָט גאָרנישט געוווסט אָפּצושאַצן זי. און דאָס, וואָס זי האָט אים אַקעגנ־געטראָגן איר האַרץ און איר מיידלשע ריינקייט — איז פאַר אים גאָר נישט געווען...

פאַרטיפט אין די דאָזיקע געדאַנקען איז אַדאָלף ענדלעך צוגע־קומען צו דער טיר פון זיין שלאָפצימער. אָבער ווי נאָר ער האָט זי עטוואָס געעפנט — האָט ער זיך צוריקגערוקט מיט שרעק.

עפעס אַן אומאָנגענעמער ריח האָט געשלאָגן פונעם צימער; די שטיקנדיקע, פאַרסמטע לופט האָט געוואָרגן אין האַלדז.

ער איז אַריין אינעם צימער און שנעל געעפנט די גלעזערנע טירן, וואָס זענען אַרויסגעגאַנגען אויפן באַלקאָן.

פרישע לופט האָט אַריינגעדרונגען אינעם צימער, אַרויסשטופנדיק דעם שטיקנדיקן גאַז. אַדאָלף האָט אָנגעצונדן דעם עלעקטרישן לאָמפּ און פלוצלונג האָט ער דערהערט אַ שטיל רוישן.

אַ פּחד האָט אַדאָלפן אַרומגעכאַפּט און אַ שוידער איז אים אַדורך דורכן גאַנצן קערפּער.

וואָס איז דאָס פאַר אַ גערויש?

ער האָט אָנגעהויבן נאָכשפּירן, פון וואַנען דאָס גערויש קומט און ער איז באַלד דערגאַנגען, אַז עס קומט פון דער טיר.

אין אַ ווײַלע אַרום האָט אַדאָלף שוין געהאַלטן אין זײַנע הענט דאָס מעטאַלענע פלעשל מיטן גאַז.

אַזוי ווי ביז איצט איז הערמאַנען אַלץ גלאַט אָפּגעגאַנגען, איז ער שוין געווען ווינציקער פאָרזיכטיק.

אַרײַנשטעקנדיק אינעם שליסל־לאָך דעם קראַן פונעם גאַז־פלעשל איז אים אַ שאָד געווען צו פטרן די צען מינוט, וואָס ס'פלעשל דאַרף שטעקן אין דער טיר און ער איז דערווײַל אַריין צו מאַרילען...

דאָרטן, אין מאַרילעס צימער, אַרומגעפלאָכטן מיט מאַרילעס נאַקעטע אָרעמס, האָט הערמאַן גאָרנישט געהערט אַדאָלפס אַרײַנגיין אין שלאָפצימער און אים איז גאָרנישט אײַנגעפאַלן, אַז דער טויט לויערט איצט איבער זײַן קאָפּ...

ווען אַדאָלף האָט דערזען דאָס מעטאַלענע גאַז־פלעשל אין דער טיר פון זײַן שלאָפצימער, איז ער אין דער ערשטער רגע געבליבן שטיין ווי פאַרשטאַרט.

ער האָט איבערגעקלערט אַלע מעגלעכקייטן, ער האָט אָבער בישט געקאָנט פאַרשטיין, ווער דאָס האָט געקאָנט טאָן און צו וועלכן צוועק.

— לויערט אַלזאָ עמיצער אויף מײַן לעבן... — האָט אַדאָלף געטראַכט — ביי מיר אין שטוב...

— ווער קאָן עס זײַן?

ער איז אַרויס אויפן באַלקאָן און אַ קוק געטאָן אין פענצטער פון מאַרילעס צימער.

פון מאַרילעס פענצטער האָט אַרויסגעשײנט ליכט.

מיט צװײ שעה צוריק, האָט אַדאָלף געדענקט, איז אין מאַרילעס צימער שױן געװען פינצטער, איצט איז דאָך ליכטיק...

ער האָט שטיל זיך צוגעשלײכט צו דער טיר פון מאַרילעס צימער און זיך אַ װײַלע אײַנגעהערט.

ער האָט דײַטלעך געהערט אַ פּעסט, מענעריש קול...

דעם פּאַראַטענעם מאַן האָט דאָס בלוט אַ שלאָג געטאָן אין קאָפּ אַרײַן. אַ װילדער צאָרן האָט אים אַרומגעכאַפּט.

מיט אײן שפּרונג איז ער געװען בײַ זײַן שרײַב־טיש. פון אַ שופלאָד האָט ער שנעל אַרויסגעצויגן זײַן אָנגעלאָדענעם רעװאָלװער.

באַלד האָט ער מיט זײַנע פויסטן װילד געקלאַפּט אין דער טיר פון מאַרילעס צימער.

— עפענען! — האָט ער געליאַרעמט מיט צאָרן — עפענען!

די טיר איז געװען פאַרשלאָסן.

אַדאָלף האָט זיך מיט זײַן גאַנצן קרעפטיקן קערפּער אָנגעשפּאַרט אָן דער טיר און זי מיט אַלע כוחות אַ שטופּ געטאָן. עס האָט זיך דערהערט אַ קראַך און די טיר איז זיך צעפאַלן אויף שטיקער.

אַדאָלף איז אַרײַן אין צימער.

דאָס בילד, װאָס ער האָט דאָ דערזען, האָט אים אויפגעשװינדערט.

אין דערמיט פונעם צימער איז געשטאַנען זײַן פאַררעטערישע פרוי אין אַ דין, כמעט דורכזיכטיק קלײד. דורך דעם דאָזיקן קלײד האָט דורכגעלויכטן איר ראָזיקער קערפּער...

די צעפלאָשעטקײט פון אירע האָר און איר האַלב־נאַקעטער קערפּער האָבן קלאָר עדות געזאָגט, אַז מען האָט איר געשטערט אין די סאַמע הײסעסטע ליבעס־מינוטן...

טאָמער זענען נאָך געװען װײניק באַװײַזן פאַר מאַרילעס פאַרראַט — האָט אַדאָלף אַלײן געזען, װי אַן אומבאַקאַנטער מאַנסביל לויפט אַרויס אויפן באַלקאָן און פאַרשװינדט אין דער נאַכט־פינצטערניש...

— שטײ, אויסװורף! — האָט אַדאָלף אויסגעשריגן, אַ ציטערנדיק בײַם צינגל פון רעװאָלװער.

הערמאַן האָט אָבער געהאַט מזל. גראָד האָט דאָס צינגל פון רעװאָלװער זיך פאַרהאַקט און אײדער אַדאָלף האָט באַװיזן נאָכאַמאָל

אַ צי צו טאָן ביים צינגל פון רעוואָלווער, איז הערמאַן שוין געהאַט פאַרשוווּנדן געוואָרן אין דער פינצטערניש.

אַדאָלפס גאַנצער צאָרן איז איצט געפאַלן אויף זיין פאַר־רעטערישער פרוי.

ער האָט ברוטאַל אַ כאַפּ געטאָן מאַרילען פאַר די האָר און ווילד זיך צעשריגן:

— דו מיאוסע בריאה דו! עקלדיקע פאַררעטערין! ווי לאַנג פאַרראַטסטו מיך שוין מיט דעם דאָזיקן אויסוואורף? זאָג, געמיינע דו! פאַרסמען האָט איר מיך געוואָלט! פאַרסמען!

מאַרילע האָט נישט געענטפערט קיין וואָרט. זי האָט בלויז פאַרביסן די ליפּן פונעם ווייטאָג, וואָס אַדאָלף האָט איר פאַרשאַפט מיט זיין רייסן זי פאַר די האָר.

— ווער איז ער, דער אויסוואורף? — האָט אַדאָלף אַלץ געשריגן מיט צאָרן — זאָג! — איך וועל דיך ווי אַ הונט דערשיסן, אויב דו וועסט עס מיר נישט זאָגן! דו הערסט?

אָבער מאַרילע איז געבליבן שטום, ווי די וואַנט.

— זאָג, אויסגעלאַסענע דו! רוף אָן זיין נאָמען!

אויף מאַרילעס פּנים, וועלכעס איז געווען בלאַס ווי שניי, האָט פּלוצלונג אַרויסגעשלאָגן אַ רויטקייט. אירע אויגן האָבן אויפגע־גלאַנצט מיט גרינע צאָרן־פייערלעך.

מיט איין שטויס האָט זי אָפּגעשטויסן אַדאָלפן פון זיך.

— גענוג מיט דער דאָזיקער קאָמעדיע! — האָט זי אויסגע־רופן — טו, וואָס דו ווילסט און סטראַשע מיך נישט! איך שרעק זיך פאַר דיר נישט!

מאַרילעס אַנטשלאָסנקייט האָט אַדאָלפן אַנטוואָפנט. ער האָט זיך איצט געפילט שוואַך און אומבאַהאָלפן.

— אַרויס פון מיין הויז, געמיינע דו! — האָט אַדאָלף געשריגן שוין אַ הייזעריקער.

— וואָס האָסטו געזאָגט?

מאַרילע האָט זיך דערנענטערט צו אַדאָלפן און שאַרף אים קוקנדיק אין די אויגן אַריין — האָט זי הויך אים אַריינגעשריגן אין פּנים אַריין:



דפוס „אור" בע"מ פאַרלאַג „תקוה"

# סאבינע



ראמאַן
פון אַ קראַנקן־שוועסטער

נומער 14

— דו ווּעסט מיך אַרויסטרייבן ?! — מיר וועלן נאָך זען ווער וועמען עס וועט אַרויסטרייבן!

דערנאָך איז זי צוגעלאָפֿן צום טישל און געעפֿנט דאָס שופּלעדל. אַדאָלף האָט אַ פֿאַרחידושטער נאָכגעקוקט איר יעדער באַוועגונג.

פֿון וואַנען, האָט ער געטראַכט, נעמט זיך צו דער דאַזיקער פֿאַררעטערישער פֿרוי אַזאַ דרייסטקייט און אַזאַ זיכערקייט אין זיך? ווער ווייס וואָס פֿאַר אַ פֿאַרראַט עס דערוואַרט מיך ווידער?

## קאַפּיטל פֿינף און צוואַנציק

# מיסטער דזשייקאָב מייקעלסאָן

פֿון דעם מאָמענט אָן, ווען מאַרישע האָט זיך אַריינגעריסן אין זאַל אַריין מיט איר געשריי: „אַ שווינדל!" — האָט לעאָן נישט געקאָנט זיך באַפֿרייען פֿון דעם פֿאַרגעפֿיל, אַז עפּעס געהיימניספֿולעס קומט פֿאָר אַרום אים.

— ניין! דאָס איז נישט סתם קיין צופֿאַל בלויז, האָט לעאָן געטראַכט. — פּלוצלונג פֿאַלט נישט עמיצן איין צו שרייען: „אַ שווינדל!".

— און דאָס איבערבעטן באַלד אין אַ ווײַלע אַרום און דאָס פֿאַלן אויף די קני?

— דאָ שטעקט עפּעס אַ געהיימניש! — האָט ער ביי זיך פֿעסט באַשלאָסן, — און דאָס דאָזיקע געהיימניש מוז איך פֿאַר יעדן פּרייז אויפֿדעקן!

די געסט אין סאַלאָן האָבן גוט פֿאַרבראַכט און זיך פֿאַרווײַלט, זייענדיק אין אַ פֿריילעכער און גוטער שטימונג.

אַ גרויסע גרופּע געסט האָט זיך פֿאַרזאַמלט אַרום דער שיינער כּלה, וועלכע האָט געשטראַלט אַ שטאָלצע און אַ צופֿרידענע.

דעם דאָזיקן מאָמענט, ווען רעגינע איז געווען פֿאַרנומען מיט די געסט, האָט לעאָן אויסגענוצט.

שטיל און פֿאָרזיכטיק האָט ער אומבאַמערקט זיך אַרויסגעשלײַכט פֿון סאַלאָן.

דער פֿעטער סאַמועל, האָט ער זיך דערמאָנט, האָט אים פֿריער געזאָגט, אַז ער האָט געהייסן פֿאַרשפּאַרן טאַדעאושן אין דעם פֿינסטערן צימערל, וואָס געפֿינט זיך דאָרט לינקס.

ווען לעאָן האָט זיך דערנעענטערט צום פּאַרקראַטעוועטן פּענ־סטערל פונם פינסטערן צימערל, האָט ער באַמערקט, אַז פון אײ־נעווייניק לייכט זיך.

ווייזט אויס, האָט לעאָן געטראַכט, אַז אַ חוץ טאַדעאושן געפינט זיך דאָרט אינם פינסטערן צימערל נאָך עמיצער.

ווען דאָרט זאָל זיך געפינען טאַדעאוש אַליין, איז וועמען וואָלט עס דעמאָלט איינגעפאַלן איצט, ווען עס איז נאָך נישט נאַכט, אָנצינדן אַ ליכט?

זינט לעאָן געדענקט, האָט מען נאָך אין דעם דאָזיקן צימערל קיין ליכט נישט אָנגעצונדן.

עמעצער געפינט זיך דאָרטן, אַלזאָ אַ חוץ טאַדעאושן.

צי האָט נישט עמיצער אומישנע זיך דאָרט אַריינגעכאַפּט צו טאַדעאושן, כדי אים, לעאָנען, צו פאַרלויפן דעם וועג?

ווער קאָן עס זיין?

געפינט זיך איצט נישט דאָרט עמיצער, וואָס איז אינטערע־סירט דאָס געהיימעניש נאָך מער צו פאַרדעקן, אַז ער, לעאָן, זאָל זיך וועגן דעם קיינמאָל נישט דערוויסן?

ווער קאָן עס זיין דער דאָזיקער פאַראינטערעסירטער?

לעאָנען איז איצט ווידער געקומען אויפן זינען דאָס איבער־ווינקען זיך פון רעגינען מיט מארישען, וואָס ער האָט פריער באַ־מערקט.

אַן אומרו האָט באַהערשט זיין נשמה.

ער איז אַרויף אויף די טרעפּלעך, וואָס פירן צום פינסטערן צימערל.

די טיר איז געווען אָפן.

לעאָן האָט זיך אַוועקגעשטעלט ביי דער טיר און דאָרט אַריינ־געקוקט.

אין אַ ווינקל איז געזעסן טאַדעאוש.

נעבן אים איז געשטאַנען אַ הויכע געשטאַלט, וועלכע איז געווען פאַרהילט אין שאָטן. דער אין שאָטן פאַרהילטער מענטש האָט געהאַלטן אין דער האַנט אַ ליכט, וואָס זיין שיין איז געפאַלן אויף טאַדעאושן.

לעאָן האָט זיך איינגעהערט אין דעם שמועס צווישן דער

הויכער געשטאַלט און טאַדעאושן. ער האָט באַלד דערקענט אין דער שטים זיין פעטער סאמועל.

ער האָט זיך אָבער פון דעם אונטערגעהערטן שמועס נישט דערוווסט קיין שום וויכטיגעס.

לעאָן האָט פריער געהערט, ווי זיין פעטער בייזערט זיך אויף טאדעאושן. און כאָטש ער האָט די ווערטער נישט געהערט, האָט ער זיי זיך אויסגעטייטשט אַליין:

ס׳פאַרשטייט זיך דאָך אַליין, האָט לעאָן זיך געטראַכט, אַז דער פעטער האָט מן־הסתם אויסגעזידלט טאדעאושן, פאַרוואָס ער האָט אונטערגעהעצט מארישען צו מאכן סקאַנדאַלן.

ער האָט בלויז געהערט טאדעאושעס לעצטע ווערטער: „איר זענט אַזאַ גוטער, פּראָשן־פּאַנאַ״. און דערנאָך דעם פעטערס ווער־טער: „זאָרג נישט, אַלץ וועט שוין גוט זיין. דער עיקר איז, אַז דו זאָלסט נישט מער איבערחזרן אַזעלכע שטיק״.

מסתמא, האָט לעאָן גערעכנט, האָט אים דער פעטער צו־געזאָגט צו שענקען די שטראָף, אויב ער וועט זיך שוין אָרענטלעך אויפפירן.

ביי די דאָזיקע ווערטער האָט דאָס געשפּרעך זיך איבערגע־ריסן, ווייל דער אַלטער האָט דערזען לעאָנען.

לעאָן האָט פונדעסטוועגן געפּרווט אַליין אַ פאָרש טאָן טאַ־דעאושן.

— וואָס פאַר שווינדלערייען קומען דאָ פאָר, וואָס דו ווייסט וועגן זיי? פאַרוואָס האָסטו אָנגערעדט מארישען אויסצושרייען דאָס אויף מיינע תנאים? — האָט לעאָן שטרענג געפרעגט טאדעאושן.

— אַך, פּראָשן פּאַנאַ, — האָט טאַדעאוש געענטפערט, — איך האָב שוין דאָס דערציילט דעם עלטערן פּאַן. אַ בייזע מינוט איז אויף מיר געקומען און איך האָב געוואָלט אַזוי־אַרום אויסנאַרן געלט... אָבער ס׳האָט זיך שלעכט געענדיגט, זייער שלעכט...

— דאָס האָסטו באַלד געדאַרפט פאַרשטיין!

— דער שכל איז אָבער אַ קריכער... זייט מיר מוחל, פּראָשן פּאַנאַ, מער וועט זיך שוין אַזעלכעס נישט איבערחזרן.

טאַדעאוש האָט גוט געשפּילט זיין ראָלע און לעאָן האָט גע־גלויבט, אַז דאָס, וואָס ער זאָגט איצט איז אמת.

זיין פריערדיקער חשד איז ביסלעכווייס פאַרשוווּנדן געוואָרן.

די גאַנצע מעשה מיט רעגינעס איבערווינקען זיך האָט זיך אים איצט אויסגעוויזן ווי אַ פּראָדוקט פון זיינע צעשרויפטע נערוון.

לעאָן האָט פאַראָרדנט צו באַפרייען טאַדעאושן.

וואָס וועט ער גיין דאָ זיך נוקם זיין אין דעם אָרעמן יונג?

לעאָן און זיין פעטער סאַמועל זענען צוריק אַריין אין סאַלאָן, וווּ רעגינע האָט זיך שוין אָנגעהויבן צו באַאומרואיקן צוליב זייער פאַרשווינדן.



אין אַ פּאָר טעג אַרום האָט סאַמועל קייזערשטיין זיך אומגעקערט צו זיינע געשעפטן. ער האָט געהאַט אַ גאַנצע ריי זאַכן צו דערלידיקן. עס זענען געווען זייער וויכטיקע ענינים, וועלכע מען האָט נישט געקאָנט אָפּלייגן אויף שפּעטער.

רעגינע איז אַליין געבליבן מיט לעאָנען.

ס'איז אפילו נישט געווען איבעריק שיין, אַז אַ מיידל פון אַזאַ רייך הויז זאָל בלייבן אַליין ביי איר חתן, מענטשן קוקן קרום אויף אַזאַ אויפפירונג.

אָבער די דאָזיקע כיטרע פּרוי האָט מורא געהאַט איבערצולאָזן לעאָנען אַליין כאָטש אויף דער קורצסטער צייט.

„שמיד דאָס אייזן, כל־זמן ס'איז הייס" — האָט זי זיך געטראַכט.

אין מאָל איז דאָס יונגע פּאָרל געזעסן אין סאַלאָן.

רעגינע האָט געבלעטערט אַ אילוסטרירטן זשורנאַל. לעאָן איז, ווי תמיד, געזעסן אַ שטילער, פאַרטיפט אין זיינע געדאַנקען.

רעגינע האָט מיט איין אויג נאָכגעשפּירט לעאָנס יעדע באַוועגונג. אַ ווילדער צאָרן האָט אויפגעפלאַקערט אין איר האַרץ.

רעגינע האָט גאַנץ גוט פאַרשטאַנען וועגן וואָס לעאָן טראַכט אַזוי פיל.

„דאָס קאָן ער אַלץ נישט פאַרגעסן אין דער פּענטאַטשקע, די סאַבינע" — האָט זי זיך געטראַכט.

שוין עטלעכע טעג איז רעגינע אַרומגעגאַנגען אָנגעדרודלט און עס האָט זי געוואָרפן פון כעס. זי האָט זיך אָבער איינגעהאַלטן און געשוויגן.

איצט האָט זי מער נישט געקאָנט איבערהאַלטן פון קרענקונג און זי איז אַרויס אויף לעאָנען מיט אַ גאַנצן געוואַלד:

— אַ שיינע חתן־כלה זענען מיר! ס'איז קוים אַ פּאָר טעג נאָך די תנאים און מיר לאַנגווייליקן זיך אַזוי, ווי מיר וואָלטן שוין געווען צען יאָר נאָך דער חתונה.. איך האָב בעסער געדאַרפט מיטפאָרן מיטן טאַטן... איך גיי דיך סיי־ווי גאָרנישט אָן!

— וואָס רעדסטו, רעגינעשי? — האָט לעאָן זי גענומען איינ־נעמען — דו ווייסט דאָך, אַז איך מוז ברענגען אין אָרדנונג מיינע געשעפטן נאָך מיין זעליגן פאָטערס טויט. איז אַ וואונדער, וואָס איך בין אַזוי פאַרטראַכט און פאַרנומען מיט געדאַנקען?

— פאַרשטייסט דאָס אַליין, — האָט פאַרענדיקט לעאָן זיינע ווערטער, — צו וואָס־זשע רעגסטו זיך אומזיסט־אומנישט אויף און מאַכסט מיר אומגערעכטע פאָרווורפן, אַז דו גייסט מיך נישט אָן און דאָס גלייכן?

אָבער רעגינע האָט ווייטער געהאַלטן אין איין רעדן.

— דו דערציילסט מיר נישט קיין געשיכטע וועגן די געשעפטן! — האָט זי זיך געבייזערט — איך ווייס גאַנץ גוט וועגן וואָס דו טראַכסט!...

לעאָן האָט פאַרשולדיגט אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ.

— און סאַראַ דערנידעריקונג דאָס איז פאַר מיר! — האָט רע־גינע ווייטער גערעדט מיט צאָרן — סאַראַ באַליידיקונג!

לעאָן האָט אַלץ מיט קיין איין וואָרט נישט געענטפערט.

אָבער רעגינע איז אַלץ נישט אָפּגעשטאַנען.

— צי בין איך נישט גענוג שיין, לעאָן? — האָט זי זיך הארט צו אים צוגעבויגן, אָנרירענדיק זיך אָן אים מיט איר ברוסט — זע די פאָרמען פון מיין קערפּער! בין איך אפשר נישט אימשטאַנד אַרויסצורופן ליבע צו מיר.. זאָג, לעאָן!

אָבער לעאָן האָט אַלץ פאַרביסן געשוויגן.

— צי בין איך אפשר נישט גענוג קלוג און אינטעליגענט?...

ווען לעאָן האָט אויך איצט נישט געענטפערט, האָט די דאָ־זיקע שלאַנגישע פרוי באַשלאָסן אים צו טרעפן אויף דעם אָנגע־ווייטאָקסטן אָרט:

— צי קאָן איך נישט אויסמעקן פון דיין זכרון דאָס בילד פון עפּעס אַ קראַנקן־שוועסטער דאָרט?...

— „עפּעס אַ קראַנקן־שוועסטער דאָרט“... — האָט לעאָן אי־

בערגעהזרט רעגינעס ווערטער און זיין פנים איז טויט־בלאַס געוואָרן.

די דאָזיקע גיפטיקע ווערטער האָבן לעאָנען אַ שטאָך געטאָן אין האַרץ, ווי דער ביס פון אַ גיפטיקער שלאַנג. ער איז אויפגעציטערט געוואָרן אינגאַנצן.

ער האָט זיך אָבער באַהערשט און מיט אַ ציטערדיקער שטים געזאָגט צו רעגינען:

— איך בעט דיך, רעגינע, וועגן דעם לאָמיר נישט רעדן.

— כאַ־כאַ־כאַ! — האָט רעגינע ציניש זיך צעלאַכט — אָט דאָס איז עס, וואָס עס טוט דיר ווייִ! וואָס־זשע גייסטו מיר דערציילן מעשיות וועגן די געשעפטן? וואַזשנע געשעפטן...

לעאָנס האַרץ האָט זיך געקאָרטשעט פון צער און צאָרן, דער דאָזיקער איידעלער מענטש האָט קיינעם נישט געקענט גראָב ענטפערן. ער האָט דעריבער בלויז פאַרביסן די ליפּן און געשוויגן.

אָבער רעגינע האָט באַשלאָסן נישט אָפּצוטרעטן פון אים און אים צו צווינגען צו רעדן.

— דעם אמת מוז איך דיר זאָגן, לעאָן, — האָט די פאַרדאָרבענע פרוי אים ווייטער געשטאָכן מיט איר גיפטיקע רייד, — איך וואָלט זיך נישט געקאָנט פאַרליבן אין אַ מאַן, וואָס שטאַמט פון נידעריקן שטאַנד.. בלויז דער געדאַנק וועגן דעם רופט ביי מיר אַרויס אַן עקל און אַ שרעק...

רעגינע האָט פאַריסן דעם קאָפּ און מיט שטאָלצע טריט גענומען אַרויסגיין פון סאַלאָן.

אָבער אין דעם מאָמענט האָט זיך אין דער טיר באַוויזן דער וואָזשני, וועלכער האָט אַריינגעבראַכט אַ וויזיט־קאַרטע.

רעגינע האָט ביי אים צוגענומען די וויזיט־קאַרטע און אויף איר אַ קוק געטאָן. דאָרט איז געווען געדרוקט:

מיסטער דזשייקאַב מייקעלסאָן
דירעקטאָר פון נאַפט־קאָנצערן אין ניו־יאָרק

רעגינעס וועלכע האָט ליב געהאַט צו שליסן נייע באַקאַנטשאַפטן מיט רייכע, אָנגעזעענע לייט, האָט מיט אַ צופרידענעם שמייכל דערלאַנגט לעאָנען די וויזיט־קאַרטע.

אָבער לעאָן איז אומצופרידן געווען פון דעם דאָזיקן וויזיט.

ער איז נישט איצט געווען געשטימט אויפצונעמען געסט, וועל־כע ער קאָן גאָרנישט.

אָבער רעגינע האָט געכאַפּט די פּיש פאַר די נעץ און באַ־פוילן דעם וואָזשני:

— אַריינבעטן!

רעגינע האָט מיט נייגער געוואַרט אויפן אומבאַקאַנטן. עס איז איר לאַנגווייליק געווען דאָס מאָנאָטאָנע לעבן אין לעאָנס פּאַ־לאַץ און אַ גאַסט ברענגט געווינלעך אַריין אַ ביסל אַן אויפלעבונג.

זי האָט גיך צורעכט געמאַכט איר טואַלעט פאַרן שפּיגל און מיט נייגעריקייט געוואַרט אויפן אַמעריקאַנער גאַסט.

אָבער ווי נאָר דער אַמעריקאַנער גאַסט האָט זיך באַוויזן אין דער טיר, האָט רעגינע זיך געפילט שטאַרק אַנטוישט.

זי האָט זיך געריכט צו דערזען אַן עלעגאַנטן, שיינעם מאַן, אָבער דער אַריינגעקומענער איז געווען אַ קליינער, גראָבער, נישט־סימפּאַטישער פּאַרשוין, אין א פּאַרשטויבטן ספּאָרט־אַנצוג.

—אַנטשולדיקט מיר, מיינע הערשאַפטן! — האָט דער אַמע־ריקאַנער אויסגערופן מיט אַ קוויטשענדיק, גרילצנדיק קול — איך בין געצוווּנגען געווען אומגעבעטן צו באַזוכן אייער הויז. איך בין אַן אַמעריקאַנער, אַ פרעמדער דאָ. מיין אויטאָ איז פּלוצלונג קאַליע געוואָרן און איך ווייס נישט ווו און וועמען זיך צו ווענדן, ווייל איך קען נישט די פּוילישע שפּראַך. איך האָב באַמערקט ביים אַריינ־גאַנג אַן אויפשריפט „לעאָן קייזערשטיין" און איך האָב זיך דער־פרייט. צי שטאַמט איר נישט פון די זעלבע קייזערשטיינס, וואָס מיסטער דזשאָן קייזערשיין, דער שיקאַגער באַנקיר?

— יאָ, מיסטער, — האָט לעאָן געענטפערט. — מיסטער דזשאָן קייזערשטיין איז מיינער אַ קוזין.

— אויב אַזוי פרייט עס מיך זייער, אייך צו קענען. מיט איי־ער קוזין שטיי איך אין ביזנעס באַציאונגען.

דער אַמעריקאַנער האָט אויסגעצויגן זיין קורץ, גראָב הענטל צו לעאָנען און לאַנג געדריקט און געטרייסלט זיין האַנט.

— מיך פרייט אויך זייער, אייך צו האָבן אַלס גאַסט אין מיין הויז, — האָט לעאָן געזאָגט, — און באַקאַנט אייך מיט מיין קוזינע און כלה, פריילין רעגינע קייזערשטיין.

דער אַמעריקאַנער האָט זיך טיף פאַרנויגט פאַר רעגינען און

איר דערלאַנגט זיין האַנט. ער האָט אויף איר אַ קוק געטאָן און אויף זיין פּנים האָט זיך באַוויזן אַן אויסדרוק פון אַנטציקונג.

ער האָט לאַנג געדריקט אירע שמאָלע, ווייסע פינגער צו זיינע גראָבע ליפּן.

— איך דאַנק אייך זייער, מיס קייזערשטיין, מיסטער קייזער־שטיין, פאַר אייער פריינטלעכער אויפנאַמע! — האָט ער אויס־געראָפן, אַראָפּלאָזנדיק זיך אין אַ ווייכן פאָטעל און פאַרלייגנדיק איין פוס איבערן אַנדערן.

ער האָט גערעדט הויך און שרייעריש, דערציילנדיק מיט אַלע איינצלהייטן, ווי אַזוי זיין אויטאָמאָביל איז קאַליע געוואָרן.

רעגינע האָט איצט גענוי באַטראַכט דעם דאָזיקן באַוועגלעכן, שרייערישן פאַרשוין.

זיין קאָפּ איז געווען קיילעכדיק, ווי אַ באַניע, און באַוואַקסן מיט האַרטע, שטייענדיקע האָר, ווי נאָדלען. זיין פּנים איז געווען ברייט און רויט. אַ נאָז האָט ער געהאַט אַ פלאַטשיקע און אַ ברייטע. אויגן — קליינטשיקע, מייזישע, גלאַנציקע און שנעל־באַוועגלעכע.

דאָס איז געווען אַ פּנים וואָס האָט נישט עדות געזאָגט וועגן קיין אײדעלער אָפּשטאַמונג. עס איז געווען קענטיק, אַז דאָס איז אַן אויפגעקומענער גביר, אַ גראָב־הויטיקער פאַרשוין.

ס׳האָט נישט געהאָלפן אַפילו דאָס וואָס זיינע קורצע און גראָבע פינגער זענען פול געווען מיט בריליאַנטענע רינגען, ער האָט אויסגעזען אַ גראָבער יונג.

אויך זיין שרייענדיקער אופן פון רעדן איז געווען גראָב־יונ־געריש.

רעגינע, וועלכע איז גיכער גענויגט געווען צו דערזען ביי מענטשן זייערע חסרונות, ווי די מעלות, האָט דאָס אַלץ באַלד באַ־מערקט.

אָבער דער אײדעלער לעאָן, וואָס האָט תמיד ליב געהאַט אַלץ אויסצוטייטשן צום גוטן, האָט גערעכנט, אַז דאָס איז נאָר צוליב דעם, וואָס אין אַמעריקע פירט זיך אַזוי, אַז מ׳רעדט הויך און שרייעריש.

לעאָן האָט באַלד פאַראָרדנט, אַז מ׳זאָל אַריינגעמען דעם אַמע־ריקאַנערס קאַליע־געוואָרענעם אויטאָ אין זיין גאַראַזש און מען

האָט אַרײַנגעטראָגן מיסטער מײקעלסאָנס געפּעק אין די גאַסט־צימערן.

מיסטער דזשײקאָב האָט געהאַלטן אין איין רעדן, נישט פֿאַר־מאַכנדיק דאָס מויל אויף איין מינוט. דערבײַ האָט ער פֿון ווײַלע צו ווײַלע געוואָרפֿן תאוהדיקע בליקן אויף רעגינען.

רעגינען האָט דאָס קיין גרויס פֿאַרגעניגן נישט פֿאַרשאַפֿט, ווײַל דער דאָזיקער פֿאַרערער איז נישט געווען אַזוי רייצנד... אָבער זײַענדיק אויפֿגערעגט צוליב לעאָנס קאַלטקייט צו איר, איז זי אין אַ געוויסער מאָס באַפֿרידיקט פֿון מיסטער דזשײקאָבס פֿלאַטערן צוליב איר...

זי פֿלעגט אויך, פֿון ווײַלע צו ווײַלע, צוואַרפֿן דעם אַמע־ריקאַנער אַ בליק פֿון דאַנקבאַרקייט.

דערבײַ איז זי אויך אויסן געווען צו רייצן לעאָנען און אים אײַפֿערזיכטיק צו מאַכן.

אין אָוונט האָט רעגינע זיך אָנגעטאָן איינס פֿון אירע שענסטע קליידער. זי האָט געוואָלט דעם אַמעריקאַנער אײַנגאַנצן דעם קאָפּ פֿאַרדרייען...

— זאָל ער זען, לעאָן, אַז כאָטש ער וואַרפֿט זיך אַזוי מיט מיר, חלשן אַנדערע פֿאַר מײַנס אַ שמייכל...

דערזעענדיק רעגינען אין דעם רויטן, טיף־דעקאָלטירטן קלייד, פֿון וועלכן ס׳האָט אַרויסגעבלאַנקט רעגינעס ווײַסע הויט, ווי העל־פֿאַנד־ביין, באַטראַכטנדיק איר שלאַנקן קאָפּ און די פּרעכטיקע לאָקן — איז מיסטער דזשײקאָב ממש צעשמאָלצן געוואָרן פֿון אַנטציקונג.

ער האָט פֿון רעגינען קיין אויג נישט אַראָפּגענומען.

— ווי פֿאַרפֿירעריש שיין זי איז! — האָט ער זיך געטראַכט.

ביים טיש האָט ער זיך געזעצט אַנטקעגן איר. זי ווידער האָט כּסדר אים קאָקעטירט און דערפֿאַר פֿון אים געקריגן הייסע קאָמ־פּלימענטן.

ביי לעאָנען האָט אַרויסגערופֿן אַ שטאַרקן ווידערווילן די גראָבע האַלטונג פֿון דעם אַמעריקאַנער גאַסט און רעגינעס קאָקע־טירן, וואָס האָט זיך גיכער געפּאַסט פֿאַר אַן אויסגעלאַסענער מויד, ווי פֿאַר אַ טאָכטער פֿון אַ רייך הויז.

לעאָן האָט אָבער באַלד געפֿונען אַ פֿאַרענטפֿערונג.

— דאָס ווייל זי זיך אין מיר נוקם זיין פאַרן פריערדיקן שמועס — האָט ער געטראַכט, — און זי ווייל מיך אייפערזיכטיק מאַכן.

ער האָט איר דאָס דעריבער מוחל געווען.

מען האָט דערלאַנגט צום טיש שאַמפּאַניער.

ווען דער אַמעריקאַנער האָט אויסגעטרונקען עטלעכע גלעזלעך, האָט זיך די צונג ביי אים ערשט רעכט צעבונדן און ער האָט גע־רעדט אָן אויפהער פאַר פייער און פאַר וואַסער.

דערביי האָט מיסטער דזשייקאָב געשיט מיט וויצן, פון וועלכע נאָר ער אַליין האָט געקייכט פאַר געלעכטער.

דאָס אָוונט־מאָלצייט האָט שוין געהאַלטן ביים סוף. לעאָן, דער דאָזיקער „מענטש אָן אַ גאַל", האָט שוין אויך אָנגעהויבן דאָס געדולד צו פאַרלירן.

רעגינע האָט פון ווײלע צו ווײלע געטאָן אַ באַהאַלטענעם גענעץ...

אָבער מיסטער דזשייקאָב האָט זיך געפילט אויסגעצייכנט... ער האָט געהאַלטן אין איין שיטן מיט וויצן, וואָס אַ ווייל אַלץ גראָבערע און פעטערע...

ענדלעך האָט לעאָנס געדולד געפּלאַצט, ער האָט זיך אויפ־געהויבן פון טיש און זיך געווענדעט צום גאַסט:

— אַנטשולדיקט מיר זייער, מיסטער מייקעלסאָן, איך מוז אייך פאַרלאָזן, ווייל דער קאָפּ טוט מיר שרעקלעך ווי...

— יעס, יעס! — האָט דער אַמעריקאַנער געענטפערט — שטערט אייך נישט... מאָרגן וועלן מיר זיך האָפנטלעך זען...

זיי האָבן זיך געדריקט די הענט. לעאָן האָט אויך רעגינען דערלאַנגט די האַנט, געקושט איר האַנט און פאַרלאָזט דעם סאַלאָן.

לעאָן איז געווען זיכער, אַז דער דאָזיקער גראָב־הויטיקער אַמעריקאַנער וועט שוין איצט פאַרשטיין, אַז עס איז שוין צייט אָפּטשעפּען זיך און לאָזן צו־רו.

אָבער מיסטער דזשייקאָב האָט גאָרנישט געהאַט בדעה זיך צו רירן פון אָרט...

רעגינע איז שוין אויך אויפגערעגט געוואָרן און זי איז אַרויס אויפן באַלקאָן, כדי צו געבן איר פאַרערער אַן אָנצוהערעניש, אַז דער אָוונט־מאָלצייט איז שוין געענדיקט...

אָבער דער אַמעריקאַנער האָט זיך אויפגעהויבן פון זיין אָרט און איז איר נאָכגעגאַנגען...

— וואָס פאַר אַ שיינע לבנה־נאַכט! — האָט דער אַמעריקאַנער אויסגערופן — איר וועט דאָך גנעדיקעס פריילין, מן־הסתם מיר נישט אָפּזאָגן זיך אַביסל איבערשפּאַצירן צוזאַמען אינעם גאָרטן דאָ...

נישט קענענדיק אָפּזאָגן דעם גאַסט, האָט רעגינע מסכים געווען:

— ביטע, ביטע...

— וואָס האָט זי דען געהאַט מורא צוהאָבן? צי האָט איר גאָר געקענט איינפאַלן, אַז דער דאָזיקער אַמעריקאַנער וועט זיך טשעפּען צו דער כלה פון דעם, וואָס האָט אים פריינטלעך אויפגענומען אין זיין הויז?

אָבער דער מיסטער דזשייקאָב האָט איצט געגליט ווי פייער... צעהיצט פונעם שטאַרקן וויין און פון רעגינעס רייצנדן קערפּער — איז דער אַמעריקאַנער געווען אויסער זיך און ער האָט גאָרנישט געקאָנט באַהערשן זיינע צערייצטעליידנשאַפטן.

רעגינע מיט איר קאַלטקייט, האָט אים נאָך מער צערייצט. נאָכדעם, ווי זיי האָבן אַזוי עטלעכע מינוט שפּאַצירט אין די אַלעען פונעם גאָרטן, וועלכע זענען געווען פאַרהילט אין דער נאַכט־פינצטערניש, האָט דער אַמעריקאנער גאָר דעם קאָפּ פאַרלוירן.

אַ ציטערנדיקער אינגאַנצן פון ליידנשאַפט, האָט ער געכאַפּט רעגינעס האַנט אין זיין גראָבער האַנט אַריין און אָנגעהויבן סאַפּענדיק צו שעפּטשען:

— מיס רעגינע! איר זענט די שענסטע פרוי, וואָס איך האָב באַגעגנט אין מיין לעבן! איך האָב דיר ליב! איך וועל אָן דיר נישט קענען לעבן! ווער מיינע און דו וועסט גליקלעך זיין! איך בין איינער פון די רייכסטע מענטשן אין אַמעריקע! דו וועסט ביי מיר זיין אַ קייסערינע...

ער האָט שווער אָפּגעזיפצט און וויַיטער הייס געשעפּטשעט:

— מיין גאַנץ פאַרמעגן גיב איך איבער אין דיינע הענט!

ער האָט צוגעדריקט רעגינעס ווייסע האַנט צו זיינע גראָבע ליפּן און זי באַדעקט מיט הייסע קושן.

רעגינע איז געבליבן שטיין אַ צעמישטע און אַ צעטומלטע.

זי איז אָבער באַלד געקומען צו זיך און אָפּגעשטויסן דעם גראָבן מיסטער פון זיך.

— מיסטער! איר האָט זיך פאַרגעסן! — האָט זי שטאָלץ אַ זאָג געטאָן — איר מוזט פריער צו־וואַקסן אַביסל.. איר זאָלט מיר כאָטש דערגרייכן ביזן אַקסל: דערנאָך וועט איר קענען זוכן מזל ביי... אַן אַנדערע...

זי האָט זיך שפּאָטיש צעלאַכט.

זי האָט דעם אַמעריקאַנער מיסטער געלאָזט שטיין אַליין אין גאָרטן און זיך מיט שנעלע טריט געלאָזט גיין צוריק צום פּאַלאַץ.

דער אמעריקאַנער איז געבליבן שטיין ווי אַ צוגעמויערטער צו דער ערד. ער איז טויט־בלאַס געוואָרן. אין זיינע אויגן האָבן אויפגעבליצט גרינע פייערלעך.

— וואַרט! — האָט ער אויסגערופן מיט צאָרן — פאַר מיין באַליידיקונג וועסטו טייער באַצאָלן!

ער האָט אויפגעהויבן אין דער הויך אַ געביילטע פויסט אַנט־קעגן רעגינען און איז באַלד פאַרשוווּנדן געוואָרן אין דער גע־דיכטעניש פון די ביימער.

— — — — — — — — — —

רעגינע איז שוין געשטאַנען ביים אַריינגאַנג פונעם פּאַלאַץ, ווען זי האָט באַמערקט, אַז אין לעאָנס צימער לייכט זיך נאָך.

דורך די פאַרהאַנגען האָט זיך געזען אַ באַוועגלעכער שאָטן, וואָס האָט עדות געזאָגט, אַז לעאָן דרייט זיך הין און צוריק אין זיין צימער, אַ פאַרטראַכטער אין זיינע מחשבות.

די פאַרדאָרבענע רעגינע האָט זיך דערמאָנט אין דער סצענע, וואָס זי האָט אין דער פרי געהאַט מיט לעאָנען און עס האָט איר איצט באַנג געטאָן.

צו וואָס זאָל זי זיך אַזוי' דעמאַסקירן פאַר אים און אים אַרויסווייזן איצט אַלע שיינקייטן פון איר קערפּער, כדי אים צו אַרויסווייזן איר אמתדיקן פּנים נאָך איידער זי האָט אים אינגאַנצן אין אירע הענט?...

זי האָט דעריבער באַשלאָסן איצט אַריינגיין צו לעאָנען און פאַרשיכורן אַזוי, אַז ער זאָל אַלץ פאַרגעסן...

לעאָן איז איצט ווירקלעך געווען פול מיט פאַרביטערונג קעגן רעגינען.

— „ עפּעס אַ קראַנקן־שוועסטער דאָרט"... — האָט ער כסדר געהאַלטן אין איין איבערחזרן רעגינעס ווערטער.

ער האָט זיך דאָס בשום אופן נישט געקאָנט שיינקען.

די גרינגשעצונג, וואָס איז געלעגן אין די דאָזיקע ווערטער, האָבן טיף באַליידיקט זיינע הייליגסטע געפילן.

עס האָט אים טיף ווי געטאָן, וואָס רעגינע האָט פאַר־פאָלגט סאַבינען אַפילו נאָך איר טויט.

— איז סאַבינע טאַקע טויט? — האָט ער צו זיך אַליין גע־רעדט — דאָס איז אוממעגלעך!

עפּעס אַ פאַרגעפיל האָט אים בשום אופן נישט געלאָזט גלויבן, אַז סאַבינע, דאָס דאָזיקע ליכטיק מיידל, איז טאַקע אויף אַן אמת טויט.

מאַרישעס ווערטער, וואָס זי האָט דעמאָלט אויסגעשריגן אויף די תנאים, האָבן אים ווידער אנגעהויבן צו באַאומרויִקן און ער האָט זיך ווידער דערמאָנט וועגן רעגינעס איבערווינקען זיך מיט מאַרישען.

טאַדעאוש און דערנאָך אויך מאַרישע האָבן אים טאַקע פאַר־זיכערט, אַז דאָס האָט נישט צו טאָן מיט קיין שום געהיימנישן און זיי זענען בלויז אויסן געווען אויסצונארן געלט.

אָבער לעאָן האָט זיך דאָך נישט געקאָנט פולשטענדיק באַ־רויִקן און ס'האָט אים נישט געקאָנט אַרויס פון זינען.

— און אפשר שטעקט דאָ טאַקע עפּעס אַ געהיימניש? עפּעס אַ שווינדל? אפשר איז סאַבינע דאָך נישט טויט?

דער קאָפּ האָט אים שיער געפּלאַצט פון איבערקלערן און פון וואַקלען זיך מיט דער דעה: יאָ, צי ניין? צי האָט מאַרישע געזאָגט אמת דעמאָלט, ווען זי האָט געשריגן, צי דרגאָך?

אין דעם איז אַריינגעקומען לעאָנס אַלטער דינער מאַריץ.

— צי נויטיקט זיך נישט דער פּאַן אין עפּעס? — האָט ער אַ פרעג געטאָן, ווי ער פלעגט עס געוועגלעך טאָן יעדן אָונט.

דער אַלטער מאַריץ האָט שוין זינט לאַנגע יאָרן געדינט אינם פּאַלאַץ פון די קייזערשטיינס, ער האָט נאָך געדינט ביי לעאָנס זיידן.

מאַריץ האָט לעאָנען זייער ליב געהאַט, ווייל ער האָט אים

דערצויגן אויף זיינע אייגענע הענט, און ער האָט אויך געשעצט זיין גוטן און איידעלן כאראקטער.

לעאָן האָט געהאַט דעם גרעסטן צוטרוי צו זיין אַלטן טרייען דינער און ער האָט אים אויך ליב געהאַט. ער האָט דעריבער באשלאָסן זיך צו פארטרויען פאר אים.

— מאָריץ — האָט ער זיך געווענדעט צו אים, — ציי באַמערקסטו דו נישט לעצטנס עפּעס פארדעכטיקס דאָ ביי אונז די לעצטע צייט?

— פארדעכטיקס? — האָט דער אלטער געענטפערט, — וואָס האָט דאָ צו זיין פארדעכטיק? איך זע נאָר, ווי דער פּאַן גייט־ארום אזא פארמרה־שחורהטער, ווי א שאָטן...

דער אַלטער האָט דערביי טרויעריק צוגעשאָקלט מיט זיין גרויען קאָפּ.

— ווייסטו פארוואָס איך בין אזוי פארטרויערט, מאָריץ? מיך דאכט זיך אלץ, אז איך האָב זיך פארשולדיקט פאר מיין כלה, פאר סאבינען.

— וואָס פאלט דעם פּאַן עפּעס איין? — האָט דער אלטער דינער אויסגעשטעלט א פּאָר פארוואונדערטע אויגן אויף לעאָנען — זי איז דאָך שוין לאנג אין ליכטיקן גן־עדן.

— דו ביסט זיכער אין דעם, מאָריץ? — האָט לעאָן זיך צוגעבויגן צו זיין טרייען דינער.

מאָריצעס אויגן זענען קיילעכדיק געוואָרן פון שרעק.

— דער פּאַן איז אַראָפּ פון זינען! — האָט ער געטראכט.

— מיר זענען דאָך אליין געווען ביי דער לויה! — האָט דער אלטער אויסגערופן מיט שרעק, זיך צוריקקוקנדיק עטוואָס.

— דאָס איז אמת, מאָריץ. איך האָב זי אבער שוין צוויי מאָל געזען נאָך דער לויה...

דער אַלטער דינער האָט זיך מיט נאָך איין טריט צוריקגערוקט, איצטער איז ער שוין זיכער געווען, אז לעאָן איז גערירט פון נען.

דעם אַלטן דינער האָט זייער שטאַרק געוואונדערט לעאָנס ווערטער. כאָטש ער האָט געהאלטן, אז דאָס זענען פּוסטע פאנטאזיעס, האָט ער געמאכט דעם אָנשטעל, אז ער גלויבט כלומרשט דעריין.

— נישט איין מאָל, — האָט ער געזאָגט, — האָט שוין גע־טראָפן, אַז גייסטער פון די געשטאָרבענע האָבן זיך באַוויזן צו זייערע לעבדיקע נאָענטע.

— מיר דוכט זיך אבער — האָט לעאָן געזאָגט, — אז ארום מיר ווערט געוועבט עפּעס א שווינדל. ניין, נישט סאבינעס גייסט האָט זיך באַוויזן, נאר די לעבעדיקע סאבינע, וועלכע איז אויך עפּעס אויף א ווונדערלעכן אופן צוריק לעבדיק געוואָרן.

דער אלטער דינער האָט באטראכט זיין בעל־הבית מיט שרעק: „ער איז פון זינען אראָפּ", האָט ער געטראכט.

— עפּעס א פּאַרגעפּיל זאָגט מיר, אז סאבינע לעבט!.. — האָט לעאָן אויסגערופן.

ווען לעאָן און זיין דינער זענען אזוי געווען פארטיפט אין זייער שמועס, האָבן זיי גארנישט באמערקט, ווי די טיר האָט זיך שטיל געעפנט און אַ בלאַס פנים פון אַ פרוי האָט זיך דאָרט באַוויזן. דאָס איז געווען רעגינע.

זי האָט געוואָלט לעאָנען איבערבעטן צוליב דער סצענע אינ־דערפרי, אבער דערהערנדיק לעאָנס לעצטע ווערטער, איז זי טויט־בלאַס געוואָרן און זי האָט זיך שטיל צוריק ארויסגעשאַרט, בלייבענדיק שטיין הינטער דער טיר.

זי האָט מיט א קלאַפּנדיק הארץ זיך איינגעהערט אין דעם ווייטערדיקן שמועס פון לעאָנען מיט זיין טרייען דינער. ע

— און אויב סאבינע לעבט, — האָט לעאָן פאָרגעזעצט זיינע רייד, — קאָן איך בשום אופן נישט התונה האָבן מיט רעגינען.

דער אַלטער דינער האָט אַ זיפץ געטאָן מיט מיטלייד.

— ווען איך זיך אמאָל איליין מיט רעגינען, — האָט לעאָן ווייטער דערציילט, — דאכט זיך מיר, אז פון הינטער אירע פּלייצעס באווייזט זיך סאבינעס געשטאַלט און זי וואָרנט מיך... וואָס טוט מען, מאָריץ? איך האָב מורא, אז איך זאָל נישט פון זינען אראָפּ!

אָבער סאַבינע איז דאָך געשטאָרבן! — האָט דער אלטער דינער זיך געהאלטן ביי דאָס זייניקע.

---

ווער עס וויל באַקומען אַלע דערשינענע בראָשורן ביז איצט, 12 אין צאָל, זאָל צושיקן 6 ל"י טשעקן אָדער פּאָסט מאַרקן אויפן אַדרעס פון כברת „שלה" ת"א, גדוד העברי 64, אָדער צו דפוס „אור בע"מ, תל־אביב. שדר' הר־ציון 104.

# סאבינע



ראָמאַן
פון אַ קראַנקן־שוועסטער

---

נומער 15

— איך גלויב אָבער נישט אין דעם! — האָט לעאָן מיט א פעסטער שטים געזאָגט — איך גלויב נישט, אז סאַבינע איז טויט! ווען איך וואָלט נישט מורא געהאַט פאַר אַ קאָמפּראָמעטאַציע, וואָלט איך שוין לאַנג געלאָזט אויפגראָבן איר קבר, כדי זיך אי־בערצייגן. נאר דאָן, ווען איך וואָלט זי געזען דאָרט ליגן א טויטע, וואָלט איך געגלויבט, אז זי איז געשטאָרבן.

— איך בין עס גרייט צו טאָן פאַר אייך! — האָט דער על־טער דינער געזאָגט — איך בין אַן אַלטער מאַן און קברים שרעקן מיך שוין נישט.

— איך דאַנק דיר, מאַריץ! — האָט לעאָן אויסגערופן, — דאָס מוז אָבער געמאַכט ווערן שטרענג בסוד.

לעאָן האָט ארויסגענומען זיין פּאָרטפעל.

— דאָ האָסטו פינף הונדערט גילדן, מאַריץ! — נעם שוין דעם אויטאָ און פאָר אראָפּ אויפן געגנשער בית־עולם. וועק אויף דעם וועכטער און פאַר א געהעריקן לוין וועט ער דיר אויפגראָבן דעם קבר. קוק זיך גוט איין אינעם פּנים פונם טויטן קערפּער, צי איז דאָס סאַבינע, נאר געדענק, זאָלסט קיין טעות נישט האָבן!

— דער פאַן קאָן פולשטענדיק זיכער זיין! — האָט דער טרייער דינער געענטפערט.

לעאָן האָט געדריקט מאַריצעס האַנט:

— איך וועל עס דיר קיינמאָל נישט פארגעסן, מאַריץ!

אין דעם מאָמענט האָט זיך ווידער אין דער טיר באוויזן רע־גינעס געשטאַלט. זי האָט א שארפן בליק געוואָרפן אויףביידע שמועסנדיקע און באלד פארשוואונדן.

— — — — — — — — — — — — — —

אין עטלעכע מינוטן ארום איז לעאָנס אויטאָ געפלויגן אי־בער די ווארשעווער גאסן, פירנדיק דעם אלטן מאַריץ צום געגנשער בית־עולם.

דעם אלטנס הארץ האָט שטאַרק געקלאַפּט, ווען דער אויטאָ האָט זיך אָפּגעשטעלט פאַר די טויערן פון בית־עולם. ער האָט זיך אָבער געשטארקט, ווייל ער האָט געוואָלט ווי געהעריק אויספירן די שליחות פון זיין איידעלן בעל־הבית, וועלכן ער האָט הארציק ליב געהאט ווי אן אייגן קינד.

נאָך דעם ווי ער האָט אָנגעקלונגען ביים טויער־גלעקל, האָט זיך דערהערט די שטים פונם וועכטער שיקאַרעק:

— ווער איז דאָרט?

— עפנט! וועגן א וויכטיקער זאַך.

דער נאַכט־וועכטער האָט געעפנט און אריינגעלאָזט מאַריצן.

— וואָס ווינטש איר? — האָט ער געפרעגט.

— זענט איר דאָ אליין?

— אליין.

— קאָן אונז דאָ קיינער נישט אונטערהערן?

— קיינער. סיידן די טויטע.

— טאָ הערט, — האָט מאַריץ געזאָגט, — איך וויל פון אייך א געפעליקייט פאַרשטייט זיך, אַז איך וועל אייך ווי געהעריק באלוינען.

— ביטע, זאָגט, וואָס פארלאַנגט איר? — האָט שיקאַרעק געפרעגט.

— איך וויל, איר זאָלט מיר עפענען דאָס קבר פון א מיידל. איך וויל נאָר דאָרט א קוק טאָן און זיך אין עפעס איבערצייגן.

— דאָס איז נישט מעגלעך, פראַשן פּאַנאַ, — האָט דער כיטרער נאַכט־וועכטער זיך געעקשנט, וועלענדיק אזוי ארום אויסדינגען א טייערערן פרייז, — איך קאָן דאָך גיין אין קרימינאַל אריין!

— איר האָט נישט וואָס מורא צו האָבן, — האָט אים מאַריץ בארואיקט, — איך בין מער פאראינטערעסירט דאָס דאָזיקע געהיימניש צו באַהאַלטן, ווי איר און.. — מאַריץ האָט דערלאַנגט שיקאַרעקן צוויי קנאַקעדיקע הונדערטערס — דאָ האָט איך אַ קאַנטע.

— אָבער... פראַשן־פּאַנאַ... — האָט דער וועכטער זיך אָנגעהויבן קווענקלען.

— וואָס: אָבער?

— דאָס איז ווייניק... כאָטש נאָך אַ דריי אַזעלכע...

— קומט, — האָט מאַריץ געזאָגט מיט אומגעדולד, — איר וועט קריגן נאָך דריי!

אין אַ ווײַלע אַרום איז שיקאַרעק שוין געווען באַוואָפנט מיט א שפאַדעל אין איין האַנט און א לאַמטער אין דער צווייטער.

פירנדיק הינטער זיך מאַריצן, איז ער געגאַנגען צו סאַבי־נעס קבר.

דאָס פלעמל אין דער לאמטער האָט זיך געוואָרפן הין און צוריק, ווערנדיק געיאָגט פונם נאכטיקן ווינט. שאָטנס האָבן זיך באוועגט און געהיפּט צווישן די קברים.

פון ווייל צו ווייל האָט זיך געהערט א שטיל גערויש פון א דורכשפּרינגענדיקן שטשור...

מאַריץ האָט געפילט, ווי קאלטע טראָפּנס שווייס טרעטן אים ארויס אויפן שטערן, אָבער ער איז נאָכגעגאַנגען א שטילער נאָך שיקאָרעקן.

לאנגע רייען קברים האָבן זיך געצויגן פון ביידע זייטן מיט ווייסע מצבות ביים צוקאָפּנס.

אָט שטייען זיי שוין פאר סאבינעס קבר.

שיקאָרעק שטעלט אראָפּ די לאמטער אויף דער ערד, נעמט דעם שפּאַדעל און גראָבט אים אין דער ערד — — — —

אָבער אין דעם מאָמענט האָט זיך פון הינטער די מצבות באַוויזן א הויכע געשטאלט, איינגעהילט, אין א ווייסן וואַל...

— אויסוואורפן! — האָט די געשטאַלט אויסגערופן — פאר וואָס שטערט איר מיין אייביקע רו?

— גאָט! — האָט מאַריץ אויסגערופן און זיך צוריקגערוקט אויף עטלעכע טריט.

פלאָנטערנדיק מיט די פיס האָט ער צוטראָטן די לאַמטער און זי פארלאָשן.

ארום איז געוואָרן שטאָק־פינסטער און בלויז די ווייסע גע־שטאַלט האָט ארויסגעשיינט פון דער פינסטערניש...

מאַריץ האָט זיך א וואַקל געטאָן און איז געפאלן אין חלשות... שיקאָרעק האָט אים קוים דערמונטערט און אריינגעפירט אים אין זיין שטוב אריין.

— — — — — — — — — — — — — — — —

ווען שיקאָרעק האָט אוועקגעפירט דעם פארהלשטן מאַריץ, האַלטענדיק אים פעסט אונטערן אָרעם, האָט די ווייסע געשטאַלט אַראָפּגעריסן פון זיך דעם וואַל און האָט זיך צעלאַכט מיט א שפּאָטיש געלעכטער.

אין א ווײַלע ארום האָט אויפגעלויכטן דאָס ליכט פון א דיי־

מאַן־לעמפּל און עס האָט זיך באַוויזן רעגינעס בלאַסע געשטאַלט...

מער וועט זיך שוין דעם אַלטן תרח נישט פאַרגלוסטן ביינאַכט צו קריכן אויפן בית־עולם!... — האָט רעגינע שפּאָטיש געזאָגט.

אָבער פּלוצלונג האָט זיך איר שטים פאַרהאַקט און דאָס האַרץ איז אין איר אָפּגעשטאָרבן פון שרעק.

א קאַלטע, שטאַרקע האַנט האָט זי אָנגעכאַפּט פאַרן אָרעם...

— — — — — — — — — — — — — —

קאַפּיטל זעקס און צוואַנציק

## אין דער פאַרברעכערישער נעץ

בערנאַרד קרויזער האָט זיך דערפילט אומהיימלעך, ווען פאַר אים איז פּלוצלונג אויסגעוואַקסן רודאָלפס הויכע שטאַרקע פיגור.

— וואָס דרייסטו זיך דאָ? — האָט בערנאַרד געפרעגט דעם רומענער — וועמען שפּיאָנירסטו דאָ נאָך, האַ?

— איך בין דאָ צופעליק צוגעקומען, פּראָשן פּאַנאָ, — האָט רודאָלף זיך פאַרענטפערט, — און איך האָב נישט ווילנדיק געהערט, וואָס דאָ איז גערעדט געוואָרן. ס'איז א חוצפה פון די דאָזיקע נקבות צו אייך אַזוי צו רעדן!

— אין וועל שוין די בודע ליקווידירן! — האָט בערנאַרד געזאָגט מיט שטאָלץ, — די דאָזיקע „דאַמען" אייערע דאַרפן וויסן, מיט וועמען זיי רעדען!..

— איר זענט גאַנץ גערעכט, פּראָשן פּאַנאַ, — האָט רודאָלף געחנפּט דעם מאַגנאַט, — אָבער דאָס וועט זיין פאַר אייך א קנאַפּע סאַטיספאַקציע. פּאַפּאַ סעם גרייט זיך שוין סיי־ווי פאַרלאָזן לעמבערג. צי וואָלט איר נישט געוואָלט פריער האָבן אויף א נאַכט די טענצערן פּעפּי?

— די טענצערין? זי אינטערעסירט מיך נישט! איך האָב חשק צו דער צווייטער, דער בלאָנדער.

— איר האָט א גאַנץ גוטן גוסט! — האָט דער רומענער ווידער געחנפט — צו איר איז אָבער שווערער צוצוקומען, ווי צו דער טענצערן.

— דערביי טאַקע וויל איך זי אַזוי שטאַרק האָבן! — האָט בערנאַרד אויסגערופן.

דער רומענער האָט זיך צו אים צוגערוקט און אים אַריינ־געשעפּטשעט עפּעס אין אויער אַריין.

— אַז איר וועט מיך פאָלגן, וואָס איך וועל אייך ראָטן, וועט איר באַזיצן דאָס דאַזיקע מיידל!

— ווי אַזוי? — האָט דער אויסגעלאָסענער מאַגנאַט געפרעגט.

דער געמיינער פּאַיאַץ האָט צוגעבויגן זיינע ליפּן צו בער־נאַרדס אויער און לאַנג דאָרט אַריינגעשעפּטשעט.

בערנאַרדס פּנים האָט אויפגעלויכטן פון פרייד.

ער האָט אויסגעצויגן זיין האַנט צום רומענער:

— ביסט אַ כיטרער יונגאַטש, זע איך! אויב עס וועט זיך איינגעבן און דאָס מיידעלע וועט צו מיר אַריינפאַלן, וועל איך דיר שיין באַלוינען. איצטער נעם איך זיך שוין צו דער זאַך!

בערנאַרד קרויזער איז צוריק אַריין אין צירק און האָט דאָרט אָפּגעזוכט דעם פּאַפּאַ סעם.

פּאַפּאַ סעם האָט זיך טיף פאַרנויגט פאַרן מאַגנאַט:

— וואָס ווינטשט איר, פראַשן פּאַנאַ?

דער צירק־דירעקטאָר איז געשטאַנען אַן איינגעבויגענער און אויסגעהערט בערנאַרדן:

— איך האָב געהערט, — האָט בערנאַרד געזאָגט, — אַז איר גרייט זיך די טעג שוין צו פאַרלאָזן אונדזער געגנט. וואָלט איך דעריבער געוואָלט איינלאַדן אייך מיט אייער טרופּע צו מיר אין פּאַלאַץ, ווייל די פאַרשטעלונג האָט אויף מיר געמאַכט אַ גוואַלדיקן איינדרוק...

פּאַפּאַ סעם איז אינגאַנצן צומישט געוואָרן. ער האָט נישט געוווּסט, צי זאָל ער זיך וווּנדערן, אָדער טאַנצן פון פרייד.

אַזאַ כבוד האָט ער נאָך קיינמאָל נישט געהאַט.

ער האָט זיך דעריבער געבויגט און געבויגן אין אַלע זייטן און נישט געוווּסט ווי אַזוי אָפּצודאַנקען דעם מאַגנאַט פאַר דעם כבוד, וואָס ער טוט אים אָן.

בערנאַרד האָט בלויז געשמייכלט, זעענדיק דעם פּאַפּאַ סעם אין זיין צעקאָכטקייט און ער האָט צוגעגעבן:

— אַלזאָ, מאָרגן אין אָוונט דערוואַרט איך אייך. איך לאַד

אייך איין אויף אַן אָוונט־מאַלצייט. איך גלויב, אַז קיינער פון אייער טרופּע וועט נישן פעלן מאָרגן ביי מיין טיש!

— איך דאַנק אייך זייער, זייער... — האָט פּאַפּאַ סעם גע־שטאַמלט און געווישט דעם שווייס פון שטערן. ער איז נעבך אין גאַנצן צעטומלט געווען.

— איך בעט אייך דערביי, — האָט בערנאַרד צוגעגעבן, — צוצוגרייטן עטלעכע נומערן, ווייל איך און מיין שוועסטער לוסי האָבן זייער ליב צירק־פּאַרוויילונגען.

— ביטע, ביטע זייער, זייער... איך וועל זען צוצוגרייטן די שענסטע נומערן, די שענסטע... פּעפּי וועט טאַנצן, פּוק און רו־דאַלף, אָט דער דאָ, וואָס איז נאָר וואָס אַריינגעקומען — וועלן באַ־ווייזן וואָס זיי קענען...

— גוט, גוט. — האָט בערנאַרד געשמייכלט.

בערנאַרד האָט זיך שיער נישט אַרויסגעכאַפּט מיט אַ וואָרט וועגן סאַבינען, ס'איז שוין געלעגן אויף דער צונג. ער האָט זיך אָבער צוריקגעכאַפּט.

„ווען מען שטעלט אויף אַ פּולאַפּקע, טאָר מען די מייז נישט שרעקן"... — האָט ער זיך דערמאָנט אַן אַלט שפּריכוואָרט.

בערנאַרד האָט זיך וואַרעם געזעגנט מיטן פּאַפּאַ סעם, וועל־כער האָט געשיינט פון גליק, און ער האָט פאַרלאָזט די צירק־שאָפּע.

נאָכדעם, ווי די פאַרשטעלונג האָט זיך געענדיקט, האָט פּאַפּאַ סעם צונויפגערופן די גאַנצע טרופּע זיינע און זיי מודיע געווען די פריילעכע בשורה:

— מען האָט אונדז איינגעלאַדן צו אַ „גראַף" אין פּאַלאַץ אַריין, — האָט ער געשריגן ווי אַ משוגענער, — עטץ הערט, חברה? צו אַ „כראַביע"!...

חברה אַקטיאָרן איז געוואָרן מלא שמחה. אויף אונדזער וועלטל טרעפט דאָך זעלטן, אַז רייכע לייט זאָלן איינלאַדן וואַנדערנדיקע אָרעמע אַקטיאָרן אויף אַ באַל.

אַלע האָבן זיך געגרייט צום באַל און זיך שוין נישט געקאָנט דערוואַרטן ביז מאָרגן.

בלויז איין סאַבינע האָט ביי זיך באַשלאָסן אויפן באַל נישט צו גיין.

ערשטנס, האָט זי געהאַלטן, אַז מיט דער איינלאַדונג מיינט

מען נישט איר. זי איז דאָך נישט קיין אַקטריסע און געהער נישט צו דער טרופּע.

צווייטנס, איז איר דער דאַזיקער מאַגנאַט נישט געפעלן, ער איז איר אפילו געווען העכסט אומסימפּאַטיש. זי האָט דעריבער נישט קיין חשק געהאַט צו פאַרברענגען אין זיין געזעלשאַפט.

בערנאַרד קרויזער איז אָבער געווען אַ כיטרער יונג. ער האָט באַלד פאַרשטאַנען, אַז סאַבינע וועט נישט קיין חשק האָבן צו גיין אויפן באַל.

ער האָט דעריבער איבערגעגעבן דער פראַנצויזן לוסי די אויפגאַבע אַכטונג צו געבן, אַז סאַבינע זאָל דורכאויס קומען אויפן באַל.

לוסי האָט זיך פאַרגעשטעלט אַלס בערנאַרדס אַ שוועסטער. פּאַפּאַ סעם האָט זי דעריבער אויפגענומען מיטן גרעסטן כבוד.

— איך בין געקומען אייך איינלאַדן אויך אין מיין נאָמען! — האָט לוסי דערקלערט.

זי האָט דערביי געבעטן זי צו באַקענען מיט דער גאַנצער טרופּע.

אַלע האָבן גערן זיך פאַרגעשטעלט פאַר איר. בלויז איין סאַ־בינע איז נישט געקומען.

אין דעם מאָמענט איז גראָד געקומען צו אַ סכסוך צווישן סאַ־בינען און פּעפּין.

סאַבינע האָט דערקלערט פּעפּין, אַז זי וועט היינט בשום אופן נישט גיין אויפן באַל.

פּעפּי איז ממש געווען פאַרצווייפלט.

— וואָס טוט זיך מיט דיר, סאַבינע? — האָט זי געטענהט — דו ווייסט דאָך גאַנץ גוט, אַז איך דאַרף היינט טאַנצן אין פּאַלאַץ! אָן דיין הילף וועל איך נישט קאָנען שנעל בייטן די קאָ־סטיומען און די גאַנצע פאָרשטעלונג וועט גאָרנישט ווערט זיין!

— איך קאָן דיר ליידער גאָרנישט העלפן, — האָט סאַבינע דערקלערט מיט אַנטשלאָסנקייט, — איך וועל אויף דעם באַל נישט גיין. באַזונדערס האָט מען מיר גאָרנישט איינגעלאַדן. מ׳האָט איינ־געלאַדן די אַקטיאָרן און איך בין נישט קיין אַקטריסע.

אין דעם מאָמענט האָט מען גערופן פּעפּין צו לוסין.

— איך בעט אייך זייער, מאַדמאַזעל, — האָט פּעפּי זיך גע־

ווענדעט צו לוסין, — מיר האָבן דאָ אַ פּאַנגע, מיינע אַ גוטע פריינדין, איז זי נישט קיין אַקטריסע, זי טענהט דעריבער, אַז זי קאָן נישט גיין אויפן באַל, ווייל מ׳האָט איינגעלאַדן נאָר אַקטרי־סעס. איך וויל זי אָבער דאָרט האָבן, ווייל זי איז מיר אומבאַדינגט נויטיק ביים בייטן די קאָסטיומען.

לוסי האָט זיך באַמיט צו באַהאַלטן איר צופרידנקייט. זי האָט זיך שוין געוואָלט סיי־ווי פרעגן אויף סאַבינען, זי האָט דאָך געוווסט, אַז טאַקע צוליב סאַבינען מאַכט מען דעם גאַנצן באַל.

פּעפּיס ביטע איז איר דעריבער איצט שטאַרק צונוץ גע־קומען.

זי האָט מילד אַ שמייכל געטאָן און געזאָגט:

— מיטן גרעסטן פאַרגעניגן, מיין ליבע פרוי! מיר בעטן זיי־ער אויך אייער פריינדין. וווּ איז זי? איך וואָלט זיך וועלן באַקע־נען מיט איר.

פּעפּי האָט פּשוט מיט געוואַלד אַריינגעשלעפּט סאַבינען צ־לוסין.

— אַ גוטן מאָרגן אייך, פריילין! — האָט לוסי אויסגעצויגן צו סאַבינען איר האַנט — צי איז אמת, וואָס מען דערציילט מיר דאָ, אַז איר זאָגט זיך אָפּ צו זיין אונדזער גאַסט? איך גלויב דאָס נישט!

די דאַזיקע פאַלשע פראַנצויזן האָט אַזוי האַרציק גערעדט צו סאַבינען און איר וואַרעם געדריקט די האַנט, אַז סאַבינע האָט איר נישט געקאָנט אָפּזאָגן.

סאַבינע האָט לוסין צוגעזאָגט צוקומען אויפן באַל.

פּעפּי איז געווען איבערגליקלעך.

אָבער נאָך מער האָט זיך געפרייט לוסי.

— ער האָט אַ גוטן גוסט, בערנאַרד! — האָט זי גערעדט צו זיך אַליין, ווען זי האָט זיך אומגעקערט אַהיים.

די אָפּגעלעבטע קאָקעטקע האָט איצט פאַנטאַזירט, וואָס פאַר אַ רייכע מתנות בערנאַרד וועט איר קויפן אויס דאַנקבאַרקייט פאַרן דאָזיקן שטיקל אַרבעט.

אַ צופרידענער שמייכל האָט זיך אויסגעלייגט אויפן אָפּגע־לעבטן געשמינקעוועטן פּנים פון דער פראַנצויזין.

חברה אַקטיאָרן האָט זיך שטאַרק געפּאַרעט. די אַקטריסעס האָבן אויסגעזוכט זייערע שענסטע קליידער.

סאַבינע ווידער האָט זיך אָנגעטאָן פּעפּיס אַ באַשיידן זיידן קליידל, אין וועלכן זי האָט געהאַט אַזאַ חן, וואָס קאָן יעדעס האַרץ באַצויבערן.

די מענער האָבן נישט געהאַט קיין גאָר וואַזשע מלבושים. זיי זענען נעבעך געווען אָפּגעריסן און אָפּגעשליסן.

ווען זיי זענען צוגעקומען צום פּאַלאַץ, האָבן די וואַזשנעס פאַרביסן די ליפּן, כדי נישט אַרויסצופּלאַצן פאַר געלעכטער. אָנ־קוקנדיק די דאַזיקע „מאַגנאַטישע" געסט מיט די צעהאַדערטע מאַרינאַרקעס און אויסגעריבענע הויזן...

ווען חברה אַקטיאָרן זענען אַריינגעקומען אין בערנאַרדס סאַ־לאָנען — האָבן זיי נישט געוווסט ווי די אויגן אַהינצוטאָן.

פון די טישן האָט געבלאַנקט זילבער און קרישטאָל. עס האָט געבלענדעט פאַר די אויגן.

אויבנאָן האָט זיך אַוועקגעזעצט בערנאַרד קרויזער. ביי זיינע ביידע זייטן האָט מאַדמאַזעל לוסי אַוועקגעזעצט פּעפּין און סאַ־בינען.

לוסי אַליין האָט זיך אַוועקגעזעצט אַקעגנאיבער, צווישן סאַשען און פּאַפּאַ סעם.

חברה אַקטיאָרן האָט נעבעך געשוויצט פון פאַרלעגנהייט, נישט ווויסנדיק ווי אַזוי רעכט צו האַלטן אַ גאָפּל אין דער האַנט און נישט האָבנדיק קיין אנונג ווי אַזוי מ'עסט די אויפגעגעבענע מאכלים, וועלכע זיי האָבן איצט געזען צום ערשטן מאָל, זינט זיי לעבן.

בלויז איין סאַבינע האָט זיך געוווסט ווי צו פאַרהאַלטן ביים טיש.

אין דער צייט, וואָס זי האָט פאַרברענגט אין פּאַלאַץ ביי די קייזערשטיינס, האָט זי זיך אויסגעלערנט אַלע אַריסטאָקראַטישע מאַניערן און מנהגים.

די איבעריקע אַקטיאָרן און אַקטריסעס האָבן דעריבער אין אַלץ נאָכגעטאָן סאַבינען, אַזוי אַז זיי זענען ווי עס איז איבער־געקומען דעם שווערן נסיון...

ערשט צום סוף פון דער סעודה, נאָכדעם ווי דער עולם האָט

פאַרזוכט אַביסל שאַמפּאַניער, האָבן זיי זיך ערשט דערפילט אַ ביסל פרייער און אויפגעמונטערטער...

רודאָלף האָט געוויזן עטלעכע זיינע קונצן. פּעפּי האָט גע־טאַנצט, אַלע מאָל אין אַן אַנדער קאָסטיום. פריער אלס זומער־פייגעלע, דערנאָך אַלס וואַסער־מיידל, דערנאָך ווידער אַלס בלום, אַ שטראַל, אַ שטאַרבנדיקע שוואַן.

דערנאָך האָט פריילעך געמאַכט דאָס הויקערל פּוק.

אויף בערנאַרדס באַפעל האָט מען דערלאַנגט צום טיש שאַמ־פּאַניער, וויפל מען האָט נאָר געוואָלט. דער עולם האָט דעריבער געטרונקען ווי עס געהער צו זיין און ס'איז געווען פריילעך.

איין סאַבינע בלויז האָט נישט אָנטיילגענומען אין דער הו־ליאַנקע.

זי האָט זיך אַוועקגעזעצט אין אַ ווינקל פון סאַלאָן און זיך פאַרטראַכט.

די פריילעכקייט האָט איר דערמאָנט אין אַן אַנדערן רייכן סאַלאָן — דעם סאַלאָן פון קייזערשטיינס — און אַ טיפער ווייטאָג האָט געפּרעסט איר האַרץ.

זי האָט זיך דערמאָנט אָן לעאָנען, זיך פאַרגעשטעלט, ווי ער פאַרברענגט דאָרט פריילעך מיט זיין כלה רעגינע און אין איר געדענקט ער שוין גאָרנישט...

אָבער צי האָט ער טאַקע אין איר אין גאַנצן פאַרגעסן?

ניין, זי האָט אין דעם נישט געקאָנט און נישט געוואָלט גלויבן.

— דאָס איז אוממעגלעך! — האָט זי געשעפּטשעט צו זיך אַליין.

פּלוצלונג איז פאַר איר אויסגעוואַקסן בערנאַרד קרויזער, ער האָט געהאַלטן אין זיין האַנט אַ פולן בעכער מיט שאַמפּאַניער.

— פריילין סאַבינע! — האָט ער געזאָגט — איך בעט אייך, טרינקט מיט מיר פאַרן געזונט פון אַלע געסט!

— איך טרינק קיינמאָל נישט קיין אַלקאָהאָל־געטראַנקען — האָט סאַבינע געענטפערט.

— איין גלעזעלע וועט אייך חלילה נישט פאַרשאַדן, — איז בערנאַרד צו איר צוגעשטאַנען, — איך בעט אייך...

וואָס האָט איצט סאַבינע געזאָלט טאָן? ווי אזוי קאָן מען

אָפּזאָגן דעם דאָזיקן מענטש אויסצוטרינקען איין גלעזעלע ווײַן, ווען ער האָט אַרויסגעוויזן אַזאַ ליבנסווירדיקע גאַסטפרײַנטלעכקייט צו אירע קאָלעגן און קאָלעזשאַנקעס?

און זי, סאַבינע אַליין, איז דאָך איצט זײַן פֿײַן אויפֿגענומענער גאַסט!

נישט וועלנדיק באַליידיקן דעם גאַסטפרײַנטלעכן מאַגנאַט — האָט זי גענומען פֿון זײַן האַנט דעם קרישטאָלענעם בעכער.

בערנאַרד האָט אָנגעגאָסן אַ צווייטן בעכער. זיי האָבן אָנגעקלאַפּט זייערע בעכערס אויף „לחיים":

— פֿאַרן געזונט פֿון די אָנוועזנדיקע געסט! — האָט בערנאַרד אויסגערופֿן און אויסגעטרונקען זײַן בעכער.

סאַבינע האָט אויסגעטרונקען איר בעכער.

— איצט פֿאַרבעט איך אײַך צום טאַנץ! — האָט בערנאַרד געזאָגט.

צי האָט זי אים דאָס געקאָנט אָפּזאָגן? צי האָט זי דען געוווסט, וואָס פֿאַר אַ נעץ עס ווערט פֿאַרלייגט אונטער אירע פֿיס?

ווי נאָר סאַבינע האָט געשטעלט אירע ערשטע טריט אין טאַנץ, האָט זי דערפֿילט, ווי אַן אָנמעכטיקייט באַהערשט אירע אַלע גלידער. אין קאָפּ האָט איר אָנגעהויבן מישן, אַז דער גאַנצער סאַלאָן האָט זיך געדרייט אַרום איר.

— איך בעט אײַך איבער — האָט סאַבינע געזאָגט צו בערנאַרדן — איך קאָן נישט טאַנצן איצט, עפּעס מישט זיך מיר שטאַרק אין קאָפּ.

זי האָט זיך אַוועקגעזעצט אויף דער נאָענטסטער שטול.

— איך האָב אײַך באַלד געזאָגט, אַז איך טרינק נישט קיין אַלקאָהאָל — האָט סאַבינע געזאָגט. — און אָט זעט וואָסער ווירקונג דער ווײַן האָט געהאַט אויף מיר.

איידער בערנאַרד האָט באַוויזן איר צו ענטפֿערן אויף אירע ווערטער, איז צו זיי צוגעקומען מאַדמואַזעל לוסי.

— וואָס איז אײַך, טײַער קינד? — האָט די פֿאַלשע פֿראַבצויזין געפֿרעגט סאַבינען — איר זעט אויס אַזוי בלאַס און פֿאַרענדערט אין גאַנצן!

— ס'איז מיר נישט גוט! — האָט סאַבינע קוים אַרויסגערעדט.

באַמערקנדיק וואָס מיט סאַבינען קומט פאָר, האָבן די געסט זיך פאַרזאַמלט אַרום איר.

אויף אַלעמענס פּנימער איז געווען צו דערקענען אַ גרויס מיטגעפיל צו דעם מיידל, וואָס איז ביי זיי אַלע טייער געווען, ווי אַן אייגענע שוועסטער.

בלויז איין רודאַלף, דער רומענער, איז זיך געשטאַנען פון דערווייטנס און מיט חוזק אין זיך אַריינגעשמייכלט.

ער האָט אויסגעצייכנט געוווסט, וואָס מיט סאַבינען קומט דאָ איצטער פאָר.

מדמואַזעל לוסי האָט זיך געפּאָרעט אַרום דער פאַרחלשטער סאַבינען.

— טייער קינד! — האָט די פאַלשע שלאַנג געשעפּטשעט צו איר, — ס'איז אַוודאי בלויז דאָס ביסעלע ווײַן, וואָס איר האָט געטרונקען, און די פאַרגעלופט האָט אייך פאַרשאַדט.

— ווייסט איר, וואָס איך וועל אייך זאָגן, פריילין סאַבינע, — האָט די פאַלשע פראַנצויזין אין אַ ווייל אַרום געזאָגט, — דאָס בעסטע וואָלט געווען, איבערשלאָפן אַ האַלבע שעה אין מיין גאַסטצימער.

סאַבינע איז איצט צו שוואַך געווען, אַז זי זאָל זיך קעגנשטעלן דער דאַזיקער פרוי, וועלכע האָט כלומרשט אַזוי איבערגעגעבן געזאָרגט פאַר איר.

זי האָט זיך געלאָזט אַריינפירן אין אַ ווייטן צימער.

די אויגן האָבן זיך איר געקלעבט, אַ שטאַרקע מידקייט האָט זיך צעלייגט אין אירע אברים.

זי האָט כמעט נישט געפילט, ווי מאַדמואַזעל לוסי טוט זי אינגאַנצן אויס און לייגט זי אַריין אין בעט אַריין אין הוילן העמד.

נאָך איידער די געמיינע קאָקעטקע האָט באַוויזן סאַבינען אַרומצודעקן מיט דער קאָלדרע, איז דאָס אומשולדיקע מיידל, וואָס האָט גאָרנישט געוווסט, וואָס פאַר אַ נעץ מ'האָט פאַר איר אויסגעשפּרייט, איינגעשלאָפן אין אַ טיפן און האַרטן שלאָף.

מאַדמואַזעל לוסי איז נאָך אַ ווײַלע געשטאַנען און זיך איינגעקוקט אין דער שלאָפנדיקער סאַבינען. דערנאָך האָט זי אַ שפּאַטישן שמייכל געטאָן און איז שטיל אַרויס פונעם צימער.

אין סאַלאָן האָבן די וואַנדערנדיקע אַקטיאָרן פון פּאַפּאַ סעמס טרופּע געוואַרט מיט אומגעדולד, אַז סאַבינע זאָל צו זיי צוריקקומען.

סאיז שוין געווען שפּעט ביינאַכט, זיי האָבן שוין געוואָלט פאַרלאָזן בערנאַרדס גאַסטפריינדלעכן פּאַלאַץ, כדי נישט צו שטערן די נאַכטיקע רו.

זעענדיק, ווי לוסי איז צוריקגעקומען אַליין, האָבן זיי זיך שטאַרק דערשראָקן און באַאומרואיקט.

— וואָס איז מיט סאַבינען?

— וואָס איז איר?

אָבער בערנאַרדס כלומרשע שוועסטער האָט זיי באַרואיקט:

— איר האָט נישט וואָס צו באַאומרואיקן זיך. סאַבינען איז חלילה גאָרנישט. אָבער אַהיימגיין מיט אייך וועט זי איצט נישט קאָנען. איך האָב זי אַריינגעלייגט אין בעט און זי איז פעסט איינ־געשלאָפן. אויפוועקן זי איצט וואָלט דאָך געווען אַן אומזיסט, נישט אמת?

— מאָרגן אין דער פרי וועל איך זי אייך אַליין צוריקברענגען אַ געזונטע און פרישע, — האָט די קאָקעטקע פאַרענדיקט.

די אָרעמע אַקטיאָרן זענען געווען גערירט און האָבן באַ־וואונדערט די „איידלקייט” און „גוטסקייט” פון מאַדמואַזעל לוסי.

זיי האָבן איר האַרציק געדאַנקט פאַר איר „זאָרג” פאַר סאַ־בינען און זיי האָבן פאַרלאָזט דעם סאַלאָן.

די אָרעמע אַקטיאָרן זענען זיכער געווען, אַז זיי האָבן איבער־געלאָזט זייער ליבע פריינדין אונטער דעם זיכערסטן שוץ.

„ווו קאָן נאָך בעסער זיין”, האָבן זיי זיך געטראַכט, „ווי אין דאָזיקן מאַגנאַטישן הויז, אונטער דער אויפזיכט פון דער גוטער און איידעלער מאַדמואַזעל לוסי?”

זיי זענען אַהיימגעגאַנגען אין אַ גוטער שטימונג.

אַלע האָבן מסכים געווען, אַז אַזאַ באַל האָבן זיי נאָך זינט זיי לעבן נישט געהאַט.

— ס׳אַראַ מאכלים! ס׳אַראַ געטראַנקען!

— ס׳אַראַ רייכקייט! קרישטאָל און זילבער!

— אָט דאָס הייסט געלעבט! ווי דען, ווי מיר?

— זאָג מיר דעם אמת, — האָט סאַשאַ געשעפּטשעט צו פּעפּין, וועלכע ער האָט געפירט אונטערן אָרעם, וועט דיר נישט איצט באַנג זיין צוריקצוגיין אין דער צירק־שאַפּע?...

פּעפּי האָט זיך נאָך שטאַרקער צוגעטוליעט צו איר געליבטן מאַן.

— ניין טייערער, — האָט זי געזאָגט, — איך וויל בעסער אין דער שאַפּע מיט דיר, איידער אין אַ פּאַלאַץ מיט דעם דאָזיקן מאַגנאַט.

— אַזוי געפעלט ער דיר נישט? — האָט סאַשאַ זיך געוווּנ־דערט.

— אַ פּאַסקודנער מענטש! — האָט פּעפּי געענטפערט — ער האָט אַ פּנים פון אַ רויב־פויגל און אויגן פון אַ קאָטער.

פּאַפּאַ סעם האָט גאָר געטאַנצט פון גדולה:

— זעט איר שוין, חברה! — האָט ער געשריגן — ביי פּאַפּאַ סעם לעבט מען אַ גוטן טאָג, פּאַפּאַ סעם קאָן מען אויף דער וועלט און גרויסע לייט פאַרבעטן אים צו זיך!...

בלויז איין רודאָלף, דער רומענער, האָט געשוויגן, ווי אַ פיש. דעם רומענערס געדאַנקען האָבן איצט געוואַנדערט אַרום בערנאַרדס פּאַלאַץ.

ער איז איצט געווען באַהערשט פון צוויי קעגנעזעצטע גע־פילן, ווי פייער מיט וואַסער.

פון איין זייט האָט דער רומענער געקאָנט צופרידן זיין: ער האָט זיין נקמה אויסגעפירט אויפן בעסטן אופן.

ס'האָט אים אָבער געפרעסן די אייפערזיכט...

ווען ער האָט אַ טראַכט געטאָן, אַז היינטיקע נאַכט וועט סאַבינע זיך געפינען אין בערנאַרדס אָרעמס — האָט זיך אים געדאַכט, אַז ער וועט פון זינען אַראָפּ.

### קאַפּיטל זיבן און צוואַנציק

## דאָס רכילותדיקע בריוועלע

אַדאָלף מאָרגענטאַלס שרעק, ווען מאַרילע האָט געעפנט דאָס שופלעדל, איז נישט געווען אומזיסט.

מאַרילע האָט פון דאָרט אַרויסגענומען אַ בריוו. זי האָט דעם בריוו אויפגעהויבן אין דער הויך און אויסגעדרייט זיך מיטן פנים צו אַדאָלפן.

אויף איר פנים איז געלעגן אַ גרינגשעצנדיקער שפאָט און אַ זיכערקייט אין זיך.

— וואַרף אַראָפּ פון זיך די מאַסקע, דו מיאוסער קאָמעד־יאַנט! — האָט מאַרילע שאַרף אויסגעשריגן. — שפּיל מיר דאָ נישט די ראָלע פון אַ פאַרראַטענעם מאַן, וואָס איז ג־ט די נשמה שולדיק און קאָן קיין צוויי נישט ציילן!

אַדאָלף האָט געפינטלט מיט די אויגן, נישט פאַרשטייענדיק, וואָס מאַרילע מיינט דאָ צו זאָגן.

— ס'איז אמת, — האָט די פאַררעטערישע פרוי געזאָגט, — אַז איך האָב היינט געוואָלט ביי זיך אויפנעמען אַ פרעמדן מאַן, אָבער דאָס האָב איך בלויז געוואָלט נקמה נעמען אין דיר פאַר דיין פאַרראַטן מיך!...

— וואָס ? ! — האָט אַדאָלף אויסגערופן — דו ביסט פון זינען אַראָפּ ? אָדער ווילסט מיך צו נאַר מאַכן ?

— פון אָט דעם דאָזיקן בריוו האָב איך זיך אַלץ דערוווּסט! — האָט מאַרילע געענטפערט.

מאַרילע האָט אַרויסגענומען פון קאָנווערט אַ באַשריבן בוי־געלע פאַפּיר און זי האָט אָנגעהויבן פון דאָרט אַרויסצולייענען, אַקצענטירנדיק יעדעס וואָרט:

„געערטע מאַדאַם מאַרגענטאַל!

די פערזאָן, וואָס שרייבט דעם דאָזיקן בריוו, איז בלויז אויסן אייער גוטס.

וועט עם וויל באַקומען די דערשינענע 14 נומערן פונם שפּאַנענדן ראָמאַן, וועט געבעטן אַריינשיקן 7 פונט, אויפן אַדרעס: דפוס אור ת״א רח׳ הר,ציון 104 אָדער חברת שלה, רח׳ גדוד העברי 64

דפוס „אור״ בע״מ פאַרלאַג „תקוה״

# סאבינע



ראמאַן
פון אַ קראַנקן־שוועסטער

נומער 16

ס קאָסט מיך פּשוט געזונט די אומאָנשטענדיקע אויפפירונג פון אייער מאַן.

ס'איז אים ווייניק, אַז ער האָט אַזאַ שיינע און גוטע פרוי, ווי איר. ער ווייסט נישט צו שעצן אייער ליבע און טרייהייט. ער פאַראַט אייך אויף אַ געמיינעם אופן.

און ווייסט איר כאָטש מיט וועמען? מיט אַ פרוי, וואָס איז קעגן אייך אַ גאָרנישט. מיט זיין אָנגעשטעלטער סעקרע־טאַרקע.

גליקסאָן, הייסט זי, די דאָזיקע אומפאַרשעמטע, אויסגע־לאָסענע פרוי, וועלכע האָט מיט אירע קאָקעטישע מינעלעך פאַר־וועבט אייער מאַן אין אַ נעץ פון זינד.

איך האָב אייך געמוזט שרייבן וועגן דעם, געערטע מאַ־דאַם, ווייל איך קאָן עס נישט צוקוקן. איך ראָט אייך, זייער געערטע מאַדאַם, אָנצונעמען מיטלען קעגן דעם, ווייל אייער מאַן...״

דאָ האָט אַדאָלפס געדולד שוין געפּלאַצט.

— גענוג דערמיט! — האָט ער אויסגעשריגן, איבער־רייסנדיק מאַרילעס לייענען — ס'איז בלויז געמיינע ליגנס און רכילות!

— וואָס־זשע היצסטו זיך אַזוי? — האָט מאַרילע ווייטער גע־געפרעגט — ווען דאָס זאָל טאַקע בלויז זיין אַ ליגן וואָלסטו זיך נישט אַזוי שטאַרק דענערווירט...

— איך וווּנדער זיך נאָר, — האָט מאַרילע ווייטער גע־זאָגט, — וואָס דו האָסט אַזאַ שלעכטן געשמאַק.. פאַרבייטן מיך מיט עפּעס אַ מאַשין־שרייבערין דאָרט! האָסט אַ שלעכטן גוסט, מיין מאַן... פאַרליבטע מענער זענען תמיד נאַריש.

אַדאָלף איז געוועזן אויסער זיך פון כעס.

— איך דענערוויר זיך נישט דערפאַר, וואָס איך פיל זיך שולדיק, — האָט אַדאָלף געענטפערט, — נאָר עס רעגט מיך אויף, וואָס דו באַשמוצט אויף אַזאַ געמיינעם אופן אַזאַ ריין און איידל וועזן, ווי פרוי גליקסאָן.

— „אַ ריין און איידל וועזן״... — אַהאַ... אָט דאָס איז עס! עפּעס

פארטיידיקסטו צו הייס דאָס דאַזיקע ריינע און יידעלע וועזן...
כאַ־כאַ־כאַ־כאַ!
מאַרילע האָט זיך ציניש צעלאַכט.
— איבעריקנס — האָט זי צוגעגעבן, — וועלן מיר זיך אויסטענהן וועגן אַלעם אין געריכט! זאָל דאָרט דערוויזן ווערן צי דיין סעקרעטאַרקע איז געווען דיין געליבטע, אָדער ניין!
זי האָט פאַרזשמורעט אירע כיטרע אייגעלעך און באַטראַכט איר מאַן.
„כ'האָב געטראָפן אין פינטל"... — האָט די פאַררעטערישע פרוי געטראַכט מיט צופרידנהייט.
אַדאָלפאָ איז געשטאַנען ווי אַ צוגעשמידטער צו זיין אָרט, אַ טויט־בלאַסקייט האָט באַדעקט זיין פנים.
כאָטש ער האָט זיך געפילט אומשולדיק, האָט אים באַהערשט אַ פאַנישע אומרואיקייט, ווען ער האָט אַ טראַכט געטאָן, אַז פרוי גליקסאָן קאָן אַרויסגערופן ווערן אין געריכט.
ער האָט געקאָנט פרוי גליקסאָנס איידעלע געפילן און ער האָט פאַרשטאַנען, ווי שרעקלעך דאָס וואָלט געווען פאַר איר.
אַלע צייטונגען וואָלטן געווען פול מיט איר. מען וואָלט אָפּ־געדרוקט איר בילד און איר גוטער נאָמען וואָלט מיט די פיס געטראָטן געוואָרן.
„זי וואָלט עס נישט אויסגעהאַלטן! — האָט אַדאָלף גע־טראַכט.
— ניין, דאָס טאָר נישט געשען! — האָט אַדאָלף ביי זיך באַשלאָסן.
מאַרילע האָט געזען איר מאַנס פאַרלעגנהייט. זי האָט דערריי־בער טריומפירנדיק זיך גערייצט מיט אים:
— איצטער זעסטו שוין, אַז איך האָב נישט קיין מורא פאַר דיר און דיינע סטראַשונקעס זענען בלויז לעכערלעך?... מיר וועלן זען, ווער עס איז שולדיק און ווער עס איז אומשולדיק... מען וועט זען, צי איך בין אַ פעררעטערין, צי דו אַ פאַררעטער!...
אַדאָלף האָט שוין מער נישט געקאָנט אויסהאַלטן. אַזאַ גע־מיינהייט, ווי מאַרילע האָט איצט אַרויסגעוויזן, האָט ער זיך גאָר נישט געקאָנט פאַרשטעלן.

ווילד פון צאָרן איז אַדאָלף צוגעשפּרונגען צו מאַרילען, זי אָנגעכאַפּט פאַר אַ האַנט און זיך צעשריגן:

— דו געמיינע! אויסגעלאָסענע דו! ווי וואַגסטו צו באַשמוצן אַזאַ ריינע פרוי?! ביסט דאָך נישט ווערט דעם שטויב פון אירע פיס!

זיין שווערע פויסט איז געהאַנגען איבער מאַרילעס פּנים...

אָבער איידער אַדאָלף האָט באַוויזן זיין פויסט אַראָפּצולאָזן, האָט די טיר זיך געעפענט מיט אַ הילך. ס'האָט זיך באַוויזן אַנטאָשע, מאַרילעס שטוב־מיידל.

— יעזוס מאַריאַ! — האָט זי אויסגערופן — וואָס איז דאָ? אירע אויגן זענען קיילעכדיק געוואָרן פון שרעק.

אַדאָלף האָט זיך פאַרלוירן. זיין פּנים איז רויט געוואָרן פון בושה.

ער האָט אָפּגעלאָזט מאַרילעס האַנט און סאַפּנדיק, שווער, האָט ער געזאָגט צום דינסטמיידל:

— איך האָב זיך פאַרגעסן אַ רגע... קאָנסט שוין צוריק גיין... דער פּאַני וועט שוין גאָרנישט זיין...

מאַרילע האָט אָבער פאַרהאַלטן איר טריי דינסטמיידל:

— ניין, אַנטאָשע, — האָט זי צו איר געזאָגט מיט מילדקייט. — לאָז מיך נישט אַליין מיט אים!

מארילע האָט זיך יאָמערלעך צעכליפּעט:

— האָסט געזען, ווי ער האָט מיך געוואָלט שלאָגן? אַנטאָשע...

זי האָט אויסגעצויגן אירע ביידע הענט צום דינסטמיידל, בעטנדיק זי:

— בלייב דאָ מיט מיר און העלף מיר זיך לייגן אין בעט אַריין...

דאָס דינסטמיידל האָט געהאָרכזאַם געפאָלגט איר בעל־הביתטעס באַפעלן און אַדאָלף איז געשטאַנען אַן אומבאַהאָלפענער און צעהוישטער, צוקוקנדיק זיך צו דער נייער קאָמעדיע, וואָס זיין פאַררעטערישע פרוי שפּילט איצט אָפּ.

אַדאָלף האָט אַרומגענומען אַ געפיל פון טיפן עקל צו דער דאָזיקער ציניישער, געמיינער פרוי.

„וואָס פאַרא מיאוסע נשמה עס וואוינט אינעם דאָזיקן פּרעכ־טיקן קערפּער?" — האָט ער געטראַכט.

— מאָרגן וועלן מיר פאַרענדיקן אונדזער שמועס! האָט אַדאָלף אַ ברום געטאָן — און איצטער לאָז איך דיך אַליין.

אַדאָלף איז אַרויס.

ווען אַדאָלף איז צומאָרגנס אין דער פרי ווידער געקומען צו מאַרילען, האָט ער געהאַט רויטע אויגן. ס'איז קענטיק געווען, אַז ער האָט די נאַכט קיין אויג נישט צוגעטאָן.

מאַרילע איז געווען אויסגערוט און פריש, גלייך עס וואָלט גאָרנישט געהאַט געשען.

זי איז געשטאַנען אין דער מיט צימער. אַרום איר זענען גע־לעגן קופערטן און וואַליזקעס.

מאַרילע האָט פאַרפאַקט אירע זאַכן און אַנטאָשע האָט איר צוגעהאָלפן.

אַדאָלף האָט א ווונק געגעבן צו אַנטאָשען, אַז זי זאָל פאַר־לאָזן דאָס צימער.

— איך זע, אַז דו ווילסט נאָך היינט פאַרלאָזן מיין הויז, מאַרילע, — האָט אַדאָלף געזאָגט, — דו פאַרשטייסט, זע איך, פונקט אַזוי גוט ווי איך, אַז מיר קאָנען מער נישט זיין צוזאַמען.

— איך באַפריי דיך! — האָט מאַרילע קורץ געענטפערט.

אַדאָלף האָט דאָס האַרץ שרעקלעך וויי געטאָן. ער האָט זיך איצט דערמאָנט אין די זיסע לעבנס־מינוטן, אין די נעכט פול מיט צויבער, ווען ער האָט פאַרברענגט מיט איר...

ער האָט זיך אָבער באַהערשט און קאַלט געזאָגט:

— זייער גוט... איך וועל זיך באַמיען, אַז דער גט זאָל וואָס גיכער פאָרקומען און דו וועסט באַקומען די בעסטע באַדינגונגען איך וויל דיר נישט פאַרשאַפן אומאַנגענעמלעכקייטן...

— דו ווילסט מיר נישט פאַרשאַפן קיין אומאַנגענעמלעכקייטן. אַך, ס'אַרא טייערער מאַן!... — האָט מאַרילע גיפטיק געזאָגט. — מאַך נאָר נישט קיין אָנשטעלן! דיר גייט נישט וועגן מיר, נאָר וועגן דיין געליבטע...

אַדאָלף איז דאָס בלוט אַריין אין קאָפּ פון כעס. ער האָט זיך אָבער באַהערשט און געזאָגט מיט א ציטערדיקער שטים:

— מאַרילע, איך בעט דיך, דריק זיך נישט אַזוי אויס וועגן

פרוי גליקסאָן! גאָט איז מיין עדות, אַז צווישן אונדז איז גאָרנישט פאָרגעקומען.

— „גאָרנישט פאָרגעקומען"... — האָט מאַרילע געחוזקט.

— אויב דו ווילסט וויסן דעם אמת, — האָט אַדאָלף געזאָגט, — טאָ הער: זי האָט אַן איינציק קינד, וואָס איז איר איינציקע טרייסט אין לעבן. אַזוי ווי דאָס קינד איז איצט געפערלעך קראַנק, האָב איך זיך פאַראינטערעסירט מיט זייערביידנס לאַגע, איך האָב זיי אַרויסגעהאָלפן.

— נו ? — האָט מאַרילע אַלץ געחוזקט.

— ווען פרוי גליקסאָן האָט מיר אויסגעדריקט איר דאַנקבאַרקייט, איז גראָד אַריינגעקומען אין קאַבינעט איינע פון די ביוראַליסטינס. זי האָט זיך אפשר די סצענע שלעכט אויסגעטייטשט און זי האָט עס מסתמא צו דיר געשריבן דאָס רכילות־בריוועלע.

— די מעשה איז זייער אַ שיינע, — האָט מאַרילע געזאָגט, — אָבער איך צווייפל, צי דאָס געריכט וועט דיר גלויבן...

אַדאָלף האָט פאַרביסן אַ ליפּ.

— הער, מאַרילע, — האָט ער געזאָגט — נישט צוליב דיר, נאָר טאַקע צוליב דער פרוי גליקסאָן האָב איך באַשלאָסן צו געבן דיר אַ גט.

— כאָטש איך האָב דיר געכאַפּט ביים פאַרראַט, — האָט ער צוגעגעבן, — און איך בין נישט שולדיק, בין איך פונדעסטוועגן גרייט צו נעמען די שולד אויף זיך. קאָנסט מיר אָנקלאָגן אין שלעכטער באַהאַנדלונג. אנטאָשע וועט זיין אַן עדות.

מאַרילע האָט אים אויסגעהערט אַ שווייגנדיקע.

— איך וועל דיר, פאַרשטייט זיך, אויך אָפּטרעטן אַ טייל פון מיין פאַרמעגן, — האָט אַדאָלף פאַרענדיקט, — דאָס אַלץ טו איך, כדי צו שוינען פרוי גליקסאָנס גוטן נאָמען.

מאַרילע האָט אויפמערקזאַם זיך איינגעהערט.

קיין גינסטיקערן פאָרשלאַג האָט זי ווירקלעך נישט געקאָנט דערוואַרטן.

אַנשטאָט קאָמפּראָמעטירט צו ווערן אַלס אויסגעלאָסענע פאַררעטערין, האָט זי איצט געקאָנט שפּילן די ראָל פון אַן אומגליקלעכער פרוי, וועלכע דער מאַן פאַרפייניקט נעבעך...

דערבײַ וועט זי נאָך פֿאַרן פֿאַרראַט קריגן אַ גאַנץ שײנע סומע אַלס באַלוינונג...

מאַרילע האָט פֿונדעסטוועגן נישט אויפֿגעהערט צו רעדן מיט אַ גיפֿטיק שמייכעלע:

— אַך, וואָסער פֿײַנער מענטש דו ביסט! — האָט זי געזאָגט מיט אַ חוזק־טאָן — איך ווייס גאַנץ גוט אין וואָס דיר גייט... נו גוט, זאָל פֿאַרקומען אַ שטילער גט, אָן סקאַנדאַלן.

— נאָך איין זאַך פֿאַרלאַנג איך פֿון דיר, מאַרילע, — האָט אַדאָלף געזאָגט, — נאָכן גט זאָלסטו זיך מער נישט באַנוצן מיט מײַן פֿאַמיליען־נאָמען. איך וויל נישט, אַז אַזאַ פֿרוי, ווי דו, זאָל טראָגן מײַן ריינעם נאָמען...

מאַרילע האָט זיך אויסגעלאַסן צעלאַכט.

— כאַ־כאַ־כאַ־כאַ! ביטע זייער! מיטן גרעסטן פֿאַרגעניגן...



בלײַבנדיק דערנאָך אַליין, האָט אַדאָלף זיך אַרויפֿגעוואָרפֿן אויף דער סאָפֿע און, פֿאַרדעקנדיק זײַן פּנים מיט ביידע הענט, האָט ער זיך יאָמערלעך צעוויינט.

נישט צוליב מאַרילען האָט ער געוויינט, נישט צוליב איר אַוועקגיין, נאָר צוליב זײַנע ערלעכע, ריינע ליבעס־געפֿילן, וועלכע ער האָט געלייגט פֿאַר די פֿיס פֿון דער דאָזיקער פֿרוי און וועלכע זי האָט ברוטאַל צעטרעטן.

אַזוי פֿיל פֿאַרגעטערונג האָט ער געהאַט פֿאַר איר, און ווי מיאוס, העסלעך און געמיין זי האָט אים פֿאַרראַטן און אָפּגע־נאַרט!...

גוט אויסגעוויינט זיך, איז ער אויפֿגעשטאַנען און געזאָגט צו זיך:

מאַרילע איז געשטאָרבן פֿאַר מיר!

גאָרנישט האָט אים שוין געבונדן מיט דער דאָזיקער פֿרוי. קיין שאָטן פֿון געפֿיל איז מער נישט געבליבן אין זײַן האַרץ.

ווען אַדאָלף איז אין אַ שעה אַרום אַרײַנגעקומען אין זײַן ביוראָ — און די פֿאַננע רענע געזעסן ביי דער אַרבעט, ביים טישל פֿון דער סעקרעטאַרקע...

אַדאָלפֿן האָט אַרומגעכאַפּט אַ שרעקלעכער צאָרן, דערזעענדיק די אַלטע מויד זיצן אין זײַן ביוראָ.

אַדאָלף האָט אויסגעצייכנט פאַרשטאַנען, אַז דאָס רכילותדיקע בריוועלע צו מאַרילען איז געווען די פאַננע רענעס אַרבעט.

— און די דאָזיקע פאַסקודנע מויד דערוועגט זיך נאָך צו קו־מען מיר פאַר די אויגן! — האָט ער געטראַכט.

אַדאָלף איז צוגעגאַנגען צו זיין שרייב־טיש און אָנגעשריבן עטלעכע ווערטער אויף אַ שטיקל פּאַפּיר.

דערנאָך האָט ער אַ רוף געטאָן:

— פאַננאָ רענאָ!

רענע איז צוגעגאַנגען צו איר שעף.

— וואָס ווינטשט איר זיך? — האָט רענע געפרעגט אונטער־טעניק, מיט אַ פאַלש שמייכעלע.

אַדאָלף האָט איר גאָרנישט געענטפערט, נאָר דערלאַנגט דאָס קוויטעלע.

דאָס איז געווען אַ קוויטל צו דער קאַסע, אַז מ׳זאָל רענען אויסצאָלן די פענסיע פאַרן קינפטיקן חודש. די פאַננע רענע האָט אַ פאַרווונדערטע געקוקט אויפן קוויטעלע.

— וואָס הייסט? — האָט זי געשעפטשעט מיט אַ ציטערדיקער שטים.

— דאָס הייסט, אַז איר זענט באַפרייט פון אייער פּאָסטן, — האָט אַדאָלף געזאָגט מיט אַ פעסטער שטים, — און איר דאַרפט די מינוט פאַרלאָזן דאָס ביוראָ!

— אָבער פאַרוואָס?

— איך וויל נישט האָבן צווישן מיין פערסאָנאַל קיין געמיינע פּליאָטקאַרקעס און שרייבערינס פון מסירה־בריוועלעך!

די פאַננע רענע איז טויט־בלאַס געוואָרן.

— אָבער... פּראָשען פאַנאַ... איך... האָב נישט געשריבן... קיין שום בריוועלעך, — האָט די פאַננע רענע געשטאַמלט.

אָבער אַדאָלף האָט אומגעדולדיק אין שטאַמלען איבערגעריסן.

— איך ווער מיר נישט דינגען קיין דעטעקטיוון, כדי צו פירן אַן אויספאָרשונג! אַפילו אַ קינד פאַרשטייט, אַז דאָס איז אייערס אַ שטיקל אַרבעט!

— אָבער איך ווייס דאָך פון גאָרנישט! — האָט די אַלטע פאַלשע פאַננע געפרווט לייקענען שטיין און ביין.

אַדאָלף האָט איר איבערגעריסן:

— וואָס טויג אייער לייקענען! נישט קיין אַנדערער, נאָר איר האָט געשריבן דאָס רכילות בריוועלע צו מיין פרוי, באַשמוצנדיק דעם גוטן נאָמען פון פרוי גליקסאָן.

— פאַרוואָס עפּעס גראָד איך? — האָט די פאַנגע רענע אַלץ געפּרוּווט זיך אַרויסדרייען.

— לאָזט אָפּ מיט דער פאַלשער שפּיל! — האָט אַדאָלף אויס־גערופן — בלויז איר אַליין האָט דאָך מיר געזען פּאַרטיפּט אין אַ שמועס מיט פרוי גליקספּאָן:

געכאַפּט ביי דער האַנט — האָט די פאַנגע רענע שוין נישט געפּרוּווט לייקענען.

— כדי צו באַפרידיקן אייער ווייבערישער נייגעריקייט, — האָט אַדאָלף שפּאָטיש צוגעגעבן, — קאָן איך אייך אויפקלערן, אַז אַזוי ווי פרוי גליקסאָנס קינד איז קראַנק, האָב איך איר גע־האָלפן מיט עטלעכע קליניקייטן און זי האָט מיר דערפאַר געדאַנקט. דאָס איז אַלץ.

— און דאָס, וואָס איר האָט זיך דאָס אַנדערש אויסגעטייטשט, — האָט אַדאָלף פאַרענדיקט, — באַווייזט נאָר די טיפע מאָראַ־לישע געפאַלנקייט נישט פון פרוי גליקסאָן, נאָר פון אייך, פאַנגאָ רענאָ!...

די פאַנגע רענע איז אַלץ געשטאַנען אַ שטילע, מיט אַן אַראָפּ־געלאָזטן קאָפּ.

— און איצטער, — האָט אַדאָלף צוגעגעבן, — גייט גע־זונטערהייט און ווייזט אייך נישט מער פאַר מיר!

די פאַנגע רענע איז אַרויס. אַדאָלף איז געבליבן אַליין.

ער האָט זיך גענומען צו זיין אַרבעט. ער האָט אָנגעהויבן אויפצורייסן דעם קאָנווערט פון אַ פריש אָנגעקומענעם בריוו. אָבער זיינע געדאַנקען האָבן געבלאָנדזשעט ערגעץ ווייט פונעם דאָזיקן קאָבינעט מיט דער קופּע אָנגעקומענע בריוו און פּאַפּירן.

אין דעם דאָזיקן טאָג, האָט אַדאָלף געוווסט, קומט פאַר אַ וויכטיקע פאַרענדערונג אין זיין לעבן. פון היינט אָן איז ער צוריק פריי, אַ פרייער מענטש!

אָבער צי איז ער גליקלעך מיט דער דאָזיקער פרייהייט? באַדייט דען נישט פאַר אים די דאָזיקע פרייהייט" — איינזאַמקייט און אַ לעבן אָן אַ זין?

ווייל אַ מענטש מוז האָבן עמיצן ליב צו האָבן און פאַר וועמען צו לעבן. ביז איצט איז דאָס געווען מאַרילע. זי איז עס געווען דער מענטש, פאַר וועמען ער האָט געלעבט, וועמען ער האָט אַקעגנגעטראָגן זיין האַרץ, וואָס איז פול געווען מיט ליבע צו איר.
אָבער מאַרילע איז פאַר אים געשטאָרבן. אויף איר אָרט איז איצט פאַרבליבן אַ פוסטקייט...
וועמען האָט ער איצטער?
מיט וועמען וועט ער זיך טיילן מיט זיינע פריידן און ליידן?
פלוצלונג האָט זיך די טיר געעפנט.
עס איז אַריינגעקומען די פרוי גליקסאָן.
אירע אויגן האָבן איצט געלויכטן פון פרייד. אויף איר פנים איז געלעגן אַ גליקלעכער שמייכל.
— אַנטשולדיקט מיר, הער מאָרגנטאַל, — וואָס איך שטער אייך אין אייער אַרבעט! — האָט זי געזאָגט — נאָר איך האָב זיך נישט געקענט איינהאַלטן. איך נישט צו ברענגען די בשורה: מיין קינד איז פיל פיל בעסער. דער דאָקטאָר האָט געזאָגט, אַז די געפאַר איז פאַרביי.
— עס פרייט מיך זייער, זייער! — האָט מאָרגנטאַל געזאָגט.
— איך דאַנק אייך פאַר אַלעם, וואָס איר האָט פאַר מיר געטאָן. איך בין איצט אַזוי גליקלעך!... — האָט די גליקלעכע מוטער אויסגערופן.
אַדאָלף מאָרגענטאַל האָט געקוקט מיט אַנטציקונג אויף פרוי גליקסאָנס ליכטנדיק, שיין פנימל.
— אויך איך האָב אייך אַ נייעס צו דערציילן, — האָט ער געזאָגט — אָבער נישט קיין פריילעכע נייעס.
— וואָס? חלילה עפּעס שלעכטס? — האָט פרוי גליקסאָן גע־פרעגט מיט שרעק.
היינט אין דער פרי האָט מיין פרוי פאַרלאָזט מיין הויז...
— גאָט מיינער! — האָט פרוי גליקסאָן אויסגערופן.
— איר וועט מיר אַנטשולדיקן, פאַני גליקסאָן, וואָס איך גיב אייך נישט אָן די סיבות. פאָריקע נאַכט איז ביי מיר אין הויז פאָרגעקומען עטוואָס אַזעלכעס, וואָס האָט מאַרילען פרעמד געמאַכט פאַר מיר אויף אייביק.

— אַזוי פלוצלונג — האָט פרוי גליקסאָן זיך פאַרוווּנדערט — איר האָט דאָך אייער פרוי אַזוי שטאַרק ליב געהאַט!

אַדאָלף האָט טרויעריק אַ שמייכל געטאָן:

— אודאי האָב איך זי ליב געהאַט... צו שטאַרק ליב געהאַט... אָבער... איצטער איז זי טויט פאַר מיר...

אין פרוי גליקסאָנס אויגן האָבן זיך געשטעלט טרערן.

זי האָט אַדאָלפן פאַרשטאַנען. אויך איר שיקזאַל איז געווען דער זעלבער. אויך זי האָט ליב געהאַט איר טאָן און ר׳האָט זי פארלאָזט.

— איך באַרשטיי אייך, הער מאָרגנטאַל, — האָט פרוי גליקסאָן געזאָגט, איך פיל אייך מיט מיטן גאַנצן האַרצן. איר זיינט זייער, זייער אומגליקלעך...

— איך בין געווען זייער אומגליקלעך, מאַדאַם גליקסאָן, מיט אַ ווײַלע צוריק... — האָט אַדאָלף געענטפערט, — איך בין געזעסן אַ פאַרזונקענער אין טרויער און געטראַכט וועגן דעם, ווי איינזאַם מיין לעבן וועט איצטער זיין, אָבער...

פרוי גליקסאָן האָט זיך איינגעהערט אין זיינע ווערטער מיט אַ שטייגנדיקער שפּאַנונג.

— אָבער, — האָט אַדאָלף ווייטער געזאָגט, — דאָ האָט איר זיך באַוויזן...

אַדאָלף איז אַנטשוויגן געוואָרן אויף אַ ווײַלע, דערנאָך האָט ער ווייטער גערעדט:

— עס ווילט זיך מיר גלויבן, אַז מען האָט אייך צו מיר צוגעשיקט פון הימל, כדי צו פאַרטרייבן פון מיר דעם אומעט און מיך טרייסטן...

פרוי גליקסאָן איז געבליבן שטיין צעטומלט. איר פּנים האָט זיך פאַררויטלט.

— גאָט מיינער! וואָס מיינט מיין שעף מיט די דאָזיקע ווער־טער זיינע? — האָט זי געטראַכט.

פרוי גליקסאָן האָט נישט לאַנג געדאַרפט וואַרטן אויף אַן ענטפער אויף דער דאָזיקער פראַגע.

אַדאָלף האָט צאַרט אָנגענומען איר הענטל און געזאָגט מיט אַ ציטערנדיקע שטימע:

— פאַני גליקסאָן! מיר זענען ביידע איינזאַם, אונדז ביידע

האָט דער שיקזאַל פאַרמשפּט צו אַ טרויעריק לעבן, אָן אַ שיין פון פרייד, אָן אַ ליבן מענטשן נעבן זיך, אָן אַ מיטפילנד האַרץ...

אַ ווײַלע האָט געהערשט אַ טויטע שטילקייט. דערנאָך האָט אַדאָלף ווײַטער געזאָגט:

— איך פאַרשטיי, אַז נאָך דעם, וואָס איר האָט איבערגעלעבט האָט איר פאַרלוירן אייער צוטרוי צו מענער...

אויב איר וועט נאָר וועלן, וועל איך זיך באַמיען אײַך אומצו־קערן דעם דאָזיקן גלויבן... איך וועל זײַן גליקלעך צו זײַן אייער טרייער מאַן...

אַדאָלף איז ווידער שטיל געוואָרן אויף אַ ווײַלע און דערנאָך האָט ער ווײַטער געזאָגט:

— ערשט איצט ווערט פאַר מיר קלאָר, אַז איך האָב אײַך לאַנג שוין ליב געהאַט מיט אַן אמתער און טיפער ליבע... אויב איר האָט כאָטש די מינדעסטע סימפּאַטיע פאַר מיר, שטויסט נישט אָפּ מײַן ליבע, איך בעט אײַך...

ביי פרוי גליקסאָן האָט דאָס האַרץ אויפגעציטערט פון איבער־ראַשונג. טרערן פון פרייד האָבן זיך געקייקלט איבער אירע צאַרטע באַקן.

אַנשטאָט אַן ענטפער — האָט זי אַרומגעקלאַמערט מיט אירע קיילעכיקע אָרעמס אַדאָלפס האַלדז און זי האָט זיך צו אים צוגע־טוליעט ווי אַ קראַנק קינד.

— איז דאָס מעגלעך?! — האָט זי געשעפּטשעט — איר האָט מיך ליב? איך פאַרגעטער אײַך שוין פון לאַנג. איך האָב אָבער קיינמאָל נישט דערלויבט זיך צומאָל צו חלומען וועגן אײַך...

אַ הייסער קוש פון אַדאָלפס ליפּן אויף פרוי גליקסאָנס מויל האָט איבערגעריסן אירע ווערטער.

לאַנג זענען זיי ביידע געשטאַנען פאַרפלאָכטן אין אַ הייסער ליבעס־אומאַרמונג.

דערנאָך האָט אַדאָלף געזאָגט:

— האַרציקע מײַנע! דערווײַל מוז אונדזער ליבע בלײַבן אַ געהיימניש. איך מוז פריער דורכפירן דעם גט מיט מײַן ווײַב. און וואָס איז מיט דײַן מאַן? האָסטו עפּעס שוין געהערט פון אים?

— ביז איצט האָב איך פון אים גאָרנישט געהערט.

— האָסטו געהאַט אַקטן מיט אים?

— ניין. איך האָב מיט אים חתונה געהאַט קעגן דעם ווילן פון מיינע עלטערן. איך האָב בלויז געשטעלט מיט אים אַ חופּה ביי אַ ווינקל־מורה־הוראה.

— איך זע אַלזאָ נישט קיין שטערונג אויף אונדזער וועג, — האָט אַדאָלף געזאָגט, — מיר וועלן קאָנען לעבן אין גליק און אין צופרידנהייט.

זייערע ליפּן האָבן זיך ווידער איינגעזויגן אין אַ לאַנגן און הייסן קוש.

— איצט, טייערע, — האָט אַדאָלף געזאָגט, — גיי אַהיים. דיין קינד, וואָס וועט פון איצט אָן זיין אויך מיין קינד, וואַרט אודאי אויף דיר. אין אָוונט וועל איך ביי דיר זיין און מיר וועלן שוין אַלץ אַרומריידן.

פרוי גליקסאָן האָט זיך האַרציק געזעגנט מיט איר געוועזענעם שעף און איצטיקן געליבטן און זי איז אַוועק אַהיים.

אַלץ, וואָס זי האָט נאָר וואָס געהאַט איבערגעלעבט, האָט זיך איר אויסגעוויזן ווי אַ וווּנדערלעכער כשוף־חלום.

ווי קאָן דאָס זיין, אַז דער דאָזיקער איידעלער, רייכער מאַן זאָל זיך פאַרליבן אין איר? ווער איז זי דען? אַ פּשוטע, אָרעמע פרוי!

צי איז דאָס נישט קיין חלום בלויז?

איר האַרץ האָט געצאַפּלט פאַר גליק.

ניין, נישט זיין רייכקייט האָט איר אַזוי געפעלט, נאָר זיין גוטסקייט, זיין איידלקייט און מענטשלעכקייט.

זי איז איצט נישט געגאַנגען, נאָר געשוועבט ווי אויף פליגל. זי האָט איצט געוואָלט צודריקן צו איר ברוסט איר טייער קינד און אַזוי אַרום זיך טיילן מיט איר גרויסער פרייד...

ווי נאָר זי איז אַריינגעקומען אין שטוב אַריין, האָבן זיך אירע אויגן געווענדעט צום בעטל פון קינד.

דאָס קינד איז פעסט געשלאָפן און טיף געאָטעמט.

פרוי גליקסאָן האָט זיך אַריבערגעבויגן איבער איר שלאָפנדיק קינד און אַ צאַרטן קוש געטאָן אויף זיין בלאַסן שטערן.

דערנאָך האָט זי זיך אויסגעדרייט און — דאָס בלוט אין אירע אָדערן איז מיט אַמאָל פאַרגליווערט געוואָרן פון שרעק.

ביי דער וואַנט איז געזעסן אַ יונגער, אָבער אויסגעמאַטערטער

און אויסגעדארטער מאַנספּאַרשוין. ער איז געווען אָפּגעריסן און אָפּגעשליסן.

דאָס איז געווען נישט קיין אַנדערער ווי איר פאַרשווונדענער מאַן...

## קאַפּיטל אַכט און זעכציק

### דער דאָפּלטער פּאַרראַט

די קאַלטע האַנט וועלכע האָט אָנגעכאַפּט רעגינעס אָרעם, האָט עטוואָס נאָכגעלאָזט.

רעגינע איז שיער געשטאָרבן פאַר שרעק. זי האָט שוין געוואָלט גלויבן, אַז אַ טויטער האָט זי אָנגעכאַפּט.

אָבער פּלוצלונג האָט אויפגעלויכטן דער שיין פון אַן עלעקטריש לעמפל און זי האָט פאַרשטאַנען, אַז נעבן איר געפינט זיך אַ לעבעדיקער מענטש.

זי האָט זיך אויסגעדרייט און דערזען פאַר זיך דעם מיסטער דזשייקאָב מייקלסאָן.

— וואָס טוט דאָ דער אַמעריקאַנער? — האָט רעגינע געטראַכט — פון וואַנען נעמט ער זיך דאָ אַהער אויפן בית־עולם? האָט ער איר נאָכגעשפּיאָנירט? צו וועלכן צוועק האָט ער עס געטאָן?

איר האַרץ האָט געצאַפּלט פאַר שרעק.

„אַנטלויפן!” — האָט זי אַ טראַכט געטאָן. זי האָט פאַרגעפילט, אַז קיין גוטס וואַרט זי דאָ נישט.

זי האָט זיך אַרויסגעריסן פון דזשייקאָבן און האָט גענומען לויפן. אָבער דזשייקאָב איז איר פאַרלאָזן דעם וועג און זי ווידער פעסט אַ כאַפּ געטאָן פאַר אַן אָרעם.

— דו שיינער טייוול, דו! — האָט דער אַמעריקאַנער אויסגערופן — האָסט זיך דערשראָקן? איך האָב געמיינט, אַז דו לעבסט זייער חבריש מיט די מתים...

— כאַ־כאַ־כאַ! האָט מיסטער דזשייקאָב זיך צעלאַכט. רעגינע האָט ווי אַ פיש געציטערט פון שרעק.

— אָבער וואָס ווילט איר פון מיר, מיסטער מייקלסאָן? —

האָט רעגינע זיך אָנגעהויבן בעטן ביי אים — וואָס טוט איר איצט דאָ? לאָזט מיך אָפּ! איך בעט אייך...
— „איך בעט אייך"... — האָט מיסטער דזשייקאָב איר נאָכגעקרימט — ווי איידל איר רעדט איצט! דאָרט, אין גאָרטן, האָט איר אַביסל אַנדערש גערעדט. הא?... דאָרט זיינט איר געווען שטרענג און שטאָלץ... און איצטער ? כע־כע־כע־כע!... ווייך, ווי פּוטער.
— אָבער לאָזט מיך אָפּ! — האָט רעגינע נישט אויפגעהערט צו בעטן זיך — איך וועל חלשן פון שרעק...
— איר האָט מורא פאַר די טויטע? — האָט מיסטער דזשייקאָב געחוזקט! — איך האָב אונטערגעהערט דעם שמועס פון אייער חתן מיט זיין דינער... איר שפּילט זיך מיטן טויט, מיט קייזערשטיין, איר דאַרפט זיך דעריבער נישט שרעקן פאַר די טויטע.
רעגינע האָט געציטערט פון שרעק און פון צאָרן.
ווען זי קאָן איצט דערמאָרדן דעם גראָבן אַמעריקאַנער מיסטער. אָבער ווי אַזוי? מיט אירע בלויזע הענט? ער איז פיל שטאַרקער פון איר!
— פאַרוואָס שפּיאָנירט איר מיר נאָך? — האָט רעגינע גערעדט מיט ציין־קריצעניש — פאַרוואָס פאַרפאָלגט איר מיך?
אָבער דער אַמעריקאַנער האָט ווייטער אַלץ גערעדט מיט אַ חוזק טאָן:
— עס איז מיר געווען זייער אינטערעסאַנט, מיס קייזערשטיין... זייער אינטערעסאַנטע זאַכן האָב איך זיך דערוווּסט... ווען איך האָב געזען, אַז איידער אייער חתנס דינער איז אַוועק אויפן בית־עולם, האָט איר אָנגעהויבן זיך שטאַרק איילן, האָב איך פאַרשטאַנען, אַז איר ווילט אים פאַרלויפן דעם וועג און איך בין אייך נאָכגעפאָרן...
— און איך האָב גאָרנישט באַמערקט... — האָט רעגינע געזאָגט ווי צו זיך אַליין.
—נישט קיין וווּנדער... — האָט דער אַמעריקאַנער אַלץ געחוזקט, — איר האָט געדאַרפט אַ וויכטיקע זאַך אויסצופירן...
— אָבער וואָס ווילט איר פון מיר? פאַרוואָס פייניקט איר מיך? — האָט רעגינע געבעטן זיך ביי אים.
— איין קלייניקייט... — האָט מיסטער דזשייקאָב נישט אויפ־געהערט צו חוזקן — איך וויל אויספאָרשן די זאַך ביזן סוף...

— וואָס ?!

— אויב מיר האָבן זיך דאָ געטראָפן, פריילין, וועלן מיר עס מאַכן צוזאַמען, אויב אייך איז עס ליב...

רעגינע האָט מיט אַן אַלץ וואַקסנדיקער שרעק זיך איינגעהערט אין דעם אַמעריקאַנערס רייד. איר פנים איז געוואָרן אַלע מאָל בלאַסער. אַ שוידער איז דורכגעגאַנגען דורך אַלע איברים.

אָבער דער אַמעריקאנער האָט נישט אויפגעהערט צו שמייכלען.

— אַלזאָ, מיס קייזערשטיין, נעמען מיר זיך צו דער אַרבעט?...

— האָט ער געפרעגט, אַ שלעפּ טוענדיק רעגינען צו סאַבינעס קבר.

רעגינע האָט איינגעגראָבן אירע פיס אינם זאַמד פון דער ערד.

— איך בעט אייך! — האָט זי זיך געבעטן מיט טרערן אין די אויגן — דעקט נישט אויף דאָס געהיימניש, וועלכעס איז דאָ באַגראָבן געוואָרן אויף אייביק. גייט אַוועק פון דאַנען!

— איך וועל עס אייך גערן טון, מיס קייזערשטיין, — האָט דער אַמעריקאנער אַלץ געחוזקט. — איר מיינט אַז עס איז אַזאַ פאַרגעניגן אַרומצוקריכן ביינאַכט צווישן די מתים ?... איך מוז זיך אָבער פריער דערוויסן די גאַנצע געשיכטע...

רעגינע האָט געפילט, אַז אַ ליאַדע רגע וועט זי פאַלן אין חלשות, די פיס זענען איר ווי אָפּגענומען געשיכטע...

אָבער פלוצלינג האָט זי אַרומגעכאַפּט אַ ווילדער צאָרן. זי האָט זיך אויסגעגלייכט און אַריינגעשריגן דעם מיסטער דזשייקאָב גלייך אין פנים אַריין:

— אויסוואורף! גיי צו מיין חתן און דערצייל אים דעם אמת!

מיסטער דזשייקאָב האָט אָבער אַלץ נישט אויפגעהערט צו שמייכלען:

דפוס „אור" בע"מ, רח' הר־ציון 104 ת"א פאַרלאַג „תקוה"

# סאבינע



ראָמאַן
פון אַ קראַנקן־שוועסטער

— צי גלויבט איר טאַקע, מיט קייזערשטיין, אַז איך וועל אייך גיין פאַרמסרן? איך וויל אייך גאָרנישט טון קיין שלעכטס. עס איז מיר בלויז אָנגעגעמען צו האָבן מיט אייך אַ בשותפות׳דיק געהיימניש...

רעגינעס פּנים האָט זיך אַביסל אויסגעלייטערט. אין אירע אויגן האָט אויפגעשיינט אַ האָפנונג.

— וועט איר מיך טאַקע נישט פאַרראַטן, מיסטער מייקלסאָן?— האָט זי אויסגערופן פול מיט פרייד — שווערט מיר צו, אַז איר וועט גאָרנישט אויסזאָגן!...

— אָבער לאַנגזאַם, מיס קייזערשטיין! — האָט דער מיסטער אַלץ געשמייכלט — איילט אייך נישט... וועגן דעם וועלן מיר נאָך רעדן. אָבער דערווייל לאָמיר פאַרלאָזן דאָס בית־עולם. מיר זענען דאָך לעבעדיקע מענטשן!...

זיי האָבן גענומען גיין צום טויער.

— אָבער ענטשולדיקט, מיס קייזערשטיין! — אַ קליינע פראַגע, — האָט דער אַמעריקאַנער געזאָגט, — צי קאָנט איר מיר נישט זאָגן, ווי אַזוי איר האָט זיך דאָ אַריינבאַקומען?

— זער פשוט, — האָט רעגינע געענטפערט, — איך האָב איבערגעקויפט דעם וועכטער.

— דעריבער האָט ער זיך, הייסט עס, נישט געשראָקן פאַרן „מת", ווייל ער האָט פון אים פריער געקריגן אין דער האַנט אַריין?... כאַ־כאַ־כאַ־כאַ! — האָט דער אַמעריקאַנער געלאַכט — איר זיינט אַלרייט, מיס קייזערשטיין! איר פאַרשטייט זיך אויף אַ ביזנעס...

— און איך, אַלטער אייזל, — האָט דער אַמעריקאַנער צוגעגעבן, — בין געקראָכן איבערן פאַרקאַן און מיינע הויזן צעריסן... עס איז אָבער ווערט געווען...

זיי זענען אַרויס פון בית־עולם דורכן טירל, וואָס דער ביטרער וועכטער האָט ספּעציעל אָפן געלאָזט, און זיי האָבן גענומען גיין מיט דער גענשע־גאַס.

— און איצט, — האָט רעגינע געזאָגט, — לאָמיר זיך געזעגנען...

— אך, — האָט דער אַמעריקאַנער ווידער געחוזקט, — איר איילט זיך שוין ווידער?... איר ווייסט דאָך, אַז פון איילן קומט קיין גוטס נישט אַרויס...

— וואָס זשע ווילט איר פון מיר ?
— מיין אויטאָ וואַרט דאָ נישט ווייט. מיר וועלן צוזאַמען אַהיימפאָרן און דערנאָך... דערנאָך וועלן מיר צוזאַמען פאַרברענגען די היינטיקע נאַכט...
רעגינע איז טויט־בלאַס געוואָרן.
— אַלזאָ, דאָס זאָל זיין דער פּרייז פאַר אייער שווייגן! — האָט זי אויסגעהופן — דאָס וועט קיינמאָל נישט געשען!!!
מיסטער דזשייקאָב האָט געהויבן מיט די אַקסלען.
— איך באַדויער זייער — האָט ער געזאָגט, — נאָר אויב אַזוי, וועל איך זיך מוזן זען מיט אייער חתן און איבערגעבן אים זער וויכטיקע אינפאָרמאַציעס...
— טוט דאָס נישט! — האָט רעגינע געבעטן — איך בעט אייך!
— איך בין אַ דזשענטלמאַן, — האָט דער אַמעריקאַנער געענטפערט, — און איך קאָן נישט פאַרשווייגן, ווען איך ווייס, אַז מען באַשווינדלט דעם מאַן, וועלכער האָט מיך אויפגענומען אַלס זיין גאַסט... און אַ חוץ דעם, פריילין, האָט איר מיך באַליידיקט און איך מוז האָבן אַ סאַטיספאַקציע...
— ענטשולדיקט מיר! — האָט רעגינע געבעטן — איך קאָן דאָך אָבער נישט דערפילן אייער ווונטש... איר ווייסט דאָך, אַז איך האָב אַ חתן און איך קאָן אים נישט פאַרראַטן...
— איר האָט אים שוין אַזוי ווייט פאַרראַטן, וועט איר אים נאָך אַמאָל פאַרראַטן... — איז דער אַמעריקאַנער געבליבן ביים זיינען.
— דאָס וועט נישט געשען! — האָט רעגינע אויסגערופן.
— אויב אַזוי, טאָ האָט מיר אַ גוטע נאַכט! — האָט דער אַמעריקאַנער געזאָגט און זיך העפלעך פאַרנויגט.
ער האָט גענומען גיין צו זיין אויטאָ, לאָזנדיק רעגינע אַליין אויף דער גאַס.
אַ ווייל איז רעגינע אַזוי געשטאַנען, דערנאָך האָט זי אָנגע־הויבן פאַרלויפן דעם אַמעריקאַנער.
— שטייט נאָר אַ ווײַלע, מיסטער מייקלסאָן! — האָט רעגינע אים נאָכגערופן — איך וויל אייך עפּעס זאָגן!
מיסטער דזשייקאָב מייקלסאָן האָט זיך טריומפירנדיק צע־שמייכלט.

מיט אַן אויסערגעוועהנלעכער העפלעכקייט האָט ער רעגינען דערלאַנגט זיין אָרעם. ער האָט זי צוגעפירט צו זיין אויטאָ און זיי האָבן זיך דאָרט אַריינגעזעצט.

— שנעל, — האָט דער אַמעריקאַנער באַפוילן דעם שאָפער און דער אויטאָ האָט ווי אַ פייל אויסן בויגן געגומען שוועבן איבער די נאַכטיקע גאַסן.

אויפן גאַנצן וועג זענען ביידע שטיל געזעסן אינם אויטאָ, נישט אויסרעדנדיק קיין וואָרט צווישן זיך. מיסטער דזשייקאָב האָט בלויז פון ווייל צו ווייל אַ גלעט געטון איבער רעגינעס ווייסע הענט רעגינע האָט אים נישט געשטערט....

פאַר לעאָנס פּאַלאַץ האָט דער אויטאָ זיך אָפּגעשטעלט. זיי זענען אויסגעשטיגן און אַריין.

אין לעאָנס פּאַלאַץ איז געווען אַ זייטיק צימער, וווּ מען פלעגט אויפנעמען ספּעציעל חשובע געסט. רעגינע איז אַריין מיט מיסטער דזשייקאָב אינם דאָזיקן צימער און פאַרהאַקט הינטער זיך די טיר...

— — — — — — — — — — — — — —

לעאָן האָט אַלץ נישט אויפגעהערט צו גיין הין און צוריק איבער זיין שלאָפצימער.

עס האָט לאַנג געדויערט און מאָריץ האָט זיך אַלץ נאָך נישט אומגעקערט.

לעאָן האָט זיך שטאַרק באַאומרויקט.

וואָס האָט עס געקאָנט דאָרט געשען מיט אים? — האָט ער זיך געוווּנדערט.

ענדלעך האָט זיך דער אַלטער דינער באַוויזן.

לעאָן האָט אַ קוק געטון אויף מאָריצן און ער איז בלאַס געוואָרן. אינם אַלטן דינערס פּנים, וואָס איז בלאַס געווען ווי דער טויט, איז געלעגן אַן אויסדרוק פון טויט־שרעק. זיינע אויגן זענען געווען ברייט צעעפנט און זיי האָבן געבלאַנדזשעט, ווי ביי אַ משוגענעם.

ער איז פּאַמעלעך אַריינגעגאַנגען אין שטוב אַריין, אָנשפּאַרנדיק זיך אויף זיין שטעקן.

נישט קאָנענדיק זיך האַלטן אויף די פיס, האָט דער אַלטער זיך אַראָפּגעלאָזט אויף אַ פאָטעל.

— וואָס איז געשען, מאַריץ? — האָט לעאָן געפרעגט, צו־גייענדיק צו אים.

דער אַלטער דינער האָט קוים געקאָנט באַוועגן מיט די ליפּן. ער האָט קוים מיט צרות אַרויסגעשטאַמלט עטלעכע ווערטער.

— איך... האָב געזען... די פּאַננע סאַבינע...

— האָסט געעפנט דאָס קבר?

— ניין... נישט געעפנט...

— טאָ, ווו דען האָסטו זי געזען?

— זי האָט זיך מיר באַוויזן... ווען מ׳האָט זיך נאָר צוגערירט צום קבר...

מיט אַ ציטערדיקער שטים האָט מאַריץ דערציילט לעאָנען אַלץ, וואָס האָט מיט אים פּאַסירט אויפן בית־עולם.

— מ׳האָט מיך קוים דערראַטעוועט... — האָט דער אַלטער דערציילט — איך האָב שיער נישט די נשמה אויסגעהויכט פון שרעק...

לעאָן האָט שאַרף געקוקט אין מאַריצס אויגן אַריין:

„צי איז דער אַלטער נישט אַראָפּ פון זינען?" — האָט לעאָן געטראַכט.

— זי האָט אויסגעזען פּונקט אַזוי, ווי דעמאָלט, ווען זי איז געלעגן אַ טויטע, — האָט דער אַלטער מאַריץ ווייטער דערציילט, — זי האָט פּלוצלינג זיך באַוויזן צו אונדז אין אַ חופּה־קלייד און אין אַ וועלאָן...

לעאָן האָט מיט שרעק אויסגעהערט דעם אַלטנס רייד. אָבער באַלד האָט זיך אין אים געגומען וועקן אַ חשד.

כאָטש ער אַליין האָט שוין צוויי מאָל געהאַט אַן ענלעכע איבערלעבונג, האָט ער אָנגעהויבן עפּעס חושד צו זיין.

— מאַריץ, — האָט ער זיך געווענדעט צו זיין אַלטן טרייען דינער, — צי ביסטו אויף הונדערט פּראָצענט זיכער, אַז דאָס אַלץ, וואָס דו דערציילסט איצט, איז טאַקע אַזוי געווען? צי איז עס נישט אַמאָל נאָר אַ פאַנטאַזיע... ס׳האָט זיך דיר אפשר אויסגעדאַכט?

— ניין פּראַשען פּאַנאַ! — האָט מאַריץ פאַרזיכערט, — איך קאָן זיך שווערן איבער אַלעם הייליקן, אַז אַלץ, וואָס איך האָב דערציילט, האָב איך געזען אויף דער וואָר, ווי איך זע איצט די ווענט, נעבן וועלכער איך זיץ!

לעאָן האָט זיך פאַרטראַכט.
דער פאַרדאַכט איז ביי אים אַלע מאָל גרעסער געוואָרן.
„עפּעס צופיל „נסים״ געשען דאָ די לעצטע צייט״ — האָט ער געטראַכט.
— פאַרטראַכט זיך גוט אַליין, מאַריק, — האָט לעאָן געזאָגט צו זיין אַלטן דינער, — צי איז עס דאָך נישט געווען אַ פאַנטאַזיע?
די שרעק האָט גרויסע אויגן, מאַריק. שפּעט ביינאַכט אין דער פינצטערניש. נו... איז דיר שווער געווען אונטערצושיידן דאָס, וואָס דו האָסט געזען, פון דעם, וואָס ס'האָט זיך דיר געדאַכט...
דער אַלטער מאַריק האָט זיך אָבער געהאַלטן ביי דעם זייניקן:
— איך בין שוין אַן אַלטער מאַן, — האָט ער געענטפערט, — איך בין נישט קיין קינד, איך האָב אַלץ געזען, אַזוי ווי איך האָב דערציילט...
— אמת, אַז איך האָב זיך געשראָקן, האָט מאַריק צוגעגעבן, — אָבער דעם קאָפּ אויף די פּלייצעס האָב איך געהאַט און אַלץ געזען מיט אָפענע אויגן...
— אויב דו ביסט אַזוי זיכער, גלויב איך דיר! — האָט לעאָן געזאָגט — און איך דאַנק דיר פאַר דיין איבערגעגעבנהייט און טרייהייט.
— איצטער, — האָט לעאָן צוגעגעבן, — איז שוין צייט צו גיין שלאָפן. האָב מיר אַ גוטע נאַכט, מאַריק!
דער אַלטער האָט געזאָגט „אַ גוטע נאַכט״ און איז אַרויס.
לעאָן האָט זיך ווידער טיף פאַרטראַכט.
אַ שטאַרקער, באַאומרויקענדער חשד האָט אים נישט געלאָזט צורו.
„וואָס קאָן דאָס זיין?״ — האָט ער זיך געמאַטערט צו פאַרשטיין.
זיינע געדאַנקען האָבן זיך געדרייט אַרום איין פּונקט: רעגינע...
„נאָר זי קאָן זיין פאַראינטערעסירט דערין!״ — האָט ער געטראַכט.
ער האָט אָבער בשום אופן נישט געקאָנט גלויבן, אַז רעגינע זאָל זיין פאַרמישט אין דעם גאַנצן פּלאָנטער.

„און לאָמיר שוין זאָגן, אַז יאָ, אַז רעגינע איז פּאַרמישט דע־רין" — האָט ער גערעדט צו זיך אַליין — „אָבער פון וואַנען האָט רעגינע געקאָנט וויסן, אַז איך האָב געשיקט מאַריצן אויפן בית־עולם, אַז זי זאָל קאָנען אים פאַרלויפן דעם וועג ?...

„זי איז דאָך אַרויסגעגאַנגען שפּאַצירן מיטן אַמעריקאַנער און זי האָט זיך שוין מסתמא לאַנג אומגעקערט צוריק אַהיים".

לעאָן האָט פונדעסטוועגן באַשלאָסן זיך איבערצוצייגן דערין.

ער האָט פאַרלאָזט זיין שלאָפצימער און ער איז אַוועק אין רעגינעס צימער.

אַ ווײַלע איז ער געשטאַנען הינטער דער טיר און זיך אײַנ־געהערט. מ'האָט נישט געהערט קיין שום שאָרך.

„אפשר שלאָפט זי שוין ?" — האָט ער געטראַכט.

ער האָט אַ לייכטן קלאַפּ געטאָן אין דער טיר.

קיינער האָט זיך נישט אָנגערופן.

ער האָט אַ שטאַרקערן קלאַפּ געטאָן אין דער טיר.

אָבער אויך איצט האָט זיך קיינער נישט אָפּגערופן.

ער האָט דעמאָלט פאַרזיכטיק געעפנט די טיר.

אויפן טיש איז געשטאַנען די לויכטנדיקע לאָמפּ. רעגינען איז אין צימער נישט געווען.

ער האָט זיך שטאַרק געוווּנדערט און זיך באַאומרואיקט.

אַזוי שפּעט ? ווו קאָן זי איצטער זיין ? זאָל זי עס אַזוי לאַנג שפּאַצירן מיטן אַמעריקאַנער נודניק ?"

לעאָן האָט באַשלאָסן זיך צו דערוויסן, ווו רעגינע געפינט זיך איצט.

ער איז אַרומגעלאָפן איבערן גאָרטן און געזוכט צווישן די בוימער.

„ג־ט מיינער !" — האָט ער געטראַכט — „וואָס פרויען זע־נען"... דער דאָזיקער גראָבער נפש איז איר, ווייזט אויס, געפעלן און"...

דאָס האַרץ האָט אים שיער געפּלאַצט פון פאַרדרוס און ווייטיק.

אָבער פּלוצלינג האָט ער געוואָרפן אַ בליק אין דער ריכטונג פון יענעם זייטיקן גאַסטצימער און ער האָט געזען, ווי פון דאָרטן לייכט זיך.

לעאַן איז אַהין אַוועק.

„אפשר האָט רעגינע געוואָלט ווייזן דעם גאַסט אַלע צימערן פונעם פּאַלאַץ" — האָט לעאַן געטראַכט.

אָבער ווען ער איז דאָרט צוגעקומען און אַריינגעקוקט דורך אַ שפּאַרע פון דער פאָרהאַנג, איז אים אַ קעלט אַדורך דורך די ביינער.

אין מיטן צימער איז געשטאַנען דער אַמעריקאַנער מיסטער, האַלטנדיק פעסט אין זיינע אָרעמס רעגינען, וועלכע איז געשטאַנען מיט די פּלייצעס צו אים.

דער אַמעריקאַנער האָט אַריבערגעבויגן רעגינעס קאָפּ און מיט זיינע גראָבע ליפּן האָט ער געזוכט אירע ליפּן...

אָבער פּלוצלינג — — — — — — — — — —

קאַפּיטל ניין און צוואַנציק

# אין דער לעצטער מינוט

ווען סאַבינע האָט זיך צומאָרגנס אין דער פרי אויפגעכאַפּט פון טיפן שלאָף — איז די זון שוין געשטאַנען אין דער מיט הימל.

אין אָנהויב האָט סאַבינע זיך נישט געקאָנט אָריענטירן, ווו זי געפינט זיך ערגעץ.

אָבער ביסלעכווייז האָט זי זיך אָנגעהויבן דערמאָנען אַלע איינצלהייטן, ווי זי האָט געטרונקען דעם וויין, וואָס דער מאַגנאַט קרויזער האָט איר דערלאַנגט, ווי ער האָט זי פאַרבעטן צום טאַנץ און ס'איז איר נישט גוט געוואָרן.

דערנאָך האָט די גוטע מאַדמואַזעל לוסי זי אַריינגעפירט אין דאַזיקן צימער.

אָבער פּלוצלינג האָט זי אַרומגעכאַפּט אַן אומרואיקייט.

היינט אין דער פרי האָט דאָך פּאַפּאַ סעמס טרופּע געדאַרפט פאַרלאָזן לעמבערג!

סאַבינע האָט זיך אויפגעריסן פון איר געלעגער און איז אַרויסגעשפּרונגען פון בעט.

דער זייגער האָט געוויזן די ציפער 11.

זי האָט שנעל אַרויפגעוואָרפן אויף זיך אירע קליידער.

זי האָט שוין געוואָלט פאַרלאָזן דאָס צימער, ווען פלוצלינג האָט די טיר זיך געעפנט און ס'איז אַריינגעקומען די מאַדמואַזעל לוסי.

— שוין אַנגעטאָן זיך? — האָט די פאַלשע פרוי געפרעגט מיט אַ זיסער מינע — נו, ווי פילט איר זיך, פריילין?

סאַבינע האָט געשמייכלט מיט פאַרלעגנהייט.

— איר זענט זייער גוט צו מיר, מאַדמואַזעל! — האָט סאַבינע געזאָגט — איך ווייס באמת נישט ווי אַזוי אייך אָפּצודאַנקען! אַנטשולדיקט מיר, וואָס איר האָט זיך געדאַרפט אַזוי פיל צו באַמיען אַרום מיר!

— שאַט נישט, שאַט נישט, האַרציקע! — האָט לוסי אַלץ גערעדט מיט איר זיסער מינע — יעדער מענטש דאַרף העלפן אַנדערע!

סאַבינע האָט זיך גענומען גרייטן אַוועקצוגיין.

— יאָ, מאַדמואַזעל! — האָט סאַבינע געענטפערט. מיינע פריינט האָבן היינט אין דער פרי געדאַרפט פאַרלאָזן לעמבערג. זיי וואַרטן מסתמא אויף מיר אומגעדולדיק.

— אָבער פאַרן פרישטיק וועל איך אייך נישט אַרויסלאָזן! — האָט לוסי געזאָגט — איך האָב שוין געגרייט פאַר אייך פרישטיק אין צווייטן צימער. קומט! איר וועט עפּעס נעמען אין מויל אַריין, דערנאָך וועל איך אייך אָפּפירן צו אייער טרופּע.

סאַבינע האָט איר נישט געקאָנט אָפּזאָגן.

— זאָל זיין! — האָט זי געזאָגט — איר זענט אַזוי גוט צו מיר, מאַדמואַזעל לוסי, אַז איך קאָן אייך נישט אָפּזאָגן.

— קומט־זשע, קומט! — האָט לוסי אונטערגעאיילט סאַבינען.

סאַבינע האָט זיך אַוועקגעזעצט עסן דעם געגרייטן פרישטיק. מאַדמואַזעל לוסי איז שיער צעשמאָלצן געוואָרן פון העפלעכקייט און פאַלשער גוטסקייט.

זי האָט יעדע ווײַלע אַריינגעברענגט אַ נײַ געשמאַק מאכל.

— דאָס אַלץ האָב איך אַליין געמאַכט! — האָט די פאַלשע לוסי זיך גערימט.

סאַבינען איז די דאָזיקע פאַלשע פרוי וואָס מער אַלץ בעסער געפעלן.

האָט דען די נאַאיווע, אומשולדיקע סאַבינע געקאָנט וויסן, וואָס פאַרא גיפט די דאָזיקע פאַלשע שלאַנג באַהאַלט אין זיך?

— מיין ברודער וועט זיך ליידער מיט אייך נישט קאָנען געזעגנען, — האָט לוסי געזאָגט, — ער איז פאַרטאָג אַרויסגעפאָרן צו זיינע געשעפטן.

— איר ווייסט גאַרנישט, — האָט די אַלטע פאַלשע מאַדמואַזעל געזאָגט מיט אַ זיפץ, — ווי שווער מיין ברודער אַרבעט נעבעך... די אַרבעט איז אָבער זיין ליידנשאַפט...

סאַבינע האָט כמעט נישט געהערט, וואָס די פאַרעלטערטע קאָקעטקע רעדט צו איר. זי האָט כסדר געטראַכט מיט אומרואיקייט וועגן פאַפאַ סעמס טרופע.

„צי זענען זיי נישט אַמאָל אָוועקגעפאָרן אָן מיר?"

„ניין, דאָס איז אוממעגלעך!" — האָט זי זיך אַליין געטרייסט — „זיי האָבן דאָך מיך אַזוי ליב און זענען מיר אַזוי איבערגעגעבן!"

זי האָט שנעל פאַרענדיקט דעם פרישטיק און זי האָט זיך אויפגעהויבן פון טיש.

— אַנטשולדיקט, מאַדמואַזעל! — האָט זי געזאָגט — איך מוז שוין גיין, ווייל איך בין אומרואיק וועגן מיינע פריינט.

— איך פאַרשטיי, איך פאַרשטיי, — האָט לוסי געזאָגט, — זיי וואַרטן אָבער זיכער אויף אייך! מיר גייען באַלד.

נאָך אַ ווײַלע און לוסי איז געווען אָנגעטאָן און ביידע פרויען — לוסי און סאַבינע — האָבן פאַרלאָזט קרויזערס פּאַלאַץ.

אויפן וועג האָט לוסי, ווי אַ געניטע שפּיאָנקע, זיך באַמיט צו דערוויסן פון סאַבינען איר גאַנצע לעבנסגעשיכטע.

אָבער כאָטש סאַבינע האָט שוין איצט געהאַט מער צוטרוי צו לוסין, ווי פריער, האָט זי איר פונדעסטוועגן נאָך אַלץ ווייניק געטרויט.

זי האָט דעריבער געענטפערט אויסמיידנדיק אויף לוסיס פראַגן.

לוסיס מינע איז שוין איצט צו זיס געווען און סאַבינע האָט אָנגעהויבן צו קוקן אויף איר מיט חשד.

דערווייל זענען לוסי און סאַבינע צוגעקומען צו דעם פּלאַץ, ווו דער צירק איז געשטאַנען.

ווי גרויס איז אָבער געווען סאַבינעס שרעק, ווען פונם צירק

מיט דער טרופּע איז מער קיין שפּור נישט געווען... סאַבינע איז געבליבן שטיין אַ ציטערנדיקע אינגאַנצן!...
— דאָס איז אומדערהערט! — האָט מאַדמואַזעל לוסי זיך כלומרשט אויפגערעגט — אייערע פריינט, פריילין סאַבינע, זענען גאָרנישט קיין פיינע לייט! וואָס וועט איר איצט טון?...
סאַבינע האָט קיין וואָרט נישט געקאָנט אויסרעדן, ווייל עס האָט איר געשטיקט אין האַלז.
אירע אויגן זענען פול געוואָרן מיט טרערן.
— לאָמיר נאָך פרעגן עמיצן, אין וועלכער זייט זיי זענען געפאָרן? — האָט סאַבינע קוים אַרויסגערעדט — אפשר האָט פּאַפּאַ סעם פאַר מיר ערגעץ איבערגעלאָזט אַ בריוועלע, אָדער ער האָט אַזוי עפּעס באַפוילן!
אָבער אַלע אַרומיקע איינוווינער האָבן בלויז געוווּסט צו דערציילן, אַז מיט העכער דריי שעה צוריק איז די טרופּע אַוועק־געפאָרן.
אין וועלכער זייט און וווּהין זיי זענען געפאָרן — דאָס האָט קיינער נישט געוווּסט.
סאַבינע איז געווען פאַרצווייפלט אויפן העכסטן גראַד.
— זאָגט מיר, מאַדמואַזעל, — האָט סאַבינע געבעטן ביי מאַדמואַזעל לוסי מיט טרערן אין די אויגן, — גיט מיר אַן עצה. וואָס טוט מען איצטער? ווו זאָל איך זיך קערן און ווענדן?
מאַדמואַזעל לוסי האָט טריומפירנד געשמייכלט.
„אויף דעם האָב איך נאָר געוואַרט!" — האָט זי זיך געטראַכט.
— זאָרגט אייך נישט, טייער קינד! — האָט זי געזאָגט — איר האָט נישט וואָס צו באַדויערן דאָס אָרעמע אַקטיאָרישע ציגיינער־לעבן.
— איר זיינט גאָר פון אַן אַנדער ליים געקנעטן... — האָט די אַלטע קאָקעטקע פאַלש געחנפעט סאַבינען — דאָס האָב איך באַלד דערקענט, ווי איך האָב נאָר דערזען. עס איז נישט פאַר אייך, האַרציק קינד!
— אָבער וואָס טוט מען איצטער? — האָט סאַבינע געפרעגט פאַרצווייפלט.
— קומט מיט מיר! — עס איז מיר סיי־ווי שווער זיך אַן עצה צו געבן מיט דער ווירטשאַפט, וועט איר מיר צוהעלפן, פריילין

סאַבינע. איך מיין, אַז אויך מיין ברודער וועט זיין צופרידן, אַז איך וועל האָבן אַזאַ ווילע חברטע.

— אַלזאַ, ווישט אייך אויס די אויגן, טייער קינד, — האָט מאַדמואַזעל לוסי פאַרענדיקט, — און גיט מיר די האַנט, אַז איר באַשטייט אויף מיין פאָרשלאָג!

צי האָט סאַבינע זיך געקאָנט אָפּזאָגן פון לוסיס פאָרשלאָג? זי איז דאָך איצט געווען איינזאַם און פאַרלאָזן.

„ווען ניש די דאַזיקע גוטע פרוי", — האָט סאַבינע געטראַכט וועגן לוסין — „וואָלט איך היינט ביינאַכט געמוזט נעכטיקן אונטערן בלויזן הימל".

סאַבינע האָט אַלזאַ דערלאַנגט לוסין די האַנט און געזאָגט:

— איר זיינט באמת שוין צו גוט פאַר מיר. איך בין מסכים צו גיין מיט אייך. איך וועל זיך באַמיען מיט מיין טיכטיקער אַרבעט אייך אָפּצודאַנקן כאָטש אַביסעלע פאַר אייער גוטסקייט.

— גוט, טייער קינד! — האָט לוסי געענטפערט — קום! לאָמיר וואָס שנעלער זיין איר דערהיים, ווייל מיר דאַרפן צוגרייטן דאָס מיטאָג פאַר מיין ברודער. ער וועט באַלד קומען פון דער אַרבעט הונגעריק ווי אַ וואָלף.

אויף איין וועגס, — האָט לוסי צוגעגעבן, — וועל איך אים דערציילן, אַז מיר קריגן צו אַ נייע שכנטע אין אונדזער הויז. ער וועט זיכער זיין צופרידן.

סאַבינע וואָלט זיכער נישט אָנגענומען לוסיס פאָרשלאַג, ווען זי וואָלט געוווּסט, וואָס עס איז געשען מיט אַ שעה צוריק.

לויט דעם, ווי עס האָבן צוגעטראַכט דעם פּלאַן דער רומענער רודאָלף און בערנאַרד קרויזער, איז לוסי באַלד בעגינען אַוועק אין פּאַפּאַ סעמס צירק אַריין.

מען האָט דאָך געמוזט פאַרהיטן, אַז עמיצער פון די אַקטיאָרן זאָל נישט אַריינבאַקומען זיך צו סאַבינען און צעשטערן דעם גאַנצן פאַרברעכערישן פּלאַן.

ווען דעם מאַגנאַטס כלומרשטע שוועסטער האָט זיך באַוויזן אין פּאַפּאַ סעמס צירק, איז שוין אַלץ געווען פאַרפאַקט און גרייט זיך צו לאָזן אין וועג אַריין.

דאָס הויקערל פּוק האָט געשפּאַנט די פערד.

פּאַפּאַ סעם האָט זיך צוגעקוקט צו דער אַרבעט ביים פּאַקן.

דערזעענדיק די מאַדמואַזעל לוסי, האָבן אַלע אױפֿגעװאַכט און די אַרבעט און זיך פֿאַרזאַמלט אַרום איר.

כאָטש, אַלע האָבן שטאַרק געװאָלט װיסן, װאָס עס הערט זיך מיט סאַבינען, האָט קײנער נישט געהאַט די העזה צו פֿרעגן. ביז פּאַפּאַ סעם האָט זיך טיף פֿאַרנױגט פֿאַר דער „הױכגעשטעלטער" דאַמע און חניפֿהדיק אַ פֿרעג געטון:

— װי פֿילן זי זיך, פֿראַשן פּאַני, נאָכן בעכטיקן װיעטשאַרעק?

מאַדמואַזעל לוסי האָט מילד געשמײכלט:

— אַ דאַנק, פּאַפּאַ סעם! זער גוט.

און דער פֿאַן בערנאַרד קרױזער? עס הײסט: אײער ברודער?

— אױך גוט. אַ דאַנק.

— און סאַבינע? — האָט פּאַפּאַ סעם געפֿרעגט.

— לײדער נישט אַזױ װי עס דאַרף צו זײַן. — האָט די פֿאַלשע שלאַנג אַ זיפֿץ געטון, — איך בין אײַך טאַקע געקומען זאָגן, אַז זי װעט הײַנט נישט קאָנען אױפֿשטײן פֿון בעט.

— װאָס איך הער! — האָט פּאַפּאַ סעם אױף אַן אמת געזאָגט מיט עגמת־נפֿש.

— און װעגן פֿאָרן מיט אײַך הײַנט קאָן אװדאי קײן רײד נישט זײַן! — האָט לוסי פֿאַרענדיקט.

— אָבער װאָס איז איר? — האָט פּאַפּאַ סעם געפֿרעגט.

— װער װײס? — האָט לוסי געענטפֿערט — איך האָב טאַקע געשיקט נאָך אַ דאָקטאָר. איך האָב מורא, אַז עס איז אַן ערנסטע קראַנקהײט...

פּאַפּאַ סעם און די גאַנצע טרופּע האָבן זיך שטאַרק גענומען צום האַרץ די דאָזיקע טרױעריקע ידיעה. בלױז אײן רודאָלף האָט געפֿינטעלט מיט די אױגן, װיסנדיק גאַנץ גוט, װאָס מיט סאַבינען קומט פֿאָר.

— װעלן מיר אָפּװאַרטן מיט דער רײַזע ביז מאָרגן! — האָט זיך אָנגערופֿן די טענצערין פּעפּי — מען װעט הערן װאָס דער דאָקטאָר װעט זאָגן.

אָבער מאַדמואַזעל לוסי האָט איר איבערגעריסן:

— איך גלױב נישט, אַז פֿרײַלין סאַבינע װעט אַזױ שנעל געזונט װערן. מינדעסטנס װעט זי מוזן ליגן כאָטש אַ װאָך צײַט אין בעט.

— אָבער מיר קאָנען דאָך נישט איבערלאָזן סאַבינען דאָ און אָן איר אַוועקפאָרן! — האָט זיך אָנגערופן דאָס הויקערל פּוק.

— אַ חוץ דעם, — האָט לוסי געזאָגט, — האָב איך אייך נאָך עפּעס צו דערציילן... פריילין סאַבינע האָט היינט אין דער פרי אַ סך גערעדט מיט מיר. זי האָט מיר דערציילט וועגן איר לעבן. ווי שווער עס איז איר זיך צוצופּאַסן צום שווערן לעבן פון וואַנדערנדע אַקטיאָרן.

— איר ווייסט דאָך, — האָט לוסי ווייטער געזאָגט, — אַז זי שטאַמט פון אַ בעסערער היים און זי איז געוווינט צו אַ בעסער לעבן. איך האָב שוין לאַנג זיך געוואָלט צונעמען אַזאַ פריילין, וואָס זאָל פאַר מיר קאָנען זיין סיי אַ חברטע און סיי אַ געהילפין, סאַבינע וועט אַלזאָ בלייבן ביי מיר...

אַלע האָבן געשוויגן. אַלע האָבן געפילט אַ טיפן פאַרדרוס, פאַרוואָס דאָס דאַזיקע ליבע מיידל פאַרלאָזט זייער טרופּע.

— און זי וויל אונדז פאַרלאָזן? — האָט ענדלעך די טענצערין פּעפּי אַ פרעג געטון.

— זי באַשטייט ביי מיר צו בלייבן, — האָט לוסי געענטפערט, — און זי האָט מיך געבעטן צו געזעגנען אייך אין איר נאָמען...

אויף אַלעמענס פּנימער איז געווען צו דערקענען אַ שטאַרק באַדויערן.

עס איז זיי שווער געווען צו גלויבן, אַז סאַבינע, די דאָזיקע האַרציקן, טייערע חברטע, פאַרלאָזט זיי אַזוי אומגעריכט און אַז זיי וועלן זי שוין אפשר קיין מאָל נישט זען...

זיי האָבן אַראָפּגעלאָזט פאַרטרויערט די קעפּ און געשוויגן.

פּעפּי האָט זיך שטאַרק צעוויינט.

רודאָלף, דער רומענער, וועלכער האָט אַלץ גאַנץ גוט געוווסט, ווייל עס איז דאָך געווען זיין שטיקל אַרבעט, איז נישט ווייניקער טרויעריק געווען.

די גאַל האָט אים שיער געפּלאַצט, ווען ער האָט אַ טראַכט געטון, אַז די שיינע, צאַרטע סאַבינע וועט איצט געהערן צו דעם פּאַן קרויזער און נישט צו אים.

זיין איינציקע טרייסט איז געווען דאָס פּעקל פּאַפּירלעך, וואָס

לוסי האָט אים אונבאַמערקט דערלאַנגט. עס איז געווען דאָרט אַ נישקשהדיקע סומע געלט.



ווען בערנאַרד קרויזער איז אַהיימגעקומען אויף מיטאָג, האָט ער געמאַכט דעם אָנשטעל, אַז ער ווונדערט זיך כלומרשט שטאַרק, וואָס סאַבינע געפינט זיך ביי אים אין פּאַלאַץ.

מאַדמואַזעל לוסי האָט אים דערציילט ברייט און אויספירלעך וועגן דעם „שפּיצל״, וואָס די חברה אַקטיאָרן האָבן כלומרשט אָפּגעטון זייער פריינדין.

— איך לעג פאָר דער פריילין סאַבינע צו בלייבן ביי אונדז, — האָט זי צוגעגעבן, — דו וועסט דאָך געוויס נישט האָבן קעגן דעם. אמת, בערנאַרד?

— ווי אַזוי קאָן איך זיין קעגן? — האָט בערנאַרד געענטפערט, — ערשטנס, איז דאָך אונדזער הייליקן פליכט צו העלפן דער דאָזיקער פריילין, צו שיצן זי אין איר שווערער לאַגע.

— אַוודאי! — האָט לוסי צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ.

— און צווייטנס.... דאַרפן מיר זיין צופרידן צו האָבן אַזאַ ליבע און טיכטיקע חברטע אין אונדזער שטוב. איך גלויב, אַז אויך איר, פריילין, — האָט בערנאַרד זיך געווענדעט צו סאַבינען, — וועט ביי אונדז זיך גוט פילן...

נאָכן מיטאָג־עסן איז סאַבינע אַוועק אין איר צימערל. זי האָט זיך געפילט אָפּגעשוואַכט און האָט זיך דעריבער געוואָלט אַביסל אָפּרוען.

בערנאַרד און לוסי זענען אַוועק אין דערנעבנדיקן סאַלאָן.

— נו, וואָס זאָגסטו דערצו? — האָט לוסי געפרעגט בערנאַרדן מיט חוזק — נו, דאָס מיידל בלייבט דאָ מיט אונדז, צי נישט?... וואָס האָב איך געזאָגט? זי בלייבט דאָ, הא?...

— זי האָט דען אַן אַנדער ברירה? — האָט בערנאַרד געקוואַלן.

— און דו מיינסט, — האָט לוסי געזאָגט, — אַז איך האָב חשק זי לאַנג אַזוי צו באַדינען?

— איך פאַרשטיי דיך נישט, לוסי! טאָ ווער האָט דיך געהייסן באַלד מיט איר מאַכן אַזאַ צימעס? זי האָט באַלד היינט נישט געדאַרפט עסן מיטאָג מיט אונדז, נאָר מיט דער דינערשאַפט אין קיך!...

— מאָרגן דאַרפסטו איר אָנווייזן איר אָרט, לוסי! — האָט בערנאַרד פאַרענדיקט — נישט דו דאַרפסט איר באַדינען, נאָר זי דיך!

אַ בייז פּייערל האָט אויפגעלויכטן אין בערנאַרדס אויגן.

איצט האָט ער געהאַט די געלעגנהייט זיך נוקם צו זיין פאַר אַלע באַליידיקונגען פון פעפין און סאַבינען.

לוסי איז צופרידן געווען.

— האָב נישט קיין מורא, בערנאַרד, — האָט זי געזאָגט, — איך וועל זיך שוין מיט איר אַן עצה געבן! געדענקסט, ווי איך האָב אָנגעלערנט דעם מאַשיניסטס טעכטערל, וועלכע האָט צופיל פאַרריסן די נאָז, ווייל זי האָט זיך איבערגענומען מיט איר שיין פנימל?

— איך געדענק.

— עטלעכע פעטש און פעסטע שמיץ מיטן שפּיצרוט האָבן איר געגעבן צו פאַרשטיין, ווו איר אָרט איז!

זי איז אָבער באַלד אַנטלאָפן! — האָט בערנאַרד אַ זאָג געטון. נישט פאַרגינענדיק לוסין איר באַרימעריי.

— דאָס איז גאָרנישט! — האָט לוסי געענטפערט — די דאָזיקע קראַנקן־שוועסטער סאַבינע קאָן אויך לויפן, אויב זי וויל. נישט אמת?

— מען דאַרף נישט צו פרי אָנהויבן, — האָט בערנאַרד געזאָגט, — לאָמיר נאָר פריער אַ ביסל פון איר הנאה האָבן... די קליינע איז שיין ווי אַ מלאך...

בערנאַרד האָט זיך תאווהדיק צעשמייכלט. די אויגעלעך פונם אָפגעלעבטן בעל־תאווהניק האָבן אויפגעלויכטן...

דפוס „אור" בע"מ פאַרלאַג „תקוה"

# סאבינע



ראָמאַן
פֿון אַ קראַנקן־שוועסטער

נומער 18

— לוסי! — האָט ער זיך געווענדעט צו דער געמיינער קאָקעטקע — האָסט אַלץ צוגעגרייט, אַז איך זאָל זי האָבן היינטיקע נאַכט?

די אויסגעשמינקעוועטע, אַלטע קאָקאָטע מיט די גרינע אויגן האָט דערויף געענטפערט מיט אַ געמיין שמייכלע:

— אַוודאי... דעם ריגעל פון איר צימער האָב איך קאַליע געמאַכט... די דינערשאַפט וועט שלאָפן אין צווייטן עק פּאַלאַץ... אַ חוץ דעם, האָב איך אַלע אָנגעזאָגט, אַז דאָס נייע מיידל האָט אַ טבע צו קריגן נערוון־אָנפאַלן... זי וואַרפט זיך דאַן און שרייט... טאָמער וועלן זיי הערן שרייען, קאָנען זיי ווייטער רויק שלאָפן...

בערנאַרד האָט געקוואַלן פון לוסיס גוטן איינפאַל. דער מאַג־נאַטישער אויסוווּרף האָט איר דערפאַר באַלוינט מיט צוויי הונדערט זלאָטעס און האָט איר אויך אַ קוש געטון...

אין אָוונט האָט סאַבינע געגעסן קאָלאַציע צוזאַמען מיט בערנאַרדן און לוסין.

בערנאַרד האָט דוקא געוואָלט איינרעדן סאַבינען, אַז זי זאָל טרינקען אַ גלעזל שאַמפּאַניער.

סאַבינע האָט אָבער געדענקט, וואָס עס איז מיט איר געשען נעכטן און זי האָט פאַר קיין פאַל נישט געוואָלט טרינקען.

זי וואָלט גערן באַלד אַריינגעאַנגען אין איר צימער. זי האָט עס אָבער נישט געקאָנט טאָן אויס העפלעכקייט.

מאַדמואַזעל לוסי האָט זיך באַלד אַוועקגעזעצט ביים פּאַרטע־פּיאַן און גענומען שפּילן און זינגען.

סאַבינען האָט נישט געפּאַסט נישט אויסצוהערן לוסין שפּילן און זינגען ביזן סוף.

סאַבינע האָט קיינמאָל נישט געלערנט קיין מוזיק. זי האָט אָבער געפילט, וואָס עס הייסט גוט און וואָס שלעכט געשפּילט.

לוסיס שפּילן האָט אויף איר קיין שום איינדרוק נישט געמאַכט.

די פאַרעלטערטע קאָקעטקע האָט תמיד ליב געהאַט פאַר אַלעמאָל צו פליושן און רימען זיך, אַז זי האָט אַמאָל געהאַט גרויס דערפאָלג אַלס זינגערין אין דער אָפּערע.

דאָס זענען אָבער געווען פּוסטע באַרימערייען.

דער אמת איז געווען, אַז אין דער יוגנט איז זי געווען אַ שאַנסאָנעטקע אין אַ דריט־ראַנגיקן קאַבאַרעט.

דאָרט פלעגט זי זינגען אויסגעלאַסענע, פּיקאַנטע קופּלעטלעך.
ביז עלף ביינאַכט איז די דאַזיקע אָפּגעבליאַקעוועטע שאַנסאָ־נעטקע אָפּגעזעסן ביים פּאַרטעפּיאַן, זי האָט געזונגען אָפּערעטע־קופּלעטן און גאַסן־לידער.
בערנאַרד, וועלכער האָט אין זיך אַריינגעגאָסן איין גלעזל שאַמפּאַניער נאָכן צווייטן, האָט איר הויך געפּאַטשט בראַוואָ.
סאַבינע איז געזעסן ווי אויף שפּילקעס.
ענדלעך האָט מאַדמואַזעל לוסי פאַרענדיקט איר „קאָנצערט" און סאַבינע האָט געקאָנט אַוועק אין איר צימער.
געפינענדיק זיך אַליין אין איר איינזאַם צימער, האָט זי אַ שווערן זיפץ געטאָן.
זי האָט זיך געפילט שלעכט אינעם דאָזיקן פּאַלאַץ. זי האָט געבענקט נאָך דער פּראָסטער, אָבער ערלעכער חברה צירק־אַק־טיאָרן, וועלכע זי האָט פאַר דער צייט פון איר פאַרברענגען מיט זיי, ליב געקראָגן.
„צי וועט זי נאָך דאָ לאַנג זיין אינעם דאָזיקן פרעמדן פּאַלאַץ?"
זי האָט זיך נישט געקאָנט געבן קיין קלאָרן ענטפער אויף דער דאָזיקער פראַגע.
אַ שווער געפיל האָט זי געדריקט.
עפּעס אַ מאָדנע פאַרגעפיל האָט זי אָפּגעשטויסן פון דעם דאָ־זיקן מאַגנאַט מיט זיין שוועסטער.
אָבער באַלד האָט זי אָנגעהויבן בייז ווערן אויף זיך אַליין:
— צי איז דאָס נישט העכסט אומדאַנקבאַר, — האָט זי זיך אַליין פאַרגעוואָרפן, — צו טראַכטן שלעכטס וועגן מענטשן, וועלכע טוען גוטס? ווען נישט די מאַדמואַזעל לוסי וואָלט זי דאָך היינט געמוזט נעכטיקן אויף די גאַס!
פאַרטיפט אין אירע געדאַנקען, האָט סאַבינע זיך אָנגעהויבן אויסצוטאָן.
אָבער איידער זי האָט אויסגעטאָן דאָס קלייד, איז זי צוגעגאַנגען צו דער טיר, כדי זי צו פאַרריגלען.
זי האָט אָבער געזען, אַז דער ריגל איז אָפּגעבראָכן.
סאַבינע האָט זיך געפילט נישט היימלעך, ווייל זי איז געוווינט געווען צו שלאָפן אין אַ פאַרמאַכטער שטוב.
עס איז אָבער קיין עצה נישט געווען.

סאַבינע האָט זיך דעריבער נישט אין גאַנצן אויסגעטאָן.

באַלד האָט זי נישט געקאָנט איינשלאָפֿן. זי איז געלעגן און זיך איינגעלערט אין דער נאַכט־שטילקייט.

אָבער אַ חוץ דעם רוישן פון ווינט האָט זי גאָרנישט געהערט.

ענדלעך האָט די מידקייט באַזיגט איר שרעק און זי איז איינגעשלאָפֿן מיט אַ טיפן שלאָף.

נאָר אָט האָט זיך דערהערט אַ גערויש ביי דער טיר פון סאַבינעס צימער...

עמיצער האָט שטיל און פאָרזיכטיק אָנגענומען די קליאַמקע. אין אַ ווײַלע אַרום האָט עמיץ זיך אַרײַנגעגליטשט אין צימער אַרײַן...

דאָס איז געווען בערנאַרד קרויזער...

ער איז געווען אָנגעטאָן אין אַ פּיזשעמע און מער גאָרנישט.

זײַנע ווייכע פילץ־פּאַנטאָפל האָבן געמאַכט שטיל זײַנע טריט.

ער איז נישט געגאַנגען, נאָר געשלייכט זיך, ווי אַ קאַץ, ווען זי גרייט זיך אַ שפּרונג טאָן צו דערהרגענען אַ פייגעלע.

ער האָט זיך פּאַמעלעך אונטערגעגנבעט, ביז ער איז צוגעקומען צו סאַבינעס בעט.

איי ניקע מינוטן איז בערנאַרד געשטאַנען אומבאַוועגלעך, אין זײַנע אויגן האָבן אויפגעבליצט פייערלעך. ער איז געשטאַנען און באַוואונדערט די שיינקייט פונעם דאַזיקן זיסן און האַרציקן מיידל, איר בלאַס פּנימל, אירע פּרעכטיקע האָר.

דערנאָך — האָט ער לייכט אָפּגעדעקט די קאָלדרע, מיט וועלכער סאַבינע איז געווען צוגעדעקט ביז איבערן האַלדז.

אַ מינע פון אומצופרידנקייט האָט זיך באַוויזן אויפן פּנים פון דעם אויסגעלאַסענעם מאַגנאַט. סאַבינע איז געווען כמעט אין גאַנצן אָנגעטאָן...

בלויז סאַבינעס קיילעכדיקע אַקסלען און די קליינע מיידלשע ברוסטן האָבן אַרויסגעקוקט פון דער ווייסקייט פון די וועש...

דער אויסגעלאַסענער מאַגנאַט האָט מיט זײַנע תאווהדיקע אויגן געשלונגען די שיינקייט פונעם אומשולדיקן מיידל.

ער האָט זיך קוים איינגעהאַלטן נישט צו וואַרפן זיך אויף איר.

נאָך אַ ווײַלע — און דער צעהיצטער לעב־יונג וואָלט זיך געוואָרפן אויפן הילפלאָזן מיידל, ווי אַ חיה אויף איר קרבן.

אָבער סאַבינע האָט, זעט אויס, אין שלאָף דערפילט בערנאַרדס תאווהדיקע בליקן.

סאַבינעס פּנים האָט אָנגעהויבן צו צוקן, ווי עס וואָלט דערפילט די באַרירונג פון אַ האַנט.

באַלד האָט סאַבינע ברייט צעעפנט אירע אויגן...

אין דער ערשטער מינוט איז איר דאָס לשון ווי אָפּגענומען געוואָרן פון שרעק. זי האָט אינסטינקטיוו אַ ציִ אַרויף געגעבן די קאָלדרע ביז איבער דער גאָמבע.

אָבער באַלד איז זי אַביסל געקומען צו זיך. זי האָט קוים אַרויסגעשטאַמלט:

— איר... דאָ? וואָס... ווילט איר?

— דו ווייסט נישט? נאַרעלע!... — האָט דער אויסגעלאַסענער מאַגנאַט זיך צעשמייכלט — דו ווייסט נישט, אַז... איך ליב דיך?...

סאַבינע האָט איצט פאַרשטאַנען די לאַגע, אין וועלכער זי געפינט זיך, איר שרעק איז געוואַקסן פון רגע צו רגע.

— הער קרויזער! — האָט זי געזאָגט מיט אַ ציטערנדיקער שטים — איך בין דאָך אונטער אייער שוץ... ציִ האָלט איר מיך פאַר עפּעס אַן אויסגעלאַסענער? איר זענט דאָך אַן ערן־מאַן!

— פאַרוואָס באַליידיקט איר מיך אין אייער הויז? — האָט זי ווייטער געזאָגט.

די דאָזיקע רייד האָבן אָבער נישט געמאַכט קיין שום איינדרוק אויפן אויסגעלאַסענעם מאַגנאַט.

— צו וואָס אַזוי פיל שיינע רייד, מיין קינד? — האָט בערנאַרד ציניש געשמייכלט — דו רעדסט ווי אַן אמתע גרעפין, מיט דיין האַלאַטע האָסטו אויך גערעדט וועגן איידלקייט און ערע?... האַ?

— אַז דו וועסט נאַר נישט זיין קיין נאַר, — האָט בערנאַרד צוגעגעבן — און וועסט מיך פאָלגן... וועסטו דאָס נישט באַדויערן, עס וועלן דיר נישט פעלן קיין קליידער און נישט קיין צירונג...

זעענדיק, אַז סאַבינע ווערט גאַרנישט אַנטציקט פון די אַלע גליקן און זי הערט נישט אויף צו קוקן אויף אים מיט שרעק — האָט ער ווייטער אויף איר געפּרוווט ווירקן מיט נייע צוזאָגן:

— וועסט מיט מיר מיטפאָרן אויף מיינע רייזעס איבער ווייטע

לענדער און ימים... איך וועל דיר קויפן אַן אייגענעם אויטאָ... און אויב דו וועסט וועלן... וועסטו שפּעטער ווערן מיין געזעצלעך ווייב...

סאַבינע איז געלעגן ווי אַ פאַרשטיינערטע און זיך איינגעהערט אין די זיסע ריידעלעך פונעם רייכן שאַרלאַטאַן. אויף איר פּנים איז געווען צו זען אַן אויסדרוק פון עקל און באַליידיקונג.

— לאָזט אָפּ דערמיט, הער קרויזער? — האָט סאַבינע זיך אָנגערופן — איך בעט אייך צו פאַרלאָזן מיין צימער, ווייל אַז נישט וועל איך מאַכן אַ געוואַלד!

בערנאַרד האָט שפּאָטיש געשמייכלט.

— שריי, שריי, מיין ליב קינד! — האָט ער געזאָגט — אויב דאָס פאַרשאַפט דיר פאַרגעניגן... קיינער וועט דיר סיי ווי נישט הערן, ווייל די דינערשאַפט איז אין צווייטן עק פּאַלאַץ...

— וועט זיך פאַר מיר אָננעמען אייער שוועסטער.. זאָל זי וויסן, ווי פּיין איר ברודער פאַרהאַלט זיך קעגן אַ הילפסלאָז מיידל.

— מיין שוועסטער? כאַ־כאַ־כאַ־כאַ!?... — האָט בערנאַרד זיך הויך צעלאַכט — מיינסט טאַקע, אַז לוסי איז מיין שוועסטער?...

— איז לוסי נישט אייער שוועסטער?!... — האָט סאַבינע געפרעגט מיט אַן אַלץ וואַקסנדיקער שרעק.

— זי איז מיין געוועזענע געליבטע, — האָט בערנאַרד גע-ענטפערט, — און איך וויל, אַז דו זאָלסט זיין איר פאַרטרעטערין...

— לוסי וועט דיר דעריבער נישט העלפן, — האָט בערנאַרד צוגעגעבן מיט אַ גזלנישער קאַלטקייט, — ווייל זי אַליין האָט מיר געהאָלפן דיך פאַנגען, שיין פייגעלע...

סאַבינע איז טויט בלאַס געוואָרן.

„נישט אומזיסט, הייסט עס, האָב איך זיך אַזוי געשראָקן פאַר די דאַזיקע מענטשן!" — האָט זי געטראַכט.

סאַבינע האָט מיט די לעצטע כוחות זיך אויפגעריסן פון איר געלעגער און איז ארויסגעשפּרונגען פון בעט.

זי האָט געוואָלט אַנטלויפן פון דעם אָנפאַלער און אַרויסלויפן דורך דער טיר. אָבער בערנאַרד האָט איר פאַרשטעלט דעם וועג.

סאַבינע האָט זיך יעמערלעך צעוויינט. זי האָט געפּרוווט נאָך אַמאָל זיך אָפּבעטן ביים אויסגעלאַסענעם לעב־יונג:

— לאָזט מיך אָפּ! וואָס ווילט איר פון מיר?

אָבער זיין האַרץ איז געבליבן האַרט, ווי אַ שטיין.

נישט קוקנדיק אויף אירע טרערן און געבעטן, האָט ער זי אַרומגענומען און געוואָלט אַ קוש טאָן אויף אירע בלאַס געוואָרענע ליפּן;

סאַבינע האָט זיך אָבער אַרויסגעריסן פון זיינע אָרעמס.

דעמאָלט האָט דער רייכער אויסוואורף זיך געוואָרפן אויף איר ווי אַ צערייצטע חיה און גענומען רייסן פון איר די קליידער...

אָבער פּלוצלונג איז געשען אַזעלכעס, אַז בערנאַרד איז ווי פאַרשטיינערט געוואָרן פון שרעק...

## קאפיטל דרייסיק

### דאָס אומגעריכטע באַגעגעניש

די פרוי גליקסאָן, וועלכע איז נאָר וואָס געווען אַזוי פריילעך און גליקלעך, איז טויט־בלאַס געוואָרן, ווען זי האָט דערזען איר פאַרשוווּנדענעם מאַן.

עס האָט זיך איר אויסגעוויזן, אַז דער בייזער שיקזאַל מאַכט פון איר חוזק.

ווי גרויזאַם דאָס מזל איז! — האָט זי געטראַכט — פּונקט אין דער מינוט, ווען אין איר וויסט און פאַרפינצטערט לעבן האָט זיך באַוויזן אַ קליינע ליכט־שטראַל — איז קאַפּויער געקומען איר פאַרברעכערישער מאַן, וואָס האָט איר פאַר איר ליבע באַצאָלט מיטליידן און בושה...

— דו... דאָ?... האָט פרוי גליקסאָן קוים אַרויסגעשטאַמלט. דאָס האַרץ איז אין איר אָפּגעשטאָרבן.

דער לומפּישער מאַן האָט אַביסל שעמעוודיק געשמייכלט.

— יאָ... איך, ליזע! — איך וואַרט שוין דאָ אויף דיר אַ שעה צייט... אָבער אין וואַרשע בין איך שוין אַ וואָך צייט. איך האָב נישט געקאָנט געפינען דיין אַדרעס...

— איך מוז דיר זאָגן, מיין ווייב, — האָט דער לומפּ ווייטער געזאָגט, — אַז איך האָב זיך גערעכט אויף אַ בעסערער אויפנאַמע... עס דאַכט זיך מיר, אַז דו פרייסט זיך גאָרנישט, וואָס איך בין געקומען...

— וואָלסט מיך כאָטש אַרומגענומען אַ קוש געטאָן... — האָט

דער לומפּ ציניש פאַרענדיקט.

די יונגע, אָפּגענאַרטע פרוי האָט באַשלאָסן מיט איִם צו רעדן קלאָרע, אָפענע דיבורים.

— איך גלויב נישט, אַז דו בענקסט אַזוי שטאַרק נאָך מיין קוש... — האָט זי' געזאָגט — ווען דו וואָלסט מיך ליב געהאַט, וואָלסטו דאָך מיך נישט פאַרלאָזט אויף אַזוי פיל יאָרן!

דער אויסגעוואָרף איגנאַץ גליקסאָן איז זיך געזעסן רואיק און אויסגעהערט, וואָס זיין פרוי רעדט. אויף זיין פּנים איז נישט געווען צו דערקענען דעם מינדעסטן סימן פון חרטה אויף זיינע געמיינע האַנדלונגען.

—איך וועל דיר נישט פאַרלייקענען, אַז איך האָב אַ סך טרערן פאַרגאָסן צוליב דיר!—האָט פרוי גליקסאָן ווייטער גערעדט ווייל איך האָב דיך אויפריכטיק ליב געהאַט...

—און היינט?—האָט דער לומפּ ציניש געפרעגט.

—די ליבעס־געפילן זענען שוין אָבער ביי מיר לאַנג אָפּגע־שטאָרבן. היינט ביסטו פאַר מיר אַ פרעמדער... איך פריי זיך נישט מיט דיין צוריקקומען... איך גלויב נישט, אַז עס זאָל מיר אויסגיין צום גוטן.

— נו, נו, — האָט דער לומפּ שפּאָטיש געשמייכלט, — וועגן דעם וועלן מיר רעדן אַ ביסל שפּעטער... די ווייסט, ליזע ? דיין צימערל געפעלט מיר... אַ ווויל צימערל...

— ס'איז מיר ביז איצט אין דער פרעמד נישט איבעריק גוט געגאַנגען, — האָט איגנאַץ ווייטער גערעדט, — איז אפשר דערפאַר זעט ביי מיר דיין צימערל אויס אַזוי פּרעכטיק... איך גלויב, אַז דאָ וועל איך זיך קאָנען אַ ביסל אָפּרוען...

— וואָרום צו וואָס דען האָט מען אַ ווייב — איז איגנאַץ איבערגעגאַנגען צו אַ כלומרשט ערנסטן טאָן — אויב נישט צו טיילן זיך מיט איר מיט די ליידן און פריידן ?... צוזאַמען וועט אונדז ביידע דאָס לעבן זיין לייכטער...

— איך וועל דיר געבן העלפן מיט וואָס נאָר איך וועל קאָנען, — האָט פרוי גליקסאָן געענטפערט — אָבער צוזאַמען לעבן מיט דיר קאָן איך נישט מער. איך וויל נישט נאָכאַמאָל צוברעכן מיין לעבן!

דער לומפּישער מאַן האָט געהויבן מיט די אַקסלען.

דערווייל האָט ער געזאָגט — ביסטו נאָך מיין ווייב און איך האָב אויף דיר אַלע רעכט... דערלאַנג מיר קודם עפּעס צום עסן, מיין ווייב, ווייל צוויי טעג האָב איך שוין קיין ביסן נישט געהאַט אין מיין מויל. —

פרוי גליקסאָן האָט שטיל געגרייט צום טיש און אויפגעגעבן די באַשיידענע קאָלאַציע. זי איז אָבער געווען אַנטשלאָסן נישט צו לאָזן זיך טעראָריזירן פונעם דאָזיקן לומפּ און מאַכן מיט אים אַ סוף.

זי איז צוגעגאַנגען צום בעטל פון איר קינד.

דער קליינטשינקער איז רואיק געשלאָפן און ער האָט גאָרנישט באַרגעפילט, אַז אויך זיין זיקזאַל ליגט איצט אויף דער וואָגשאָל...

דערווייל האָט איגנאַץ פאַרענדיקט דאָס עסן און ער איז אויך צוגעגאַנגען צום קינדס בעטל.

האַ־האָ! דער קליינער איז פאַר דער צייט היבש אויסגעוואַקסן האָט דער לומפּ געקוואָלן — אַ גאַנצער חתן־בחור...

— רעד שטילער, איגנאַץ! — האָט ליזע געבעטן — דאָס קינד איז איצט נאָך אַ שווערער קראַנקהייט. ערשט היינט איז אים בעסער געוואָרן וועק אים נישט איבער!

— איך מיין, — האָט דער לומפּ זיך געחכמעט — אַז ווען דער קליינער וועט דערזען דעם טאַטן, וועט ער מיטאַמאָל געזונט ווערן! האָב נישט קיין מורא, ליזע, ביי מיר וועט ער אויסוואַקסן אַ לייט!... איך וועל זיך נעמען צו דערציען אים...

פרוי גליקסאָן האָט אויפגעציטערט פון שרעק.

— ביסט דאָך נישט קיין נאַר, איגנאַץ, — האָט זי דערקלערט — כ׳האָב דיר געזאָגט, אַז איך וועל מער מיט דיר נישט לעבן און מאַך זיך בעסער נישט נאַריש!

— נו! דאָס ווילן מיר נאָך זען! — האָט דער לומפּ געענטפערט — איך זע, אַז דו קענסט מיר נאָך נישט... מיינסט, אַז דו וועסט מיך אָפּפטר׳ן מיט אַ קאָלאַציע און וועסט שוין מיינע פּטור ווערן?...

כאַ־כאַ־כאַ! — האָט זיך דער אויסוואורף צולאַכט — ניין, טייערע ליזעטשקע! אַזוי לייכט וועט עס דיר נישט אָנקומען!... איך זע, אַז מיין פאַרלאָזן דיך האָט דיר גאָרנישט פאַרשאַדט... זעסט שיין אויס, אַז ס׳איז אַ נחת אַ קוק צוטאָן אויף דיר...

— אמת, ליזעטשקע? — האָט דער לומפּ ווילעריש צוגעוונקען

מיט איין אייגל — אמת, אַז דו ביסט שענער געוואָרן   ס'איז אַ פאַרגעניגן אַ קוק צו טאָן אויף דיין פּנימ'ל, אויף דיר אינגאַנצן... אַ מחיה'דיק ווייבעלע!

אין זיינע אויגן האָט אויפגעלויכטן אַ מיאוס, תאוהדיק פייערל.

— איך בעט דיך, איגנאַץ! רעד נישט צו מיר אַזוי! — האָט פרוי גליקסאָן געזאָגט מיט כעס — צו שפּעט ביסטו געוואָרן אַ מבין אויף מיין שיינקייט...

אָבער איגנאַץ האָט זיך צו איר צוגערוקט.

— ניין, גאָרנישט צו שפּעט ליזעטשקע! — האָט דער לומפּ געזאָגט מיט חוזק — דערווייל ביסטו נאָך מיין ווייב און איך מעג נאָך פון דיר הנאה האָבן...

ער האָט נישט געקוקט אויף דעם, וואָס ליזע האָט זיך קעגנגעשטעלט. ער האָט זי אַרומגענומען און געוואָלט איר אַ קוש טאָן.

אין דעם מאָמענט האָט זיך פּלוצלונג געעפנט די טיר און ס'האָט זיך באַוויזן אַדאָלף מאָרגענטאַל...

פרוי גליקסאָן האָט זיך אַרויסגעריסן פון איר מאַנ'ס אָרעם.

— ביטע, קומט אַריין, הער מאָרגענטאַל! — האָט זי זיך געווענדעט צו אַדאָלפן, וועלכער איז געבליבן שטיין אַ צעטומלטער — אָט האָט זיך דער מענטש צו מיר צוגעטשעפּעט! — האָט זי אָנגעוויזן אויף איר מאַן — איך האָב אָבער מיט אים קיין שום געשעפטן נישט און כ'וויל אים נישט קענען!

מאָרגענטאַל איז רויט געוואָרן פון צאָרן.

— ווער זענט איר פאַר איינער? מיט וואָס פאַר אַ רעכט פאַלט איר אָן אויף אַ שוצלאָזער פרוי? — האָט ער געפרעגט איגנאַצן.

איגנאַץ האָט זיך הויך צולאַכט.

— כאַ־כאַ־כאַ! אייגנטלעך דאַרף איך אייך פרעגן, וואָס איר טוט דאָ ביי מיין ווייב אין צימער?

אַדאָלף מאָרגענטאַל איז טויט־בלאַס געוואָרן.

האָט דער בייזער שיקזאַל נאָך אַלץ נישט אויפגעהערט צו פאַרפאָלגן די ליבע פרוי גליקסאָן? — האָט אַדאָלף געטראַכט. „וועט דאָס אַזוי לאַנג אויסגעביינקטע גליק צושטערט ווערן גראָד אין דעם מאָמענט, ווען ס'האָט שוין געזאָלט קומען?...

איגנאַץ האָט דערווייל באַטראַכט אַדאָלפן פון קאָפּ ביז די פיס.

— נו, נו, — האָט דער לומפּ געחוזקט — איך זע, אַז מיין ווייבעלע האָט זיך דאָ נישט געלאַגווייליקט אָן מיר... און איר פּראָ־שען פאַנאַ, זענט, זע איך, נישט איבעריק צופרידן, וואָס איר האָט מיך דאָ געטראָפן... נישט אמת ?... ער האָט זיך דערנענטערט צו אַדאָלפן און אים אויסגעשטרעקט די האַנט.

— איך האָב די ערע זיך פאָרצושטעלן . איך בין איגנאַץ דער מאַן פון ליזע גליקסאָן. און איר ווער זענט ?

מאָרגענטאַל האָט אים אָפגעמאָסטן מיט אַ גרינגשעצנדיקן בליק.

— איר — האָט דער לומפּ ווייטער גערעדט, — זענט. ווי איך זע, מיין ווייבס קאָכאַנעק ?...

— איך בעט אייך אַביסל אָנשטענדיקער זיך אויסצודריקן — האָט אַדאָלף בייז געזאָגט — איך בין אַדאָלף מאָרגענטאַל, דער שעף פון דער פירמע „מאָרגענטאַל עט קאָמפּ.”

און אַדאָלף האָט באַלד צוגעגעבן :

— ווי נאָר אייער פרוי וועט פון אייך נעמען גט, וועט זי ווערן מיין פרוי... ·

— כאַ־כאַ־כאַ־כאַ ! — האָט דער לומפּ זיך צולאַכט — איר זענט שוין, זע איך, פיקס און פאַרטיק. אָבער עס וועט אייך נישט אַזוי גרינג אָנקומען ! דערווייל איז זי נאָך מיין פרוי...

ער האָט אַ ווייל געשוויגן, קוקנדיק שאַרף אַדאַלפן אין די אויגן אַריין, דערנאָך האָט ער צוגעגעבן :

— און אויב איר קענט גוט מיין פרוי, פאַרשטייט איר אַליין, אַז איך וועל נישט אַזוי שנעל איינגיין צו פאַרלירן אַזאַ אוצר...

ער האָט אַרויסגענומען אַ פּאַפּיראָס און פאַררויכערט.

פרוי גליקסאָן האָט אים נישט געלאָזט פאַררויכערן און אים אָנגעוויזן אויפן שלאָפנדיקן קינד.

איגנאַץ האָט דעם פּאַפּיראָס צוריק אַוועקגעלייגט.

— אַך, אין' האָב פאַרגעסן ! — האָט ער געזאָגט.

— איר קענט זיך גאָרנישט פאָרשטעלן, — האָט זיך איגנאַץ געווענדעט צו אַדאָלפן — ווי איך פריי זיך, וואָס איך וועל זיך שוין ווידער קאָנען פאַרנעמען מיט ערציען מיין קינד !...

דער אויסוואורף האָט עס געזאָגט מיט זיכערקייט אין זיך, ווי איינער זאָגט: די דעה האָב איך !...

געוווסט. ער האָט זיך אָבער ניט פאַרגעשטעלט, אַז ער וויל טאַקע חתונה האָבן מיט ליזען.

ער האָט דעריבער באַשלאָסן קודם־כל צו מאַכן דערביי אַ גוט געשעפט.

אַדאָלף האָט פריער אָנגעהויבן צו רעדן צו איגנאַצ׳ס געוויסן.

אַ גאַנצע ריי יאָרן האָט דאָס קינד אייך אינגאַנצן נישט אינ-טערעסירט. איצט, אַז ליזע און איר קינד האָבן אויסזיכטן גליקלעך זיך איינצואָרדענען, ווילט איר אויף אַ גרויזאַמען אופן צעשטערן זייער גליק?

פאַרקערט, פראַשען באַנאַ, פאַרקערט! — האָט דער לומפּ געזאָגט — איך וויל טאַקע אָנהויבן צו זאָרגן פאַר זיי, אַזוי ווי עס פּאַסט פאַר אַ מאַן און פאַר אַ פאָטער...

— איך בין טאַקע נישט אַזוי רייך ווי איר, — האָט ער צוגע־געבן, — איך רעכן אָבער, אַז איך וועל נאָך קאָנען אויפריכטן מיין פרוי און קינד.

אַדאָלף האָט אַרויסגעפילט דעם שפּאָט. וואָס איז געלעגן אין דעם לומפּס פיינע ווערטער.

— אַ שאָד, — האָט אים אַדאָלף געענטפערט, — וואָס איך ווייס, ווי פיין איר האָט זיך אויפגעפירט... איך קען אייערע ווער־טער נישט גלויבן... באַזונדערס, ווי אַזוי וועט איר קאָנען אויסהאַלטן אַ פאַמיליע, ווען איר קאָנט זיך אַליין נישט אויסהאַלטן?!

— איך בין אָבער גרייט אייך צו העלפן, — האָט אַדאָלף צוגע־געבן — אויב איר וועט אייער פרוי געבן אַ גט און אַוועקפאָרן צוריק, פון וואַנעט איר זענט געקומען.

איגנאַץ האָט אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ. ער האָט נישט געוואָלט מען זאָל פון זיין פּנים אַראָפּלייענען די צופרידנהייט.

ער האָט זיך שוין געפרוווט אויסמאָלן, וואָס פאַר אַ גרויסע סומע ער וועט קריגן פאַר אָפּגטן ליזען

ער האָט אָבער געוואָלט אַרויפשרויפן דעם פּרייז און ער האָט דעריבער געלאָסן געפרעגט:

— און וואָס וועט זיין, אַז איך וועל נישט וועלן זי גטן?

— סוועט דעמאָלט זיין אַ גרויס רחמנות אויף אייך! — האָט

ווער אַדאָלף מאָרגענטאַל איז, האָט איגנאַץ שוין פון פריער אַדאָלף געענטפערט — פרוי גליקסאָן וועט אַזוי אויך זיך אַן עצה געבן! קיין אַקטן האָט איר נישט...

— און אויב איר וועט פרובן אָנהויבן צו פראָצעסירן זיך, — האָט אַדאָלף צוגעגעבן — וועט מען זיך נאָך דערמאָנען אייערע אַלטע זינד, צוליב וועלכע איר זענט אַנטלאָפן, דעמאָלט וועט איר זיך אַליין אַריינפּאַקן אין תפיסה אַריין...

איגנאַץ האָט אויפגעציטערט.

„דער דאַזיקער מענטש איז גערעכט!" — האָט ער אַ טראַכט געטון — „מ'קאָן זיך דערמאָנען אין מיין „שטיקל אַרבייט" און — איך וועל נאָך גיין אין דער טשופּע אַריין!"...

— און מיין ווייב, מיין אייגן ווייב וואָלט געקאָנט ביי זיך פועלן, מיך איבערצוגעבן אין פּאָליציייאישע הענט? — האָט דער לומפּ געפּרובט רעדן ליזען צום האַרץ...

— זי דאַרף אייך גאָרנישט איבערגעבן צו דער פּאָליציי, — האָט אַדאָלף געענטפערט — אַז איר וועט קומען פאַרן געריכט וועט מען אייך שוין אַליין אויפמישן אייער קאָנטאָ...

— אויב אָבער איר וועט אייער פרוי געבן גט — האָט אַדאָלף ווייטער געזאָגט — פאַרזיכער איך אייך, אַז איר וועט אייער פרייהייט נישט פאַרלירן און איך וועל אייך נאָך באַלוינען מיט אַ סומע, אַז איך וועט זיך קאָנען אַוועקפאָרן אין אַ ווייט לאַנד און דאָרט זיך אָנהויבן בויען אַ נייע עקזיסטענץ.

— איך וועל אייך געבן צען טויזנט זלאָטעס! — האָט אַדאָלף פאַרענדיקט.

— כאַ־כאַ... — האָט דער אויסוואורף זיך צולאַכט — איר שאַצט, פראַשען פּאַנאַ, צו ווייניק אָפּ דאָס גליק, וואָס מיין ווייב קאָן געבן. איר ווייסט דען, וואָס פאַר אַן־אוצר זי איז?...

פרוי גליקסאָן איז אויפגעשפרונגען פון אָרט, אַזוי האָבן זי אַ ברי געטון די דאַזיקע ציינישע רייד.

„מנוול" — האָט זי געוואָלט אויסשרייען און אים אַ שפּיי טון אין געמיינעם פּנים אַריין.

אָבער אַדאָלף האָט צו איר אַ ווינק געטון, זי זאָל זיין רוהיק.

רעד! רעד! — האָט אַדאָלף געזאָגט צו איגנאַצ'ן מיט אַ טאָן פון טיפן רחמנות און פעראַכטונג צוגלייך.

די געפאַלנקייט פונ'ם דאַזיקן לומפּ האָט באמת געקאָנט

אַרויסרופן רחמנות צוזאַמען מיט אַ טיפן עקל...

— איך וועל מסכים זיין, — האָט דער לומפּ געזאָגט — אויף אייער פאַרשלאַג, אויב איר וועט מיר געבן צוואַנציק טויזנט זלאָטעס.

— איך האָב נישט קיין חשק זיך צו דינגען מיט אייך! — האָט אַדאָלף געזאָגט — איך בין נישט געוווינט צו אַזעלכע מינים האַנדל. הערט אויס מיט קאָפּ: די סומע, וואָס איך האָב אייך פאָרגע־לייגט, איז אַ גענוגנדיקע! נעמט דאָס געלט און פאַרט געזונ־טערהייט!

— און אַז נישט! — האָט דער לומפּ געפרעגט.

— וועט איר גאָרנישט קריגן און איר וועט גיין אין תפיסה אַריין! פאַרשטאַנען ?...

דער אויסוווּרף האָט באַלד פאַרלוירן דעם קוראַזש, ווי נאָר ער האָט דערהערט די ווערטער.

— נו גוט! — האָט ער געזאָגט — איך באַשטיי. אָבער גיט מיר שוין אַ קאַנטע, איך זאָל זיך קאָנען צוגרייטן צו דער רייזע.

אַדאָלף האָט אַרויסגענומען אַ טשעק אויף טויזנט זלאָטעס און אים דערלאַנגט.

— אַ דאַנק!

איגנאַץ האָט זיך טיף פאַרנויגט פאַר אַדאָלפן.

— אויב איר וועט זיך צואיילן, — האָט אַדאָלף געזאָגט צו איגנאַצן — קאָן מען נאָך היינט דורכפירן דעם גט און איר וועט באַלד קריגן אויסגעצאָלט די גאַנצע סומע.

— איך גלויב, — האָט אַדאָלף צוגעגעבן, — אַז די טויזנט זלאָטעס וועט איר טאַקע אויסנוצן אויף צוצוגרייטן זיך צו דער רייזע אַזוי ווי איר האָט געזאָגט, און באַלד נאָכן גט פאָרט איר אָפּ פון פּוילן.

— אוודאי, אוודאי, פּראָשען פּאַנאָ! — האָט דער לומפּ גע־רעדט מיט חניפה — איך וויל דאָך אַליין נישט בלייבן דאָ! צו מיינט איר, אַז איך האָב זיך פאַרבענקט צו זען זיך מיט דער פּאָליציי ?...

און איך ווינטש אייך ביידע אַ האַרציקן מזל־טוב! — האָט דער לומפּ צוגעגעבן.

ער האָט געוואָרפן אַ שפּאָטישן בליק צו ליזען און איז אַרויס.

פרוי גליקסאָן האָט אַ שווייגענדיקע זיך צוגעהערט צו דעם שמועס פון די ביידע מענער און איר פּנים האָט געפלאַמט פון בושה.

פאַווראָס איז זי פריער אַזוי בלינד געווען און נישט דערקענט, אַז דער דאָזיקער איגנאַץ איז אַזאַ געמיינער אויסוואורף? און דער דאָזיקער פאַרברעכער איז געווען איר מאַן און איז דער פאָטער פון איר קינד...

ביי דעם לעצטן געדאַנק: אַז איגנאַץ איז דער פאָטער פון איר קינד האָט זי אויפגעציטערט...

„ניין! ניין!" — האָט זי צו זיך אַליין געזאָגט אין געדאַנק — ער וועט זיין זון מער נישט זען!"...

עס האָט איר פאַרקלעמט ביים האַרץ און זי האָט זיך צעוויינט, ווי נאָר איגנאַץ איז אַרויס.

— וואָס פאַר אַ בושה! וואָס פאַר אַ בושה!... האָט זי זיך צעהעשעט — דער דאָזיקער אויסוואורף איז געווען מיין מאַן!... ווו האָב איך געהאַט די אויגן? צו וועסטו מיך נאָך איצט קאָנען ליב האָבן אַדאָלף? נאָך דעם, ווי דו האָסט מיך געזען זיך באָדן אין שמוץ?... פילסטו איצט נישט קיין פאַראַכטונג צו מיר?

אַדאָלף האָט איר טרייסטנדיק געגלעט איבער די האָר:

— זיי רואיק, טייערע! נעם דיר נישט צום האַרץ! מיר האָבן אַלע זיך באַנאַרישט, ווען מיר זענען יונג געווען. מיר האָבן נישט פאַרשטאַנען, אַז נישט אַלץ, וואָס גלאַנצט, איז גאָלד...

— און מארילע? — האָט אַדאָלף ווייטער געזאָגט — צי איז זי ווערט געווען מיין ליבע? לאָמירביידע דאַנקען גאָט, וואָס מיר זענען פון זיי פטור געוואָרן!

— וויין נישט! וויין נישט!... האָט אַדאָלף צאַרט געגלעט ליזעס באַקן — וויש אָפּ די טרערן, טייערע!... — איך האָב דיך איצט נאָך ליבער, ווי פריער..

פרוי גליקסאָן האָט געווישט די טרערן, אָבער זיי זענען ווייטער געפלאָסן.

— ערשט איצט פאַרשטיי איך, — האָט אַדאָלף ווייטער גע־רעדט — וויפל דו האָסט זיך אָנגעליטן פון דעם דאָזיקן אויסוואורף איך וועל זיך באַמיען, אַז אין דיין ווייטערדיקן לעבן זאָל זיין אַזוי פיל גליק, אַז עס זאָל דיר אָפּצאָלן אויף פאַר דיינע ליידן...

פרוי גליקסאָן האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ.

אירע אויגן זענען נאָך געווען פול מיט טרערן, אָבער אויף אירע ליפּן האָט שוין אויפגעבליט אַ מילדער שמייכל. זי האָט פאַרוואָרפן

אירע הענט אויף אַדאָלפס האַלז און געשעפּטשעט:

— טייערער! טייערער! וואָס פאַר אַ גוטער און ליבער דו ביסט!.. וואָס פאַר אַ גלקי עס וועט זיין פאַר מיר צו ווערן זיין טרייע, איבערגעגעבענע פרוי!

אַ הייסער קוש האָט באַהעפט זייערע ליפּן.

דערווייל האָט פרוי גליקסאָנס זונעלע זיך איבערגעוועקט פון שלאָף.

זיינע קלוגע אויגן האָבן פריידיק אויפגעלויכטן, ווען ער האָט דערזען, אַז דער גוטער „פעטער" זיצט נעבן דער מאַמען.

מיט זיין קינדערישן אינסטינקט האָט דער קליינטשיקער דער־פילט, אַז צווישן דעם „פעטער" און דער מאַמעשי איז דאָ אַ שטאַרקע נאָענטקייט און עס האָט אים געפרייט, ווען ער האָט זיי ביידע געזען צוזאַמען.

אַדאָלף האָט דעם קליינטשיקן גענומען אויף דער האַנט און אים האַרציק געקושט.

— שעפּסעלע מיינס! — האָט ער געפליסטערט צו אים — האָסט נעבעך קיין טאַטן נישט... איך וועל דעריבער זיין דיין טאַטע... אַ גוטער טאַטע וועל איך דיר זיין!...

לאַנג זענען נאָך די אַזיקע דריי געזעסן צוזאַמען אַרומגע־נומען פון איין וואַרעם, מענטשלעך געפיל...

איגנאַץ איז שנעל געלאָפן אין דער באַנק אַריין מיט דעם טשעק און ער האָט געקראָגן אויסגעצאָלט טויזנט זלאָטעס.

האָבנדיק דעם טויזנטער אין קעשענע, האָט זיך דעם לומפּס פּנים צעשיינט, ווי די זון.

פאַר אַלעם ערשטן איז ער אַריין אין אַ מלבושים־געשעפט אויף עלעקטאָראַלנאַ גאַס און אין עטלעכע מינוט אַרום איז ער אַרויס פון דאָרט אַ נייער מענטש... קיינעם וואָלט נישט איינגעפאַלן, אַז דער דאָזיקער עלעגאַנטער פאַצעט, וואָס גייט איצט אַרויס פון געשעפט איז דער זעלבער אָפּגעריסענער לומפּ, וואָס איז דאָ מיט עטלעכע מינוט צוריק אַריינגעגאַנגען.

---

דפוס „אור" בע"מ, רח' הר־ציון 104 ת"א פאַרלאַג „תקוה"

# סאבינע



ראמאַן
פון אַ קראַנקן־שוועסטער

נומער 19

ווי עס איז נאָר געווען אַ שפּיגל אין אַן אויסלאַגע, האָט איגנאַץ זיך אין אים געשפּיגלט און געקוואָלן פון זיך...

„איך זע איצט אויס אַן אמתער לאָרד!" — האָט ער זיך געטראַכט.

ער האָט צוגערופן אַ פרייען אויטאָ און איז אריין אין אים.

— אויפן פּאַדוואַל! — האָט ער אַ זאָג געטאָן צום שאָפער.

איגנאַץ האָט זיך ברייט אַריינגעזעצט אינעם ווייכן געזעס פונעם אויטאָ.

וואָס האָט אים איצט געפעלט? ער איז געווען רייך. אין דער הויזן־קעשענע האָבן פריילעך געקלונגען זילבערנע מטבעות, אין בוזים־טאַש האָט ער געהאַט אַ פּאָרטפעל פול מיט באַנקנאָטן.

און דאָס איז דאָך ערשט אַ צענט־חלק! ער וועט דאָן האָבן צען מאָל אַזוי פיל!

דער אויטאָ האָט זיך אָפּגעשטעלט פאַר אַן אַלטן, שמוציקן און אָפּגעלאָזענעם הויז.

איגנאַץ האָט באַצאָלט דעם שאָפער אַ פינפער־זלאָטע און אים אַ זאָג געטאָן:

— פאַר און לאָמיר דיך שוין נישט זען!

דער שאָפער האָט זיך פאַרנויגט מיט אַ דאַנק און איז אָפּגעפאָרן מיטן אויטאָ.

איגנאַץ איז צוגעגאַנגען אין איינער פון די קראַמען, איבער וועלכער ס'איז געהאַנגען אַ שילד מיט אַן אויפשריפט „רעסטאַוראַציאַ". ער איז דאָרט אַריינגעגאַנגען.

דאָס איז געווען אַ טונקעלע קנייפּע, וואָס איז תמיד געווען פול מיט פּאַפּיראָסן־רויך און שיכורע געשרייען.

איגנאַץ האָט געוואָרפן אַ בליק אויף די פּנימער פון די זיצנדיקע.

אין איינעם פון די ווינקלען האָט ער דערקענט דאָס פּנים פון דעם, וועלכן ער האָט געזוכט.

ער איז דאָרט צוגעגאַנגען און זיך אַוועקגעזעצט נעבן יענעמס טישל.

דער, וואָס איז דאָרט געזעסן, איז אַזש אויפגעשפּרונגען פון גרויס איבעראַשונג:

— דער טייוול זאָל דיר נעמען! איגנאַץ! דאָס ביסטו? צו ביסטו אַן אַנדערער?...

אויף דעם אָפּגעלעבטן פּנים פון פאַרדעכטיקטן פאַרשוין איז געווען צו דערקענען אַ שטאַרקע פאַרווונדערטקייט...

— ווי האָסטו עפּעס געפּאַקט אַ נייע פעל? — האַ? אַ רוח אין דיין... — האָט דער פאַרשוין זיך גאַרנישט געקאַנט אָפּוווּנדערן...

איגנאַץ האָט געשמייכלט מיט גרויס צופרידנהייט.

— עס געפעלט דיר, האַ? — האָט איגנאַץ געקוואַלן — אָבער ס'איז נישט פון קיין „פאַרדינסטל"...

— פון וואַנען — וועל איך דיר שפּעטער דערציילן! — האָט דער פאַרשוין נישט געוואָלט גלויבן.

— פון וואַנען — וועל אי דיר שפּעטער דערציילן! — האָט איגנאַץ געענטפערט — אָבער, אַז איך זאָג דיר ערלעך פאַרדינט —

— וואָס טרינקסטו דאָ? — האָט איגנאַץ געפרעגט — ביר? פּאַשאַל דערמיט?

ער האָט אָוועקגערוקט דאָס האַלב־אויסגעטרונקענע פלעשל ביר און אַ געשריי געטאָן צום קעלנער:

— שאַמפּאַניער! אָבער נישט דעם, וואָס איר גיט אַלעמאָל, נאָר אמתן! איר הערט! דעם בעסטן!

דער קעלנער האָט אַ קוק געגעבן מיט אומצוטרוי אויף דעם ברייטן גאַסט.

— אַז איר וועט געבן געלט, וועט זיין שאַמפּאַניער! — האָט ער קאַלט געזאָגט — אַ פלעשל קאָסט פופציק זלאָטעס און מען מוז צאָלן פאָרויס!

—איך פרעג אייך עפּעס, וויפל ס'קאָסט? יאַלדישע נשמה! איגנאַץ האָט אַרויסגענומען אַ קנאַקעדיקן הונדערטער.

דער קעלנער האָט שוין מער נישט געמאַכט קיין טענות. ער האָט באַלד אַוועקגעשטעלט אויפן טיש גלעזלעך און עטלעכע פלעשלעך ווייַן. ער האָט זיך פאַרנויגט און געזאָגט מיט אַ חניפה־שמייכעלע:

— פּרוווט נאָר, פאַרזוכט! עס איז אמתער שאַמפּאַניער! פּיר־שאַ־קלאַסאַ! פאַרזוכט נאָר!

איגנאַץ האָט געעפנט אַ פלעשל און אָנגעגאָסן ביידע גלעזלעך.

— נישקשה! — האָט ער געזאָגט, פאַרזוכנדיק — ס'איז גוט צו האָבן די קלינגערס! אַ רוח אין דער וועלט אַריין!... לחיים, „אדוואקאט"!

זיי האָבן אָנגעקלאַפּט זייערע גלעזלעך אויף „לחיים" און אויסגעליידיקט זייערע גלעזלעך.

— און איצטער פאַר מיין ווייב'ס געזונד! — האָט איגנאַץ געזאָגט, אַנגיסנדיק אויפסניי די גלעזלעך.

דער „אדוואקאט" האָט אויסגעליידיקט דאָס גלעזל צום צווייטן מאָל און אַ פרעג געטון:

— וואָס? דיין ווייב האָט זיך אַזוי שטאַרק דערפרייט מיט דיר? און פון וואַנען האָט זי אַזוי פיל געלד דיר צו געבן? זי האָט געוונען אויף דער לאָטעריע?

—דו האָסט איר, מסתמא גוט צוגעלייגט — האָט דער „אדוואקאט" צוגעגעבן — איידער זי האָט דיר אויפגעבונדן דאָס קניפּל...

איגנאַץ האָט זיך צושמייכעלט.

— שטאַרק דערפרייט מיט מיר האָט זי זיך נישט... און קיין געלד האָט זי מיר אויך נישט געגעבן.

— נאַר וואָס דען? — האָט דער „אַדוואָקאַט" געפרעגט. — אַזוי פיל געלד? דערצייל נאַר!

איגנאַץ האָט נאָך אַמאָל אָנגעגאָסן די גלעזלעך און ער האָט דערציילט דעם „אדוואקאט" די גאַנצע געשיכטע וועגן גט מיט אַלע איינצעלהייטן.

ער האָט פאַר'ן „אדוואקאַט" דערציילט דעם גאַנצן אמת, נישט באַהאַלטנדיק פון אים גאָרנישט.

דער „אדוואקאט" איז געווען זיין בעסטער פשיאטשעל. ער האָט זיך מיט אים באַקענט אויף דער שיף.

איגנאַץ און דער „אדוואקאט" האָבן געהאַט זייער אָנ'ענליכן שיקזאַל.

דער „אדוואקאט" איז אַמאָל געווען אַ פירער פון אַ ביורא ביי אַ גרויסן אדוואקאט.

ער האָט אָבער ליב געהאַט צו שפּילן די ראָלע פון אַ רייכן מאַן און זיין פּענסיע האָט אים דערויף נישט געגוגנט, האָט ער איינמאָל פאַרכאַפּט אַ גרויסע סומע געלד און געמאַכט פליטה קיין אמעריקע.

דאָרטן האָט ער אַנגעהויבן זינקן אַלץ טיפער און טיפער, ביז ער איז געוואָרן אַ פּשוט'ער פאַרברעכער און אונטערוועלט־פאַרשוין.

עטלעכע יאָר האָט ער זיך פאַרנומען מיט אלפאַנסערײַ. ער איז נישט איינמאָל אַריינגעפאַלן אין תּפיסה פאַר זיין אכזריות'דיקן שלאָגן די אומגליקלעכע גאַסן־פרויען.

דער סוף איז געווען, אַז איינמאָל איז ער אַריינגעפאַלן אין אַ ווילדער רציחה און האָט איין פּראָסטיטוטקע אַזוי מערדערלעך צעשלאָגן, אַז זי איז פון די קלעפּ געשטאָרבן.

דער „אדוואקאט" האָט מורא געקריגן פאַר זיין קאָפּ און ער איז אַנטלאָפן קיין איראָפּע.

„אדוואקאט" האָט מען אים אַ נאָמען געגעבן דערפאַר, ווייל ער איז געווען אַ געלערנטער און האָט געהאַט אַ ידיעה אין „פּראוועס".

דער נאָמען „אדוואָקאַט" איז זייער פּאָפּולער געווען אין יענע געהיימישע אמעריקאַנישע קנייפּעס.

איגנאַץ האָט זיך מיטן „אַדוואָקאַט" באַקענט אויף דער שיף און זיי זענען שנעל געוואָרן די בעסטע גוטע ברידער.

זיי זענען זיך איינער דעם אַנדערן זייער שטאַרק געפעלן...

אויסהערנדיק פון איגנאַצ'ן די גאַנצע געשיכטע מיט'ן גט, האָט דער „אדוואקאט" אַ פעסטן קלאַפּ געגעבן איגנאַצ'ן איבער דער פּלייצע און פריילעך געזאָגט:

— דו האָסט מזל, גוטער ברודער! צען טויזנט זלאָטיס! אין דיין מאַמען אַריין! דו ביסט דאָך איצט אַ מיליאָנער!...

— און מיט אַזאַ מיליאָנער וועל איך זיצן אין אַזאַ שמוציקער נאָרע? — האָט דער „אדוואקאט" צוגעגעבן — אזא גלענצנד געשעפט, ווי דו האָסט געמאַכט, דאַרף מען באַגיסן אין אַ לייטישע־רער בודע! האַ? ווי מיינסטו, איגנאַץ?

איגנאַץ האָט מסכים געווען:

— אוודאי.

איגנאַץ האָט זיך אַ ווייל פאַרטראַכט.

— אָבער מיט דיין „עלעגאַנץ, — האָט ער געזאָגט צום „אד־וואָקאַט" — וועל איך ווייט מיט דיר נישט קאָנען גיין... מ'וועט נאָר אַ קוק טון אויף דיין „טואלעט", וועט מען באַלד זען מיט וועמען מ'האָט צו טון און מיר קאָנען נאָך היינט האָבן אַ פריילעכע אויפ־נאַמע אין פּאוויאַק...

— קום! — האָט ער צוגעגעבן! — קיין געלד פעלט מיר נישט! כ׳וועל דיך פריער אביסל אויספּוצן, דערנאָך וועט מען זיך קאָנען ווייזן צווישן מענטשן...

אין אַ האַלבער שעה אַרום האָבן בײדע גוטע־ברידער שוין שפּאַצירט איבער די וואַרשעווער גאַסן אין פּיינע אָנציגער און שיך. אין עלעגאַנטע קאַפּעלושן און טעקעס אונטער די אָרעמס...

בײדע עלעגאַנטע פּאַרשוינען זענען אַריין אין אַנ׳ערשטקלאַסיגן רעסטאָרן, און זיי האָבן זיך געלאָזט ווױלגיין, אַזוי ווי עס דאַרף צו זיין.

ווען דער וויין האָט איגנאַצ׳ן אַ שלאָג געגעבן אין קאָפּ אַריין — האָט זיך איגנאַץ דערמאָנט אָן זײן ליזען.

ער האָט אָנגעהויבן צו דערציילן מיט היץ און אויסצומאָלן פאַר׳ן „אַדוואָקאַט", ווי שיין און רייצנד זיין ווייב איז.

דער „אַדוואָקאַט" האָט זיך ציניש צולאַכט:

— כאַ־כאַ־כאַ-כאַ! און יענער נאַר האָט דיר געגעבן צען טויזנט זלאָטיס און שוין... אַ פּראַיער ביסטו!... איך אויף דיין אָרט וואָלט שוין געוווּסט, וואָס צו טון! איך וואָלט אים פאַרלאָזן די יויך...

— צו וואָס? — האָט איגנאַץ געפרעגט.

— אַז ער זאָל מיט איר דערשטיקט ווערן... — האָט דער „אַדוואָקאַט" געענטפערט.

— מוז איך דאָך פריער האָבן דאָס גאַנצע ביסל קלינגערס אין קעשענע!

— אַוודאי!

— טאָ ווי אַזוי מאַכט מען דאָס? — האָט איגנאַץ געפרעגט.

אין „אַדוואָקאַט׳ס" אויגן האָט אויפגעלויכטן אַ בייז, מערדעריש פייערל:

— איך אויף דיין אָרט, — האָט דער „אַדוואָקאַט" געזאָגט — וואָלט אַזאַ ווייב איבערגעלאָזט אַזאַ מתנה אַז זי זאָל מיך האָבן צו געדענקען אויף אייביק.

— ס׳איז דאָך אַזאַ סקאַנדאַל! — האָט דער „אַדוואָקאַט" צוגעגעבן — אַזאַ ווייבעלע, זאָל זיך אויף דער קרימען מיט דער נאָז. ביסט דאָך אַ שענער יונג, ווי גאָלד!

איגנאַץ איז אָנגעצונדן געוואָרן. דעם „אַדוואָקאַטס" ווערטער זענען אים אַריין אין דער זיבעטער ריפּ.

איגנאַץ האָט זיך .געהלטן פאַר גאָר אַ וואַזשנעם דאָן־זשואַן, און אַ פרוי זאָל זיך קרימען מיט אים, איז פאַר אים געווען די גרעסטע באַליידיגונג.

— ביסט געריכט, „אדוואקאט״! — האָט איגנאַץ געזאָגט, קלאַפענדיק זיין פשיאַטשעל איבער די פלייצעס — אָבער וואָס טוט מען? זאָג!

— מ׳לייענט קריאת־שמע! — האָט דער „אדוואקאט״ שפּאָטיש געענטפערט.

— איך האָב נישט קיין חשק זיך צו זען מיט דער וואַרשאַווער פּאָליציי! — האָט איגנאַץ געזאָגט. — זיי קאָנען מיר אויפמישן אַ צעטל, אַז ס׳זאָל מיר פינסטער ווערן פאַר די אויגן!...

— און ווער זאָגט, אַז דו אַליין דאַרפסט עס טאָן? נעם נאָר אַרויס דיינע פּאַפּירלעך און די וועסט שוין קריגן עמיצן, וואָס וועט דיין ווייבל אַזוי אויסמאַלעווען, אַז דעם יאָלד אירן וועלן איבערגיין די אויגן, ווען ער וועט אַ קוק טאָן אויף איר...

איגנאַץ האָט קרום אַ קוק געטאָן אויף זיין פשיאַטשעל. ער האָט שוין איצט פאַרשטאַנען, וואָס דער „אַדוואָקאַט״ מיינט.

זיין כעס אויף ליזן איז אָבער איצט געווען אַזוי שטאַרק, אַז דעם „אדוואקאט״ פּלאַן איז אַ ים געפעלן.

— און וויפיל, מיינסטו, וואָלט יענער געוואָלט פאַר אַזאַ שטיקל אַרבעט? האָט איגנאַץ פאַרזיכטיק געפרעגט.

— אָט... אי מיין, אַז פאַר טויזנט זלאָטעס וועט מען עס דיר מאַכן...

— האָק נישט קיין טשייניק! — האָט איגנאַץ געזאָגט — פאַר פינף הונדערט זלאָטיס וואָלסטו זיך אונטערגענומען אַפילו דעם טייוול דעם עק אַראָפּצודרייען!...

— איגנאַץ! — האָט דער „אדוואקאט״ אַ זאָג געטאָן — ביסט נאָר געוואָרן אַ גביר, ביסטו שוין אַ חזיר, זע איך!... דו פאַרגעסט, אַז פאַר אַזאַ שטיקל אַרבייט קאָן מען אַמאָל אין תפיסה פאַרפוילט ווערן?

— אַז וועט מען מיך אַצינד אַריבערלעגן איבערן בענקל — האָט דער „אדוואקאט״ צוגעגעבן, — וועט מען מיר שוין באַצאָלן פאַר אַלעמען!...

אַ ווײַלע האָט געהערשט אַ שטיל־שווײַגן, דערנאָך האָט דער „אַדוואָקאַט" ווײַטער געזאָגט:

— איך וואָלט עס דיר געטאָן אומזיסט, גלאָט פֿאַר פֿאַרגעניגן ווענן... אָבער ריזיקיר איך שוין, פֿאַרוואָס זאָל איך נישט עפּעס פֿאַרדינען אויך? ניין, גוטער ברידער, דאָס שטיקל אַרבעט מוז קאָסטן טויזנט זלאָטעס!

— דאָס איז דאָס לעצטע! האָט ער צוגעגעבן שפּאָטיש — ס'קאָסט מיך אַליין טײַערער...

די צווײ אויסוואורפֿן האָבן זיך אַ ווײַלע געדונגען איבערן פּרײַז. ענדלעך איז איגנאַץ אײַנגעגאַנגען אויף טויזנט זלאָטעס.

איגנאַץ איז אַזוי געווען באַהערשט פֿון נקמה־דורשט, אַז ער איז שוין אויף אַלעם גרייט געווען.

ער האָט אַלזאָ צוגעזאָגט דעם „אַדוואָקאַט" טויזנט זלאָטעס, נאָר דערפֿאַר ער זאָל ליזן אַזוי „אויסמאַליעווען", אַז זי זאָל דאָס גאַנצע לעבן געדענקען, אַז זי האָט אַמאָל געהאַט איגנאַצ'ן פֿאַר אַ מאַן...

קאַפּיטל איין און דרײַסיק

## אַ פרוי — אַ שלאַנג

ווען רעגינע איז אַרײַן מיט'ן אַמעריקאַנער מיסטער אין'ם זײַטיקן צימער, האָט זי גאַנץ גוט געוווּסט, אויף וואָס זי קאָן זיך ריכטן...

זי איז אָבער גרייט געווען אויף אַלעם, אַבי נאָר איר ציל צו דערגרייכן.

די וועלט זאָל זיך באַדאי איבערקערן, אַבי זי, רעגינע, זאָל ווערן די בעל־הבית'טע איבער לעאָנס פֿאַרמעגן!

דער אַמעריקאַנער ווידער האָט אויך איצט געהאַט נאָר איין ציל. דער חשק צו באַזיצן די דאָזיקע שיינע און שטאָלצע פֿאַנגע האָט אים באַהערשט אינגאַנצן.

ער האָט נישט געקוקט אויף איר ווידערשטאַנד, פֿעסט און לײַדנשאַפֿטליך זי אַרומגענומען מיט זײַנע שטאַרקע אָרעמס און באַדעקט מיט פֿלאַמיגע קושן איר פּנים, איר האַלז, אירע אַקסלען.

רעגינע האָט די דאָזיקע ווערטער אַרויסגערעדט מיט אַ מילדן טאָן און פֿאַוואָלע האָט זי זיך אַראָפּגעלאָזט אויף דער סאָפֿע.

— אַך, זענט איר אַ לײַדנשאַפֿטלעכער מאַנספֿערשוין! — האָט רעגינע אויסגערופֿן — איר רופֿט אַרויס אַ שרעק בײַ מיר, אנשטאָט

מיך צו לערנען ליבן, לערנט איר מיך מורא האָבן...
רעגינע האָט די דאָזיקע ווערטער געפעדט ליבנסווירדיק. און דעם אמעריקאַנער האָט דאָס גאָר שטאַרק הנאה געטאָן:
— צו איז אַ זינד אייך שטאַרק ליב צו האָבן? — האָט מיסטער דזשייקאָב געפרעגט.
רעגינע האָט נישט געענטפערט אויף זיין פראַגע.
— איר האָט אפשר אַ פּאַפּיראָס, מיסטער מייקעלסאָן? — האָט זי געפרעגט.
— ביטע!
מיסטער דזשייקאָב האָט איר דערלאַנגט זיין צועפּנטן פּאָרט־סיגאַר.
רעגינע האָט פאַררויכערט אַ פּאַפּיראָס און זי האָט זיך אויס־געצויגן אויף דער סאָפע.
— איך האָב באַלד, ביים ערשטן מאָל ווען דאָס דאָזיקע צימער, געטראַכט, אַז עס איז ספּעציעל אויסגעבויט געוואָרן אַלס אַ ליבעס־טעמפּל... — האָט מיסטער דזשייקאָב באַמערקט.
— צו זעט איר דאָס דאָזיקע צימער איצט צום ערשטן מאָל? — האָט רעגינע געפרעגט — דאַכט זיך מיר, אַז איך האָב אים אייך נאָך נישט באַוויזן?
— איך האָב אים שוין געזען אַ דאַנק אַ צופאַל. ווען איר האָט מיך געלאָזט אַליין שטיין אין גאָרטן, האָב איך אַ געוויסע צייט אַרומגעבלאָנקעט דאָרט. מיטאַמאָל האָב איך דערזען, אַז פון דעם צימער לייכט זיך.
—נו? — האָט רעגינע זיך פאַראינטערסירט.
— האָב איך אַריינגעקוקט דורך דער שפּאַרע פון דער פאָרהאַנג און איך האָב געזען, ווי אויף דעם דאָזיגן אָטאָמאַן זיצט דאָס דינסט־מיידל מאַרישע מיט איינעם אַ יונגנמאַן און שמועסן.
— זיכער איר חתן, טאַדעאוש! — האָט רעגינע געזאָגט.
— יאָ, איך האָב געהערט, אַז זי רופט אים טאַדעאוש.
— נו, נו? — האָט רעגינע ווייטער געפרעגט מיט נייגיר — דערצעלט!
— נו... פון זייער שמועס בין איך טאַקי געוואָר געוואָרן וועגן דער גאַנצע מעשה מיט סאַבינען...
רעגינע האָט פאַרביסן די ליפּן.

— ס׳ארא פלוידערזאַק די מאַרישע איז! — האָט זי גערעדט ווי צו זיך אַליין.

זי האָט בײַ זיך באַשלאָסן פון דעם דינסטמיידל וואָס שנעלער פטור צו ווערן.

דער ביטערער אמעריקאַנער האָט פון איר פנים אָראָפּגעלייענט, וואָס זי טראַכט איצט.

— איר דאַרפט זיין אַביסל פאָרזיכטיקער, מיס קייזערשטיין! — האָט מיסטער דזשייקאָב געזאָגט — דער דינערשאַפט טאָר מען קיינמאָל קיין סוד נישט פאַרטרויען!

—אין דעם פאַל אָבער, — האָט דער אַמעריקאַנער צוגעגעבן,— בין איך זייער דאַנקבאַר אייער נישט־פאָרזיכטיקייט. אַ דאַנק דעם וועל איך האָבן דאָס גליק צו באַזיצן אייך...

די דאָזיקע ברוטאַלע ווערטער פונם אַמעריקאַנער האָבן רעגינען דערמאָנט די גאַנצע שרעקלעכקייט פון דער לאַגע, אין וועלכער זי געפינט זיך איצט.

זעענדיק, אַז אין אמעריקאַנערס אויגן פלאַמען ווידער אויף די ליידנשאַפטס־פייערלעך, האָט זי זיך שנעל אויפגעריסן פונ׳ם אַטאַמאַן:

אָבער דער אמעריקאַנער האָט איצט אינגאַנצן געציטערט פון ליידנשאַפטלעכער אויפרעגונג.

ער האָט זיך אַ וואַרף געטאָן אויף רעגינען, ווי אַ רויב-חיה אויף איר קרבן און ער האָט זי מיט׳ן גאַנצן כוח אַרומגענומען.

רעגינע האָט זיך צופעליק אויסגעדרייט צו אים מיט דער פּלייצע. דער צעהיצטער מיסטער האָט דעמאָלט אַריבערגעבויגן איר קאָפּ און מיט זיינע גראָבע ליפּן געזוכט אירע ליפּן.

אָבער פּלוצלונג האָט רעגינע באַמערקט אַ גלאַנציק אויג אין דער שפּאַרע פון דער פאָרהאַנג. דאָס אויג האָט געקוקט אויף איר מיט צאָרן...

אַ שרעק האָט זי אַרומגעכאַפּט.

„צי האָט זי דאָ עמיצער געזען? — האָט זי געטראַכט — „ווער קאָן עס זיין?"

זי האָט באַשלאָסן צו פאַרטרייבן די גאַנצע געשיכטע.

זי האָט זיך האַסטיק אַרויסגעריסן פון אמעריקאַנערס אָרעמס און זיך צעשריגן אויף אים מיט אַ ציטעריקער שטים:

— איר זענט אַן׳אויסוואורף, מיסטער! כ׳האָב צו אייך צוטרוי און כ׳האָב אייך אַריינגעפירט אין דאַזיקן צימער, כדי צו ווייזן אייך די איינריכטונגען און איר גייט אויף אַזאַ געמיינעם אופן אויסנוצן מיין גאַסטפריינדלעכקייט?!

— איר האָט נישט קיין ערנגעפיל! — האָט זי געשריגן — איר פאַלט אָן אויף אַ שוצלאָזער פרוי?!

דער אמעריקאַנער איז צעטומלט געוואָרן. ער האָט נישט פאַר־שטאַנען, וואָס רעגינע איז עפּעס פּלוצלונג פאַרענדערט געוואָרן.

אײדער ער האָט גאָר באַוויזן עפּעס צו ענטפערן, האָט די טיר זיך געעפנט מיט אַ הילך און לעאָן האָט זיך באַוויזן אַ טויט־בלאַסער און ציטערענדיקער.

מיט איין שפרונג איז ער צו צום טויט־דערשראָקענעם אַמערי־קאַנער און מיט אַ מוראדיקן שטויס מיט דער פויסט האָט ער אים אַוועקגעלייגט אויף דער ערד.

— אויסוואורף דו! — האָט ער געשריגן — דאָ האָסטו אַ לעק־ציע פון אויפפירונג!...

רעגינע האָט מיט אַן׳אויסגעשריי פון פרייד זיך געוואָרפן אין לעאָנס אָרעמס אַריין.

— טייערער! טייערער! — האָט זי אויסגערופן — וואָס פאַר גליק דאָס איז, וואָס דו ביסט פּלוצלונג אָנגעקומען!...

דער שלימזלדיקער אַמעריקאַנער האָט זיך דערווייל אויפ־געהויבן פון דער ערד. זיין פּנים איז נאָך געווען פול מיט שרעק, אָבער אין זיינע אויגן האָבן זיך באַוויזן כיטרע פייערלעך.

רעגינע האָט אַ ציטער געטאָן.

„דער אמעריקאַנער וועט נישט אַמאָל פּרובן זיך נוקם זיין און דערציילן לעאָנען די גאַנצע געשיכטע?" — האָט זי געטראַכט מיט שרעק און ציטער.

זי האָט זיך אַרויסגעדרייט פון לעאָנס אָרעמס און, שטעלנדיק זיך הינטער זיינע פּלייצעס, האָט זי אַריבערגעווינקען צום אמערי־קאַנער, אַז ער זאָל שווייגן.

אירע אויגן האָבן אים אויף שטום־לשון געגעבן צו פאַרשטיין,

אַז דער לוין פּאַר זיין שווייגן איז זיכער און ער וועט אים נישט פאַרפאַלן ווערן...

מיסטער דזשייקאָב האָט דעריבער זיך אָנגערופן צו לעאָנען: דאָ באַקסט מען זיך נישט! ביי אַזעלכע קאָנפליקטן דועלירט מען זיך מיט געווער... איך בין דאָך נישט עפּעס אַ טרעגער-יונג! איך רוף אייך אַרויס אויף אַ דועל!

לעאָן האָט אים אָפּגעמאָסטן מיט פאַראַכטונג פון קאָפּ ביז די פיס:

— אַ טרעגער־יונג קאָן אַמאָל זיין אַ זייער אָרענטלעכער און פיינער מענטש און איר זענט אַן'אויסוואורף!... איר זאָלט זיך מער נישט דערוועגן איבערצוטרעטן די שוועל פון מיין הויז! היינטיקע נאַכט קאָנט איר איבערנעכטיקן אין דעם צימער און מאָרגן טראָגט אייך אָפּ פון דאַנען!

דער אמעריקאַנער האָט אָנגעהויבן צו ציטערן אויפ'ן גאַנצן קערפּער.

דער איבערגעשראָקענער, נידעריקער אַמעריקאַנער האָט איצט אויסגעזען אַזוי קלאָגנדיק און נעבעכדיק, אַז לעאָן האָט מיט עקל פון אים אָפּגעקערט דעם קאָפּ.

— קום! — האָט לעאָן געזאָגט צו רעגינען — מיר האָבן גענוג צייט אָבגעגעבן אונדזער „פיינעם" גאַסט...

לעאָן האָט זיך דערנענטערט צו דער טיר, כדי זי אויפצועפנען פאַר רעגינען.

אין דער רגע האָט די פאַלשע כלה איבערגעשיקט דעם קליינעם דעם מיסטערס פּנים האָט אויפגעלויכטן.

מיסטער אַ לופטקוש...

„איך לאַך פון אים;" — האָט ער געטראַכט מיט פאַראַכטונג וועגן לעאָנען — „איך וועל אים אַרויפשטעלן הערנער אויפ'ן קאָפּ!..."

רעגינע האָט לעאָנען אָנגענומען פאַר'ן אָרעם און זי האָט צוזאַמען מיט אים פאַרלאָזט דאָס צימער.

— אַ נס איז מיר געשען, וואָס דו ביסט גראָד אָנגעקומען! — האָט רעגינע געזאָגט צו לעאָנען — טייערער מיינער! גאָט אַליין האָט דיך צוגעשיקט!

— אין אַ מינוט שפּעטער וואָלסטו מיך שוין נישט געפונען צווישן די לבעדיקע... איך וואָלט נישט אַריבערגעטראָגן אַזאַ שרעקלעכע שאַנד!...

לעאָן האָט צאַרט געגלעט איר האַנט.

—זעט אויס, אַז אַ העכערע מאַכט האָט מיך געהייסן דיך אַזוי שפּעט זוכן אין גאָרטן. אָבער ווי האָסטו געקאָנט זיין אַזוי אומפאָר־זיכטיק און בלייבן אַזוי לאַנג מיט דעם פּאַרשוין אַליין? — האָט לעאָן געפרעגט.

— ביסט גערעכט, לעאָן! — האָט רעגינע געענטפערט — איך בין ווערט אַ פאָרוואורף. ס'איז מיר גאָרנישט איינגעפאַלן, אַז דער דאָזיקער אמעריקאַנער איז אַזאַ געמיינער פּאַרשוין. ער האָט אַזוי שיין דערציילט וועגן זיינע רייזעס און איבערלעבענישן, אַז איך האָב זיך גאָרנישט געכאַפּט, אַז ס'איז שוין אַזוי שפּעט!

— מ'טאָר זיך טאַקע נישט פאַרגעסן, — האָט די פאַלשע כלה פאַרענדיקט, — דאָס האָב איך זיך היינט דערוווסט. מ'טאָר נישט זיין לייכטזיניק...

און פּלוצלונג, ווי זי וואָלט זיך אין עפּעס דערמאָנט, האָט זי אַ זאָג געטאָן:

— אָבער די געשיכטע איז דאָך נאָך נישט געענדיקט! ער האָט דאָך דיר אַרויסגערופן אויף אַ דועל! דו וועסט אים דערשיסן, ווי אַ הונט, דעם מיאוס'ן קאַרליק!

— איך האָב גאָרנישט קיין חשק צו דועלירן זיך! — האָט לעאָן געזאָגט — אַזאַ מנוול וואַרפט מען אַרויס פון שטוב, מען שפּייט אויס און זאָל אים דער טייוול נעמען!

די פאַלשע רעגינע האָט אָבער ביי זיך באַשלאָסן, אַז דער דועל זאָל יאָ פאָרקומען, זי האָט דערביי געהאַט איר אויסרעכענונג.

— אָבער וואָס וועט זיין, אַז דער אמעריקאַנער וועט דיר שיקן סעקונדאַנטן? — האָט רעגינע געפרעגט — וועסטו דאָך נישט קאָנען זיך אַרויסדרייען ווי אַ פּחדן!

— דער אמעריקאַנער ציטערט אַליין, ווי אַ פיש און ער וועט זיכער דאַנקען ג־ט, אַז איך וועל אים צו רו לאָזן...

—הלוואי עס זאָל אַזוי זיין! — האָט די פאַלשע כלה באַלד אויסגעדרייט דאָס רעדל — ג־ט מיינער! ווען איך גיב אַ טראַכט,

אַז דו דאַרפסט זיך גיין דועלירן, שטאַרבט אין מיר אָפּ דאָס האַרץ... ווער ווייסט, וואָס עס קען, חלילה, געשען...
רעגינע האָט געשפּילט איר ראָלע אויסגעצייכנט. זי האָט געמאַכט דעם אָנשטעל פון אַ פאַרליבטער כלה, וועלכע ציטערט צוליב דער געפאַר, וואָס דראָט איר געליבטן חתן.
לעאָן איז שטאַרק גערירט געוועזן פון רעגינעס טריישאַפט און איבערגעגעבנהייט. איידער ער איז געגאַנגען שלאָפן, האָט ער זיך מיט איר האַרציק געזעגנט און איר אַ צאַרטן קוש געטאָן אין שטערן אַריין.
ווען די פאַלשע כלה איז געבליבן אַליין אין איר צימער, האָט זי אַרומגענומען אַנ׳אומרוהיגקייט.
זי האָט זיך איצט אָנגעגעבן אַ רעכענונג, אַז זי האָט זיך פאַרוויקלט אין אַ געפערלעכן פּלאָנטער, פון וועלכן עס וועט איר זיין שווער אַרויסצוקריכן.
„צי וועט נישט אַמאָל דער אַמעריקאַנער זיך אַזוי דערשרעקן פאַר׳ן דועל, אַז ער וועט לעאָנען אַלץ דערציילן, אַבי זיך אַרויסצודרייען ?" — האָט זי געטראַכט.
„אָדער אפשר גאָר וועט לעאָן אין דועל אומקומען און אירע אַלע פּלענער וועלן צעשטערט ווערן ?"
אָבער ווען זי האָט זיך באַטראַכט רוהיק די לאַגע, האָט זיך איר פּנים אויסגעלייטערט.
„וואָס קען דאָ זיין ?" — האָט זי זיך געטראַכט.
וועט דער אמעריקאַנער פאַלן, וועט זי פריי ווערן פון אַ געפערלעכן עדות פון איר געהיימניס.
וועט ווידער לעאָן פאַלן, וועט דאָס גאַנצע געהיימניס סיי־ווי שוין קיין שום באַדייטונג נישט האָבן.
איר פאָטער, סאמועל קייזערשטיין, איז דאָך לעאָנס איינציקער יורש !...
רעגינעס געדאַנקען האָבן זיך פאַרקירעוועט אויף אַנ׳אַנדערן וועג.
דער אמעריקאַנער, האָט זי געטראַכט, האָט זי דאָך ליב ביז משוגעת. ער איז אַ רייכער מאַן. לויט ווי ער דערצעלט, איז ער אַ מולטי־מיליאָנער.
פאַרוואָס זאָל זי טאַקע נישט ווערן מיסעס מייקעלסאָן ? וואָס איז דאָס ערגער, ווי צו ווערן מאַדאַם לעאָנאָווא קייזערשטיין ?...

„מ׳טאָר אַלזאָ נישט דערלאָזן, אַז מיסטער מייקעלסאָן זאָל אומ־קומען אין דועל!" — האָט רעגינע געטראַכט.
רעגינעס קאָפּ האָט געאַרבעט שנעל און פלינק.
ס׳האָט נישט לאַנג געדויערט און זי האָט געהאַט פּאַרטיק אַ גאַנצן פּלאַן.
„קודם כל דאַרף מען צו וויסן טאָן דעם אַמעריקאַנער וועגן דעם פּלאַן!" — האָט זי געטראַכט.
זי האָט געכאַפּט אויף זיך אַ שוואַרץ קלייד, פאַרהילט זיך דאָס פּנים אין אַ טונקעלן וואַל, פאַרלאָזט דאָס צימער און אַרויס אין הויף.
שוין פון דערווייטנס האָט רעגינע געזען, אַז אין דעם צימער, ווי מיסטער דזשייקאָב האָט געוועכטיקט, איז נאָך ליכטיק.
דער אמעריקאַנער איז טאַקע נאָך נישט געשלאָפן.
דער געדאַנק, אַז מאָרגן דאַרף ער גיין אויף אַ דועל, האָט אים נישט געלאָזט שלאָפן.
דאָס האַרץ האָט ביי אים געקלאַפּט, ווי ביי אַ גזלן.
ער איז געווען געוווינט העלדיש, כדי צו וואַרפן זיך אויף אַ שוצלאָזער פרוי, אָבער גיין שיסן זיך — דאָס איז פאַר אים אַ שוואַכער ביזנעס...
אויף דער הייסער מינוט האָט ער זיך אַרויסגעכאַפּט מיט אַ וואָרט, און ווער ווייסט, צו פון דעם וועט נישט אַרויסקומען אַנ׳ערנסט...
זייענדיק פאַרצווייפלט און פאַרזאָרגט, פול מיט חרטה און מיט שרעק — האָט ער זיך געוואָרפן אויפ׳ן אָטאָמאַן און באַהאַלטן דאָס פּנים אין זיינע הענט.
פּלוצלונג איז עפּעס אַ געהיימער גערויש דערגאַנגען צו זיין אויער.
ער האָט אומרויק אויפגעהויבן דעם קאָפּ.
„ווער ווייסט ווּאָס פאַראַ ביידע געפאַרן עס גייען אויף מיר?" — האָט ער געטראַכט מיט שרעק.
באַלד האָט זיך די טיר לייכט געעפנט און ס׳האָט זיך באַוויזן אַ טונקעלע פרויען־געשטאַלט, וועלכע האָט זיך אַריינגעשאַרט אין שטוב אַריין.
אין דער ערשטער רגע האָט דזשייקאָבן באַהערשט אַן אומבאַ־

שרייבלעכע שרעק. די האָר האָבן זיך אים קאָפּויערגעשטעלט און אַ קאַלטער שווייס איז אים אַרויסגעטרעטן אויפ'ן שטערן.

אָבער באַלד האָט זיין פּנים אויפגעשיינט פון פרייד.

נישט געקוקט אויפ'ן געריכטן וואוּאַל און דעם טונקעלן קלייד, האָט מיסטער דזשייקאָב דערקענט, אַז דאָס איז רעגינע.

— דאָס זענט איר, מיס קייזערשטיין? — האָט דזשייקאָב אויסגערופן מיט איבעררעאַשונג, אַראָפּשפּרינגנדיק פון דער סאָפאַ.

— איר דאַרפט אייך נישט ווּנדערן, מיסטער מייקלסאָן, וואָס איך בין צו אייך נאָכאַמאָל געקומען! — האָט רעגינע זיך אָנגערופן — איך בין אייך געקומען דאַנקען פאַר אייער פיינער אויפפירונג...

— איך זענט זייער אַ פיינער מענטש... — האָט די געמיינע פרוי ווייטער געזאָגט — איר האָט זייער גוט געטאָן, וואָס איר האָט געשוויגן, ווען איך האָב געמוזט אָפּשפּילן די קאָמעדיע פאַר מיין חתן... וואָס דען האָב איך געקאָנט טאָן?

זי האָט אַ ווייל געשוויגן און דערנאָך ווייטער גערעדט:

— איר האָט זייער קלוג געטאָן, וואָס איר האָט מיין חתן איבער-געבעטן... ווען ער וואָלט געזען, אַז איך האָב זיך גערן געלאָזט צערטלען פון אייך, וואָלט ער אונדז ביידע נאָך געקאָנט דערהר-גענען פון אייפערזוכט...

מיסטער דזשייקאָב האָט זיך שפּאָטיש צולאַכט:

— אוודאי... אָבער איצטער וועט ער בלויז מיך דערהרגענען...

— פאַרוואָס מיינט איר אַזוי? — האָט רעגינע געפרעגט.

— ווייל איך בין זייער אַ שוואַכער שיסער — האָט דער אַמע-ריקאַנער געענטפערט — זעט איר, מיט דער צונג שיסט זיך עס לייכט, אָבער מיט אַ רעוואָלווער?...

— פאַרפאַלן! אויפן דועל מוזט איר דאָך גיין! — האָט רעגינע אונטערגעבלאָזן דאָס פייער — איר זענט דאָך אַן ערן־מאַן!...

---

ווער עס וויל באַקומען אַלע 19 בראָשורן, ווערט געבעטן אַריינצו־שיקן 9,50 אופן אַדרעס: דפוס „אור", הר ציון 104 תל־אביב. איסלאַנד 5 דאלער.

---

דפוס „אור" בע"מ פאַרלאַג „תקוה"

# סאבינע



## ראָמאַן
## פון אַ קראַנקן־שוועסטער

נומער 20

— איך קען אָבער מאַכן אַזוי, — האָט די פאַלשע פרוי צוגע־געבן, — איר זאָלט אַרויס גאַנץ...

— איך ?... איך מיינט אָוודאי אייער חתן ! — האָט דער אַמעריקאַנער כיטרע געחוזקט.

— ניין, איר ! איך ווייס, וואָס איך רעד ! צו האַלט איר מיך פאַר אַזוי געמיין, אַז פאַר דער טובה, וואָס איר האָט מיר געטאָן מיט אייער שווייגן, זאָל איך ביי אייך צונעמען דאָס לעבן ?

דער אַמעריקאַנער האָט דערפילט, אַז דאָ שטעקט עפּעס אַ געהיימניס און אַז זי וויל אים קיין שלעכטס נישט טאָן.

— איך דאַנק אייך זייער מיס קייזערשטיין — האָט מיסטער דזשייקאָב געזאָגט — איך זע, אַז איר האָט דערקענט אין מיר, אַז איך בין אַ דזשענטלמען !...

מיסטער דזשייקאָב איז באַגייסטערט געוואָרן פון זיינע אייגענע ווערטער און ער האָט ווייטער גערעדט מיט היץ :

— איך קאָן ליידן, אויסטראָגן באַליידיגונגען, אַלצדינג, כדי צו שוינען דעם כבוד פון אַ פרוי !... אַז מ׳וועט דאַרפן, בין איך גרייט פאַר אייך דאָס לעבן אַפילו אַוועקצוגעבן !...

אַזאַ טבע האָט ער שוין געהאַט, דער מיסטער דזשייקאָב, אַז טאָמער האָט ער זיך צעהיצט, האָט ער שוין גערעדט פאַר פייער און פאַר וואַסער און געהאַקט אַ טשייניק, אויף וואָס די וועלט שטייט !

ער האָט געקוקט רעגינען אין די אויגן אַריין, ווי אַן אונטער־טעניקער הונט. ער האָט געוואָלט זען, וואָס פאַר אַן איינדרוק עס האָבן געמאַכט זיינע שיינע ווערטער...

„וואָס וועט זי דערויף זאָגן ?" — איז ער געווען טשעקאַווע צו וויסן.

די כיטרע שלאַנג האָט זיך אַוועקגעזעצט נעבן אים אויפן אַטאָמאַן.

— טייערער מיסטער ! — האָט זי געזאָגט — איך וויל נישט, אַז איר זאָלט אומקומען צוליב מיר. איך וויל, אַז איר זאָלט לעבן צוליב מיר !...

דעם אַמעריקאַנער איז דאָס לשון אָפּגענומען געוואָרן פון איבעררעשונג. ער האָט ברייט צעעפנט די אויגן פון פאַרווונדערונג.

— איך האָב אַ פּלאַן, — האָט רעגינע ווייטער געזאָגט, — אַז

איר זאָלט אַרויס גאַנץ פון דועל... איך קאָן אייך דערווייל נישט זאָגן קיין איינצלהייטן...

— איך קאָן אייך נאָר זאָגן, — האָט זי פאַרענדיקט, — אַז מיין פאָטער וועט זיין איינער פון לעאָנס סעקונדאַנטן, און מיין פאָטער וועט אַלץ טאָן פאַר מיר...

דער אַמעריקאַנער האָט זיך ערנסט פאַרטראַכט.

— המ... המ... און וואָס וועט זיין מיט אייער חתן? — האָט דער אַמעריקאַנער געפרעגט.

— מיט מיין חתן?

— יאָ, אַז איר וועט מיך ראַטעווען, וועט איר דאָך אים דערהרגענען?...

אין רעגינעס אויגן האָט אויפגעבליצט אַן אומהיימלעך פייערל. זי האָט באַשלאָסן פאַר אים אויפצודעקן די קאָרטן.

— איך בין אָרעם! — האָט זי געזאָגט, — איך וויל חתו-נה האָבן מיט לעאָנען נאָר צוליב זיין רייכקייט. אויב מיין חתן וועט פאַלן אין דועל, וועט אים מיין פאָטער ירשנען. און איך בין זיין איינאונאיינציקע טאָכטער.

— איר פאַרשטייט? — האָט זי צוגעגעבן — אַזוי אָרום וועל איך בלייבן פריי און איך וועל האָבן מיין ציל דערגרייכט....

— איר האָט אייער חתן נישט ליב?

— ניין, ער איז אַ צו ווייבערישער, אַ ווייכער... איך האָב ליב אַזעלכע מענער, וואָס קאָנען הערשן איבער פרויען!...

— און איר זאָלט קענען פון זיי חוזק מאַכן, וואָס זיי זענען קליין געוואַקסן... — האָט דער אַמעריקאַנער געזאָגט מיט פאַר־ביטערונג.

— דאָס איז דאָך נאָר געווען אַ שפּאַס... איר האָט עס גע־נומען צו ערנסט... כאַ־כאַ-כאַ־כאַ! — האָט די צינישע פרוי זיך צעלאַכט. — איר האָט זיך באַליידיקט, ווי אַ מיידל.

— איר האָט גאָרנישט פאַרשטאַנען, אַז איך וויל אייך נאָר אַזוי אָרום אָנציען?... — האָט רעגינע ווייטער געזאָגט — ווי איך האָב אייך נאָר דערזען, האָט זיך אין מיין האַרץ עפּעס אָפּגע־רופן...

דער אַמעריקאַנער איז שיער נישט משוגע געווען פון פריי-דיקער איבעררעאַשונג.

רעגינע האָט ווייטער גערעדט:

— איך האָב דאָס דאָזיקע געפיל געפּרוווט אַרויסרייסן פון מיין האַרץ. כ׳האָב אָבער נישט געקאָנט...

דער אַמעריקאַנער האָט פון צעהיצטקייט שוין אין גאַנצן דעם קאָפּ פאַרלוירן.

— טייערע! טייערע! — האָט ער הייס און ליידנשאַפטלעך געשעפּטשעט — איז עס טאַקע אמת? גרויסער גאָט! איז דאָס מעגלעך?...

זיינע ליפּן זענען ווי צוגעוואַקסן צו רעגינעס ליפּן...

דער קוש איז געווען אַ הייסער און אַ לאַנגער.

מיסטער דזשייקאָב איז אין גאַנצן פאַרשכורט געוואָרן...

„אַך! ווען איך זאָל אַזוי אַוועקלייגן אין דועל דעם לעאָן קייזערשטיין, וועל איך האָבן די דאָזיקע רייצנדע פרוי פאַר אַ ווייב!״ — האָט ער געטראַכט.

ער איז גרייט געווען צו דערהרגנען נישט נאָר לעאָנען, ער וואָלט גאַנץ „יוראָפּ״ אומגעברענגט צוליב דער דאָזיקער רעגינען מיט איר שיינעם און הייסן קערפּער.

— רעגינעלע! — האָט ער געפּליסטערט און קוים אָפּגעריסן זיינע ליפּן פון אירע — דו וועסט זיין ביי מיר אַ גרעפין־ אַ קייסערינע! איך בין רייך אָן אַ שיעור! מיין פאַרמעגן איז גאָרנישט איבערצוציילן און אויסצומעסטן!

— און מיין גאַנץ פאַרמעגן — האָט ער פאַרענדיקט, — אַלע מיינע פאַבריקן, געשעפטן, גיטער און אוצרות, אַלץ וועט זיין נאָר פאַר דיר, מיין אוצר! טייער מלאכל מיינס!

ער האָט היים אַרומגעכאַפּט אירע קיילעכדיקע גלידער, גע-קושט דאָס פּנים, די אויגן, דאָס מויל, דעם האַלדז, געגראָבן זיינע ליפּן טיפער צו אירע פאַרפומירטע בריסטן...

ער איז געווען צופרידן, דער אַמעריקאַנער...

און פאַרוואָס האָט ער נישט געזאָלט זיין צופרידן?

אָט איז אים אומגעריכט ווי פון הימל אַראָפּגעפאַלן אַזאַ פּרעכטיקע, רייצנדע פרוי! ער האָט דאָך וועגן אַזעלכע צומאָל נישט געוואגט צו חלומען!

ער האָט געוווסט, אַז קיין גרויסער „קראַסאַווייעץ״ איז ער נישט און אַז פרויען האָבן פיינט אַזעלכע קליינע און גראָבע מענער.

אַ חוץ דעם האָט ער געמאַכט אַ גוט ביזנעס אויך.

שטיין-רייך איז ער געווען בלויז — מיטן מויל... אין דער אמתן זענען זיינע געשעפטן געשטאַנען גאַנץ שמאָל און ער האָט אַ ליאַדע טאָג געקאָנט אַרויס אַן אָרעמאַן אין זיבן פּאַלעס...

איצט האָט אים דאָס גליק געשיינט פון אַלע זייטן... סיי ער וועט האָבן אַ פּרעכטיק ווייב, וואָס וועט אים פּאַרזיסן די נעכט... און סיי — זיין ליידיקע קאַסע ! וועט אָנגעפילט ווערן...

— טייערע ! טייער מיידל דו ! — האָט ער כסדר געשעפּטשעט צו רעגינען.

רעגינע איז געווען ווייניקער צופרידן, דער דאָזיקער קאַרליק מיט זיינע פעטע הענט און גראָבע ליפּן האָט ביי איר אַרויסגערופן אַן עקל.

די דאָזיקע געלט-גייציקע פרוי איז אָבער גרייט געווען אַלץ אַריבערצוטראָגן, אַבי אַריינצוקריגן זיינע גרויסע פּאַרמעגנס, מיט וועלכע ער האָט זיך באַרימט.

— איך ווייס, איך ווייס, אַז דו האָסט מיך אויך ליב, ווי איך דיך... — האָט די פאַלשע רעגינע געזאָגט און זי האָט זיך גענומען באַפרייען פון זיינע הייסע אָרעמס.

— פאַרגעס נישט, — האָט זי צוגעגעבן, — אַז מיר מוזן זיין פּאָרזיכטיק... האָב געדולד ! עס וועט נישט לאַנג געדויערן און מיר וועלן זיין מאַן און ווייב...

— טייערע ! טייערע ! — איז דער אַמעריקאַנער געווען אויסער זיך פון פרייד.

— איצט מוז איך שוין אַוועק פון דאַנען ! — האָט רעגינע געזאָגט — ווייי וואָלט געווען צו אונדז, ווען עמעץ זאָל אונדז דאָ זען !

דער אַמעריקאַנער האָט איצט געגליט פון ליידנשאַפט. ער האָט זיך קוים איינגעהאַלטן, נישט צו וואַרפן זיך אויף דער דאָזיקער טייוולאַניש-שיינער פרוי. ער האָט אָבער מורא געהאַט, טאָמער פּאַקט מען אים און ער האָט זיך געמוזט באַגנוגענען מיט אַ קוש...

— רעגינע האָט שנעל צוריקגעאיילט אין איר צימער.

זי איז געווען רואיק און צופרידן.

אַבער פלוצלונג האָט עפּעס אַ מאָדנער גערויש זיך דערהערט פון ערגעץ נאָענט.

רעגינע האָט זיך אָפּגעשטעלט אַ דערשראָקענע און זיך איינגעהערט אין דער נאַכט־שטילקייט.

צווישן די בוימער האָט זיך געשלייכט עפּעס אַ מענטשלעך געשטאַלט.

און אָט האָט זיך באַוויזן אין דער נאַכט־פינצטערניש אַ פרויען־געשטאַלט אין אַ העל קלייד.

רעגינען איז דאָס האַרץ אַנטפאַלן פון שרעק און זי האָט מיט ברייט אויפגעריסענע אויגן געקוקט אויף דעם געשטאַלט.

פון צווישן די גאַרטן־בוימער איז אַרויסגעקומען — סאַבינע... זי איז געגאַנגען מיט פּאַמעלעכע, פאַרזיכטיקע טריט...

## קאַפּיטל צוויי און דרייסיק

# פון וואַסער אַרויס, אין פייער אַריין...

בערנאַרד קרויזער איז געבליבן שטיין מיט צעעפנטע ליידיקע אָרעמס און ער האָט נישט געוווּסט וואָס צו טאָן.

ווייל סאַבינע האָט זיך געגעבן אַ ריס אַרויס פון זיינע אַרעמס און מיט איין שפּרונג איז זי שוין געשטאַנען אויף דער שמאָלער פענצטער־בלעך...

זי האָט זיך צוגעהאַלטן מיטביידע הענט אין די פענצטער־ראַמען און זי איז פּשוט געהאַנגען אין דער לופטן...

אונטער איר — איז געווען אַן אָפּגרונט פון עטלעכע שטאָק, און סאַמע אונטן — דער אויסברוקירטער הויף...

— אַז איר וועט פּרוּוון צוגיין צו מיר, שפּרינג איך אַראָפּ! — האָט סאַבינע אויסגערופן. — בעסער זאָל מיין קאָפּ צעשמעטערט ווערן אָן די שטיינער, איידער צו ווערן אַ שפּילעכל אין אייערע הענט!... אויסוואורף איינער!...

בערנאַרד האָט דערקענט אין אירע רייד, אַז זי מיינט עס ערנסט און טאָמער דערנענטערט ער זיך מיט איין טריט צו איר, שפּרינגט זי אַראָפּ.

דער אויסוואורף האָט מורא געהאַט, אַז ער וועט נאָך צוגע־

צויגן ווערן צו גערײכטלעכער פֿאַראַנטוואָרטלעכקײט און װער װײס װאָס פֿאַר אַ שטראָף איס װאָלט דערוואַרט.

ער האָט זיך דעריבער אַנגעהויבן בעטן בײַ איר:

— טײַערע! — גײ אַראָפּ פֿון פֿענצטער. איך בעט דיך! איך װעל דיר קײן שום שלעכטס נישט טאָן.

— פֿאַרוואָס האָסטו מורא פֿאַר מיר? — האָט ער װײַטער געבעטן — איך האָב דאָך דיך אַזױ ליב... איך בין גרײט צו זײַן דײַן טרײַער דינער, דײַן שקלאַף, אַבי דו זאָלסט מײַן ליבע נישט נישט אָפּשטױסן.

— צי װעט דיר דען זײַן שלעכט בײַ מיר? — האָט ער װײַ־טער אַרײַנגערעדט אין איר — אין ערגעץ װעט דיר נישט זײַן אַזױ גוט, װי אין מײַן הױז! — טײַערע...

סאַבינע האָט די דאָזיקע פֿאַלשע זיסע רײד געלאָזט קאַלט.

— אײַערע רײד זענען אַרױסגעװאָרפֿן! — האָט זי געזאָגט — און פּרוּװט אײַך נישט דערנענטערן צו מיר, װײַל מײַן פֿאַרגאָסן בלוט װעט פֿאַלן אױף אײַער קאָפּ...

— גײ אַראָפּ, בינד, װער װעט דען דיר עפּעס טאָן?... — האָט דער אױסװורף אַלץ געפּרוּװט אײַנרעדן סאַבינען, אַז זי זאָל אַראָפּגײן.

— װי לאַנג איר װעט נישט אַרױסגײן פֿון דעם צימער, װעל איך נישט אַראָפּגײן! — האָט זי געענטפֿערט מיט אַנטשלאָסנ־קײט.

בערנאַרד איז אַ װײַלע געשטאַנען און נישט געװוּסט װאָס ער זאָל טאָן.

ס'האָט אים געװאָרפֿן פֿון צאָרן.

ער איז נישט געװוּינט געװען, אַז מען זאָל אים זיך אַנטקעגנ־שטעלן.

דער געדאַנק, אַז דאָס דאָזיקע מײדל קאָן זיך אַרױסדרײען פֿון זײַנע הענט, אײדער ער האָט זי אײן מאָל געהאַט, האָט בײַ אים אַרױסגערופֿן אַ געפֿיל פֿון טיפֿער באַלײדיקונג.

—אַזאַ אַרעם מײדל זאָל זיך קרנמען מיט אים, מיט דעם מאַגנאַט בערנאַרד קרױזער!"

ס'האָט זיך אים אױסגעװיזן װי אַן אומדערהערטע חוצפּה... דערנענטערן זיך צו איר האָט ער אָבער מורא געהאַט, װײַל

סאַבינע וואָלט זיכער אַרויסגעשפּרונגען אויפֿן הויף און געהרגעט געוואָרן.
בערנאַרד האָט געזען, אַז ער איז אַ פֿאַרשפּילטער און ער וועט איצט מיט סאַבינען גאָרנישט מאַכן.
— ביסט אַ נאַרישע קאַזע! — האָט ער געזאָגט — איבער־געבן זיך די קאָמעדיאַנטשיקעס איז מסתמא פֿאַר דיר אַ גרעסערער כבוד, ווי צו האָבן צו טאָן מיט איידעלע מענטשן!...
סאַבינע האָט דעם רייכן שאַרלאַטאַן אָפּגעמאָסטן מיט אַ בליק פֿול מיט פֿאַראַכטונג.
— יאָ, איר, „איידעלער "מענטש, וואָס פֿאַלט אָן אויף אַ שוצלאָזער פֿרוי! — האָט זי געזאָגט — איר וואָלט זיך, כ׳לעבן געמעגט לערנען אָנשטענדיקייט ביי די אַקטיאָרן פֿון פּאַפּאַ סעמס טרופּע.
— זיי פֿאַלן נישט אָן אויף שוצלאָזע פֿרויען, וועלכע ווערן צו זיי איינגעלאַדן צו געסט! — האָט סאַבינע צוגעגעבן — נו? איר פֿאַרלאָזט דאָס צימער, צי ניין? איך בעט אייך, איר זאָלט די מינוט אַרויסגיין פֿון דאַנען!
דער אויסגעלאַסענער מאַגנאַט האָט אַ קריץ געטאָן מיט די ציין און פֿאַרלאָזט דאָס צימער.
סאַבינע האָט זיך נאָך אַלץ נישט גערירט פֿון אָרט אויף דעם פֿענצטער־בלעך. זי האָט פֿאַרשטאַנען, אַז דער רייכער אויסוווּרף קאָן נאָכאַמאָל פּרוּוון אָנצופֿאַלן אויף איר.
און אַזוי איז טאַקע געשען.
אין אַ ווײַלע אַרום האָט זיך די טיר ווידער לײַכט געעפֿנט און דער אויסוווּרף האָט זיך ווידער אַרײַנגעשאַרט אין צימער אַרײַן.
ער האָט געוואָרפֿן אַ בליק אויף סאַבינעס בעט און באַלד אויפֿן פֿענצטער. סאַבינע איז אַלץ געשטאַנען אויף איר אָרט.
— דער טייוול זאָל דיך נעמען, דו נאַרישע מויד איינע! — האָט ער אויסגערופֿן — אַ שד ביסטו, נישט קיין פֿרוי!...
ער האָט אַ בייזער צוגעקלאַפּט די טיר און איז אַרויס.
אין אַ לענגערער ווײַלע אַרום איז סאַבינע אַראָפּ פֿון פֿענצטער.
זי האָט זיך שנעל אָנגעטאָן איר קלייד און די שיך.
„אָבער וואָס טוט מען איצט?" — האָט זי געטראַכט — „ווי אַזוי קריגט מען זיך אַרויס פֿון דאַנען?".

זי האָט פאַרשטאַנען, אַז יעדע מינוט, וואָס זי זוימט זיך נאָך דאָ, אין בערנאַרדס פּאַלאַץ, איז זי אויסגעשטעלט אויף דער געפאַר דערגעזען צו ווערן.

זי האָט זיך נערוועז אַרומגעקוקט איבערן צימער.

— וואָס זשע טוט מען?

דורך דער טיר? — דאָס איז אוממעגלעך! דאָס וואָלט געהייסן שפּרינגען דעם וואָלף אין פּיסק אַריין. בערנאַרד וועט זי כאַפּן אין איינעם פון די לאַנגע טונקעלע קאָרידאָרן און טאָן מיט איר, וואָס זיין האַרץ גלוסט.

אַ שוידער איז איר אַדורך דורך איר קערפּער ווען זי האָט געטראַכט וועגן דעם.

ווי אַזוי זשע דען אַנטלויפט מען?

איר בליק איז געפאַלן אויפן אָפענעם פענצטער...

זי איז צוריק צוגעלאָפן צום פענצטער, אַרויסגעבויגן דעם קאָפּ און אַראָפּגעקוקט.

ס׳איז געווען דער דריטער שטאָק... אונטן איז געווען אַ ברוקירטער הויף. אַרום דעם הויף — אַ געדיכטער סאָד.

די בוימער האָבן גערוישט.

— קום, קום, מיידל צווישן אונדז וועסטו זיכער זיין! מיר פאַלן אויף קיינעם נישט אָן...

סאַבינען האָט זיך געדאַכט, ווי זיי רעדן צו איר:

„דאָס איז דער איינציקער אויסוועג!“ — האָט זי געזאָגט צו זיך אַליין.

זי האָט זיך אַרומגעקוקט איבער דער שטוב, צי געפינט זיך נישט עפּעס אַ שטריק, אָדער אַ שטאַרקע שנור.

פריער איז איר בליק געפאלן אויפן גראָבן זיידענעם שנור פון דער פּאָרטיערע.

ער איז אָבער צו קורץ געווען.

האָט זי ווייטער געזוכט מיט די אויגן איבער דער שטוב, ביז איר בליק איז געפאַלן אויפן ליילעך און אויף דער קאָלדרע.

זי האָט זיי שנעל צונויפגעדרייט, צוזאַמענגעבונדן מיט דער פּאָרטיערע פונעם פענצטער. דערנאָך מיטן שנור און זי האָט שוין געהאַט אַ לאַנגן און פעסטן שטריק.

זי האָט דעם דאָזיקן שטריק צוגעבונדן צום פענצטער און

מיט אַ קלאַפּנדיק האַרץ האָט זי זיך אַרויפגעשטעלט אויפן פּענצ־טער־ברעטל.

זי האָט זיך פאַרטראַכט אַ ווײַלע:

„צי וועט נאָר דער שטריק אויסהאַלטן און נישט פּלאַצן?"

זי האָט דאָ אָבער געוווּסט, אַז דאָס איז דער איינציקער אויס־וועג און קיין אַנדערער איז נישטאָ.

איז דען נישט גלייכער געהרגעט צו ווערן אויף די שטיינער פון הויף, איידער אַרײַנצופאַלן אין די הענט פון דעם רייכן אויס־וווּרף?

ז י האָט זיך פעסט אָנגענומען פאַר דעם שטריק און אויסגע־שעפּטשעט שטיל, ווי צו אַ געבעט:

— מאַמע... מאַמע... העלף מיר... ראַטעווע דײַן קינד...

און זי האָט אָנגעהויבן זיך אַראָפּצולאָזן אויפן שטריק.

אין אַ ווײַלע אַרום איז זי שוין געשטאַנען אויפן ברוק פונעם הויף.

זי האָט זיך אַרומגעקוקט פון אַלע זײַטן. מ'האָט נישט געזען קיין לעבעדיקן נפש. זי האָט גענומען שנעל גיין פאַרויס.

זי האָט זיך מיט שרעק אומגעקוקט צום פאַרלאָזטן פּאַלאַץ.

„צי יאָגט מען זי נישט אַמאָל נאָך?"

אָבער דער גאַנצער פּאַלאַץ איז געווען פאַרזונקען אין דער נאַכטיקער שטילקייט.

אין קיין איין פענצטער האָט זיך נישט געזען קיין ליכט.

סאַבינע איז דורכגעלאָפן דעם הויף. דער הויף איז נישט גע־ווען פאַרצוימט. ער האָט זיך פאַרענדיקט מיט אַ סאַד.

זי איז אַרײַן אינעם סאַד און אָנגעהויבן לויפן צווישן דער בוימער־געדיכטעניש.

פּלוצלונג האָט סאַבינע דערהערט עפּעס אַ גערויש צווישן די בוימער.

זי האָט זיך אָפּגעשטעלט און געקוקט מיט צעשראָקענע בליקן אַרום זיך. נישט ווייט פון איר האָט זיך עפּעס גערודערט אין דער געדיכטעניש פון די געוויקסן.

באַלד האָט זי דערזען דייטלעך: מיט ריזיקע שפּרונגען לויפט איר אַנטקעגן אַ גרויסער הונט...

סאַבינען איז דאָס האַרץ אַנטלאָפן פון שרעק. דער הונט איז געוועזן גרויס, ווי אַ לייב.

ס'האָט זיך איר געדאַכט, אַז אָט שפּריגנט ער אַרויף אויף איר און צערייסט זי אויף שטיקער.

פון שרעק האָט זי פאַרמאַכט די אויגן און געוואַרט, אַז דער ווילדער הונט זאָל זיך וואַרפן אויף איר.

אָבער דאָ איז געשען עפּעס אומגעריכטס. ווי נאָר דער ריזיקער הונט איז צוגעלאָפן צו סאַבינען, האָט ער זיך אָנגעהויבן טוליען צו סאַבינעס פיס און אָנשטאָט ווילד צו בילן און בייסן, האָט ער געוואָרטשעט היימיש.

סאַבינע האָט דעמאָלט אַ פאַרוווּנדעטע געעפנט די אויגן און זי האָט דערקענט — דאָס איז געווען „נעראָ", דער הינט פון בערנאַרד קרויזערס הויף, מיט וועלכן זי האָט זיך באַקענט און היימיש געוואָרן אין די עטלעכע טעג, וואָס זי האָט זיך געפונען אין פּאַלאַץ.

זי האָט זיך דערפרייט מיטן דאַזיקן שטומען פריינט אין דער נאַכטיקער איינזאַמקייט. זי האָט ווייטער גענומען גיין און דער הונט האָט זי באַגלייט ביזן טראַקט, וועלכער האָט זיך געפונען נישט ווייט פון סאַד.

דאָ האָט זיך דער הונט אָפּגעשטעלט.

סאַבינע האָט זיך געזעגנט מיטן שטומען באַשעפעניש, גלעטנדיק זיין ווייכע פעל.

דער הונט ווידער האָט אַרומגערינגלט אירע אַנט און האָט גענומען לויפן צוריק...

סאַבינע האָט אַ ווייל נאָכגעקוקט דעם צוריקלויפנדיקן הונט און געטראַכט ווי ווייט מענטשלעכער די דאָזיקע חיה איז פון פיל געבילדעטע און אָנגעזעענע מענטשן...

פאַר סאַבינעס בליק איז איצט געלעגן אַ ברייטער שאָסיי, וואָס האָט זיך געצויגן אין דער ווייטקייט אַריין.

וווהין עס פירט דער דאָזיקער וועג — דאָס האָט זי נישט געוווּסט.

זי איז אַ ווײַלע געבליבן שטיין און זיך פאַרטראַכט, אין וועלכער ריכטונג זי זאָל נעמען גיין — רעכטס, צי לינקס.

נאָר צו איז איר דען נישט געווען אַלץ איינס ?... סייווי האָט זי נישט ווההין און צו וועמען צו גיין...

די פרייד, וועלכע האָט זי אַרומגעכאַפּט אין דער ערשטער מינוט, ווען זי האָט זיך דערפילט פריי, איז ביסלעכווייז פאַרשווונדן געוואָרן

זי האָט אָנגעהויבן ניכטער צו באַטראַכטן די לאַגע, אין וועלכער זי געפינט זיך איצט.

זי איז אַצינד געווען פולשטענדיק איינזאַם, ווי אַ שטיין.

וועמען האָט זי איצט אין דער וועלט און ווער אינטערעסירט זיך מיט איר ?

זי האָט איצט נישט קיינעם און זי גייט קיינעם נישט אָן.

קיין פריינט, קיין נאָענטן, קיין געלט, קיין שום מיטלען צום לעבן !

ווו גייט זי איצט און צו וועמען ?

ווההין זאָל זי זיך קערן און ווענדן אין דער דאָזיקער גרויסער און ברייטער וועלט, ווו געפאַרן און שלעכטקייטן לויערן אויף איר פון אַלע זייטן ?

זי האָט איצט געטראַכט, אַז אַזאַ לעבן — איז פיל ערגער, ווי דער טויט און דער טויט איז איר איצט אויסגעקומען, ווי אַ גרויס גליק, ווי אַ דערלייזונג און באַפרייאונג...

„צי וואָלט נישט גלייכער געווען, ווען זי שפּרינגט אַרויס פונעם דריי־שטאָקיקן פענצטער און ווערט צעשמעטערט אויף די שטיינער פון ברוק ?" — האָט זי געטראַכט.

איצטער וואָלט זי שוין נישט געפילט נישט קיין ווייטאָג און נישט קיין באַדויערן. זי וואָלט געלעגן שטיל און רואיק...

אָבער אין פּנים האָט גענומען פליסן אַ שטראָם פון וואַרעמע טרערן. זיי האָבן זי אָבער נישט דערוואַרעמט אין דער קעלט פון דער נאַכט. די נאַכט־קילקייט האָט אַדורכגענומען אירע ביינער און זי האָט געפילט אַ לייכטן שוידער.

זי איז ווייטער געגאַנגען...

אַ מידקייט האָט זי צענומען אין גאַנצן. די פיס האָבן זיך איר געבראָכן אין גיין.

ענדלעך האָט זי דערזען פון דערווייטנס דעם בלישטש פון אַ פייערל, וואָס האָט עדות געזאָגט, אַז נישט ווייט געפינען זיך מענטש־לעכע וווינונגען.

און מאָדנע. דאָס איינזאַמע מיידל האָט זיך דאָך געדאַרפט פרייען, וואָס נישט ווייט פון איר געפינען זיך מענטשן, זי האָט זיך אָבער דערשראָקן.

צופיל האָט זי געהאַט אויסצושטיין פון די מענטשנס שלעכטס און פאַרדאָרבנקייט, אַז זי זאָל צו זיי האָבן צוטרוי.

זי האָט נישט פאַרקערעוועט אינעם דערפל, וואָס איז געלעגן נישט ווייט פון שאָסיי, נאָר זי איז ווייטער געגאַנגען.

„וואָס ווייטער פון מענטשן!" — האָט זי צו זיך געזאָגט.

דאָס מיידל איז ווייטער געגאַנגען איר איינזאַמען וועג.

איר מידקייט איז געוואַקסן פון מינוט צו מינוט. די פיס זענען איר שטייף געוואָרן, ווי די העלצער און זיי האָבן זיך געשלעפט, ווי פון זיך אַליין...

יעדע ווײַלע האָט זי זיך געמוזט אָפּשטעלן, כדי דעם אָטעם אָפּצוכאַפּן.

און מיטאַמאָל איז איר געקומען אויפן זינען לעאָן.

„ער איז איצט רוהיק און גליקלעך" — האָט זי געטראַכט — „ער האָט שוין אפשר חתונה געהאַט און ער לעבט צופרידן מיט זיין ווייבל" ...

„עס פאַלט אים גאָרנישט איין, אַז די אָרעמע קראַנקן-שוועסטער סאַבינע, וועלכע ער האָט אַמאָל אַזוי ליב געהאַט, בלאָנקעט זיך איצט אַרום אויף אַנ׳איינזאַמן וועג אין דער נאַכט, אין קעלט און אין פינסטערניש"...

„האָט ער טאַקע אינגאַנצן אין איר פאַרגעסן?"...

— ניין! דאָ קאָן נישט זיין! — האָט זי אויסגעשריגן אין דער נאַכט אַריין, דערשרעקנדיק זיך פאַר איר אייגענער שטים.

„אַך! ווי זי וואָלט אים איצט געוואָלט זען! איין מינוט, איין מינוטקעלע נאָר! אַ קוק טאָן אויף אים און — שטאַרבן"...

„אַ קוק טאָן אין זיינע שיינע און גוטע אויגן. הערן זיין זיס-קלינגנדיקע שטימע"...

זי האָט פאַרמאַכט אירע אויגן. כדי זיך בעסער צו קאָנען פאָרשטעלן זיין געזיכט.

זי איז אַזוי געגאַנגען מיט פאַרמאַכטע אויגן, כדי דאָס בילד נישט צו פאַרלירן...

פלוצלונג איז אַ נייַ בילד אויפגעגאנגען אין איר פאַנטאַזיע — דאָס בילד פון איר טויטער מוטער.

זי איז איצט נישט טויט געווען, די מאַמע. אַ לעבעדיקע האָט זי געשמייכלט צו איר פול מיט לעבן און טריישאַפט...

— מאַמע ... מאַמע!... — האָט דאָס אָרעמע מיידל געשעפּ־טשעט און טרערן זענען געפלאָסן איבער אירע באַקן — נעם מיך צו דיר, מאַמע...

אָבער פלוצלונג האָט סאַבינע אויפגעציטערט: פון דערווייטנס האָט זיך מיטאַמאָל דערהערט דאָס געררויש פון אַנ'אויטאָ.

סאַבינע האָט מיט שרעק זיך איינגעקוקט אין דער ווייטקייט. אויפן וועג האָבן אויפגעלויכטן צוויי אויטאָמאָביל־רעפלעקטארן, וועלכע האָבן זיך שנעל דערנענטערט.

איר פאַרצווייפלונג און איר שרעק זיך צו באַגעגנען מיט מענ־טשן איז געווען אַזוי גרויס, אַז אין דער ערשטער מינוט האָט זי געקלערט זיך צו וואַרפן אונטער דעם פאָרנדן אויטאָ.

„און אפשר איז עס נאָר בערנאַרד קרויזער״? — האָט זי אַ טראַכט געטאָן און זי האָט אָנגעהויבן צו ציטערן, ווי אַ בלאַט אין הערבסט.

די שרעק האָט זי געליימט אין גאַנצן. זי האָט זיך נישט געקאָנט אַ ריר טון פון אָרט.

איז זי געשטאַנען אַזוי אונבאַוועגלעך אין מיטן וועג, ווי אַ נאַכט־געשפּענסט, מיט אויסגעצויגענע הענט פאַראויס און צעפלאָ־שעטע האָר פון ווינד.

דער אויטאָמאָביל האָט זיך מיט אַ גוואַלדיקער שנעלקייט דערנענטערט. אַ מינוט — און דאָס מיידל וואָלט געבליבן ליגן אַ צעשמעטערטע אויפן שאָסיי.

אָבער אין ליכט פון די רעפלעקטארן האָט דער שאָפער דערזען די אויסטערלישע געשטאַלט און ער האָט דעם אויטאָ פאַרהאַלטן.

— העי! מיידל! וואָס שטייסט דו אַזוי אין מיטן וועג? — האָט דער שאָפער אויסגערופן — כ'האָב דאָך פון דיר שיעור געמאַכט קרעפּל־פלייש!

פון דעם אויטאָ־פענסטערל האָט זיך אַרויסגעבויגן אַ קאָפּ פון אַ יונגן, שיינעם מאַן.

— וואָס איז דאָרט געשען, זיגמונט ? — האָט ער געפרעגט דעם שאָפער — מיט וועמען רעדסטו דאָרט ?

ער האָט אָבער באַלד באַמערקט דאָס שטייענדע מיידל.

ער האָט אַ פאַרוואונדערטער זיך איינגעקוקט אין סאַבינ׳ס שיין געזיכט, וואָס האָט אַרויסגעלויכטן פון די כוואַליעס צעפלאַ־שעטע גאָלדענע האָר.

באַלד האָט ער געעפנט דאָס טירל פון דעם אויטאָ און ער איז אויסגעשטיגן.

ער האָט זיך פאַר סאַבינע׳ן העפלעך פאַרנייגט און געזאָגט:

— איך בין יוזעף דאַנציגער. איר האָט מסתמא פאַרבלאָנ־דזשעט, פריילין ? נישט אמת ?

סאַבינע איז אַ ביסעלע געקומען צו זיך.

— יאָ ! — האָט זי געענטפערט און שווער אָפּגעזיפצט.

דאַנציגער האָט געטראַכט: און אפשר איז דאָס אַ גייסטיק־קראַנקע, וועלכע האָט זיך אַרויסגעגנבעט פון אַ משוגעים־שפּיטאָל. דאָס שפּיטאָל האָט זיך טאַקע געפונען נישט ווייט פון דאַנען.

— פון וואַנען גייט איר, פריילין ? — האָט דאַנציגער געפרעגט מיט אַ טאָן פון מיטלייד.

— איך בין אַנטלאָפן...

— און ווו גייט איר איצט ? — האָט ער געפרעגט.

סאַבינע איז נישט אימשטאַנד געווען ווייטער צו רעדן. זי איז טויט־מיד־געווען.

דאַנציגער איז איצט שוין זיכער געווען, אַז ער האָט צו טון מיט אַנ׳אוננאָרמאַלער פרוי.

— און ווי גייט איר איצט ? — האָט ער געפרעגט ווידער.

— איך ווייס אַליין נישט... איך האָב נישט קיין היים...

דאַנציגער׳ן האָט אַרומגענומען אַ גרויס רחמנות אויף דעם דאָזיקן עלנדן מיידל.

„ווי עס זאָל נישט זיין, קאָן מען דאָס דאָזיקע מיידל נישט לאָזן אַליין אין דער נאַכט" — האָט ער געטראַכט.

— זעצט אייך אַריין אין מיין אויטאָ, — האָט ער געזאָגט, — וועל איך אייך צופירן אין שטאָט אַריין. אויפ׳ן וועג וועט איר מיר דערציילן, וואָס מיט אייך איז געשען. דערנאָך וועט מען זען, וואָס איר האָט ווייטער צו טון.

אין זיין שטים איז געווען אַזוי פיל מיטלייד און באַהאַרצטע מענטשלעכקייט, אַז סאַבינע האָט באַלד געקריגן צוטרוי צום דאָזיקן אונבאַקאַנטן מענטש.

זי איז געווען אויפ'ן העכסטן גראַד אָבגעשוואַכט און אויסגעמאַטערט. זי איז מער נישט אימשטאַנד געווען צו גיין, ווען זי זאָל ווייטער גיין, וואָלט זי אַוועקגעפאַלן אין מיטן וועג.

— איך דאַנק אייך זייער פאַר אייער פריינטלעכקייט! — האָט סאַבינע געזאָגט צו דאַנציגער'ן, — ווען נישט איר, וואָלט איך איצט אַוועקגעפאַלן פון מידקייט.

דאַנציגער האָט געהאָלפן סאַבינען איינשטייגן אין דעם אויטאָ, זי איז באַלד אַ טויט־מידע אַוועקגעפאַלן אויפ'ן אויסגעבעטן געזעס.

דער מאָטאָר פונ'ם אויטאָ האָט באַלד ווידער אָנגעהויבן רוישן און די מאַשין האָט גענומען לויפן מיט אַ טייוולאַנישן אימפעט אין דער נאַכטיקער ווייטקייט אַריין.

ערשט אינעווייניק, אין דעם באַלויכטענעם אויטאָ, האָט דאַנציגער באטראַכט זיין אומגעריכטן גאַסט.

סאַבינע איז געזעסן אנ'אָנגעלענטע און אירע שיינע אויגן האָבן געקוקט פאַר זיך אין שטומען צער.

דאַנציקער איז געווען אַנטציקט פון סאַבינעס ווינדערלעכער שיינקייט.

ער האָט איצט אויך נישט געזען אין אירע אויגן קיין שום סימנים פון אוננאָרמאַלקייט. זי האָט בלויז אויסגעזען מיד און איבערגעשראָקן.

„וואָס איז מיט איר געשען?" — האָט ער געטראַכט.

אַז זי האָט געהאַט עפּעס אַ שווערע איבערלעבונג, דאָס איז פאַר אים קלאָר געווען.



דפוס „אור" בע"מ פאַרלאַג „תקוה"

# סאבינע



ראָמאַן

פון אַ קראַנקן־שוועסטער

נומער 21

ער האַט געוואַלט מיט איר פאַרפירן אַ שמועס, כדי געוואר צו ווערן פון איר וועגן איר איבערלעבעניש. ער האַט אָבער געזען, ווי אירע אויגן פילן זיך אָן מיט טרערן און ער האָט איר נישט געוואַלט שטערן אַראָפּצווויינען זיך פון האַרצן.

באַלד האָבן צוויי גרויסע פערל־טרערן זיך אַראָפּגעקייקלט איבער סאַבינעס באַקן. נאָך די דאָזיקע טרערן זענען געדונען אַנדערע.

סאַבינע האָט לאַנג אַזוי געוויינט, שטיל העשענדיק. עס האָט אויסגעזען, ווי דער קוואַל פון טרערן, וואָס האָט זיך איצט געעפנט, וועט זיך גאַר קיינמאָל נישט אויסשעפן.

אָבער ענדלעך האָבן די טרערן אויפגעהערט צו פליסן און סאַבינע האָט זיך געפילט דערלייכטערט, ווי אַ שווערער שטיין וואָלט זיך אַראָפּגעקייקלט פון איר האַרץ.

דעמאָלט האָט דאַנציגער פאַרפירט אַ שמועס מיט איר.

— דערציילט! דערציילט! — האָט ער געזאָגט, — רעדט אייך אַראָפּ פון האַרץ, וועט אייך לייכטער ווערן.

און סאַבינע האָט אים דערציילט איר איבערלעבונג מיט דעם אויסגעלאַסענעם בערנאַרד קרויזער. ווי ער איז זי באַפאַלן אין מיטן שלאָף און זי איז אין דער פינצטער אַנטלאָפן אין דער נאַכט אַריין.

דאַנציגער האָט אויפמערקזאַם אויסגעהערט איר דערציילן. דערנאָך האָט ער געזאָגט:

— איך קען דעם דאָזיקן פאַרשוין, אויך בערנאַרד קרויזער איז אַלץ צו גלויבן. ער איז אַ מענטש מיט אַ פאַרדאָרבענעם כאַראַקטער.

און אין האַרץ ביי זיך האָט ער געטראַכט:

„עס איז גאָר קיין וווּנדער נישט... דאָס מיידל איז אַזוי שיין, אַז מען קאָן אַרויס פון גלייכגעוויכט"...

דאַנציגער איז נישט געווען אַזאַ פאַרדאָרבענער מענטש, ווי בערנאַרד קרויזער. אָבער אויך ער איז געווען אַ רייכער לעב־יונג, וואָס איז נישט אין גאַנצן פריי געווען פון זינד...

דער דאָזיקער דאַנציגער, וועלכער איז מיט איין מינוט פריער געווען דורכגעדרונגען פון מיטלייד, האָט אָנגעהויבן באַהערשט צו ווערן פון גאָר אַנדערע געפילן...

„דאָס וואָס קרויזערן האָט זיך נישט איינגעגעבן מיט גע־וואַלד, וועט זיך מיר איינגעבן מיט גוטן"... — האָט ער געטראַכט.

דאַנציגער האָט אַרויסגעוויזן צו סאַבינען אַזאַ העפלעכקייט און אַזוי פיל מיטגעפיל, אַז זי האָט גאָרנישט געקאָנט חושד זיין, אַז ער האָט אויך אַנדערע געדאַנקען וועגן איר...

— אַזאַ אויסוואורף! — האָט ער געזאָגט וועגן קרויזערן — אַזאַ מיאוסן פאַרשוין! וואָלט מען געדאַרפט שמידן אין קייטן ווי אַ ווילדע חיה, און האַלטן אים הינטער די קראַטן!

— איצט קאָנט איר רואיק זיין, געערטע פריילין! — האָט ער איר דערקלערט — איך וועל אייך באַשיצן פון אַלע געפאַרן!...

— איך דאַנק אייך זייער, מיין הער! — האָט סאַבינע געענט־פערט. זי איז געווען שרעקלעך מיד, סאַבינע. אירע אויגן האָבן זיך געקלעפּט צום שלאָף, ליגנדיק אַזוי אָנגעלענט אין דעם ווייכן גע־זעס פון דעם אויטאָ — האָט דער שלאָף זי ביסלעכווייז גענומען באַהערשן.

איינגעוויגט פון טרייסלען זיך פון אויטאָ — איז זי באַלד איינ־געשלאָפן מיט אַ פעסטן שלאָף.

זי איז אַזוי געשלאָפן לאַנגע שעהן.

דאַנציגער איז געזעסן און באַטראַכט איר געזיכט און די פּרעכ־טיקע פאָרמען פון איר רייצנדן קערפּער.

ער איז איצט באַהערשט געווען פון צווייערליי געפילן, וועלכע האָבן געפירט אין אים אַ קאַמף צווישן זיך.

ער האָט געפילט אַ שטאַרקן מיטלייד מיט דעם דאָזיקן פּרעכ־טיקן מיידל, וואָס פאַרפאָלגט צוליב איר וווּנדערלעכער שיינקייט.

פון דער צווייטער זייט אָבער האָט זיך אין אים פון מינוט צו מינוט געשטאַרקט דער ליידנשאַפטלעכער באַגער, זי צו באַזיצן...

לאַנג האָט דער דאָזיקער יונגערמאַן געפירט אַ קאַמף מיט זיך. דאָס געוויסן האָט אים נישט געלאָזט פּרוּוון אויסצונוצן די גע־לעגנהייט, וואָס דאָס שיינע מיידל שלאָפט איצט נעבן אים.

אָבער ביסלעכווייז איז די שטים פון געוויסן אין אים פאַר־טויבט געוואָרן פון דעם געשריי פון דער ליידנשאַפט, וואָס האָט אויפגעקאָכט אין זיין בלוט.

ער האָט פּאַמעלעך זיך צוגערוקט צו סאַבינען און אָנגעהויבן צאַרט גלעטן אירע האָר.

פאַרזונקען אין טיפן שלאָף, האָט זי נישט געשפּירט די באַרי־רונג פון זיין האַנט.

דאַנציגער האָט געטראַכט, אַז סאַבינע מאַכט זיך איצט בלויז שלאָפן צוליב שעמעוודיקייט, כאָטש זי פילט זיינע באַרירונגען.

ער האָט דעריבער געקריגן מער דרייסטקייט און ער האָט זי מיטאַמאָל אַ נעם אַרום געגעבן...

סאַבינע האָט זיך מיט שרעק איבערגעוועקט פון שלאָף. אין דער ערשטער סעקונדע האָט זי זיך נישט אָריענטירט, ווו זי געפינט זיך און עס האָט זיך איר געדאַכט, אַז זי איז ווידער אַריינגעפאַלן אין בערנאַרדס הענט.

אָבער באַלד האָט זי זיך אַרומגעזען, אַז דאָס איז דאַנציגער, איר כלומרשטער נייער באַשיצער.

איר שרעק איז אָבער נישט קלענער געווען.

זי האָט דעמאָלט מיט אַלע כוחות זיך אַרויסגעריסן פון דאַנ־ציגערס אָרעמס און זיך דערשראָקן אומגעקוקט, זוכנדיק אַ רעטונג.

אין דעם האָט זי באַמערקט אין ווענטל פון אויטאָ אַ קנעפּל, ווי פון אַן עלעקטריש גלעקל. זי האָט דאָרט אַ דריק געטאָן און עס האָט זיך דערהערט אַ סיגנאַל.

באַלד האָט דער אויטאָ זיך אַ טרייסל געטאָן און איז שטיין געבליבן.

סאַבינע האָט שנעל געעפנט דאָס טירל פון אויטאָ און איז אַרויסגעשפּרונגען.

דאַנציגער איז געווען אויסער זיך פון מיטגעפיל און חרטה, ער האָט זיך אין האַרץ געזידלט מיט די ערגסטע ווערטער.

„אַ פאָדליעץ ביזטו! אַ געמיינער יונג!" — האָט ער זיך אַליין געזידלט אין געדאַנק — „ביזט נישט בעסער ווי קרויזער, כאָטש דו האָסט גערעדט מיט אַזאַ פאַראַכטונג וועגן אים?"

— זייט מיר מוחל, פריילין! — האָט ער מיט אויפריכטיקער חרטה איבערגעבעטן סאַבינען — גייט צוריק אַריין אין אויטאָ, איך וועל אייך מער נישט באַאומרואיקן. איך גיב אייך מיין ערן־וואָרט!

— איך דאַנק אייך! — האָט אים סאַבינע צוגעוואָרפן מיט פאַראַכטונג און איז פאַרשוווּנדן געוואָרן אין דער נאַכט־פינצטערניש.

דאַנציגער איז אַרויסגעשפּרונגען פון אויטאָ און גענומען אַרומ־זוכן סאַבינען. ער האָט זי אָבער מער נישט געפונען.

אויף זיינע אַלע אויסגעשרייען האָט זיך קיינער נישט אָנגע־רופן. סאַבינע איז פאַרפאַלן געוואָרן, ווי אין וואַסער אַריין.

— ביסט אַ כאָם! — האָט דאַנציגער זיך אַליין גענזידלט — איצט ווערט דאָס מיידל אומקומען!...

ער איז אויסער זיך געווען פון אויפרעגונג און דאָס געוויסן האָט אים געפּייניקט.

— ווער האָט געקאָנט וויסן, אַז דאָס וועט זיך אַזוי ענדיקן? — האָט ער אַלץ גערעדט צו זיך.

אַ פאַרטרויערטער און פאַרשעמטער פאַר זיך אַליין האָט ער זיך צוריק אַריינגעזעצט אין אויטאָ.

סאַבינע האָט זיך דערווייל ביסלעכווייז באַרואיקט.

די פיס האָבן איר מער נישט וויי געטאָן.

זי איז איצט געווען אויסגערוט און דערפרישט נאָכן שלאָף.
ווּהין זאָל זי אָבער גיין?

דער הימל האָט זיך באַדעקט מיט בלויקייט. עס האָט אָנ־געהויבן טאָגן.

סאַבינע איז אַזוי געגאַנגען מיטן שאָסיי, פאַרטיפט אין אירע טרויעריקע געדאַנקען.

פּלוצלונג האָט זי דערהערט אַ גערויש. זי האָט זיך איינגעהערט.
„עס איז אַ באַן". — האָט זי פעסטגעשטעלט.
זי האָט אָנגעהויבן שנעל לויפן אין דער ריכטונג, פון וואַנען עס האָט זיך געטראָגן דאָס גערויש, באַלד האָט זי שוין דייטלעך געהערט דאָס סאָפּען פון אַ לאָקאָמאָטיוו.

אָט זעט זי שוין דעם באַן־פּלאַנט מיט די שינעס.
וואָס איז זי אַזוי געלאָפן?

אין דער ערשטער מינוט האָט זי אַליין נישט געוווּסט פאַר־וואָס, אָבער מיט יעדער סעקונדע איז עס פאַר איר קלאָרער געוואָרן.

„אַ וואָרף זיך געגעבן אונטערן צוג און — אַ סוף זאָל עס נעמען!"...

איר האַרץ האָט געקלאַפּט ווי מיט האַמערס — צוליבן לויפן און צוליב דער שרעק פאַר דעם, וואָס זי וויל איצט טאָן.

דער צוג האָט זיך דערנענטערט מיט אַ געוואַלדיקער שנעל־קייט. ער האָט איינגעהילט דעם אַרום מיט זיינע רויך־וואָלקנס.

סאַבינע איז געלאָפן מיט אַלע כוחות.

— מאַמע... מאַמע... — האָבן געשעפּטשעט אירע ליפּן.

אָט איז דער צוג! ווי אַ צעווילדעוועטע חיה לויפט ער אָן מיט זיינע גליאיקע רוצחישע אויגן.

נאָך עטלעכע טריט — און סאַבינע איז אויף די שינעס!

אָבער אין דעם מאָמענט האָט עס סאַבינען אַ שווינדל געטאָן אין קאָפּ. אירע אויגן האָט באַדעקט אַ פינצטערניש און זי איז אומגעפאלן...

ווען זי האָט אויפגעמאַכט די אויגן — איז דער צוג שוין נישט געווען.

עס איז שוין געווען העלער טאָג.

סאַבינע האָט זיך אויפגעהויבן און אַרומגעקוקט זיך איבערן אַרום.

אויף די אַרומיקע פעלדער האָט געהערשט אַ טויט-שטילקייט.

„וואָס איז מיט איר נאָר וואָס געשען?"

זי האָט זיך געפּרווט דערמאָנען: עטלעכע טריט נאָך און — זי וואָלט געווען אונטערן צוג. פּלוצלונג איז איר פינצטער געוואָרן פאַר די אויגן, ווי עמעץ וואָלט איר אַ פאַך געטאָן אויפן פּנים מיט אַ שוואַרץ טוך.

און דערנאָך? דערנאָך האָט זיך פאַר איר באַוויזן די ווייסע געשטאַלט פון איר מוטער...

— מאַמע! מאַמע! — האָט סאַבינע זיך צעשלוכצט, — פאַר וואָס ווילסטו מיך נישט נעמען צו זיך? מיר איז דאָך אַזוי שווער צו לעבן!

זי האָט זיך דערשראָקן פאַרן ווידערקול פון איר אייגענער שטים און זי האָט זיך אומגעקוקט.

פּלוצלונג האָבן אירע אויפן אויפגעפלויכטן זי האָט זיך איינ-געקוקט אין איין פּונקט, נישט ווייט פון די באַן־שינעס — אויף דער ערד איז געלעגן אַ ברוינער פּאָרטפעל.

סאַבינע איז צוגעפאַלן און אויפגעהויבן דעם פּאָרטפעל.

ווען זי האָט אים אויפגעעפנט — איז זי געבליבן שטיין שטאַר פון פאַרווונדערונג. דער בייטל איז געווען פול מיט באַנקנאָטן.
„איז עס נישט קיין פריידיקער סימן פאַר מיר, אַז לויפנדיק זיך רעטן אין די אָרעמס פון טויט, האָט מיר דער שיקזאַל אויסגעשטרעקט זיין האַנט?" — האָט זי געטראַכט.
„עס איז מיר נאָך באַשערט, ווייזט אויס, צו לעבן! און אפשר וועט נאָך מיין מזל אויך אויפשיינען".
איר האַרץ איז פול געווען מיט האָפענונגען און גלויבן אין דער צוקונפט.
„איצט — דאַרף איך נאָך צוריקקומען קיין וואַרשע!"
זי האָט געטראַכט איצט וועגן לעאָנען.
זי וועט קומען צו אים און דערציילן אים וועגן איר גרויסער ליבע צו אים, וועגן איר פיין און בענקשאַפט. איז עס מעגלעך, אַז ער זאָל זי אָפּשטויסן?
— ניין! האָט זי הויך אויסגערופן און זיך אַליין פאַרוווּנדערט.
זי איז געגאַנגען מיטן באַן־פּלאַנט.
זי האָט אַרויסגענומען פון פאַרטפעל איין פופציקער זלאָטעס און דעם פאַרטפעל האָט זי פאַרשטעקט אין איר בוזעם.
באַלד האָבן זיך אָנגעהויבן באַווייזן קליינע געביידעס. נישט ווייט איז געווען אַ קליינע סטאַציע.
סאַבינע איז געגאַנגען פעסט און מונטער. באַלד איז זי געווען אויף דער סטאַציע.
עטלעכע יידן און יידענעס האָבן זיך געפּאָרעט אַרום זייערע פּעקלעך.
אַ גויאישער בעל־עגלה מיט אַ רויטער נאָז האָט זיך אַרומגעדרייט מיט אַ לאַנגער בייטש.
— וועט באַלד זיין אַ צוג קיין וואַרשע? — האָט סאַבינע געפרעגט איינעם פון די יידן.
— יאָ, יאָ, טייער קינד! — האָבן זיך אָנגערופן עטלעכע יידענעס מיטאַמאָל — קויפן זי שנעל אַ בילעט!
זי האָט געקויפט אַ בילעט און אַ רעשט געגומען אַ גאַנצע קופּע זילבערנע און ניקלנע מטבעות.

באַלד איז אויך אָנגעקומען דער צוג און סאַבינע האָט זיך אַריינגעזעצט אין אַ וואַגאָן צווייטע קלאַס.

— קיין וואַרשע! קיין וואַרשע! — האָט איר האַרץ געקלאַפּט מיט פרייד.

אַ הילכיקער פייף האָט דורכגעשניטן די לופט און דער צוג האָט אָנגעהויבן זיין האַסטיקן לויף אין ווייטערן וועג.

— קיין וואַרשע! קיין וואַרשע! — האָט סאַבינע געשעפּטשעט מיט אירע ליפּן.

און עס האָט זיך איר געדאַכט, אַז נישט נאָר איר האַרץ, נאָר אויך די רעדער פון צוג קלאַפּן צו צום טאַקט פון אירע ווערטער.

— קיין וואַרשע! קיין וואַרשע!

— —

ווען זי איז אויסגעשטיגן פון צוג אויפן צענטראַל-וואָקזאַל אין וואַרשע, האָט זי זיך געפילט, ווי איר לעבן וואָלט זיך אָנגעהויבן אויפדאָסניי.

זי איז אַרויס אויף דער גאַס און געגאַנגען מיט דער ברייטער מאַרשאַלקאָווסקאַ.

ס'איז געווען מיטאָג-צייט.

פּלוצלונג האָט זי דערפילט אַ שרעקלעכן הונגער. ערשט איצט האָט זי זיך דערמאָנט, אַז זי האָט שוין אָנדערהאַלבן מעת-לעת נישט געגעסן. אַ חוץ אַ פּאָמעראַנץ און צוויי גלעזער מילך, אויפן צוג.

זי איז אַרויס אויף דער גאַס און געגאַנגען מיט דער ברייטער מיטאָג, זי האָט געגעסן מיט אַפּעטיט.

אָפּגעגעסן — האָט זי זיך פאַרטראַכט:

ווו גייט זי איצט?

אָבער באַלד האָט זי זיך אויפגעשטעלט מיט אַ פעסטן באַשלוס: פריער אויפן קבר פון דער מוטער!

זי האָט אַ רוף געטאָן אַ טאַקסאַווקע און זיך אַריינגעזעצט.

— צום יידישן בית־עלמין אויף פראַגע! — האָט זי אַ רוף געטאָן צום שאָפער און דער אויטאָ האָט אָנגעהויבן צו לויפן איבער די וואַרשעווער גאַסן.

ווי שטאַרק האָט זיך סאַבינע איצט געפרייט מיט יעדער גאַס, מיט יעדן הויז!

אַלץ איז איר דאָ געווען נאָענט און היימיש.

אָט איז זי שוין אויף דער פּראַגער בריק און באַלד אויף פּראַגע.

פאַרן טויער פון בית־עלמין איז זי אַראָפּגעגאַנגען, און אַרײַן אינעווייניק.

זי איז דורכגעגאַנגען עטלעכע אַלעען, ביז זי איז צוגעקומען צום קבר פון איר מוטער.

וויפל ליבע, וויפל בענקשאַפט האָט זי געטראָגן אין זיך צום דאָזיקן נאָענטן בערגל ערד!...

— מאַ—מע! מאַ—מע! — איז זי אוועקגעפאַלן אויפן קבר פון איר מוטער און זיך צעכליפּעט.

אַלע פּיין און שווערע איבערלעבונגען האָט זי איצט אַראָפּגעוויינט פון איר האַרץ.

כאָטש סאַבינע איז נישט געווען אַבערגלויבעריש. האָט זי פונדעסטוועגן טיף געגלויבט, אַז איר מוטערס גייסט וואַכט איבער איר אומעטום, ווי זי געפינט זיך נאָר.

דאָס געשעעניש דאָרט ביים לויפנדן צוג, ווען זי איז אַוועקגעפאַלן און עס האָט זיך צו איר באַוויזן דער מוטערס געשטאַלט, האָט נאָך פאַרשטאַרקט אין איר דעם דאָזיקן גלויבן.

זי האָט דעריבער איצט געדאַנקט איר מוטער פאַר איר וואַכן איבער איר און באַשירעמען זי...

זי איז לאַנג אַזוי געלעגן אויפן קבר און אַראָפּגעוויינט זיך פון האַרץ.

— אפשר אַן „אל מלא רחמים"... — האָט זי דערהערט אַ שטים נעבן זיך.

זי האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ.

נעבן איר איז געשטאַנען אַן עלטערער ייִד מיט אַ ווייסער באָרד. ער האָט אויסגעזען ווי אליהו הנביא.

— מאַכן אַן „אל מלא רחמים"? — האָט דער ייִד נאָכאַמאָל געפרעגט.

— מאַכט, מאַכט, ליבער ייִד! — האָט סאַבינע געזאָגט און דער גרייז־גרויער ייִד האָט זיך צעזונגען מיט אַ טרויעריק קול.

סאַבינע האָט דעם ייִד דערלאַנגט עטלעכע זילבערנע מטבעות און איז אַרויס פון בית־עולם.

זי האָט זיך איצט דערמאָנט וועגן אַלעם, וואָס עס איז מיט איר פאַרגעקומען און עס האָט זיך איר אויסגעוויזן, ווי אַן אויס־טערלישער חלום.

איצט — צו לעאָנען.

זי מוז אַהינגיין צו אים!

אָבער צי איז שוין נישט אַמאָל רעגינע זיין פרוי און ווען זי וועט אַריינקומען, וועט זי זיי טרעפן צוזאַמען גליקלעך און צופרידן?

אַלע ווונדן האָבן זיך איר געעפנט אויפסניי ביים דאָזיקן געדאַנק.

צי האָט נישט לעאָן שוין אין גאַנצן פאַרגעסן אָן איר? פון וואַנען ווייסט זי, אַז ער איז בעסער פון אַנדערע מענער?

אָבער איר האַרץ האָט איר געזאָגט, אַז לעאָן איז טאַקע אַן אַנדערער, אַז ער ליבט זי פון גאַנצן האַרץ, אַז ווען זי וועט זיך באַווייזן פאַר אים, וועט ער זי אויפנעמען מיט פרייד.

זי איז אַוועק אין אַ קליידער מאַגאַזין און זיך איינגעקויפט אַ טייערן טואַלעט. זי האָט זיך איינגעקויפט עלעגאַנטע שיך, אַ הוט און אַנדערע קלייניקייטן.

דערנאָך איז זי אַוועק אין אַ האָטעל, ווי זי האָט זיך געדונגען אַ צימער. זי האָט זיך אַביסל אָפּגערוט, דערנאָך האָט זי זיך איבערגעטאָן און אַרויס אין גאַס.

זי האָט צוגעטראַכט אַ פּלאַן: אין אָוונט, איידער מען פאַרשליסט דעם טויער פון לעאָנס פּאַלאַץ, וועט זי זיך אַריינגנבנען אינעווייניק. דאָרט וועט זי זיך באַהאַלטן צווישן די בוימער אין גאָרטן.

ערשט שפּעט אין אָוונט וועט זי אַנקלאַפּן ביי לעאָנען און אים אויפוועקן פון שלאָף.

— איך בין צו דיר געקומען! — וועט זי אים זאָגן — איך האָב געבענקט נאָך דיר! איך קאָן אָן דיר נישט לעבן! טו מיט מיר, וואָס דו ווילסט! ראַטעווע מיך, אָדער שטויס מיך אין אָפּ-גרונט.

זי האָט זיך פאַרהילט דאָס פּנים אין אַ געדיכטן וואַל, וועל-

כן זי האָט ספּעציעל געקויפט. און איז אַראָפּ אויף דער גאַס.
זי האָט זיך אַריינגעזעצט אין אַ טאַקסוווקע און געזאָגט צום שאָפער:
— אַלעיע אויאזדאָווסקאַ!
ס'איז שוין געווען שפּעט אין אָוונט, ווען סאַבינע איז צו־געקומען צו לעאָנס טויער.
זי איז אַריין אינעווייניק און שנעל געאײַלט צום גאָרטן, דער הויף איז געווען ליידיק און קיינער האָט זי נישט געקאָנט באַמערקן.
זי האָט זיך באַהאַלטן צווישן די בוימער און געוואַרט...
קיין פּעדער איז דאָס נישט אומשטאַנד צו באַשרייבן, וואָס די אָרעמע סאַבינע האָט איצט איבערגעלעבט.
איר האַרץ האָט געצאַפּלט, ווי אַ פויגל אין אַ שטייג, אָ, ווי זי האָט געוואָלט שוין זען לעאָנען!
„איין קוק טאָן אויף אים און שטאַרבן!" — האָט זי בײַ זיך געטראַכט.
זי האָט זיך אָבער פעסט געהאַלטן בײַ איר באַשלוס אָנצו־קלאַפּן בײַ לעאָנען ווען ער וועט זיין אַליין.
„אָבער צי וועט ער טאַקע זיין אַליין."
זי האָט נישט געוואָלט טראַכטן וועגן דעם!
ווי אַ קינד עקשנט זיך אַמאָל איין, אַז עס וויל דאָס זילבערנע טעלערל פון הימל, און עס וויל נישט וויסן, אַז דאָס איז אומ־מעגלעך — פּונקט אַזוי האָט סאַבינע אין איר קינדערישער אומ־באַהאָלפנקייט זיך אויסגעמאָלט, אַז עס וועט זיין אַזוי, ווי זי ווינטשט זיך.
„ער וועט זיכער זיין אַליין.. איך וועל אַריין צו אים און אים זאָגן: טייערער! איך האָב געבענקט נאָך דיר!"...
אין אַלע פענצטער איז דאָס ליכט שוין געווען פאַרלאָשן. אַרום איז געווען — פינצטערניש און שטילקייט.
סאַבינע איז אַרויס פון איר באַהעלטעניש צווישן די בוימער און אַריין אין הויף.
פּלוצלונג האָט זי באַמערקט אַ ליכט־שיין. איין פענצטער אין הויף איז געווען באַלויכטן. עס איז געווען דאָס פענצטער פון

יענעם צימער, ווי רעגינע האָט פאַרברענגט מיט דעם אַמעריקאַ־נער מיסטער דזשייקאָב מייקעלסאָן.

„ווער קאָן דאָרט איצט זיין אין דעם צימער?" — האָט סאַבינע געטראַכט.

זי האָט אָבער פאַרשטאַנען, אַז לעאָן איז דאָרט זיכער נישטאָ און זי האָט דעריבער זיך גענומען גיין צו לעאָנס צימער.

אָבער פּלוצלונג האָט זיך אין דער נאַכט־פינצטערניש באַוויזן אַ טונקעלע פרויען-געשטאַלט.

סאַבינע האָט אויפגעציטערט פון שרעק.

„ווער קען עס זיין?" — האָט זי געטראַכט.

אַ געדיכטער וואַל האָט פאַרהילט דאָס פּנים פון יענער פרוי, פונקט ווי סאַבינעס געזיכט. די דאָזיקע פאַרהילטע געשטאַלט האָט זיך דערנענטערט צו דעם אָרט, וווּ סאַבינע איז געשטאַנען.

עפּעס אַ פאָרגעפיל האָט סאַבינען געזאָגט, אַז פון דער זייט פון דער פאַרהילטער געשטאַלט דראָט איר אַ געפאַר.

זי האָט זיך שוין געגרייט צו אַנטלויפן. אָבער אין דעם מאָ־מענט האָט די טונקעלע געשטאַלט אויפגעדעקט דעם וואַל פון איר געזיכט און סאַבינע האָט דערזען רעגינעס בלאַס פּנים.

כאָטש סאַבינע איז אויך געווען פאַרהילט אין אַ געדיכטן וואַל, האָט רעגינע זי באַלד דערקענט.

עס איז גענוג געווען פאַר איר אַ קוק צו טאָן אויף סאַבינעס פיגור, זען איר גאַנג, אַז זי זאָל דערקענען איר פאַרהאַסטע קאָנ־קורענטקע.

רעגינע האָט פאַרשטאַנען, אַז זי מוז איצט זיין רואיק און שטרענג, אויב זי וויל נישט מיטאַמאָל אַלץ פאַרשפּילן.

עס איז דאָך גענוג געווען, אַז לעאָן זאָל סאַבינען דערזען — און רעגינעס אַלע פּלענער וואָלטן צעשטערט געוואָרן.

— וואָס טוסטו דאָ ביינאַכט? — האָט רעגינע קאַלט געפרעגט, — וואָס קריכסטו דאָ אַרום און וואָס זוכסטו דאָ?

סאַבינען האָט דאָס מויל זיך נישט געקענט עפענען פון אי־בערראַשונג און שרעק.

— קומט מיט מיר! — האָט רעגינע צוגעגעבן — כ'וויל מיט אייך רעדן!

סאַבינע איז אַלץ געשטאַנען אַ צעמישטע און נישט געקאָנט

קיין וואָרט אַרויסרעדן. זי איז נאָכגעגאַנגען נאָך רעגינען.
רעגינע האָט זי אַריינגעפירט אין איר צימער. זי האָט פאַרמאַכט די טיר און אָנגעצונדן דעם עלעקטריע.
סאַבינע איז געשטאַנען אַ ציטערנדיקע אין גאַנצן אין דעם פּרעכטיקן צימער, וועלכער איז נישט לאַנג צוריק געווען באַשטימט פאַר אירטוועגן.
רעגינע האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אויף אַ פאָטעל. זי האָט סאַבינען צומאָל נישט געבעטן זיצן.
קוקנדיק אויף סאַבינען מיט האַס און גרינגשעצונג, האָט זי צו איר געזאָגט.
— צום גליק האָט מיר דער קאָפּ ווי געטאָן. איך האָב נישט געקאָנט שלאָפן און בין אַרויס זיך איבערשפּאַצירן. אַזוי אַרום האָב איך אייך געשטערט אין אייערע פאַרברעכערישע פּלענער...
זי איז אַנטשוויגן געוואָרן אויף אַ ווײַלע און דערנאָך צוגע־געבן:
— וואָס טוט איר דאָ? פאַרוואָס קומט איר שטערן די רו אין אונדזער הויז?
אין סאַבינעס אויגן האָבן זיך באַוויזן צוויי גרויסע טרערן, וועלכע האָבן זיך באַלד אַראָפּגעקייקלט איבער אירע באַקן.
— ניין, גנעדיקע פרוי, נישט צו שטערן עמיצנס רו בין איך אַהערגעקומען, — האָט סאַבינע געזאָגט, — נאָר צו זוכן אַביסל רו פאַר מיין אומרואיק געמיט...
— און כאָטש דאָס האַרץ פּלאַצט אין מיר פאַר ווייטאָג... — האָט זי צוגעגעבן — אויב לעאָן איז שוין אייער מאַן, לעבט גליק־לעך און צופרידן!...
— טאָ וואָס־זשע טוט איר דאָ? — האָט רעגינע שטרענג געפרעגט.
— איך בין אַהער געקומען, ווײַל...
טרערן האָבן איר געשטיקט אין האַלדז און זי האָט נישט געקאָנט אַרויסריידן קיין וואָרט.
— ווײַל... — האָט זי ענדלעך פאַרענדיקט מיט אַ פאַרשטיק־טער שטים, איך האָב נאָך איין מאָל געוואָלט אַריינקוקן אין די אויגן פון דעם, וועמען איך האָב ליבער ווי אַלץ אין דער וועלט, ווי מיין אייגן לעבן!...

רעגינען האָבן איצ נישט אינטערעסירט מער סאַבינעס רייד, די דאַזיקע רייד, וואָס זענען געווען ווי שטיקער בלוט פון האַרץ, וואָס האָבן געקענט אַ שטיין רירן — האָבן רעגינען געלאָזן קאַלט און גלייכגילטיק.

רעגינען האָט אינטערעסירט עפּעס אנדערש:

„סאַבינע מיינט, אַז איך האָב שוין חתונה געהאַט מיט לעאָנען!“ — האָט זי געטראַכט.

„דאָס איז אויסגעצייכנט“.

— איך פאַרשטיי אייך, איך פאַרשטיי אייך, האַרציק קינד! — האָט די פאַלשע רעגינע זיך אָנגערופן — און איך פיל אייך שטאַרק מיט... אָבער.. איך קען אייך ישט צוליב טאָן, אייך דערלויבן צו זען זיך מיט מיין מאַן...

— איך ווייס. אַז עס וועט אייך זייער ווי טאָן, ווען איך וועל עס אייך זאָגן, — האָט די פאַלשע שלאַג ווייטער גערעדט, — אָבער איך מוז אייך זאָגן דעם אמת: טאָמער טראָגט איר זיך אַרום מיט פּאַטאַזיעס, אַז מיין מאַן געדעקט אין אייך...

סאַבינע האָט פאַרביסן די ליפּן, כדי ישט אַרויסצושרייען אַזוי טיף האָבן איר די דאַזיקע ווערטער געשטאָכן.

—...מוז איך אייך אַרויספירן פון אייער פאַרבלענדקייט... מיין מאַן געדענקט גאַרנישט וועגן אייך...

סאַבינע האָט אַ געשריי געטאָן און פאַרדעקט מיט ביידע הענט איר פּנים... זי האָט געפילט, ווי מען וואָלט איר האַרץ געריסן מיט אָנגעגליטע צוואַנגען.

אָבער די טיראַנישע פרוי, רעגינע, האָט נישט אויפגעהערט צו פייניקן די אומגליקלעכע סאַבינע מיט אירע גיפטיקע רייד:

— כד אייך אין גאַנצן קלאָר מאַכן די זאַך — האָט רעגינע ווייטער דערקלערט, — מוז איך אייך זאָגן, אַז לעאָן, מיין מאַן, האָט זיך פון לאַנג געליבט מיט מיר...

סאַבינע האָט ווידער געוואָלט אַרויסשרייען, אָבער דער קול איז איר פאַרשטיקט געוואָרן אין האַלדז.

— נאָך דעם, ווי מיין מאַן האָט געמיינט, אַז איר זענט טויט, — האָט רעגינע ווייטער געזאָגט, — האָט ער מיך נאָך ליבער געקריגן...

רעגינע האָט פאַרענדיקט אירע רייד:

— איצט פריילן, איז פאַר אייך אַלץ קלאָר. לעאָן האָט מיר איבערגעבעטן צוליב זיין פאַראַט מיט אייך און ער האָט מיר פאַרזיכערט, אַז ער געדענקט שוין אפילו נישט אָן אייך...

סאַבינע האָט יאַמערלעך געשלוכצט, צודריקנדיק איר האַנט צום האַרץ. דאָס האַרץ האָט איר ווי געטאָן, ווי אַ בלוט־טריפנדיקע וווּנד.

אָבער סאַבינע האָט נאָך אַלץ ווייניק געהאַט. זי האָט ווידער אָנגעהויבן דורכצושטעכן סאַבינען מיט אירע גיפטיקע רייד, ווי מיט אָנגעגליטע שפּיזן:

— לעאָן האָט זיך פאַרענטפערט פאַר מיר, אַז צוליב דעם, וואָס איך בין לאַנג נישט געווען נעבן אים, האָט ער זיך אַביסל פאַרגעסן...

— איך האָב באַגעגנט די דאָזיקע סאַבינען, האָט מיר לעאָן געזאָגט, און... איך האָב זיך דערנענטערט צו איר, כאָטש איך האָב זי נישט געליבט. איך האָב בלויז רחמנות געהאַט אויף איר צוליב איר אָרעמקייט...

— דערנאָך, — האָט מיר לעאָן ווייטער דערציילט, — ווען סאַבינע האָט מיר אַרויסגעוויזן אַזאַ איבערגעגעבנקייט ביי מיין קראַנקהייט, האָב איך געפילט, אַז איך האָב אַ פליכט צו איר, ווען זי איז געשטאָרבן, האָט עס מיר שטאַרק ווי געטאָן.

— אָבער איצט, האָט מיר לעאָן פאַרזיכערט, בין איך צוריק פריי און איך זע, אַז מיין האַרץ ציט נאָר צו דיר. נאָר מיט דיר פיל איך זיך גליקלעך.

— איר פאַרשטייט? — האָט רעגינע פאַרענדיקט אירע ליגנערישע רייד, — אַזוי שטעלט זיך פאָר די זאַך, טייער קינד.

סאַבינע האָט איצט אַריינגעהעשעט אין זיך מיט די לעצטע כוחות.

„אַך! ווען די ערד עפנט זיך איצט פאַר איר און נעמט זי אַריין אין איר קילער־שויס!" — דאָס אַז איצט געווען דער איינציקער געדאַנק אין סאַבינעס מוח.

רעגינע האָט מער נישט גערעדט. אין צימער האָט געהערשט אַ טויט־שטילקייט, וועלכע איז נאָך פון ווײַלע צו ווײַלע איבערגעריסן געוואָרן דורך סאַבינעס אַ שלוכץ.

אָבער פּלוצלונג —

ווי דער הימל אַליין וואָלט נישט געקאָנט פאַרטראָגן רעגינעס פאַלשע ליגנערישע רייד — האָט אַ בליק דורכגעשניטן די נאַכט און באַלויכטן די פינצטערניש אויף די שויבן.

אין דרויסן האָט זיך אָנגעהויבן אַ מוראדיקער שטורעם. עס האָט געגאָסן, ווי מיט צעבערס. בליצן האָבן צעשניטן דעם הימל אויף שטיקער און דונערן האָבן אויפגעטרייסלט די ערד...

אָבער רעגינע האָט נאָך אַלץ נישט אויפגעהערט צו פּייניקן דאָס אומגליקלעכע מיידל, וואָס האָט כסדר געהעשעט.

— איר דאַרפט פונדעטסטוועגן נישט זיין פאַרצווייפלט, טייער קינד!... — האָט די פאַלשע שלאַנג ווייטער גערעדט, — ס'איז בעסער, אַז איר זאָלט וויסן דעם טרויעריקן אמת, איידער צו לעבן אין טעות...

— ווען איר האָט זיך דעמאָלט באַוויזן אויף אונדזער שוועל, — האָבן מיר זיך דערשראָקן אויף טויט. מיר זענען זיכער געווען אַז אייער בלאַנדזשענדיקער גייסט האָט זיך צו אונדז באַוויזן.

— מיר האָבן דעמאָלט באַלד צומאָרגנס געלאָזט עפענען אייער קבר און...

רעגינע האָט זיך אַ ווײלע פאַרטראַכט. דערנאָך האָט זי צוגעגעבן:

— און... אייך נישט געפונען, דאָרט איז געלעגן אַן אַנדערע.

— כאָטש מיין מאַן האָט גאָרנישט געטראַכט וועגן חתונה האָבן מיט אייך, האָט ער פונדעסטוועגן אַרויסגעשיקט שליחים, זיי זאָלן אייך זוכן, ווו עס איז נאָך מעגלעך.

— ווייל מיין מאַן, — האָט זי ווייטער געזאָגט, — איז אַן איידעלער מענטש און ער איז אייך זייער דאַנקבאַר פאַר אייער געטרייען באַדינען אים... ער האָט זיך דעריבער געזאָרגט וועגן אייך...

סאַבינעס אויגן האָבן איצט געגליט פון צאָרן.

צי איז זי איצט אין כעס אויף לעאָנען? צי אויף רעגינען?!

ביי רעגינעס גאַנצער העפלעכקייט האָט סאַבינע געפילט דעם גיפט פון אירע רייד?

דפוס „אור" בע"מ, שדר' הר ציון 104, ת"א פאַרלאַג „תקוה"

# סאבינע



ראמאַן
פון אַ קראַנקן־שוועסטער
נומער 22

זי האָט זיך אַליין נישט געקענט דערפון אָפּגעבן אַ רעכענונג. רעגינע האָט פאַרענדיקט:

— איצט בין איך גרייט אויסצופירן מיין מאַנס ווונטש: געבן אייך אַ גענוג גרויסע סומע געלט, אַז איר זאָלט קאָנען פירן אַ רואיק לעבן... אָבער מיט איין באַדינג: מען זאָל אייך מער נישט זען און ישט הערן פון אייך!...

סאַבינען האָבן די לעצטע ווערטער געטראָפן, ווי דער ביס פון אַ שלאַנג אין סאַמע האַרץ אַריין.

זי איז אויפגעשפרונגען פון איר אָרט.

— איך דאַנק אייך! — האָט זי אויסגערופן — איך דאַנק אייך פאַר אייער איידלקייט און גוטסקייט...

סאַבינעס ליפּן האָבן זיך אויסגעקרימט אין אַ ביטערן שמייכל.

— איך דאַרף נישט אייער געלט! און ווייזן זיך פאַר אייך... וועל איך זיך אויך נישט מער...

סאַבינע האָט געפילט, ווי די קרעפטן פאַרלאָזן זי. זי האָט זיך צוריקגעזעצט אויף דעם פאָטעל און מיט אַ שוואַכער שטים געזאָגט:

— גריסט לעאָנען אין מיין נאָמען... זאָגט אים, אַז... — טרערן האָבן זי געשטיקט אין האַלדז און זי האָט קוים פאַרענדיקט — אַז... איך וועל אים אייביק ליב האָבן...

ווידער האָט אַ שטראָם פון טרערן אַ פלייץ געטאָן פון אירע אויגן.

זי האָט זיך אויפגעשטעלט און מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ זיך גענומען גיין צום אַרויסגאַנג.

פּלוצלונג האָבן זיך דערהערט הינטער דער טיר פעסטע מענלעכע טריט.

באַלד האָט עמיץ לייכט אָנגעקלאַפּט אין דער טיר.

— רעגינע! — האָט לעאָן אַ רוף געטאָן — דו שלאָפסט נאָך נישט?

ביידע פרויען האָבן אויפגעציטערט און זענען בלאַס געוואָרן, ווי דער טויט...

—עפן אויף, רעגינע! — האָט לעאָן געזאָגט — דאָס בין איך דאָך, לעאָן!

רעגינע האָט געפילט, ווי דאָס בלוט גליווערט איר אין די

אַדערן... זי האָט געהאַט דעם איינדרוק, אַז דאָס האַרץ שטאַרבט אָפּ אין איר...

סאַבינעס אויגן האָבן אויפגעלויכטן פון אומענדלעכער פרייד. זי האָט שיער נישט אַ געשריי געטאָן פאַר איבערראַשונג.

„ווען איך אים נאָך זען, איידער איך פאַרלאָז דאָס דאַזיקע הויז?" — האָט זי געטראַכט.

איר האַרץ האָט געקלאַפּט ווי מיט האַמערס...

## קאַפּיטל דרייַ און דרייסיק

# וואָס אַן אויסוווּרף קען...

ענדלעך איז פרוי גליקסאָן געווען פריי...

די גט־צערעמאָניע ביים מורה־הוראה אויף דער דזשיקע גאַס האָט נישט לאַנג געדויערט.

— פאַרוואָס ווילט איר זיך גטן? — האָט דער רב געפרעגט.

— מיין מאַן איז אַ פאַרברעכער געוואָרן... ער איז עטלעכע יאָר אינגאַנצן נישט געווען אין דער היים און מיך פאַרלאָזט מיט מיין קינד...

— און פאַרוואָס האָסטו דאָס געטאָן, האַ? — האָט דער רב שטרענג געפרעגט איגנאַצן.

— ווייל... האָט דער אויסוווּרף געענטפערט מיט אַ לאַבוסע־וואַטע שמייכעלע — ווייל... עס האָט זיך מיר געגלוסט אַזוי...

איגנאַץ האָט שוין אויך געוואָלט האָבן אָפּגעפטרט דעם גט, ער האָט דאָך געדאַרפט צוקריגן די רעשט געלט פון אַדאָלף מאַרגענטאַלן.

איגנאַצס חוצפהדיקער ענטפער האָט דערגרייכט זיין ציל. דער רב האָט באַלד דערזען, מיט וועמען ער האָט צו טאָן און ער האָט דורכגעפירט די גט־צערעמאָניע.

אין פאָדערצימער האָט געוואַרט אַדאָלף מאַרגענטאַל.

ווען ליזע איז אַרויסגעקומען פון רבס צימער, האָט אַדאָלף זיך שטאַרק מיט איר דערפרייט.

ער האָט אַ קוש געטאָן איר האַנט און געזאָגט:

— איצט ביסטו שוין פריי, טייערע!... ווי גליקלעך וואָלט איך

געוועזן, ווען אויך איך זאָל שוין אַזוי פריי זיין, ווי דו! איך פאַר־האָף, אַז אין גיכן וועט שוין גאָרנישט שטיין אויפן וועג צו אונדזער גליק...

זיי זענען ארויס אויף דער גאַס.

גייענדיק צוגעטוליעט איינס צום אַנדערן, האָט די געליבטע פאַר גאָרנישט באַמערקט, ווי איגנאַץ האָט מיט פאַרביסנקייט נאָכ־געקוקט זייער יעדע באַוועגונג.

זיי האָבן אויך נישט באַמערקט, ווי איגנאַץ איז אַרונטער הינטער אַ קיאָסק און פון דאַרט האָט זיך באַוויזן זיין אַרויסגעשטעקטער קאָפּ מיט גליענדיקע אויגן...

ער איז אויך דאַרט נישט געוועזן אַליין. נעבן זיין פּנים האָט זיך באַוויזן נאָך אַ געזיכט — אַ געזיכט אַ פינצטערס, אַ פאַרדעכטיקס. ביידנס אויגן האָבן זיך איינגעגעסן אין ליזעס געזיכט.

— קוק זיך גוט איין אין איר, „אַדוואָקאַט"! — האָט איגנאַץ געשעפּטשעט צו זיין פאַרדעכטיקן חבר — זאָלסט זי דערקענען...

— האָב נישט קיין מורא, פּשיאַטשעלו! — האָט דער „אדוואָ־קאַט" געענטפערט — איך וועל זי דערקענען צווישן טויזנט אַנדערע!

דער „אַדוואָקאַט" האָט צעשפּרייט דאָס מויל אין אַ ברייטן שמייכל:

— ס׳איז אַ וואַזשנע שטיקל סחורה! — האָט ער געזאָגט צו איגנאַצן — ווען איך האָב אַ טוץ אַזעלכע, וואָלט איך געוועזן רייַ־כער, ווי ראָטשילד...

— נעמט זי די כאָלערע! — האָט איגנאַץ בייז געזאָגט.

— זע נאָר, זע נאָר, ווי דעם פּעטן חזיר רינט די סלינע פון פּיסק! — האָט דער „אַדוואָקאַט" געוויזן מיט אַ פינגער אויף אַדאָלפן.

— ווי זיי קוועטשן זיך איינס דאָס אַנדערע!... — האָט איג־נאַץ צוגעגעבן מיט אַ ביטער שמייכעלע — אָבער ס׳וועט אים דערעסן ווערן דאָס קוועטשן זיך...

— וואַרט אַ רגע! — האָט איגנאַץ ווייטער געזאָגט — איך קום די מינוט צוריק!

ער האָט אויסגעגלייכט אויף זיך די מאַרינאַרקע און גענומען גיין צו דעם שפּאַצירנדיקן פּאָרל.

אין דער האַנט האָט ער געהאַלטן אַ גרויסן בוקעט פון ביליקע בלימעלעך.

אַנגעקומען, האָט איגנאַץ זיך טיף פאַרנויגט און געזאָגט מיט חוזק:

— מזל־טוב דיר, מיין געוועזן ווייב! איך פריי מיך אויך, וואָס דו ביזט ענדלעך פריי און גליקלעך!...

ער האָט איר דערלאַנגט דעם בוקעט.

ליזע האָט אויף אים געוואָרפן אַ בליק פול מיט פאַראַכטונג און דעם בוקעט האָט זי געלאָזט אין זיין אויסגעשטרעקטער האַנט.

פרוי גליקסאָן האָט איצט געפילט אַ טיפן עקל צו איר געוועזענעם מאַן. זי האָט חשק געהאַט אים אַ שפיי צו טאָן אין געמיינעם פנים אַריין:

אין דעם זעלבן מאָמענט האָט זי אויך באַהערשט אַ געפיל פון אומבאַשטימטער שרעק.

זי האָט זיך צוגעטוליעט צו אַדאָלפן, ווי אַ קראַנק קינד צו זיין מוטער.

אַדאָלף האָט אָפּגעמאָסטן איגנאַצן מיט אַ שטרענגן בליק און געזאָגט צו אים:

—מיר דאַנקען אייך זייער פאַר אייערע אויפריכטיקע ווונטשן, אָבער דאָס זאָל זיין דאָס לעצטע מאָל... איר פאַרשטייט?... איר געהערט זיך איצט מער מיט ליזען גאָרנישט אָן!...

איגנאַץ האָט זיך טיף פאַרנויגט.

— אנטשולדיקט מיר!... אַנטשולדיקט... איך... איך בין גאָר־נישט אויסן געווען... כ'האָב נאָר געוואָלט זאָגן מזל־טוב... מיין גע־וועזענער פרוי.

— גענוג! גענוג! — האָט אַדאָלף ענערגיש אַ באַוועג געטאָן מיט דער האַנט — איר וועט אייערע כיטרע שטיק פראָווען ער־געץ אַנדערש!...

— איך.. איך גיי שוין... — האָט איגנאַץ געשטאַמלט — אַז איר ווילט... צאָלט מיר שוין אויס און... איר וועט מיר מער נישט זען פאַר אייערע אויגן...

אַדאָלף האָט אַרויסגענומען פון בוזעם־טאַש אַ טשעק־ביכל און איגנאַצן געגעבן אַ טשעק אויפן געלט, וואָס ער האָט אים געדאַרפט צוצאָלן.

— איצטער — טראָגט אייך אָפּ! — האָט אַדאָלף שטרענג געזאָגט — און לאָמיר אייך מער נישט זען!

— ביטע זייער... ביטע זייער, כ'טראַג זיך שוין אָפּ... — האָט איגנאַץ אַ זאָג געטאָן מיט אַן איראָנישער שטים און האָט שנעל פֿאַרקערעוועט אין אַ זייטיקן געסל.

אַדאָלף האָט אַנגענומען ליזען אונטערן אָרעם און זיי זענען ווייטער געגאַנגען.

— אָ, ווי גליקלעך איך בין איצט, מיין טייערער... — האָט ליזע זיך געטוליעט צו זיין אָרעם און אים אַנגעקוקט מיט פֿאַר־ליבטע אויגן. — ענדלעך האָבן מיר זיך ביידע באַפֿרייט פֿון דעם דאַזיקן אויסוואורף, וועלכער איז אַמאָל געווען מיין מאַן. גאָט מיינער, ווען איך דערמאָן זיך, אַז אָט דער דאַזיקער מענטש איז געווען מיין מאַן, שוידער איך אינגאַנצן אויף.

— איצט דאַרפֿסטו דאַנקען גאָט, וואָס דו ביזט ענדלעך פּטור געוואָרן פֿון דיין פֿאַרברעכערישן מאַן...

זיי זענען נאָך געגאַנגען אַ געוויסע צייט און געשמועסט וועגן זייער צוקונפֿט, וועגן דעם גליקלעכן צוזאַמענלעבן, וואָס זיי דער־וואַרט.

אָבער נישט ליזע און נישט מאָרגענטאַל האָבן נישט באַמערקט, ווי אויף דער צווייטער זייט טראָטואַר גייט זיי נאָך טריט ביי טריט דער „אַדוואָקאַט" מיט אַן אַראָפּגערוקט היטל ביז די אויגן.

אַדאָלף האָט אַ קוק געטאָן אויפֿן זייגער. ער האָט זיך דער־מאָנט, אַז אויף פֿינף אַ זייגער האָט ער באַשטימט אַ זיצונג אין דער באַנק, און דער זייגער איז שוין געווען צען מינוט נאָך פֿינף.

— טייערע מיינע, — האָט ער זיך אַנטשולדיקט פֿאַר ליזען, — איך מוז שוין גיין, ווייל אויף פֿינף אַ זייגער האָב איך באַשטימט אַ זיצונג אין דער באַנק, קום וויל איך דיך צופֿירן צו דער טראַמוויי־סטאַציע.

ער האָט נישט געוואַרט ביז עס וועט אָנקומען דער טראַמ־וויי, ווייל ער האָט זיך שטאַרק געאיילט.

גראָד איז פֿאַרבייגעפֿאָרן אַ ליידיקע טאַקסוווקע. אַדאָלף איז אין איר איינגעשטיגן און זיך געזעגנט מיט ליזען מיט אַ לופֿט־קוש.

— אַרום אַכט אַזייגער אין אוונט בין איך ביי דיר, — האָט ער ליבלעך געשמייכלט, ווען די טאַקסוווקע האָט זיך שוין גערירט פֿון אָרט.

ליזע האָט אומגעדולדיק געוואַרט אויפֿן טראַמוויי. זי האָט שוין

וואָס שבעלער געוואָלט זיין אין דער היים, כדי צו זען איר ליב קינד.
פלוצלונג איז פאַר איר אויסגעוואַקסן דער „אַדוואָקאַט״, וועלכן זי האָט, פאַרשטייט זיך, נישט געקענט.
אויף זיין געזיכט האָט גערוט אַ מילד שמייכעלע.
זי האָט אים פאַרוואונדערט אָנגעקוקט. הם... ווער קאָן דאָס זיין ? יענער קוקט אויף איר אַזוי, ווי ער וואָלט זי גוט געקענט.
— צי האָב איך נישט קיין טעות ? — האָט דער „אַדוואָקאַט״ ענדלעך אַ פרעג געטאָן, — פריילין ליזע גאָלדמאַן.. יאָ!
ליזע האָט אים פאַרוואונדערט אָנגעקוקט. איר מיידל־נאָמען איז טאַקע געווען גאָלדמאַן. פון וואַנעט קען זי יענער ?
— יאָ, האָט זי געענטפערט, — כאָטש היינט הייס איך שוין אַנדערש.
— איר שטאַמט פון לאָמזשע ?
— יאָ, — האָט ליזע זיך נישט אויפגעהערט צו וווּנדערן, פון וואַנען דער אומבאַקאַנטער ווייסט אפילו פון וואנען זי שטאַמט.
— אייער פאָטער איז געווען אַ תבואה־הענדלער ?
— יאָ... אָבער פון וואַנען קענט איר מיך ? ווער זענט איר ?
דער „אַדוואָקאַט״ האָט געשמייכלט.
— פון וואַנען איך קען אייך ? איך אַליין שטאַם נישט פון לאָמזשע, נאָר איך פלעג אָפט קומען צו מיינע אַ קוזינע, וועלכע האָט געוווינט אויף דער זשאַנדאַװאַ גאַס... פייגעלע בערנהאָלץ האָט איר געקענט ?
— פייגעלע בערנהאָלץ איז אייער קוזינקע ? אַזוי ? — איז ליזע געוואָרן איבערראַשט. — דאָס איז דאָך געווען מיינע אַ גוטע חברטע. מיר זענען געגאַנגען אין איין גימנאַזיע. ווו געפינט זי זיך היינט ?
— אַך זי האָט איבערגעלעבט אַ שווערע טראַגעדיע, — האָט דער „אַדוואָקאַט״ אַ לייכטן זיפץ געטאָן.
— וואָס איז געשען האָט ליזע געמאַכט אַ דערשראָקענע מינע.
— שטעלט אייך פאָר, זי האָט מיט עטלעכע יאָר צוריק חתונה געהאַט מיט איינעם, וועלכער האָט זיך פאַר איר און פאַר איר פאַ־מיליע פאַרגעשטעלט אַלס אַמעריקאנער. נאָך דער חתונה זענען זיי אָפּגעפאָרן פון פוילן און איך משך פון אַ יאָר צייט האָט מען וועגן פייגעלען נישט געהערט...

— מסתמא אַ פּרויען-הענדלער, יאָ ?... — האָט ליזע אַזש אויפגעציטערט — אַזוי שטאַרק האָט זי זיך איבערגענומען מיט דעם, וואָס דער „אַדוואָקאַט" האָט איר דערציילט.
—איר האָט געטראָפן. דער דאָזיקער מכלומרשטער אַמעריקאַנער האָט זי פאַרפירט קיין אַרגענטינע. ערשט אין אַ יאָר אַרום איז פייגעלען געלונגען זיך אַרויסצורייסן פון דעם שאַנד-הויז, ווו דער אויסוווּרף האָט זי פאַרקויפט. אַ צעבראָכענע אַ דערשלאָגענע, אַ פאַרצווייפלטע איז זי צוריקגעקומען קיין פּוילן.
— ווו איז זי איצט ?
— אין וואַרשע, זי וווינט אויף דער מילע גאַס, אין אַ קעלערשטוב.
— וואָס רעדט איר ? פייגעלע בערנהאָלץ וווינט אין אַ קעלערשטוב...
— וואָס רעדט איר ? פייגעלע בערנהאָלץ וווינט אין אַ קעלערשטוב ? ? אַך ווי שרעקלעך דער שיקזאַל איז פאַר געוויסע מענטשן!
— שטעלט אייך פאָר, אַז זי ליידט איצט גרויס נויט. — האָט דער „אַדוואָקאַט גערעדט מיט אַ זיפצנדיקן טאָן. — זי איז אָן אַרבעט און הונגערט גאַנצע טעג...
— אַך, פייגעלע בערנהאָלץ הונגערט! דאָס איז שרעקלעך ! — איז ליזע געוועזן גערירט ביז טרערן. — הערט, גיט מיר אויף איר געגויעם אַדרעס, איך וועל זיין ביי איר. איך מוז איר מיט עפּעס אַרויסהעלפן, אפשר וועל איך איר שאַפן אַרבעט, זי האָט דאָך אַזאַ שיינע האַנטשריפט.
— זי וווינט אוף מלע 49, — האָט דער „אַדוואָקאַט" גענטפערט — דעם נומער פון דער וווינונג געדענק איך נישט. ווייסט איר וואָס, לאָמיר זיך באַשטעלן, איך וועל וואַרטן אויף אייך ביים טויער, וועל איך איימ אָנווייזן, ווו זי וווינט...
— זייער גוט, איך וועל זיך צופאַסן צו אייער צייט.
— נו, זאָל זיין מאָרגן זעקס אַזייגער פאַרנאַכט, — האָט ליזע געענטפערט.
— זי האָט זיך געזעגנט מיט דעם אומבאַקאַנטן, אָבער אין דעם מאָמענט האָט זי זיך דערמאָנט, אַז זי ווייסט נישט, ווי פייגעלעס קוזין הייסט.
— ווי איז אייער נאָמען ? — האָט זי געפרעגט.

— אַך, אַנטשולדיקט מיר זייער, — האָט ער זיך פֿאַרענטפֿערט,
— איך האָב זיך גאָר פֿאַרגעסן פֿאָרצושטעלן. מײַן נאָמען... מײַן נאָמען.... — האָט ער אַביסל געשטאַמלט: — איך הייס מאַניעק שפּילמאַן.

— זייער אָנגענעם.

ליזע איז איינגעשטיגן אין טראַמוויי און דער „אַדוואָקאַט" איז אָוועק אונטערפֿייפֿנדיק ווילעריש.

— כ'האָב זי גוט אָפּגעפֿרייערט, — איז ער געווען צופֿרידן פֿון זיך, — איצט האָב איך זי שוין אין מײַנע הענט.

— — —

צומאָרגנס אַרום פֿינף אַזייגער נאָכמיטאָג זענען איגנאַץ און דער „אַדוואָקאַט" געזעסן אין אַ קעלער־שטוב אויף מילע 49 אַון האָבן געשמועסט צווישן זיך.

אויפֿן טיש זענען געשטאַנען עטלעכע פֿלעשלעך בראָנפֿן און אין אַ זייט נעבן אויוון איז געשטאַנען אַ פֿלעשל מיט אַ שרעק־לעכער פֿליסיקייט. די דאָזיקע פֿליסיקטיי איז געווען פּונקט אַזוי דורכזיכטיק, ווי דער בראָנפֿן, אָבער דאָס איז געווען נישט עפּעס אַנדערש, ווי גערייניקטער וויטריאָל. אויפֿן פֿלעשל איז געווען צוגעקלעפּט אַ בלעטל מיט דער אויפֿשריפֿט: „פֿאָרזיכטיק, סם"! און דערנעבן איז געווען אויפֿגעמאָלט אַ סקעלעט.

מר וועלן היינט דעם גאַנצן בראָנפֿן נשט אויסטרינקען, — האָט דער „אַדוואָקאַט" געזאָגט. — מאָרגן וועט מען טרינקען פֿאַר דײַן „פֿאַרמאַליעוועט" ווייבל, כאַ־כאַ־כאַ...

— און זי האָט טאַקע אַלץ געגלויבט, וואָס דו האָסט איר דערציילט? — האָט איגנאַץ זיך אָנגעגאָסן נאָך אַ גלאָז בראָנפֿן און עס אויסגעזופּט.

— פֿאַרוואָס זאָל זי נישט גלויבן? כ'האָב דאָך איר אָנגעגעבן אַלע סימנים... פֿייגעלע בערנהאַלץ.. לאָמזשע... זשאַנדאָווע גאַס... כאַ-כאַ־כאַ...

— און זי וועט זיכער זײַן זעקס אַזייגער ביים טויער?

— וואָס דען? זי וועט נישט זײַן? כ'האָב זי דאָך געריירט אַזש ביז טרערן מיט מײַן נישט געשטויגענער, נישט געפֿלויגענער געשיכטע... זי וועט קומען, מעגסט דיך פֿאַרלאָזן אויף מיר....

— און דו וועסט זי דאָ אהער פֿאַרבעטן?

— פאַרשטייט זיך, איך האָב דאָך איר געזאָגט, אַז איר געוועזענע קאַלעזשאַנקע וווינט אין אַ קעלער.

— און דאָ וועסטו איר „אַנמאַליעווען" דאָס פּנים מיטן וויטריאָל.

— דוכט זיך, אַז קיין בעסער אָרט, ווי דאָ איז שוין נישטאָ און... נאָך אַ זאַך וועל איך טאָן... — האָט דער „אַדוואָקאַט" ציניש אַ שמייכל געטאָן.

— וואָס ?

— כ'מיין, אַז דו וועסט גאָרנישט האָבן דאַקעגן, אַז פאַרן „אַנמאַליעווען" זאָל איך זיך מיט איר אויך אַביסל „זבאַווען", האַ?.., זי איז דאָך שוין נישט דיין ווייב...

— פון מיינעטוועגן קאָנסטו זיך מיט איר „זבאַווען" אַפילו אַ גאַנצן טאָג, — האָט דער אויסוווּרף איגנאַץ געלאַכט. — וואָס גייט עס מיך אָן, כ'האָב נאָר מורא, אַז זי זאָל דיר נישט אויס־גראַטשען דיינע אויגן... און דעמאָלט וועסטו דאָך נישט זען צו „מאַליעווען" איר פּנים...

— האָסט אויסגעזאָרגט פאַרן „אַדוואָקאַט". כ'האָב שוין שטאַר־קערע נקבות געהאַלטן אין מיינע הענט... זיי רואיק, זי וועט נישט גראַטשען, זי וועט נאָר בלויז אַ ביסל פּישטשען, ווי אַ פייגעלע, כאַ־כאַ־כאַ...

— הער, ס'איז שוין באַלד זעקס, מיר דאַרפן זיך שוין פון דאַנען אָפּטראָגן, — האָט איגנאַץ אַ קוק געטאָן אויפן זייגער.

— ביזט גערעכט, מען דאַרף שוין טאַקע גיין, אָבער כ'מוז מאַכן נאָך אַ כוסה, פאַרשטיי, ברודערקע, מ'מוז האָבן אַביסל קוראַזש איידער מען גייט „אַנמאַליעווען" מיט וויטריאָל עמעצנס אַ פּנים.

דער „אַדוואָקאַט" האָט זיך אָנגעגאָסן נאָך אַ גלאָז בראָנפן, האָט עס אויסגעזופּט און פאַרביסן מיט אַ זויערע אוגערקע.

ער האָט אַ קוק געטאָן אויף די פלעשלעך בראָנפן און גע־זאָגט :

— ס'וועט נאָך בלייבן אַ סך אויף מאָרגן. אַך, ברודערקע, מאָרגן וועלן מיר ערשט מאַכן יענעם טרונק !... אָבער די פלעשלעך בראָנפן מוזן ווערן באַהאַלטן אונטערן בעט. אַז דיין יאַלדעווקע וועט דאָ אַריינקומען און דערזען בראָנפן אויפן טיש — וועט

זי באַלד פאַרשטיין, אַז דאָ ווױנט נישט קיין שום פּײַגעלע בערנהאָלץ.

— פאַרשטייט זיך, פאַרשטייט זיך, — האָט איגנאַץ שנעל אַראָפּגענומען פון טיש די פלעשער מיטן בראָנפן און זיי אַרונטער־געשטעלט אונטערן בעט.

איך די פלאַש מיט וויטריאָל האָט ער באַהאַלטן אין אויוון. ער האָט גלייכגעשטעלט די שטולן, אָפּגעשאָקלט דאָס טישטוך פון די קישקעס און אַ זאָג געטאָן צום „אַדוואָקאַט":

— נו, פּשיאַטשעלו, געגאַנגען! ס'איז שוין צען מינוט צו זעקס.

— ווו וואַרטסטו אויף מיר? — פרעגט אים איגנאַץ.

— נאָכן „אָפּמאַליעווען" וועל איך זיין אין אידלס קנייפּע. וואַרט דאָרט אויף מיר.

זיי זענען אַרויס אויף דער גאַס. איגנאַץ האָט זיך אַרומגעקוקט.

— נו, טראָג זיך שוין שנעלער אָפּ, זי קאָן באַלד אָנקומען — האָט אים דער „אַדוואָקאַט" געאײַלט.

— זאָלסט זי פעסט „אָפּמאַליעווען", הערסט?

— ס'וועט זיין אַלרייט (אין אָרדענונג)! — האָט דער „אַד־וואָקאַט" אויסגערופן.

איגנאַץ האָט זיך שנעל אָפּגעטראָגן אין דער ריכטונג צום אָסטראָווסקע געסל.

דער „אַדוואָקאַט" האָט זיך מיט אַן ערנסטער מינע אַרומ־געדרייט הין און צוריק פאַרן טויער.

כדי מען זאָל אים נישט שפּירן פון מויל דעם בראָנפן, האָט ער געקײַפט מיענטאָווע צוקערלעך און זיי געקייט.

ער האָט אַ קוק געטאָן אויפן זייגער, ס'איז שוין געווען זעקס. פונדערווייטנס האָט זיך באַוויזן דאָס געשטאַלט פון דער פרוי גליקסאָן. דער „אַדוואָקאַט" האָט איר געגומען אַנטקעגן־גיין.

ווען ער איז צוגעקומען נענטער, האָט ער זיך פאַר איר העפלעך פאַרנייגט און אַ קוש געטאָן אין דער האַנט.

— איר וואַרט שוין אויף מיר לאַנג? — האָט זי געפרעגט.

— אָ, ניין, איר זענט באמת זייער אַ פּינקטלעכע.

— און פּײַגעלע איז דאָ אין דער היים?

— זי איז דאָ, נאָר זי איז אויף אַ ווײַלע אַרויפגעגאַנגען צום זשאָנדצע וועגן איר מעלדונעק... — האָט דער „אַדוואָקאַט" גע-

ענטפערט. — צוליב דער טראַגישער געשיכטע מיט איר מאַן, דעם אויסוווּרף, האָט זי שטענדיק צו טאָן מיט די מעלדונקעס. זי האָט טאַקע געבעטן, אַז איר זאָלט דערווייל אַריינגיין צו איר אין דער וווינונג.

— האָט זי זיך דערפרייט, ווען זי האָט געהערט, אַז איר האָט מיר געטראָפן? — איז ליזע געווען נייגעריק.

— אָ, איר קענט זיך גאָר נישט פאָרשטעלן איר פרייד! טרערן זענען איר אַזש געשטאַנען אין די אויגן, — האָט דער „אַדוואָקאַט" געענטפערט.

— און דוכט זיך, אַז איך וועל האָבן פאַר איר אַרבעט. — האָט ליזע דערקלערט.

— וואָס רעדט איר? — האָט דער „אַדוואָקאַט" שיער נישט געוואָלט אַרויסשיסן אין אַ הילכיק געלעכטער, אָבער ער האָט זיך מיט אַלע קרעפטן באַהערשט. — אָ, וואָס פאַר אַן איידעלע פרוי איר זענט!

זיי זענען אַריינגעקומען אין אַ פינצטערן הויז־קאָרידאָר און האָבן זיך גענומען אַראָפּלאָזן אויף טרעפּ, וואָס האָבן שווער גע־קרעכצט.

— אָ, ווי שרעקלעך פינצטער איז דאָ! — האָט ליזע אויס־גערופן, — און וואָס פאַר אַ שרעקלעך־דומפּיקע לופט דאָ איז! אַך, און דאָ וווינט פייגעלע בערענהאָלץ, דעם רייכן בערנהאָלצס טאָכטער!

— יאָ, איר שיקזאַל איז זייער אַ ביטערער... — האָט דער „אַדוואָקאַט" אָפּגעזיפצט.

און בשעת ער האָט אַ זיפץ געטאָן האָט אויף זיין געזיכט זיך צעגאָסן אַ צינישער שמייכל, אָבער ליזע האָט דעם דאָזיקן שמייכל נישט געקאָנט באַמערקן, ווייל זיי זענען איצט געגאַנגען אין אַ פינצטערן שמאָלן קעלער־קאָרידאָר.

— צינדט אָן אַ שוועבעלע, — האָט ליזע געזאָגט. — איך זע דאָ נישט צו שטעלן קיין טריט.

— אַך, איך האָב גאָר פאַרגעסן, אַז איך האָב ביי זיך אַ קליין טאַשן־לעמפּעלע.

ערשט איצט האָט ליזע געקאָנט זען דעם קעלערקאָרידאָר.

דאָס איז געווען אַ געדרייטער קאָרידאָר. פון איין זייט זענען געווען עטלעכע טירן פון צונויפגעקלאַפּטע ברעטער, פון דער אַנדערער זייט — ווענט באַדעקטע מיט שימל.

— און דאָ וווינען מענטשן? האָט זיך ליזע געוווּנדערט.

דער „אַדוואָקאַט" האָט נישט באַמערקט, ווי די טיר, וועלכע האָט זיך געפונען נעבן דער טיר פון זיין וווינונג, האָט זיך קוים געעפנט און אַ פּאָר אויגן האָבן אַרויסגעקוקט דורך דער שמאָלער עפענונג.

באַלד האָט זיך די טיר צוריק פאַרמאַכט.

— וווּ וווינט פייגעלע? — האָט ליזע געפרעגט.

— אָט דאָ... — איז דער „אַדוואָקאַט" געבליבן שטיין פאַר אַ טיר מיט צונויפגעקלאַפּטע אַלטע ברעטער.

ער האָט געעפנט די טיר און אַריינגעלאָזט ליזען פאַראויס. ליזע האָט נישט באַמערקט, ווי ער האָט שטילערהייט אַ דריי געטאָן דעם שליסל און פאַרשלאָסן די טיר.

זי האָט אַ קוק געטאָן אויף דעם אַלטן, צעבראָכענעם מעבל און טרערן האָבן זיך איר געשטעלט אין די אויגן.

— אַך, גאָט, וואָס פון אַ מענטש קאָן ווערן! — האָט זי אַ זיפץ געטאָן.

מיטאַמאָל האָט דער „אַדוואָקאַט" אויסגעשאָסן מיט אַ הילכיק געלעכטער.

ליזע האָט אויפגעציטערט און אָנגעקוקט פייגעלעס „קוזין" מיט דערשטוינטע בליקן.

— וואָס לאַכט איר? — האָט זי געפרעגט.

— כאַ־כאַ־כאַ — כאַ־כאַ־כאַ — כאַ־כאַ־כאַ... — האָט דער „אַדוואָקאַט" זיך געהאַלטן ביים בויך און נישט אויפגעהערט צו קייכן פאַר געלעכטער.

ליזע איז געשטאַנען אַ פאַרגליווערטע און נישט פאַרשטאַנען וואָס דאָ קומט פאָר.

פון אירע אויגן האָט איצט אַרויסגעקוקט פּאַנישע שרעק.

— איך... איך... פאַרשטיי נישט... — האָט זי קוים אַרויס־געשטאַמלט.

אַוודאי פאַרשטייט איר נישט... — האָט דער „אַדוואָקאַט"

איראָניש אַ זאָג געטאָן. — כאַ־כאַ־כאַ, ווען איר וואָלט פאַרשטאַ־נען, וואָלט איר זיך דאָך דאָ נישט געפונען...

ליזע איז טויט בלאַס געוואָרן.

— ווער... ווער זענט איר?... — האָט איר שטים געציטערט,

— איר... איר האָט מיר אָפּגענאַרט?...

— וואָס דען מיינט איר?... כ'האָב אייך דערציילט דעם אמת?...

— האָט דער „אַדוואָקאַט" איר ציניש געלאַכט אין די אויגן אַריין.

ליזע האָט זיך אַ וואָרף געטאָן צו דער טיר, אָבער דער „אַד־וואָקאַט" האָט איר פאַרשטעלט דעם וועג.

וווהין, קעצעלע? נאָר נישט געאיילט זיך... — האָבן זיינע אויגן אָנגעהויבן צו גליען מיט ווילדער ליידנשאַפט.

— לאָזט מיך אַרויס פון דאַנען, אויסוווּרף איינער!... — האָט זי אַ געשריי געטאָן אין העכסטער פאַרצווייפלונג.

— אַז מ'כאַפּט אַריין אַ פייגעלע אין שטייגל, לאָזט מען עס נישט אַזוי שנעל אַרויס.

— לאָזט מיך אַרויס, ווייל איך וועל מאַכן אַ געוואַלד! — רייסט זיך ליזע צו דער טיר.

— קאָנסט שרייען, וויפל דיין האַרץ גלוסט, — נעמט זי דער „אַדוואָקאַט" אַרום און שלעפּט זי צום בעט. — דאָ וועט דיר קיינער נישט העלפן.

— לאָזט מיך אַרויס פון דאַנען, אויסוווּרף איינער! — באַמיט זיך ליזע מיט אַלע קרעפטן, זיך צו באַפרייען פון דעם „אַדוואָקאַט" פעסטע אַרעמס.

— איך וועל דיך אַרויסלאָזן פון דאַנען, קעצעלע, זאָרג נישט...

— שלעפּט ער זי אַלץ נענטער צום בעט. — אָבער פריער וועלן מיר זיך אַביסל „זבאַווען" און נאָך דעם וועל איך דיר מאַכן פאַר פאַר אַזאַ שיינע... אַך, וואָס פאַר אַ שיינע דו וועסט היינט זיין... כאַ־כאַ־כאַ...

ליזע קעמפט מיט די לעצטע קרעפטן. זי גיט אים אַזאַ שטאַרקן ביס אין דער נאָז, אַז ער גיט אַזש אַ געשריי און לאָזט זי אָפּ.

— וואָס, דו בייסט גאָר? — סאָפּעט ער שווער און זיינע אויגן גליען פון ליידנשאַפט און באַגער.

ליזע וואַרפט זיך ווידער צו דער טיר און נעמט זי רייסן.

— עפנט, זאָג איך, — נעמט זי שרייען, — עפנט, ווייל, אַז נישט וועט איר שלעכט אָפּשניידן!...

דער „אַדוואָקאַט" קריגט מורא. ער זעט, אַז בײדע זאַכן מיטאַמאָל וועט ער שוין היינט נישט דערגרייכן. דאָס וויכטיקסטע איז דאָך — דאָס „אָפּמאַליעווען" איר פּנים מיטן וויטריאָל. „זאַ־באַוויען" וועט ער זיך שוין מיט אַנדערע פרויען...

ער לויפט שנעל צו צום אויוון, כאַפּט אַרויס דאָס פלעשל. וואָס איז דאָרט געשטאַנען און צוהאַלטנדיק פעסט ליזען, גיט ער מיטן פלעשל אַ פליוך אין די אויגן אריין.

ליזע גיט אַ שרעקלעכן געשריי און ווארפט זיך צו דער טיר.

דער „אַדוואָקאַט" פאַרשטייט, אַז איצט דאַרף ער פון דאַנען אָפּציען, אַז באַלד קאָן ער דאָ האָבן די פּאָליציי.

אָבער ס'איז אים אַ שאָד דער בראָנפן, וועלכן ער האָט באַ־האַלטן אונטערן בעט. דאָ אויסטרינקען אים וועט ער דאָך שוין נישט באַוויזן, דעריבער באַשליסט ער אים מיטצונעמען.

ער רוקט אַריין די דריי פלעשלעך בראָנפן אין די טאַשן פון זיין מאַנטל און לויפט שנעל אַרויס פון דער קעלער-שטוב.

ליזע לויפט אויך אַרויס אין קאָרידאָר און פילט, ווי די אויגן ברענען איר שרעקלעך.

אָבער זי זעט, וואָס איז עס מיט איר געשען? אין דער ער־שטער מינוט איז זי דאָך זיכער געווען, אַז די בייסנדיקע פליסי־קייט האָט איר אויסגעברענט די אויגן, אַז זי איז בלינד גע־וואָרן. — — — — — —

— — —

דער „אַדוואָקאַט" איז טאַקע געווען אַ כיטרער, דורכגעטרי־בענער יונג, אָבער ער האָט נישט געוווּסט פון דעם כלל, אַז וועט האָבן אויך אויערן...

ווען ער איז צוזאַמען מיט איגנאַץ געזעסן אין זיין קעלער־שטוב און געטרונקען בראָנפן, האָט ער געמיינט, אַז קיינער האָט זייער פאַרברעכערישן שמועס נישט אונטערגעהערט.

אָבער אין דער צווייטער וווינונג, וועלכע איז געווען אָפּגע־טיילט מיט א דין ווענטל פון דעם אַדוואָקאַטס וווינונג — איז אין יענעם מאָמענט געזעסן אַ יונג מיידל, אַן אַרבעטערין אין אַ

שאָקאָלאַד־פאַבריק, און האָט אויסגעהערט דעם גאַנצן געשפּרעך צווישןביידע פאַרברעכערישע טיפּן.

דאָס דאַזיקע מיידל, מיטן נאָמען אַנדזשע, האָט אינגאַנצן אויפגעציטערט, ווען זי האָט געהערט, וואָס פאַר אַ שרעקלעכן פּלאַן די ביידע גרייטן צו.

— גאָט מיין גאָט, זיי גייען אומגליקלעך מאַכן אַ יונגע פרוי!

— האָט דאָס מיידל געטראַכט. — זיי גייען זי אַריינגאַרן אין קעלער און אָפּגיסן איר פּנים מיט וויטריאָל.

— וואָס טוט מען? ווי אַזוי ראַטעוועט מען די דאַזיקע פרוי? — האָט אַנדזשע אין פאַרצווייפלונג געטראַכט. — ווי אַזוי מיידט מען אויס דאָס אומגליק?

און אָט האָט אין איר מוח אַ בליץ געטאָן אַ גליקלעכער געדאַנק.

זי האָט זיך צוגעטוליעט צו דער וואַנט און געוואַרט, געוואַרט ביז יענע צוויי אויסוואורפן וועלן אַוועקגיין.

זי האָט דאַך געהערט, אַז זיי גרייטן זיך באַלד אַוועקצוגיין.

איר האַרץ האָט געקלאַפּט, ווי מיט האַמערס און קאַלטע טראָפּנס שווייס זענען איר אַרויס אויפן שטערן.

ענדלעך האָט זי געהערט, ווי די צוויי אויסוואורפן האָבן געעפנט די טיר און זענען אַוועק.

זי האָט דייטלעך געהערט, אַז זיי האָבן די טיר נישט פאַרשלאָסן. דאָס האָט זי שטאַרק דערפרייט.

דאָס זעלטענע מיידל האָט נישט לאַנג געטראַכט. האָט זיך דאַך געהאַנדלט איצט וועגן ראַטעווען אַ מענטשלעך לעבן!

ווי נאָר די טריט אין קאָרידאָר זענען אנטשוויגן געוואָרן, האָט זי שנעל געעפנט די טיר און איז אַריינגעפאַלן אין דער שטוב פונם אַדוואָקאַט זי האָט אַ פאַרשאָפּטע, אַ דער שראָקענע, גענומען אַרומזוכן דאָס פלעשל מיטן וויטריאָל.

באַלד האָט זי עס געפינען אין אויוון.

נאָכדעם האָט זי אַפּערגענומען פון אונטערן בעט די פלעשער מיט בראָנפן. צווישן די דאָזיקע פלעשער איז איינע געווען שוין אַ ליידיקע.

---

דפוס „אור" בע"מ, שדר' הן־ציון 104 פאַרלאַג „תקוה"

# סאבינע



## ראַמאַן
## פון אַ קראַנקן־שוועסטער

נומער 23

אַנדזשע האָט גענומען דעם וויטריאָל און איז אַריינגעגאָסן אין דער ליידיקער פלאַש פון בראָנפן.

נאָכדעם האָט זי גענומען אַ פלאַש מיט בראָנפן און אַריינגעגאָסן אין דער פלאַש. פון וועלכער זי האָט נאָר וואָס אויסגעגאָסן דעם וויטריאָל.

אויף דער פלאַש איז געווען אָנגעקלעפּט דאָס צעטעלע: „פּאָרזיכטיק, סם!... מיט דעם סקעלעט, אָבער אין דער פלאַש איז איצט געווען נישט קיין סם, נאָר געוויינלעכער בראָנפן... זי האָט די פלאַש צוריק אַריינגעשטעלט אין אויוון...

דאַקעגן אין דער פלאַש, אויף וועלכער ס׳איז געווען אויפגעשריבן: „ספּיריטוס", האָט זיך איצט געפונען וויטריאָל.

זי האָט די דאָזיקע פלאַש צוזאַמען מיט די בראָנפן־פלעשער צוריק אַרונטערגעשטעלט אונטערן בעט.

דאָס איבערגיסן האָט געדויערט גענוג לאַנג. די הענט האָבן ביי איר געציטערט. דאָס האַרץ האָט אין איר געזעצט. ווי מיט האַמערס.

ביי יעדן מינדסטן שאָרך האָט זי אויפגעציטערט. זי האָט געמיינט, אַז אָט גייט שוין דער אויסוואורף צוריק מיט דער פרוי, וועלכע ער וויל אומגליקלעך מאַכן.

ווען זי איז צוריק אַרויס פון דער שטוב. האָט זי שוין אין קאָרידאָר געהערט ווי אַ פרוי רופט אויס „אָ, ווי פינסטער דאָ איז!"

„ער פירט זי שוין. — האָט אַנדזשע געטראַכט. — אָבער ג־ט וועט אים דערפאַר באַצאָלן!"

זי האָט שנעל געעפנט די טיר פון איר שטוב און איז אַריין אינעווייניק. ווען דער „אַדוואָקאַט" און ליזע זענען פאַרבייגעגאַנגען פאַר איר טיר, האָט אַנדזשע אַ וויילע אַרויסגעקוקט און די טיר באַלד פאַרמאַכט.

נאָכדעם האָט זי זיך צוגעטוליעט צו דער וואַנט און זיך גענומען איינהערן. וואָס עס קומט פאָר אין דער צווייטער שטוב.

דאָס בלוט איז איר פאַרגליווערט געוואָרן אין די אָדערן, ווען זי האָט געהערט דאָס שרעקלעכע געלעכטער פון דעם אויסוואורף.

זי האָט געהערט, ווי די פרוי שרייט, אַז דער אויסוואורף זאָל זי אָפּלאָזן, ווי זי אַמפּערט זיך מיט דער בעסטיע. אָבער

אַנדזשע האָט נישט געוואָלט אַריינגיין אין יענער שטוב, ווייל זי האָט געוווסט, אַז זי וועט נאָך דערמיט ערגער מאַכן.

— „זאָל ער זי נאָר אָפּגיסן מיטן מכלומרשטן וויטריאָל. ווער ער שוין אַנטלויפן" — האָט אַנדזשע געוואַרט.

און ווען זי האָט דערהערט דעם פּליוך פון דער פליסיקייט און דעם געשריי פון דער פרוי, איז אַנדזשען לייכטער געוואָרן אויפן האַרצן.

ווען ליזע איז אַרויסגעלאָפן אין קאָרידאָר מיט אַ געשריי, האָט אַנדזשע געעפנט די טיר און אַ פרעג געטאָן:

— וואָס איז געשען?

— אַך, עס ברענט! עס ברענט! — האָט ליזע געשריגן און זיך צוגעהאַלטן דאָס פּנים מיט די הענט.

— קומט נאָר אַריין. וואָס איז מיט אייך געשען? — האָט אַנדזשע ברייט געעפנט די טיר.

ליזע איז אַריינגעפאַלן אין אַנדזשעס צימער און זיך אַנידערגעוואָרפן אויפן בעט.

— אַך. עס ברענט! — האָט ליזע נישט אויפגעהערט צו שרייען. — ווער האָט געקאָנט וויסן, אַז דאָס איז אַזאַ אויסוווּרף?

— אָבער זאָגט מיר, וואָס איז מיט אייך געשען? — האָט אַנדזשע ווידער געפרעגט.

— דער אויסוווּרף האָט מיר אַ גאָס געטאָן אין פּנים אַריין עפּעס אַ ברענענדיקע פליסיקייט... ווער ווייסט. אפשר וויטריאָל...

— ווייזט נאָר. — האָט אַנדזשע געבעטן.

זי האָט אַוועקגענומען ליזעס הענט פון פּנים און אַ זאָג געטאָן:

— דאָס אָט זיכער געמטזט זיין ספּירט. דאָס פּנים איז ריין, נאָר די אויגן זענען אַביסל רויט. נישט מער. איר זעט אויף די אויגן?

— יאָ. איך זע. איך זע, אַזוי ווי פריער, — האָט ליזע געענטפערט און ביסלעכווייז דערפילט אַ דערלייכטערונג.

— דאָס איז געווען ספּירט, מ'שפּירט נאָך דעם ריח... — האָט אַנדזשע געענטפערט און ווען זי קאָן זיך איצט קושן פאַר פרייד. וואָלט זי זיך געקושט.

צי האָט ליזען דען געקאָנט אַפילו חלומען, אַז אָט דאָס אָרעמע אַרבעטער־מיידל האָט איצט געראַטעוועט איר לעבן?

אַנדזשע האָט מורא געהאַט צו דערציילן וועגן דעם, וואָס זי האָט איצט געטאָן. זי האָט געוווסט. אַז דער „אַדוואָקאַט" איז אַ געפערלעכער טיפּ און ער וואָלט זיך אָן איר זיכער נוקם געווען.

ליזע האָט געדאַנקט אַנדזשען פאַר דער גאַסטפריינדלעכקייט און האָט פאַרלאָזט די שטוב פון דעם אָרעמען אַרבעטער־מיידל.

די אויגן האָבן איר נאָך אַביסל געברענט. ס'איז דאָך פאָרט געווען ספּירט. אָבער זי האָט גוט געזען. זי האָט זיך באַלד אַריינגעזעצט אין אַ טאַקסוווקע און איז אָפּגעפאָרן.

אין אויטאָ האָט זי שוין כמעט גאָרנישט געפילט קיין ווייטאָג אין די אויגן און זי האָט לייכטער אָפּגעעטעמט.

אין דער ערשטער מינוט איז זי דאָך געווען זיכער. אַז דער אויסוווּרף האָט זי אָפּגעגאָסן מיט וויטריאָל.

אָבער פאַריואָס האָט ער מיך אָפּגעגאָסן מיט ספּירט? — האָט זי זיך זייער שטאַרק געוווּנדערט.

* * *

איגנאַץ האָט שוין מיט אומגעדולד געוואַרט אויף זיין פּשיאַ־טשעל אין יידלס קנייפּע.

ער האָט אַלע מאָל אַ קוק געטאָן אויפן זייגער און געטראַכט:

— הם... ער מוז זיך מיט איר אוודאי „באַוויען". ער קאָן נאָך פון צעקאָכטקייט פאַרגעסן איר „אָפּצומאַליעווען" דאָס פּנים.

ער איז געזעסן ווי אויף שפּילקעס און נישט אויפגעהערט צו קוקן אויפן זייגער.

— און אפשר האָט זי געמאַכט יענעם געוואַלד און ס'איז אָנגעקומען פּאָליציי. — האָט איגנאַץ געציטערט.

אָבער באַלד האָט זיך געעפנט די טיר און ס'איז אַריינגעקומען דער „אַדוואָקאַט" אַ פאַרסאָפּעטער אדן פאַרשוויצטער

— נו? — האָט איגנאַץ אַ פרעג געטאָן.

— פאַרטיק! — האָט דער „אַדוואָקאַט" אַרויסגעצויגן פון די טאַשן די פלעשלעך בראָפן, וועלכע ער האָט געברענגט מיט זיך און זיך אַוועקגעזעצט.

— האָסט זי „אָפּגעמאַליעוועט"?

— אָבער נאָך ווי! גלייך אין די שליפעס אַריין!...

— וואָס רעדסטו? און זי האָט געקוויטשעט?

— וואָס רעדסטו? אוי האָט זי געקוויטשעט.

— און „זאַבאַוויעט“ האָסטו זיך מיט איר?

— גיי שוין, זי האָט געמאַכט אַזאַ געוואַלד, ווי זי וואָלט נאָך קיינמאָל דעם טעם נישט געפילט. איך האָב פיינט אַזעלכע יאָל־דוווקעס! כ'האָב זי „אָפּגעמאַליעוועט“ — און פאַרטיק!

— ווי מייסטו, זי וועט ווערן בלינד? — האָט דער אויסוווּרף איגנאַץ געפרעגט.

— פרעגסט זיך ערשט. צי זי וועט זיין בלינד! אוי, וועט דער באַנק־דירעקטאָר טאַנצן. ווען ער וועט זי דערזען! אוי, וועט ער טאַנצן! — האָט זיך דער „אַדוואָקאַט“ געריבן די הענט.

— ביזט אַ מאַלאַדיעץ! — האָט אים איגנאַץ אַ קלאַפּ געטאָן איבער די פּלייצעס. — און פון וואַנען האָסטו דעם בראָנפן.

— נאָר איינער, כ'האָב דאָך דעם בראָנפן געמוזט מיטנעמען. וואָס דען. כ'וועל אים איבערלאָזן פאַר די „גלינעס“ (פּאָליציאַנטן). איך וועל דאָך שוין אין יענער קעלער־שטוב נישט צוריקקומען.

— דו ביסט גערעכט, ברודערקע, נו, איצט דאַרפן מיר מאַכן די אמתע כוסה!. העי, קעלנער, דערלאַנג נאָר אַ פעט גענדזל!

דער קעלנער האָט דערלאַנגט אַ האַלב געגדזל און געפרעגט:

— בראָנפן אויך?

— מיר האָבן אונדזער אייגענעם בראָנפן... — האָט דער „אַדוואָקאַט“ געענטפערט.

ער האָט אַ נעם געטאָן די פלאַש. אין וועלכער אַנדזשע האָט איבערגעגאָסן דעם וויטריאָל, און אָנגעגאָסן צוויי פולע גלעזער.

— נו. ברודערקע, מיר טרינקען! — האָט ער אָנגעקלאַפּט זיין גלאָז אָן איגנאַצעס גלאָז.

פּראַקטיצירטע טרינקער טרינקען שטענדיק אויס אַ גלאָז בראָנפן מיט איין אָטעם. אויךביידע פשיאַטשעלעס. אַלטע טרינקער. האָבן געגעבן אַ גאָס אַריין אין זיך ביידע גלעזער מיט איין שלונג.

אָבער ווי נאָר זיי האָבן צוריק אַוועקגעשטעלט די ליידיקע גלעזער אויפן טיש, האָבן זיי זיך ביידע אַ כאַפּ געטאָן ביי דער ברוסט און זייערע ביידנס געזיכטער האָבן זיך אויסגעקרימט אין אַ שרעקלעכער גרימאַסע פון ווייטאָג.

— וואָס איז דאָס?! ווײ. ס'ברענט! אַ פייער! — האָט זיך

דער „אַדוואָקאַט" געגומען קאָרטשען אין דרייען און די אויגן זענען אים אַרויסגעקראָכן פון קאָפּ.

— געוואַלד. אוי. ס'ברענט! כ'האַלט עס נישט אויס! ראַטע־וועט!. — איז ער אויפגעשפּרונגען פון דער שטול מיט אַ געוואַל־טיקן קוויטש. — סם! מ'האָט אַריינגעגאָסן אין דער פּלאַש סם!. ראַ־טע־וועט!.

ביידע פּשיאַטשעלעס האָבן אָנגעהויבן צו כאָרכלען און זענען אַוועקגעפאַלן אויף דער ערד מיט אַ גרינער שוים פאַרן מויל.

קאַפּיטל פינפונדרייסיק

## אַ נאַכט פון ליידן און פיין

ניין. סאַבינע האָט זיך שוין נישט געקאָנט מער באַהערשן, ווען זי האָט הינטער דער טיר דערהערט די שטים פון איר גע־ליבטן, טייערן לעאָן.

פון איר ליידנדיקער ברוסט האָט זיך אַרויסגעריסן אַ געשריי פול מיט פאַרצווייפלונג:

— אָ, לעאָן טייערער! לעאָן, דאָס בין איך! סאַבינע!...

לעאָן וואָלט זיכער דערהערט סאַבינעס פאַרצווייפלטן אויס־געשריי. אָבער אַ מעכטיקער דונער, וואָס האָט זיך לאַנג געקאָלערט האָט פאַרטויבט סאַבינעס געשריי און באַלד האָט אַ גאָס רעגן געגומען קלאַפּן איבער די דעכער.

רעגינע האָט זיך דאַן אַ ריס געטאָן פון איר אָרט און פאַר־שטעלט מיט איר האַנט סאַבינעס מויל.

— שווייג! — האָט זי אַ שעפּטשע געטאָן און זיך אינגאַנצן געוואָרפן פאַר אויפרעגונג און שרעק.

— אַך! — האָט סאַבינע אַ קרעכץ געטאָן און געוואָלט באַ־פרייען רעגינעס האַנט פון איר מויל.

אָבער רעגינע איז איצט ענלעך געווען צו אַ צעיושעטע חיה. באַלד נאָכן ערשטן מעכטיקן דונער האָט אַ צווייטער אַ זעץ געטאָן מיט אַ שרעקלעכן הילך איבערן דאַך פון הויז.

רעגינע האָט אויסגענוצט דעם דאָזיקן מאָמענט און אַרויס־

געשטופּט סאַביזען דורך דער טיר פון פּאַרטער־באַלקאָן אין דרויסן אַרויס און די טיר צוריק פאַרשלאָסן.
זי האָט דאָס אומגליקלעכע מיידל פּשוט אַרויסגעוואָרפן, ווי מען וואַרפט אַרויס אַ הונט.
— מער זאָלסטו מיר זיך דאָ נישט באַווייזן! — האָט זי צו סאַבינען געדראָט מיט אַ פויסט.
סאַבינע איז געווען אַזוי צעטומלט און דערשראָקן פון דעם אַלעם, וואָס מיט איר איז געשען. אַז זי האָט נישט געשטעלט קיין שום ווידערשטאַנד דער טייוולאָנישער פרוי.
אין אַ ווײַלע אַרום האָט זיך דאָס אומגליקלעכע מיידל געפונען אין דרויסן. איבער איר קאָפּ האָבן אָפּגעהילכט מעכטיקע דונערן. די דונערן האָבן דורכגעשניטן די פינצטערנישע בליצן און אַ גאָס־רעגן. ווי פון צעברעס, האָט זי אינגאַנצן אַדורכגעזעצט.
אָבער דאָס פאַרליבטע מיידל האָט נישט געקוקט אויף די דונערן און בליצן. אין איר נשמה איז איצט פאָרגעקומען אַ גרעסערער שטורעם ווי אין דרויסן.
האָט זי דען געקאָנט אַזוי לײַכט אַוועקגיין פון איר געליבטן?
זי האָט צוגעטוליעט איר נאָס געזיכט צו דער שויב פון באַלקאָן־פענצטער, וואָס איז געווען פאַרהאַנגען מיט אַ דורכזיכטיק פאָרהאַנגל און נישט אָפּגעריסן די אויגן פון דעם, וועמען זי האָט ליב איבער אַלעס אין דער וועלט.
נאָכדעם. ווי רעגינע האָט אַרויסגעוואָרפן סאַבינען, האָט זי געמאַכט אַ רואיקע מינע, ווי עס וואָלט גאָרנישט געשען.
זי האָט מיט אַלע קרעפטן באַמיט זיך צו באַהערשן. כאָטש זי האָט נאָך אַלץ געציטערט פאַר שרעק.
זי האָט געטראַכט וועגן דעם, וואָס עס וואָלט געשען. ווען לעאָן דערזעט איצט סאַבינען.
אַלץ וואָלט געווען פאַרלוירן און זי, צוזאַמען מיט איר פאָטער וואָלטן נאָך געגאַנגען אין תּפיסה אַרײַן.
לעאָן האָט נאָך אַלץ געקלאַפּט אין דער טיר. זי האָט אים געעפנט און געמאַכט אַ מכלומרשט פאַרוווּנדערטע מינע.
— דו. מיין טײַערער ? — האָט זי געפרעגט. — דו שלאָפסט נאָך נישט? אַך, די דונערן האָבן דיך. אַוודאי, אויפגעוועקט.
— דו האָסט נישט געהערט. ווי איך האָב געקלאַפּט אין דער

טיר? — האָט ער נישט געענטפערט אויף איר פראַגע.
— דו האָסט לאַנג געקלאַפּט?
— אַ גוטע פינף מינוט.
— וואָס רעדסטו! איך האָב גאָרנישט געהערט צוליב די דונערן.
— און פאַרוואָס שלאָפסטו נאָך נישט? — האָט זי לעאָן געפרעגט:
— אַך, מיין טייערער. — האָט רעגינע שטיל אַ זיפץ געטאָן און איז אַנטשוויגן געוואָרן.
— וואָס איז, רעגינע טייערע? — האָט ער זיך נעבן איר אַוועקגעזעצט און זי צערטלעך אַרומגענומען.
ער איז געזעסן מיט דער פּלייצע צו דער באַלקאָן־טיר און ער האָט דעריבער נישט באַמערקט סאַבינעס אויגן. וועלכע זענען פול געווען מיט טרערן און ווייטיק.
רעגינע האָט דערווייל גלענצנד געשפּילט איר פאַלשע ראָל.
— אַך, מיין טייערער לעאָן. — האָט זי זיך פעסט צו איט צוגעטוליעט און אים אַ קוש געטאָן. — אַך מיין גאָלד, איך האָב געהאַט אַ שרעקלעכן חלום און דערפאַר האָב איך נישט געקאָנט שלאָפן.
— וואָס איז דאָס געווען פאַר אַ חלום? — האָט לעאָן געפרעגט.
— דאָס איז געווען אַ שרעקלעכער חלום! — האָט רעגינע אויסגערופן. — שטעל דיר פאָר, אַז ווי נאָר איך בין איינגעשלאָפן. האָב איך דערזען אַזאַ שרעקלעכע סצענע.
— מיסטער דזשייקאָב לויפט אַריין צו דיר אין צימער און גיט אַ געשריי: „שטאַרב דו הונט איינער!" נאָכדעם האָט ער אויסגעשאָסן און דו ביסט געפאַלן אַ פאַרבלוטיקטער.
— איך האָב זיך דאַן צו אים אַ וואָרף געטאָן. האָב אים געוואָלט אַרויסכאַפּן דעם רעוואָלווער פון דער האַנט, אָבער ער האָט אויך צו מיר אויסגעשאָסן און איך בין אַנידערגעפאַלן.
— איך בין אָבער געבליבן לעבן און האָב אַלץ געזען און געהערט. — האָט רעגינע דערציילט די ליגנערישע געשיכטע. — מיסטער דזשייקאָב האָט זיך נאָכאַמאָל געוואָרפן אויף דיר און געוואָלט פון דיר צורויבן דעם פּאָרטפעל מיט געלט.

— איך האָב זיך דאַן פאַרוווּנדעטערהייט אַ ריס געטאָן צו אים און אים אומגעשליידערט אויף דער ערד. דאַן האָט ער מיך גענומען שטיקן און. אין דעם מאָמענט האָב איך זיך אויפגעכאַפּט.

— אַך, מײַן טייערער לעאָן. — האָט זיך די פאַלשע רעגינע געטויליעט צו איר חתן, — דו קאָנסט זיך גאָרנישט פאָרשטעלן, וואָס איך האָב איבערגעלעבט! איך האָב מורא געהאַט נאָכאַמאָל אַנטשלאָפן צו ווערן. טאָמער חלומט זיך מיר נאָכאַמאָל דערזעלבער חלום! דעריבער האָב איך זיך אָנגעטאָן און בין אַריינגעגאַנגען אין דעם דאָזיקן צימער.

— טייערע מײַנע. באַרואיק זיך, — איז לעאָן געווען שטאַרק גערירט פון דעם, וואָס רעגינע האָט אים דערציילט. — פאַרשטיי. ס'איז דאָך נישט מער ווי אַ חלום.

— יאָ, איך ווייס. אָבער. די געשיכטע מיטן דועל. — האָט זיך רעגינע כסדר געטוליעט צו לעאָנען. — דער אַמעריקאַנער קאָן דיך נאָך אַמאָל דערשיסן. אַך, כ'וויל בעסער נישט טראַכטן וועגן דעם.

— רעגינע טייערע, איך פאַרזיכער דיך, אַז איך קאָן בעסער שיסן. ווי דער אַמעריקאַנער. — האָט לעאָן געענטפערט. — דו ווייסט דאָך, אַז איך האָב געדינט אין מיליטער און האָב זיך דער־דינט ביז אַן אונטעראָפיצער. ווייל איך בין געווען דער בעסטער שיסער אין פּולק.

— און דאָך בין איך אַזוי אומרואיק. אַזוי אומרואיק. לעאָן טייערער. — האָט זי אַרומגעקלאַמערט אירע הענט אַרום זיין האַלדז און מיט איין אויג האָט זי באַמערקט סאַבינעס טויט־בלאַס געזיכט אויף דער שויב פון דער באַלקאָן־טיר.

די טייוולאָנישע פרוי האָט דעריבער איינגעפּרעסט אירע ליפּן אין לעאָנס ליפּן און נאָכדעם האָט זי שטיל געזאָגט צו אים:

— קום, לאָמיר אַריינגיין אין דיין צימער. קום. מיין טייערער.

זי האָט אים אַרומגענומען און אַזוי ווי אַ קינד אַרויסגעפירט פון דאַנען. דערביי האָט זי אים אַזוי געפירט, אַז ער זאָל כסדר אויסקומען מיט דער פּלייצע צו דער באַלקאָן־טיר.

עס איז שווער צו באַשרייבן, וואָס סאַבינע האָט דעמאָלט איבערגעלעבט.

איר פאַרווונדעטע האַרץ איז פּשוט אָפּגעגאַנגען אין בלוט. ג־ט אין הימל, אירע אייגן האָבן געדאַרפט זען, ווי איר לעאָן צערטלט רעגינען און קושט זי! איר לעאָן. צוליב וועלכן זי האָט אַזוי פיל געליטן, איר לעאָן האָט שוין אינגאַנצן אָן איר פאַרגעסן.

ער קושט און ער האַלדזט רעגינען. וועלכע איז געוואָרן זיין ווייב און זי. סאַבינע. האָט דאָס מיט די אייגענע אויגן געמוזט צוזען!

איר האַרץ האָבן מעסערס געשניטן און פון די אויגן האָבן זיך הייסע טרערן געגאָסן.

און ווען לעאָן און רעגינע זענען אַרויסגעגאַנגען פון צימער, איז סאַבינע אַראָפּגעלאָפן אין גאָרטן אַריין, האָט אָנגעשפּאַרט דאָס פּנים אָן אַ בוים און האָט לאַנג, לאַנג געהעשעט.

דער רעגן האָט דערווייל געגאָסן, ווי מיט צעברעס. די דונערן האָבן זיך געקאָלערט איבער די דעכער, ווי גרויסע, אייזערנע פעסער. די בליצן האָבן געבלענדט.

און סאַבינע. די אומגליקלעכע, אָרעמע סאַבינע האָט נאָך אַלץ געהעשעט אונטערן בוים.

נאָכן אָפּוויינען זיך איז איר אַביסל לייכטער געוואָרן.

— וווהין גייט מען איצט? — האָט זי געטראַכט.

די קליידער זענען אויף איר געווען דורכגענעצט און האָבן געקלעפּט צום לייב, זי האָט געציטערט פאַר קעלט. און דער רעגן האָט אַלץ נישט אויפגעהערט, פאַרקערט, ער איז געוואָרן נאָך שטאַרקער.

סאַבינע האָט זייער גוט געקענט דעם פּאַלאַץ און דעם גאָרטן פון די קייזערשטיינס. האָט זי דאָך דאָ פאַרברענגט אַ געוויסע צייט און איבערגעלעבט גליקלעכע טעג.

זי האָט זיך דעריבער דערמאָנט, אַז אין אַ זייט, נישט ווייט פון די אייזערנע שטאַכטן. שטייט אַ בודקע, וועלכע איז געבויט אין דער פאָרם פון אַ פאַרמאַכטער אַלטאַנע.

סאַבינע האָט זיך שנעל געלאָזט גיין צו דער דאָזיקער בודקע. אָבער ווי נאָר זי איז אַריבערגעטרעטן די שוועל. האָט זי דער־הערט, ווי אַ מענער־שטים פרעגט:

— דאָס ביסטו דו, רעגינע. כ׳וואַרט שוין מיט אומגעדולד. דאָ איז זיך אַזוי גוט צו ליבן, אין דער אַלטאַנע. קום שוין אַהער שנעלער.

דאָס האָט זיך דער אַמעריקאַנער דאָ אויסבאַהאַלטן און גע־וואַרט אויף רעגינען.

סאַבינע איז מיט שרעק צוריקגעטראָטן. זי האָט קיין וואָרט נישט געענטפערט און זיך געלאָזט לויפן איבערן גאָרטן.

— ניין, ניין. זי קאָן דאָ מער נישט זיין! — האָט זי געטראַכט, — וואָס לענגער זי געפינט זיך דאָ. אַלץ מער שרעקלעכע זאַכן דערוויסט זי זיך. אָט האָט זי זיך נאָר וואָס דערוווסט, אַז רעגינע פאַראַט שוין לעאָנען, אַז עפּעס אַ פרעמדער מאַן וואַרט אויף איר אין דער אַלטאַנע.

— און מיט אַ אַזאַ פרוי האָט לעאָן חתונה געהאַט! — האָט עס סאַבינען געשניטן ביים האַרצן. — ג־ט, פאַרוואָס ביסטו אַזוי אומגערעכט?. — האָבן ווידער גענומען רינען טרערן פון סאַ־בינעס אויגן.

זי איז איצט נישט געגאַנגען. נאָר געלאָפן. וואָס גייען איר אָן די דונערן און די בליצן? וואָס ארט איר דער גאָר רעגן? זאָל דונערן! זאָל רעגענען! איר איז שוין אַלץ איינס.

דאָס לעבן האָט שוין פאַר איר אויפגעהערט צו עקזיסטירן. אָ, ווי זי וואָלט איצט געוואָלט זיך אַוועקלייגן נעבן איר מוטער.

אַרום און אַרום האָט מען קיין לעבעדיק באַשעפעניש נישט געזען. ווער וועט דאָ אַרויסגיין אין אַזאַ שטורעם? אַפילו אַ הונט וועט מען דאָך נישט אַרויסטרייבן אין אַזאַ רעגן, אונטער אַזעלכע דונערן און בליצן!

סאַבינע גייט אַלץ מיט פאַמעלעכערע טריט, זי פילט. ווי די כוחות פאַרלאָזן זי ביסלעכווייז. ניין. זי האָט שוין מער קיין כוח נישט צו לעבן.

גענוג!

אַהער קיין וואַרשע, איז זי געפאָרן מיט אַזוי פיל פרייד. מיט אַזויפיל ערוואַרטונגען!

זי וועט דערזען לעאָנען, זי וועט זיך צוטוליען צו אים און

ביידע וועלן זיך אַזוי שטאַרק דערפרייען! אָ. ווי זייערע הערצער וועלן פריידיק קלאַפּן!

אַזוי האָט זי געטראַכט. ווען זי איז אַהערגעקומען און איצט? איצט גייט זי צוריק אַ צוזאַמענגעבראָכענע, אַ צעוויטאָגטע און פון איר פאַרוווּנדעטע האַרץ טריפט בלוט.

סאַבינע האָט געפילט, ווי די קניען בויגן זיך איר. נאָך אַ מינוט און זי וועט אַזועקפאַלן אויפן שאָסיי אַ פאַרחלשטע.

אָבער אָט האָבן פלוצלונג אַ בלענד געטאָן אין אירע אויגן צוויי רעפלעקטאָרן פון אַן אויטאָ.

באַלד נאָכדעם האָט זיך דערהערט אַ שאַרפער סיגנאַל. אַז זי זאָל אַראָפּגיין אין אַ זייט פונעם וועג.

אָבער סאַבינע האָט געפילט. אַז אויב זי וועט נישט האָבן קיין מענטשלעכע הילף. וועט זי אַנידערפאַלן אויפן שאָסיי און אויסגיין. ווי אַ ליכט.

זי האָט דעריבער אויפגעהויבן די האַנט און געגעבן אַ צייכן. אַז דער אויטאָ זאָל בלייבן שטיין.

האַרט נעבן איר האָט זיך דער אויטאָ אָפּגעשטעלט. דאָס טירל האָט זיך געעפנט און אַן עלעגאַנט־געקליידעטער הער האָט אַרויס־געשטעקט דעם קאָפּ.

— וואָס איז געשען? — האָט ער דערשראָקן געפרעגט. באַטראַכטנדיק סאַבינען.

— מיין הער. איך בין פאַרצווייפלט. — האָט סאַבינע גע־ענטפערט מיט אַ ציטערנדיקער שטים. — איך האָב זיך נישט ווו צו באַהאַלטן פון דעם שרעקלעכן רעגן. צי וואָלט איר נישט געווען אַזוי גוט און מיר ערלויבט אַן אָרט אין אייער אויטאָ.

— אַך, מיטן שענסטן פאַרגעניגן, — האָט דער עלעגאַנטער יונגערמאַן געענטפערט. — עס וואָלט געווען אַ פאַרברעך פון מיין זייט. ווען איך וואָלט אייך געלאָזט דאָ אויפן פוסטן שאָסיי אין אַזאַ שטורעם.

סאַבינע איז איינגעשטיגן און דער אויטאָ האָט ווייטער געריטן פון אָרט אין דער ריכטונג קיין וואַרשע.

דער יונגערמאַן האָט זי גענומען אויספרעגן. וואָס זי טוט אין אַזאַ שפּעטער שעה און נאָך דערצו אין אַזאַ שטורעם אויפן ווילאַ־נאָווער שאָסיי.

צי האָט סאַבינע אים געקאָנט דערציילן דעם אמת? צי האָט זי אים געקאָנט דערציילן וועגן דעם גרויסן ווייטאָג פון איר האַרץ, וועגן די שרעקלעכע מינוטן, וועלכע זי האָט אין דעם היינטיקן אָוונט איבערגעלעבט.

האָט זי דעריבער דערציילט אַזאַ געשיכטע:

זי איז אַ קראַנקן־שוועסטער. האָט זי געהאַט אַ דיזשור ביי אַ קראַנקן אין ווילאַנאָוו. זי האָט פאַרשפּעטיקט די לעצטע קאָלייקע און האָט זיך דעריבער געלאָזט גיין צופוס קיין וואַרשע, אָבער אויפן וועג איז פּלוצלונג אויסגעבראָכן אַ שטורעם.

— איר זענט אַ קראַנקן־שוועסטער ? — האָט דער יונגערמאַן זיך דערפרייט.

— יאָ. שוין לאַנג ווי איך פּראַקטיציר אין דעם פאַך.

— אַך. וואָס פאַרא גוטע געלעגנהייט! — האָט דער יונגערמאַן אויסגערופן. — איך זאָג אייך. ג־ט אַליין האָט אייך צוגעשיקט.

— וואָס איז דען ? — האָט סאַבינע געפרעגט.

— די ערשטע זאַך וויל איך זיך פאַר אייך פאָרשטעלן, — האָט דער יונגערמאַן איר דערלאַנגט די האַנט. — מיין נאָמען איז העטריק זאַלצבערג, שיך־פאַבריקאַנט.

דער דאַזיקער נאָמען איז איר געווען באַקאַנט. נישט איינמאָל האָט זי געקויפט שיך אין די גרויסע געשעפטן פון דער פירמע זאַלצבערג.

— שטעלט אייך פאָר. גנעדיגעס פריילין. אַז מיין מוטער ליגט שווער קראַנק און די קראַנקן־שוועסטער, וועלכע איז ביז איצט געווען, האָט פּלוצלונג באַקומען היץ און זי האָט געמוזט אַהיימגיין.

— מיין קראַנקע מוטער איז דעריבער געבליבן אָן אַ פלעגערין: אַזוי ווי איך האָב געהאַט אַמאָל אַ באַקאַנטע קראַנקן־שוועסטער אין ווילאַנאָוו. בין איך צו איר אַרויסגעפאָרן אין מיין אייגענעם אויטאָ, אָבער ווייזט זיך אַרויס. אַז זי וווינט שוין נישט דאָרט און קיינער ווייסט נישט. וווּ זי האָט זיך איבערגעצויגן.

— איצט זע איך, — האָט דער יונגערמאַן פאַרענדיקט. — אַז נאָר ג־ט האָט אייך צוגעשיקט צו מיר. קאָן מען וויסן אייער נאָמען ?

— סאַבינע רייזמאַן. — האָט סאַבינע געענטפערט מיט אַ געשטיקטער שטים.

— רייזמאַן. רייזמאַן. — האָט הענריק זאַלצבורג איבער־געחזרט. — עפּעס איז מיר דער נאָמען באַקאַנט. — באַלד. באַלד. איך געדענק שוין: איך האָב געלייענט אַ גרויסן נעקראָלאָג אין צייטונג. אַז אַ געוויסע סאַבינע רייזמאַן איז געשטאָרבן. און איר הייסט אויך סאַבינע. יענע איז געווען אייערס אַ נאָענטע פֿאַמיליע?

— ניין. — האָט סאַבינעס שטים געציטערט.

ווען הענריק זאַלצבערג וואָלט זיך איצט נענטער צוגעקוקט צו סאַבינעס געזיכט. וואָלט ער באַמערקט, ווי עס איז שטאַרק בלאַס געוואָרן.

אָבער זיין בליק איז אין דעם מאָמענט געווען פֿאַרנומען מיט סאַבינעס וואונדערבאַרע, שיינע. קליינע הענטלעך. ער האָט דאָס ערשטע מאָל אין זיין לעבן געזען אַזעלכע פּרעכטיקע פּרויען־הענט.

— הייסט איר סאַבינע רייזמאַן. פּונקט אַזוי ווי יענע, וועלכע איז געשטאָרבן? — וואונדערט זיך זאַלצבערג. — יאָ. עס טרעפֿט אַ סך מאָל, ווי צוויי מענטשן, וועלכע קענען זיך נישט. הייסן איין און דעמזעלבן נאָמען און פֿאַרנאָמען.

— יאָ, עס טרעפֿט. — האָט סאַבינע שטיל איבערגעחזרט.

— אויף וועלכער גאַס וווינט איר?

— אויף דער ביעלאַנסקאַ.

אין אַ האַלבער שעה אַרום איז דער אויטאָ פֿונעם שיך־פֿאַבריקאַנט געבליבן שטיין פֿאַרן טויער פֿון זיין וווינונג. באַלד האָט זיך סאַבינע געפֿונען אין אַ וואַרעמער, ליכטיקער שטוב.

אַ דינסטמיידל האָט איר באַלד געגעבן איבערצוטאָן אַנדערע קליידער און סאַבינעס נאַסע קליידער אויפֿגעהאַנגען אויסצוטריי־קענען. הענריק זאַלצבערג האָט מיט פֿרייד דערציילט וועגן דער גליקלעכן צופֿאַל. וואָס עס האָט אים געטראָפֿן אויפֿן וועג.

ער איז געווען פֿאַרצווייפֿלט. וואָס ער האָט יענע קראַנקן־שוועסטער אין ווילאַנאָוו נישט געטראָפֿן און דאָ האָט אים ג־ט פּשוט אַראָפּגעשיקט אַ קראַנקן־שוועסטער פֿון הימל.

סאַבינעס שיין געזיכט, איר איידעלע באַנעמונג, איר זיסע שטים האָבן באַלד געוווּנען זיין צוטרוי.

סאַבינע האָט באַלד געוואָלט זיך אַוועקזעצן ביים בעט פֿון דער קראַנקער. אָבער זאַלצבערג האָט עס איר נישט ערלויבט.

— ניין, — האָט ער געזאָגט. — איר זענט דאָך שרעקלעך מיד. איך וויל. אַז איר זאָלט זיך אויסרוען. לייגט אייך שלאָפן און פון מאָרגן אינדערפרי אָן וועט איר זיין ביי דער קראַנקער מוטער מיינע. אויף ביינאַכט נעמט זי אַזעלכע פילן, אַז זי שלאָפט איין.

סאַבינע האָט זיך טאַקע געפילט טויט־מיד. ווי נאָר זי האָט זיך אויסגעטאָן און אַריינגעלייגט אין בעט, איז זי איינגעשלאָפן מיט אַ שווערן. פעסטן שלאָף.

ווען זי איז אויפגעשטאַנען אינדערפרי, האָט זי זיך דערפילט מונטערער. אין האַרץ האָט נאָך געשניטן אַ מיסע ווונד. אָבער זי האָט נישט אַזוי שטאַרק וויי געטאָן. ווי נעכטן ביינאַכט.

סאַבינע איז באַלד אַריין אין דעם צימער פון זאַלצבערגס קראַנקער מוטער.

שוין פון די עטלעכע שעה, וואָס סאַבינע האָט פאַרברענגט ביים בעט פון דער קראַנקער, האָט די אַלטע פרוי זאַלצבערג זיך דערפילט בעסער.

— ווי ג־ט וואָלט מיר צוגעשיקט אַ מלאך פון הימל. — האָט די קראַנקע פרוי געטראַכט.

זי ליגט שוין דריי חדשים צו בעט און זי האָט נאָך ביז איצט אַזאַ זעלטענע קראַנקן־שוועסטער נישט געהאַט.

שוין בלויז איר זיס שמייכעלע קאָן דאָך היילן דעם שווערסטן קראַנקן.

און ווי פיין זי טוט אַלץ און ווי גוט זי שמירט איין די פלייצע און די איינשפריצונג, וואָס זי מאַכט, פילט מען דאָך גאָרנישט — אַזאַ לייכטע האַנטהאָט זי!

ביי די קראַנקע. סיי ענריק זאַלצבערג זענען געווען אַנטציקט פון דער נייער קראַנקן־שוועסטער.

אָבער שוין אין דעם ערשטן טאָג פון איר זיין ביי די זאַלצבערגס אין הויז איז סאַבינען באַשערט געווען איבערצולעבן שווערע מינוטן, מינוטן פון שרעקלעכע ליידן און פיין.

ווען זי איז צוגעגאַנגען צום פענסטער. כדי צו פאַררוקן די פאָרהאַנג. האָט זי אינגאַנצן אויפגעציטערט.

אירע אויגן האָבן זיך ברייט אויפגעריסן און זי האָט אין דער ערשטער סעקונדע געמיינט, אַז זי וועט פאַלן אין חלשות.

אויפן הויף איז געגאַנגען לעאָן. איר לעאָן. ער איז אַרויפ־געגאַנגען גלייך אין דער וווינונג פון הענריק זאַלצבערג.

סאַבינע איז געשטאַנען אַזוי אַ לענגערע ווײַלע, ווי אַ צוגע־שמידטע צום אָרט.

— ג־ט אין הימל. — האָט זי פּלוצלונג אויפגעצאַפּלט, — איז עס מעגלעך, אַז זי זאָל באַלד דערזען דעם, וועמען זי ליבט מער פון אַלץ אויף דער וועלט?.

סאַבינע האָט איצט אינגאַנצן געפיבערט, ווי זי וואָלט געהאַט היץ.

דאָס האַרץ האָט געהאַמערט. ווי טויזנט האַמערס וואָלטן דאָרטן געזעצט. די קניען האָבן זיך איר געבויגן זי האָט נישט געקאָנט מער איינשטיין אויף דערב אָרט און זי האָט געמוזט זיך שווער אַראָפּלאָזן אויף אַ שטול.

## קאַפּיטל פינפאונדרייסיק

## „לעאָן מוז שטאַרבן!...״

צומאָרגנס נאָך דער שטורעם־נאַכט, נאָך דער נאַכט פון שווערע איבערלעבונגען. איז רעגינע אַרײַנגעקומען אין לעאָנס צימער.

— נו. מיין טייערינקער, ביזט געשלאָפן? — האָט זי אים געפרעגט און געשמייכלט מיט איר פאַלשן שמייכל.

— יאָ. נאָכדעם, ווי דו האָסט מיך אַרײַנבאַגלייט אין מיין צימער, בין איך באַלד איינגעשלאָפן.

לעאָן האָט אָנגעטאָן דעם מאַנטל.

— ווו גייסטו? — האָט רעגינע געפרעגט.

— אויב שוין אַ דועל, מוז איך דאָך האָבן סעקונדאַנטן, — האָט לעאָן געענטפערט. — איך האָב באַשלאָסן צו נעמען אַלס סעקונדאַנטן מיינע צוויי אַמאָליקע חברים. ווײַגן איינעם האָסטו, דוכט זיך. געהערט. דו האָסט געהערט וועגן אַ געוויסן הענריק זאַלצבערג?



דרוק „אור״ בע״מ פאַרלאַג „תקוה״

# סאבינע



ראָמאַן
פון אַ קראַנקן־שוועסטער

נומער 24

— הענריק זאַלצבערג? יאָ, איך האָב געהערט וועגן אים. דאָס איז דאָך דער באַקאַנטער שיך־פאַבריקאַנט, ער איז אַמאָל געווען דיינער אַ קאָלעגע?

— יאָ, נאָך מיט יאָרן צוריק. לעצטנס טרעפן מיר זיך ווייניק. אָבער אַזוי ווי ער איז שוין עטלעכע מאָל געווען אַ סעקונדאַנט ביי דועלן, וואָלט איך געוואָלט, אַז ער זאָל אויך זיין מיין סעקונדאַנט. איך מיין, אַז ער וועט מיר נישט אָפּזאָגן... איך פאָר איצט טאַקע צו אים... ער וווינט אויף ביעלאַנסקע.

— אַך, לעאָן טייערער... — האָט רעגינע אַ נעם געטאָן זיין האַנט און זי אָנגעהויבן צו באַדעקן מיט הייסע, אָבער פאַלשע קושן.

— וואָס איז געשן, רעגינע?

— איך האָב אַזוי מורא...

— פאַרוואָס האָסטו מורא? וואָס איז דען געשען?

— איך האָב מורא, אַז דער אויסוורף, דער דאָזיקער מייקעלסאָן קאָן נאָך דיך דערשיסן אויפן דועל...

— זיי רואיק, מיין טייערע, לעאָנס האַנט שיסט גוט... איך מוז דעם אמעריקאַנער ווייזן, אַז די קייזערשטיינס פאַרמאָגן נאָך ווירדע און וועלן זיך נישט לאָזן שפייען אין דער קאָשע פון עפּעס אַ מיסטער דזשייקאָב מייקעלסאָן...

— אַך, איך שרעק מיך אַזוי... — האָט רעגינע געמאַכט איר פאַלשן אָנשטעל.

— אַז איך שרעק זיך נישט, דאַרפסטו זיך אויך נישט שרעקן, מיין טייערע... — האָט לעאָן זי באַרואיקט. — נו, איך מוז גיין. שפּעטער וועל איך זאַלצבערגן שוין נישט טרעפן אין שטוב.

לעאָן האָט רעגינען אַ קוש געטאָן אין דער האַנט. אין אַ ווײַלע אַרום איז ער שוין געזעסן אין זיין אויטאָ און געפאָרן צו זיין אַמאָליקן קאָלעגע הענריק זאַלצבערג — — —

* * *

נאָך לעאָנס אַוועקגיין, האָט זיך רעגינע דערמאָנט, אַז איר פאָטער דאַרף היינט קומען פון לאָדזש.

סאַמועל קייזערשטיין האָט אויף אַ קורצע צייט געמוזט אַוועקפאָרן קיין לאָדזש, כדי צו באַרואיקן זיינע קרעדיטאָרן.

ער האָט זיי ערקלערט, אַז נאָך זיין טאָכטערס חתונה מיט זיין רייכן ברודערן־זון, וועט ער באַקומען פון לעאָנען אַ געוויסע סומע צו דעקן אַלע זיינע חובות.

וועגן דעם, וואָס עס איז די לעצטע וואָך פאַרגעקומען מיט זיין טאָכטער, האָט דער אַלטער סאַמועל קייזערשטיין נישט גע־ווּוסט.

ער האָט אויך נאָך נישט געהאַט געזען פאַר די אויגן דעם אמעריקאַנער, דעם מיסטער דזשייקאָב מייקעלסאָן.

רעגינע איז געפאָרן צום הויפּט־וואָקזאַל צוזאַמען מיטן אַלטן מאַריץ, וועלכער איז געזעסן נעבן שאָפער. מאַריץ האָט געדאַרפט העלפן אַריינטראָגן די וואַליזעס אין אויטאָ אַריין.

דער צוג איז אָנגעקומען מיט אַ געוויסער פאַרשפּעטיקונג. ווען זי האָט דערזען איר פאָטער אויסשטייגן פון וואַגאָן, האָט זי אים אַרומגעכאַפּט און געקושט.

— נו, וואָס הערט זיך, רעגינעשי? — האָט דער אַלטער סאַמועל קייזערשטיין געפרעגט.

— איך האָב דיר זייער אַ סך צו דערציילן, — האָט זי צו אים שטילערהייט אַ שעפּטשע געטאָן.

ערשט, ווען זיי זענען איינגעשטיגן אין אויטאָ, האָט זי מיט אַ שטילער שטים גענומען דערציילן, וואָס עס איז אין דער לעצטער וואָך פאַרלאָפן אין לעאָן קייזערשטיינס פּאַלאַץ.

זי האָט אים אויך דערציילט וועגן דער לעצטער שרעקלעכער נאַכט, אין וועלכער סאַבינע איז צוריקגעקומען אין פּאַלאַץ אַריין.

— ווען נישט מיין בליץ־שנעלע אָריענטאַציע, — האָט רעגינע איבערגעגעבן — וואָלטן מיר ביידע שוין היינט געזעסן אין תפיסה...

דער אַלטער קייזערשטיין איז בלאַס געוואָרן פאַר שרעק.

— ציִ קאָן זי נישט נאָכאַמאָל קומען אַהער? — האָט ער געפרעגט.

— נאָך וואָס וועט זי קומען? — האָט רעגינע געלאַכט. — זי האָט געגלויבט אין דעם, וואָס כ'האָב איר געזאָגט, אַז לעאָן איז שוין מיין מאַן, נאָכדעם האָט זי מיט אירע אייגענע אויגן געזען, ווי איך קוש און האַלדז מיך מיט איר געוועזענעם געליבטן. זי איז אַנטלאָפן, ווי דער פעפער וואַקסט!

— ווי זאָגסטו, הייסט דער אמעריקאַנער, — האָט סאַמועל קייזערשטיין זיך ענלעך באַרואיקט, — מייקעלסאָן?
— יאָ, דזשייקאָב מייקעלסאָן.
— ווען איך בין מיט זיבן יאָר צוריק געווען אין אַמעריקע, האָב איך באַקענט אַ געוויסן מייקעלסאָן, — האָט סאַמועל קייזער־שטיין ערקלערט? — צי איז ער נישט אַמאָל אַ הויכער, אַ פעסט־געבויטער?
— פונקט פאַרקערט, — האָט רעגינע געענטפערט. — אַ ניד-ריקער, אַ גראָבער און קיילעכיק, ווי אַ פעסל.
— און ער געפעלט דיר בעסער פון לעאָנען?
— נישט אַלעמאָל דאַרף אַ מאַן זיין שיין, כדי צו געפעלן...
— האָט רעגינע אַ שמייכל געטאָן.
— אָבער דו זאָגסט דאָך, אַז דער דאָזיקער אַמעריקאַנער איז אַ נידעריקער און אַ גראָבער... ווי קאָן אַזאַ מאַן געפעלן?
— אָבער ער פאַרמאָגט הייס בלוט, — האָט רעגינע געענט־פערט. — אַ פרוי צאַפּלט אין זיינע אָרעמס, דאַקעגן לעאָן... הם... דאָס איז דאָך אַ קאַלטער מאַסביל. ער האָט דאָך מיר נאָך רעכט קיין קוש נישט געטאָן. ניין, לעאָן איז נישט פאַר מיר. איבעריקנס האָט ער מיך דאָך נישט ליב.
— אָבער דו פאַרגעסט, טאָכטער מיינע, אַז דו האָסט חתונה מיט לעאָנען צוליב עפּעס אַנדערש און, אַז דיר וועט געפעלן, וועסטו קאָנען אים פאַרראַטן אויף לינקס און אויף רעכטס.
— צו וואָס דאַרף איך דאָס, אַז איך קאָן חתונה האָבן מיטן אמעריקאַנער, וועלכער איז נישט ווייניקער רייך, ווי לעאָן, אָבער כדי דאָס זאָל געשען, מוז לעאָן געהרגעט ווערן אויפן דועל... — האָט רעגינע שטיל אַ שעפּטשע געטאָן.
זיי האָבן געמוזט איבעררייסן דעם געשפּרעך, ווייל דער אויטאָ איז געבליבן שטיין פאַרן טויער פון קייזערשטיינס פּאַלאַץ. נאָכדעם, ווי פאָטער און טאָכטער האָבן זיך געפונען אַליין אין אַ צימער, האָט דער אַלטער קייזערשטיין פאַרשלאָסן די טיר און דערשראָקן אַ פרעג געטאָן רעגינען:
— איך פאַרשטיי דיך נישט, דו ווילסט, אַז לעאָן זאָל גע־הרגעט ווערן אויפן דועל?
— יאָ!

— פאַרוואָס ? אונדזער פּלאַן איז דאָך גאָר געווען אַן אַנדער־רער. פריער האָב מיט אים חתונה...

— איך וועל שוין בעסער חתונה האָבן מיטן אמעריקאַנער, — האָט רעגינע געענטפערט מיט אַן אויפגערעגטער שטים. — לעאָ־נען וויל איך מער נישט קענען! איך האָב אים פיינט, הערסט! און דעריבער דאַרף ער אומקומען אויפן דועל. נאָר דו קאָנסט מאַכן, אַז ער זאָל פאַלן אַ טויטער פון דעם אמעריקאַנערס קויל.

— איך ? — האָט סאַמועל קייזערשטיין אויסגעלאָצט אויף איר אַ פּאָר ערשטוינטע אויגן.

— יאָ, דו.

— ווי אַזוי? איך פאַרשטיי דיך נישט... — האָט ער געהויבן מיט די אַקסלען.

— איך וועל פאַרלייגן לעאָנען, אַז דו זאָלסט זיין זיין סעקונ־דאַנט.

— לעאָן האָט זיך נאָך נישט אויסגעקליבן קיין סעקונדאַנטן ?

— ער דאַרף טאַקע היינט אויסקלויבן. צו איינעם איז ער שוין איצט געפאָרן, דאָס איז דער באַקאַנטער שיך־פאַבריקאַנט הענריק זאַלצבערג, וועל איך אים זאָגן, אַז דער צווייטער סעקונ-דאַנט זאָל זיין דו...

— אָבער ווי אַזוי קאָן איך מאַכן, אַז לעאָן זאָל פאַלן פון דעם אמעריקאַנערס קויל ? — האָט סאַמועל קייזערשטיין זיך גע־וווּנדערט. — נישט איך וועל דאָך שיסן צו לעאָנען, נאָר דער אמעריקאַנער...

רעגינעס אויגן האָבן איצט געגלאַנצט, ווי ביי אַ טיגערין. זי איז נענטער צוגעגאַנגען צום פאָטער און געזאָגט:

— אויף יעדן דועל לאָדן אָן די רעוואָלווערן די סעקונדאַנטן. ווען דו זאָלסט אָנלאָדן לעאָנס רעוואָלווער מיט אַ בלינדער קויל. וועט זיין קויל דעם אמעריקאַנער גאָרנישט שאַדן, דאַקעגן וועט לעאָן פאַלן אַ טויטער פון דעם מיסטער דזשייקאָבס שאָס. איצט האָסטו שוין פאַרשטאַנען ?

סאַמועל קייזערשטיין איז בלאַס געוואָרן.

— רעגינע, צי ווייסטו, וואָס דו רעדסט ?! — האָט ער אויס־געשריגן. — צי ביסטו פון זינען אַראָפּ ?

— איך ווייס, וואָס איך רעד און דו וועסט טאָן, ווי איך הייס דיך! — האָט זי אַ זאָג געטאָן מיט אַ שטרענגן טאָן.

— רעגינע, דאָס איז אַ שרעקלעך פאַרברעכן! מיינע האָר זיינען שוין צו גרוי, אַז איך זאָל טאָן אַזאַ שרעקלעכע זאַך. דאָס איז דאָך אַ מאָרד...

— אַלזאָ, ווילסטו, אַז לעאָן זאָל בלייבן לעבן? איך זאָל זיין זיין ווייב? ניין, דאָס וועט נישט געשען, לעאָן מוז שטאַרבן!...

רעגינע האָט איצט געהאָט אַזעלכע שרעקלעכע, ווילד־אַרויס־געזעצטע אויגן, אַז דער אייגענער פאָטער אירער האָט זיך פאַר איר דערשראָקן.

— אָבער פאַרשטיי, רעגינע, איך קאָן דאָך נישט גיין זיצן פאַר אַזאַ זאַך... — האָט זיך דער אַלטער טאַטע פשוט געבעטן ביי זיין טאָכטער.

— קיינער וועט דערפון נישט וויסן, — האָט רעגינע ער־קלערט. — ווי נאָר לעאָן וועט אַנידערפאַלן, וועסטו אַרויסנעמען דעם רעוואָלווער פון זיין האַנט... פאַרשטיי, אויב לעאָן בלייבט לעבן, וועט שטענדיק איבער אונדז הענגען די געפאַר, אַז ער זאָל זיך דערוויסן דעם שרעקלעכן סוד, אַז סאַבינע לעבט און דעמאָלט... דעמאָלט וועלן מיר ביידע סיי ווי גיין אין תפיסה אַריין...

דער אַלטער סאַמועל קייזערשטיין האָט זיך אַ ווײַלע פאַר־טראַכט. ער האָט איינגעזען, אַז רעגינע איז גערעכט. אַזוי לאַנג ווי לעאָן לעבט, וועט שטענדיק הענגען איבער זיין טאָכטער די געפאַר דעמאַסקירט צו ווערן.

אָבער ווי אַזוי טוט מען אַזאַ זאַך? ווי אַזוי שטעלט מען זיך איין אַריינצולייגן אין לעאָנס רעוואָלווער בלינדע קוילן?

— און וואָס וועט זיין, אַז לעאָן וועט בלייבן לעבן? — פרעגט סאַמועל קייזערשטיין.

— דו מיינסט צו זאָגן, וואָס וועט זיין, אַז די קויל וועט אים בלויז פאַרוואונדן? האַ? — האָט זיך אויף רעגינעס געזיכט באַוויזן אַ טייוולאַנישער שמייכל.

— נו, יאָ, וואָס וועט דעמאָלט זיין?

— האָב איך אויך דערויף אַ מיטל... — האָט רעגינע געהיימ־ניספול אַ שמייכל געטאָן...

— וואָס פאַר אַ מיטל?

זי האָט זיך צוגעבויגן צו זיין אויער און האָט אים עפּעס איינגערוימט...

דער אַלטער קייזערשטיין איז אָפּגעשפּרונגען פון איר, ווי אַ שלאַנג וואָלט אים אַ ביס געטאָן.

— וואָס?! — איז ער טויט־בלאַס געוואָרן. — און דו ווילסט, אַז איך זאָל אָפּטאָן אַזאַ שרעקלעכע זאַך? ניין, ניין!

— באַרעכן דיך גוט... — האָט זי גערעדט צו אים מיט אַ דראָענדיקן טאָן.

— ניין, ניין. דאָס איז צו שרעקלעך!... איך... איך האָב שוין גראָע האָר...

— דו מוזט עס טאָן, אַז נישט זענען מיר פאַרלוירן, דו הערסט? דער אמעריקאַנער ווייסט אַלץ און אויב איך וועל חתונה האָבן מיט לעאָנען, וועט ער פאַרשיטן...

— טאָ מאַך זשע אַזוי, אַז דער אמעריקאַנער זאָל געהרגעט ווערן, — פּרובירט זיך סאַמועל קייזערשטיין, אָבער רעגינע איז איינגעשפּאַרט.

זי גייט צו צו אים און גיט שאַרף אַ זאָג:

— פאַררעד מיר נישט די ציין, דו הערסט?! לעאָן מוז שטאַרבן!

— אָבער... — ציטערט דעם אַלטנס שטים.

— קיין שום אָבער!

— רעגינע, דאָס איז דאָך שרעקלעך...

— נישטאָ קיין שרעקלעכע זאַכן, ווען עס האַנדלט זיך וועגן דיין טאָכטערס גליק! — האָט רעגינע אויסגערופן.

דער אַלטער קייזערשטיין האָט אינגאַנצן געציטערט, ווען ער האָט זיך דערמאָנט, וואָס אַזעלכעס זיין טאָכטער האָט אים מיט עטלעכע מינוט פריער איינגערוימט אין אויער.

אָבער ער האָט נישט געהאַט קיין אַנדערן אויסוועג. ער האָט געמוזט פאָלגן זיין טייוולאַנישער טאָכטער.

איצט האָט ער זיך איבערצייגט, אַז איין פאַרברעכן ציט נאָך זיך דאָס צווייטע פאַרברעכן און ווען אַ מענטש הויבט אָן צו זינקען אין אַ בלאָטע זינקט ער אַלץ טיפער און טיפער...

סאַמועל קייזערשטיינען האָט שוין באַנג געטאָן, וואָס ער האָט

יך אַריינגעפּלאָנטערט איז אַזאַ שרעקלעכער נעץ. אָבער ער האָט זיך שוין גאַרנישט געקאָנט הלעפן.

ער האָט געמוזט אויספּירן אַלע שרעקלעכע באַפעלן פון זיין טאַכטער, אויספּירן און — שווייגן...

— נו, גוט, איך וועל עס טאָן... — האָט ער אַ זאָג געטאָן מיט אַ ציטערנדיקער שטים.

אין דעם מאָמענט האָט זיך דערהערט אַ לייכטער קלאַפּ אין דער טיר.

— ווער איז? — האָט רעגינע געפרעגט.

— איך... — האָט זיך פון יענער זייט טיר דערהערט לעאָנס שטים.

רעגינע און דער אַלטער קייזערשטיין האָבן אויפגעציטערט און האָבן זיך דערשראָקענע, בלאַסע אָנגעקוקט איינער דעם אַנדערן.

אָבער ביידע האָבן אַ טעות געהאַט.

לעאָן איז נאָר וואָס געהאַט אָנגעקומען און ער האָט זייער געשפּרעך נישט אונטערגעהערט.

רעגינע האָט געמאַכט אַ שמייכלענדיקע מינע און געעפנט די טיר.

— דער פאַטער מיינער איז געקומען צו פאָרן, — האָט זי געזאָגט.

— אַ, גוט מאָרגן, פעטער! — האָט זיך לעאָן צעקושט מיט דעם אַלטן קייזערשטיין.

— ווי ביסטו געווען? — האָט אים סאַמועל געפרעגט, כאָטש ער האָט גאַנץ גוט געוווּסט, ווו לעאָן איז איצט געווען.

— ביי אַ געוויסן הענריק זאַלצבערג, מיינעם אַמאָליקן קאָלעגע... דו האָסט דאָך שוין אַוודאי געהערט, פעטער, די געשיכטע מיט דעם אמעריקאַנער... רעגינע האָט דיר שוין דערציילט, יאָ?

— יאָ, איך ווייס שוין אַלץ און איך בין טאַקי גרייט צו זיין דער צווייטער סעקונדאַנט...

— אַ, אויסגעצייכנט, טייערער פעטער... הענריק זאַלצבערג איז גרייט צו זיין מיין סעקונדאַנט, אָבער ער האָט ווייניק צייט, ווייל זיין מוטער איז אים שווער קראַנק. אַ סעקונדאַנט מוז דאָך

האָבן אַ סך צייט, נישט אמת? איך בין דעריבער זייער צופרידן פון אייער פאָרשלאָג, צו זיין דער צווייטער סעקונדאַנט...

— איך וועל זיך ווענדן צו דעם אמעריקאַנער און פאָרלייגן די באַדינגונגען פון דועל, — האָט דער אַלטער קייזערשטיין ער־קלערט. — וואָס פאַראַ באַדינגונגען לייגסטו פאָר?

— איך לייג פאָר: שיסן פון צען טריט ווייט. אויפהערן, ווען איינער פון אונדז וועט שוין נישט פעאיק זיין צום ווייטערדיקן קאַמף.

— און ווו זאָל דער דועל פאָרקומען? — האָט סאַמועל גע־פרעגט.

— אין וואַווער וואַלד.

— אין וועלכן טערמין?

— איבערמאָרגן אין דער פרי.

— נו, גוט! — האָט סאַמועל געזאָגט.

דער אַלטער פוקס, סאַמועל קייזערשטיין, האָט פאַרשטאַנען, אַז איצט פאַסט זיך צו מאַכן אַ טרויעריקע מינע. עס גייט דאָך וועגן דעם לעבן פון זיין ברודערן-זון!

ער האָט זיך אַלזאָ נאָענט צוגערוקט צו לעאָנען, געקוקט אויף אים מיט כלומרשטער פאַרזאָרגטקייט און טריישאַפט.

— מיין קינד! — האָט דער פאַלשער פעטער געזאָגט — מיר דאַכט זיך, אַז די באַדינגונגען פון דועל זענען צו שווערע. איך בין אומרואיק צוליב דיר...

— דער דאַזיקער גראָבהויטיקער אמעריקאַנער האָט פאַרדינט אַ שטרענגע שטראָף! — האָט לעאָן געענטפערט — ווי האָט ער געקענט וואַגן אויף אַזאַ געמיינעם אופן צו באַפאַלן רעגינען!

— דאָס איז אמת. אָבער מיר גייט דאָך נישט וועגן דעם אמעריקאַנער, נאָר וועגן דיר! — האָט סאַמועל געטענהט.

— וועגן מיר זאָל דער פעטער רואיק זיין... — האָט לעאָן ערקלערט אַ פאַרטראַכטער אין זיך. — אָבער אויף יעדן פאַל דאַרף מען אַלץ באַרעכענען פאָרויס. איך האָב שוין אָנגעשריבן אַ צוואה, אַז אין פאַל פון מיין טויט זאָל רעגינע מיך ירשענען...

דער אַלטער קייזערשטיין האָט פאַרדעקט מיט אַ טיכל זיינע אויגן, ווי ער וואָלט כלומרשט געוויינט... אין דער אמתן האָט זיין פנים אונטערן טיכל געשיינט פאַר פרייד...

— און דיך, פעטער, בעט איך, אַז אויב איך װעל פאַלן, זאָלסטו זיך באַמיען מיט אַלע דײַנע כוחות צו טרייסטן רעגינען, — האָט לעאָן צוגעגעבן.

דער אַלטער קייזערשטיין האָט זיך כלומרשט צעהעשעט:

— ט־טייערער לעאָן! ז־זון מײַנער! איך ד־דאַנק דיר פאַר דײַן גוטסקייט! אָבער איך האָף צו ג־ט, אַז דו װעסט אַרויס אַ גאַנצער און דו װעסט אַליין זײַן רעגינעס טרייסט און פאַרזאָרגער...

דער אַלטער שווינדלער האָט זיך געוואָרפן אויף לעאָנס האַלדז און זיך מיט אים צעקושט...

* * *

דעם זעלבן טאָג נאָך איז דער אַלטער קייזערשטיין אַוועק צום אמעריקאַנער דזשייקאָב מייקעלסאָן.

דער אַלטער קייזערשטיין האָט זיך געאײַלט שוין דעם זעלבן טאָג צו גיין צום אמעריקאַנער, ווײַל אַזוי איז פאַר אים געווען באַקוועם.

ער האָט געדאַרפט זיך דורכרעדן מיטן אמעריקאַנער אויג אויף אויג. העבריק זאַלצבערג, אַלס צווייטער סעקונדאנט, האָט געדאַרפט מיטגיין צו מיסטער מייקעלסאָן. ער וואָלט דעריבער געווען גע־שטערט זייער צונויפרעדן זיך.

אָבער צום גליק פונעם אַלטן קייזערשטיין האָט זאַלצבערג אנטעלעפאָנירט, אַז עס איז אים היינט אוממעגלעך זיך אָפּצורייסן פון זײַנע געשעפטן. ער בעט דעריבער אָדער אָפּלעגן דעם וויזיט אויף מאָרגן, אָדער ער, סאַמועל קייזערשטיין, זאָל אַליין גיין צום אמעריקאַנער.

— אַנטשולדיקט מיר זייער הער קייזערשטיין! — האָט זאַלצ־בערג געזאָגט — היינט קומען איז מיר לײַדער אוממעגלעך!

— עס מאַכט נישט! עס מאַכט נישט! — האָט סאַמועל אים באַרואיקט — איך וועל היינט אַליין גיין.

דער אַלטער כיטראַק האָט זיך אָנגעכאַפּט דערין מיט בײַדע הענט. אָן זאַלצבערגן וועט ער זיך פריי קאָנען דורכרעדן מיטן מיסטער מייקעלסאָן.

דער אַלטער קייזערשטיין איז אויך געווען שטאַרק נײַגעריק צו באַקענען זיך מיט דעם מענטש, וועלכן רעגינע האָט זיך אויס־געקליבן פאַר אַ מאַן.

מיסטער דזשייקאָב מייקעלסאָן האָט איצט געוווינט אין האָ־טעל בריסטאָל. סאַמועל קייזערשטיין איז נאָכמיטאָג אַהין פאַר־פאָרן.

ער איז אויסגעשטיגן פונעם אויטאָ, אַריין אין דער ווינדע און אַרויפגעפאָרן אויפן צווייטן שטאָק.

ענדלעך האָט ער אָנגעקלאַפּט אין דזשייקאָבס צימער.

— העלאָו! אַריין! — האָט זיך אָפּגערופן אַ קוויטשיקע, שריי־ענדיקע שטים.

ווען סאַמועל קייזערשטיין האָט געעפנט די טיר, איז אים אַנטקעגנגעלאָפן אַ קליין, רירעוודיק מענטשל, אַ גראָב־נאַזיקער, מיט קיילעכדיקע און אַרויסשטאַרצנדיקע אויגעלעך.

סאַמועל איז געבליבן געפּלעפט. עס איז פאַר אים געווען אַ גרויס רעטעניש, וואָס רעגינע האָט זיך אויסגעקליבן דעם דאָזיקן מיאוסן קאַרליק. לעאָן איז דאָך אַ כּך שענער פון אים!

— איך בין סאַמועל קייזערשטיין! — האָט דער אַלטער זיך פאָרגעשטעלט — דער פאָטער פון פריילין רעגינע, מיט וועלכער איר האָט זיך אַנומלט באַקענט.

— זייער אָנגענעם! זייער אָנגענעם! — האָט דער אַמערי־קאָנער געשיט די ווערטער מיט אַ שנעלקייט, ווי מ׳שיט אַרבעס — זעצט אייך, מיסטער קייזערשטיין.

סאַמועל האָט זיך איצט איינגעקוקט אינעם אמעריקאַנער, וועלכער איז געזעסן אַנטקעגן אים. ס׳האָט זיך אים אויסגעוויזן, אַז ער האָט דאָס דאָזיקע פּנים שוין ערגעץ ווו באַגעגנט, ער האָט זיך אָבער נישט געקאָנט דערמאָנען, ווען דאָס איז געווען און ביי וועלכע אומשטענדן.

„ווו האָב איך שוין אַמאָל געזען דעם דאָזיקן קיילעכדיקן קאָפּ מיט די האַרטע האָר און מיט די כיטרע אייגעלעך?" — האָט ער זיך געפּרובט דערמאָנען. דער זכּרון האָט אים אָבער אַצינד נישט געדינט.

— איך בין געקומען צו אייך, ווייל איך האָב מיט אייך איבער־צורעדן זייער אַ וויכטיקן ענין, — האָט סאַמועל קייזערשטיין זיך אָנגערופן.

— איך פאַרשטיי! איך פאַרשטיי! — האָט דער אמעריקאַנער געשיט, ווי פון אַ לעכערדיקן זאַק — אָבער לאָמיר רעדן אָפן,

מיסטער קייזערשטיין! ווען אייער טאָכטער זאָל מיר נישט פאַר־זיכערן, אַז איך וועל אַרויס פונעם עסק אַ גאַנצער, וואָלט מיר גאָרנישט איינגעפאַלן צו גיין שפּילן זיך אין דועלן...

— אָבער ווי מיין טאָכטער האָט מיר איבערגעגעבן, האָט איר דאָך דער ערשטער אַרויסגערופן מיין ברודערן־זון אויף אַ דועל ? — האָט סאַמועל זיך געוווּנדערט.

— מאַלע, וואָס מ׳כאַפּט זיך אַרויס אויף דער הייסער מינוט... דועלן זענען פאַר מיר נישט קיין ביזנעס... איך האָב נישט קיין חשק צו ווערן אַ צילברעט פאַר קוילן...

סאַמועל איז געבליבן זיצן אַ געפּלעפּטער. די גאַנצע האַלטונג פונעם דאָזיקן פאַרשוין האָט עדות געזאָגט, אַז ער איז אַ גראָבער פליגל און שטאַמט גיכער פון קצבים, ווי פון איידעלע לייט...

„און דעם דאָזיקן גראָבן יונג האָט רעגינע זיך אויסגעקליבן פאַר אַ מאַן ?״ — האָט סאַמועל געטראַכט מיט קרענקונג — „סיידן ער איז אַזוי רייך, אַז עס לוינט זיך איר אַוועקצוקוקן פון זיינע אַלע חסרונות״.

— איר זענט זייער אַן אָפּנהאַרציקער מענטש, מיסטער מיי־קעלסאָן — האָט סאַמועל קייזערשטיין געזאָגט מיט אַ שמייכל — איך וועל אייך טאַקע אויפקלערן די גאַנצע זאַך.

— יעס! יעס! דאָס וויל איך טאַקע, איר זאָלט מיר אויפ־קלערן, ווי אַזוי איך זאָל יענעם אָפּרוימען און איך זאָל אַרויס־גאַנץ...

— פאַרשטייט איר מיך, מיסטער מייקעלסאָן, איך טו דאָס אַלץ נאָר דערפאַר, ווייל איך האָב מיין טאָכטער ליבער, ווי מיין אייגן לעבן. רעגינעס חתן איז דאָך מיין ברודער־זון. מיין בלוט און פלייש...

— יעס! יעס! מיסטער קייזערשטיין!

— און מיטהעלפנדיק צו זיין טויט, וועל איך זיך מאַכן אַ וווּנד אין מיין אייגן האַרץ...

— יעס !

— און לעאָן האָט ליב רעגינען ווי דאָס לעבן... באַרעכענענ־דיק, טאָמער פאַלט ער אין דועל, האָט ער היינט אָנגעשריבן אַ צוואה, אין וועלכער ער באַשטימט רעגינען אַלס זיין איינציקע יורשטע...

— יעס, אָלרייט!...

— איך בין אָבער אומרואיק וועגן רעגינעס ווייטערדיקן שיקזאַל. איך וואָלט דעריבער געוואָלט זי זען אַלס פרוי פון אַ פּאַסיקן מאַן.

— יעס! יעס!

— זי ליבט אייך און אויך איר ליבט זי, וואָלט איך, איר פּאָטער און באַשיצער, געוואָלט וויסן, ווען איר האָט בדעה צו שטעלן אַ חופּה?

דער אַמעריקאַנער מיסטער האָט זיך קוים איינגעהאַלטן, אַז ער זאָל נישט צעטאַנצן פון פרייד.

„הייסט עס, אַז רעגינע וועט ירשנען לעאָן קייזערשטיינס גאַנצע ריזיקע פאַרמעגן! און איך, דזשייקאָב מייקעלסאָן. וועל דאָס גאַנצע פאַרמעגן קריגן אַלס נדן!"... — האָט ער געטראַכט.

— ווען איך וועל שטעלן אַ חופּה, מיסטער קייזערשטיין? איך בין גרייט צו יעדער מינוט... די ליבע צו אייער טאָכטער ברענגט אין מיין האַרץ, ווי א פייער, און בלויז דער געדאַנק וועגן דעם, אַז ענדלעך וועט זי זיין מיין פרוי און איך וועל יעדן טאָג זי קאָנען זען און זיין צוזאַמען מיט איר, מאַכט מיך פּשוט שיכור פון פרייד!

— בלייבט אונדז אַלזאָ בלויז אָפּצורעדן די באַדינגונגען פונעם דועל.

סאַמועל האָט איבערגעגעבן דעם אַמעריקאַנער לעאָנס באַדינגונגען, וועלכע דער מיסטער האָט באַלד אָנגענומען.

מיסטער מייקעלסאָן האָט זיך פאַרשטאַנען אויף ביזנעס און ער האָט געזען, אַז ער קאָן זיך פאַרלאָזן אויף רעגינען און איר פּאָטער...

סאַמועל קייזערשטיין איז אויפגעשטאַנען פון זיין אָרט און זיך געגרייט אַוועקצוגיין. אָבער איידער ער האָט זיך געזעגנט, האָט ער אַ פרעג געטאָן.

— צי האָב איך אייך נישט שוין געזען אַמאָל ערגעץ, מיסטער מייקעלסאָן? איר זעט מיר עפּעס שטאַרק באַקאַנט.

דזשייקאָב האָט זיך אַביסל פאַררויטלט.

— איך ווייס נישט, מיסטער קייזערשטיין. איך זע אייך דאָס

ערשטע מאָל אין מיין לעבן! — האָט דזשייקאָב געענטפערט און אַראָפּגעלאָזט די אויגן.

— מעגלעך, אַז איך האָב אַ טעות, אַז איך האָב ערגעץ באַ־געגנט אַן ענלעכן צו אייך. אַלזאָ, צום ווידערזען, מיסטערמייקעלסאָן.

— צום ווידערזען!

ווען סאַמועל קייזערשטיין האָט פאַרלאָזן דעם אַמעריקאַנערס האָטעל־צימער, האָט דער מיסטער ערשט לייכט אָפּגעאָטעמט.

„א נס, ער האָט מיך נישט דערקענט!" — האָט מיסטער דזשייקאָב געטראַכט — „ווען ער וואָלט מיך דערקענט, וואָלט ווײַ געווען צו מיר און ווײַ צו רעגינען!...

## קאַפּיטל זעקסאונדרײַסיק

# פאַרברעכן און שטראָף

אַדאָלף מאָרגענטאַל האָט זיך גענומען ברענגען אין אָרדענונג זיין דירה.

ער האָט אַלץ אַרומגעקוקט און באַטראַכט, וואָס ער וועט דאָ ענדערן און אַרייַנברענגען נייעס?

ווען ער איז אַריינגעקומען אין דעם צימער, וואָס איז דאָ נישט לאַנג געווען מארילעס, האָט איס אַרומגעכאַפּט אַ געפיל פון אומעט.

דאָס צימער איז כמעט געווען פוסט. דאָ און דאָרט האָבן זיך געזען טונקעלע פלעקן אויף די טאַפּעטן. דאָס זענען געווען די פרייַ־געוואָרענע ערטער נאָך די מעבל־שטיקער, וועלכע מארילע האָט מיט זיך מיטגענומען.

די פענצטער זענען געווען אָן פאַרהאַנגען און זיי האָבן מיט זייער העלן ליכט שלעכט געווירקט אויף דער באַשיידענער שטיל־קייט פון אַדאָלפס רייכער דירה.

אַדאָלף האָט געהאַט דאָס געפיל, ווי מען וואָלט זיין הויז אָפּגעדעקט פאַר די אויגן פון דער גאַנצער וועלט — זעט סאַראַ חורבן דאָרט איז ....

„נישט נאָר מיך, נאָר דאָס גאַנצע הויז האָט די דאָזיקע פרוי באַדעקט מיט שאַנד!" — האָט אַדאָלף געטראַכט.

„אָבער דאַנקען גאָט, זי געהער זיך מער מיט מיר גאָרנישט אָן!" — האָט ער זיך געטרייסט.

ער האָט באַלד באַפוילן אַרויסצונעמען פונעם דאָזיקן צימער אַלץ, וואָס האָט אים געקאָנט דערמאָנען אָן מאַרילען.

דאָס דאָזיקע צימער האָט ער דאָך באַשטימט אָפּצוגעבן פאַר יענער פרוי, וועלכע ער האָט איצט פאַרגעטערט און וועלכע דאַרף פאַרנעמען דאָס אָרט פון מאַרילען.

דאַ אין דעם צימער, וועט וווינען ליזע, די פרוי, וועלכע דאַרף אַריינגעבן אַ נייעם אינהאַלט אין זיין לעבן, אויספילן אין זיין האַרץ די פוסטקייט, וועלכע מאַרילע האָט דאָרט איבערגעלאָזט...

ער האָט זיך איצט פאָרגעשטעלט, ווי ליזעס ברייטעדיקע פיגור וועט זיך באַוועגן צווישן די דאָזיקע ווענט. ער האָט זיך פאָרגעשטעלט ליזעס ליכטיקן זוניקן פּנים, וואָס שיינט פון גוטסקייט און טרייהאַפט.

אויף זיין פּנים האָט זיך באַוויזן אַ גליקלעכער שמייכל און זיינע אויגן האָבן פריידיק אויפגעלויכטן...

אין זיינע אויערן האָט איצט אָפּגעקלונגען ליזעס שטים, איר געלעכטער, גלייך ווי זי וואָלט טאַקע דאָ געווען נעבן אים.

עס האָט אים אַרומגעכאַפּט אַ וואַרעם און גלייכצייטיק פיינלעך געפיל פון בענקשאַפט נאָך ליזען, גלייך ווי ער וואָלט זי שוין ווער ווייס ווי לאַנג נישט געזען.

ער האָט איצט געטרוימט וועגן יענעם טאָג, ווען זי וועט שוין זיין אינגאַנצן זיינע און זיי וועלן זיך קיינמאָל נישט דאַרפן שיידן, ווייל זי וועט וווינען אין זיין דירה.

ער האָט אָבער נאָך נישט געהאַט דערליידיקט דעם גט מאַרילען און עס האָט נאָך געמוזט דויערן אַ ביסל.

אַדאָלף האָט זיך דערווייל געמוזט באַגנוגענען דערמיט, וואָס ער האָט יעדן טאָג באַזוכט זיין געליבטע אין איר באַשיידענער אָרעמער וווינונג.

דער היינטיקער וויזיט ביי ליזען האָט געדאַרפט זיין אַ באַזונדערס פייערלעכער. זיי האָבן היינט געהאַט אַ שטיקל יום־טוב — דער ערשטער טאָג פון ליזעס פרייהייט, ווען איר געוועזענער מאַן

געהערט איר מער גאָרנישט אָן און זי איז אינגאַנצן פריי פון איר פאַרבינדונג מיט אים.

ענדלעך איז דער זייגער שוין געווען אַכט אָוונט. אַדאָלף האָט פאַרלאָזט זיין הויז, איינגעשטיגן אין אן אויטאָ און אָפּגעפאָרן צו ליזען.

איצט איז געווען די אָפּגערעדטע שעה, ווען זי האָט אים געדאַרפט דערוואַרטן.

אַדאָלפס פאַרוואונדערונג איז דעריבער געווען נישט קליין, ווען ער האָט ליזען אין דער היים נישט געטראָפן.

ער האָט בלויז געטראָפן דעם קראַנקן לאָלעק, ליזעס זונעלע, דאָס שטוב־מיידל, וואָס האָט זיך געפּאָרעט אַרום אים, און דעם דאָקטאָר.

— זייער גוט, וואָס איר האָט מיר דאָ געטראָפן! — האָט דער דאָקטאָר געזאָגט צו אַדאָלפן — איך האָב מיט אייך עפּעס איבער־צורעדן.

— ביטע זייער! וועגן וואָס האַנדלט זיך עס ?

— אָט וועגן וואָס: דער קליינטשיקער איז שוין. דאַנקען גאָט, אויך אַ וועג. די קראַנקהייט איז שוין אריבער, אָבער זיינע לונגען זענען שטאַרק אָפּגעשוואַכט, איך האָב עס דער מוטער נישט געוואָלט זאָגן, ווייל זי וועט באַלד איבערקלערן. מען וואָלט אים נויטיק געדאַרפט אַרויסשיקן אין אַ גוטן קור־אָרט.

אַדאָלף האָט געדריקט דעם דאָקטאָרס האַנט.

— איך דאַנק אייך זייער, דאָקטאָר, פאַר אייער איבערגעגעבנ־קייט און זאָרג! איך וועל טאָן אַלץ, וואָס איז נויטיק פאַרן דאָזיקן קינד. וועלכעס איך באַטראַכט איצט פאַר מיין זון.

— איך פאַרשטיי... איך פאַרשטיי.. — האָט דער דאָקטאָר געזאָגט מיט אַ גוטמוטיקן שמייכל — דערלויבט מיר אויף איין וועגס אייך צו גראַטולירן... איר האָט ווירקלעך גוט אויסגעקליבן...

—איך גלויב אַזוי! — האָט אַדאָלף געענטפערט מיט אַ צופרידענעם שמייכל.



דפוס „אור" בע"מ, תל־אביב, הר־ציון 104. טל. 822481

# סאבינע



ראמאַן
פון אַ קראַנקן־שוועסטער
נומער 25

— איך קען מאַרילען, — האָט דער דאָקטאָר צוגעגעבן, — איך האָב געוווסט, אַז פריער אָדער שפּעטער וועט מוזן קומען צו אַ צעשיידונג. אייערע כאַראַקטערן שטימען אינגאַנצן נישט. אין דער דאָזיקער פרוי גליקסאָן האָט איר ווירקלעך געפונען אַ גליקלעכע פּאַרטיע. זי האָט אַ זעלטן אײדעלע נשמה. איך גראַטו־ליר אייך דעריבער און ווינטש אייך גליק פון גאַנצן האַרצן!

— איך דאַנק אייך!

— און וועגן דעם קליינעם לאָלעק, וואָלט גוט געווען אַ קור־אָרט ערגעץ אויף דער פראַנצויזישער ריוויערע.

— גוט! כאָטש עס וועט זיין פאַר מיר זייער ווייטיקלעך צו שיידן זיך אויף אַ לענגערער צייט מיט מיין געליבטער ליזען, וועל איך זען, אַז זי זאָל וואָס שנעלער אָפּפאָרן מיטן קראַנקן קינד, כדי ער זאָל דאָרט וואָס גיכער קומען צו זיך.

דער דאָקטאָר האָט זיך געזעגנט און איז אַוועק.

— וואָס איז די סיבה, וואָס פרוי גליקסאָן איז נאָך נישט אַהיימגעקומען ? — האָט אַדאָלף געפרעגט דעם שטובמיידל.

— זי וועט אוודאי באַלד קומען, — האָט דאָס מיידל געענט־פערט, — זי איז געגאַנגען צו איר אַ חברטע, אַ געוויסע פייגעלע בערענהאָלץ, וועלכע זי האָט שוין לאַנג נישט געזען. פרוי גליקסאָן האָט זיך צופעליק דערוווסט, אַז יענע געפינט זיך אין וואַרשע און זי איז אַהינגעגאַנגען צו איר.

ווען עס איז אָבער אַריבער נאָך אַ האַלבע שעה און פרוי גליקסאָן איז אַלץ נאָך נישט צוריקגעקומען, האָט אַדאָלף אַנגעהויבן צו ווערן אומרואיק.

ס'האָט קיינמאָל נישט געטראָפן, אַז ער זאָל זי נישט טרעפן אין דער אָפּגעשמועסטער צייט. און איצטער וואַרט ער שוין אַזוי לאַנג.

„ווער ווייס, צי איז מיט איר עפּעס נישט געשען ?"

אַדאָלף האָט אָנגעהויבן זיך פאָרשטעלן פאַרשידענע מעגלעכ־קייטן ; אפשר, חלילה, איבערגעפאָרן. זיך אויסגעגליטשט און געפאַלן...

אַדאָלפס אומרו איז געוואַקסן מיט יעדער מינוט.

פּלוצלונג האָבן זיך דערהערט טריט אויף די שטיגן.

עמיצער איז פּאַמעלעך אַרויפגעגאַנגען אַפּרוענדיק זיך נאָך יעדע עטלעכע טריט.

זאָל עס זיין ליזע?

אָבער איר שטייגער איז צו לויפן איבער די שטיגן און נישט זיך יעדע ווײַלע אָפּצורוען, ווי אַ קראַנקע, אָדער אַן אַלטע.

דער אומרואיקער אַדאָלף איז פונדעסטוועגן צוגעלאָפן צו דער טיר און זי געעפנט.

— ג־ט! ג־ט מײַנער! וואָס איז געשען? — האָט ער אויס־געשריגן און איז צוריקגעטרעטן אויף עטלעכע טריט — ליזע!

אָבער צי האָט ער נישט קיין טעות?... ניין! ס׳איז ליזע! נאָר ווי שרעקלעך האָט זי איצט אויסגעזען!

איין האַנט האָט זי געהאַלטן אויף דער ברוסט, צודריקנדיק זי, ווי זי וואָלט מורא געהאַט, אַז דאָס האַרץ זאָל איר נישט אַרויס־שפּרינגען... מיט דער צווייטער האַנט האָט זי פאַרשטעלט אירע אויגן, וועלכע האָבן איר אַלץ געריסן און זענען רויט געווען ווי פײַער.

זי האָט שווער געאָטעמט און זיך געשטיקט פון אַ הוסט, וועלכער האָט זי אויף אַ מינוט נישט אָפּגעלאָזט. די פיס האָבן זיך געבראָכן אונטער איר און זי האָט געציטערט אינגאַנצן, ווי אַן אַלטיטשקע...

— ליזע! וואָס איז געשען מיט דיר? — האָט אַדאָלף אויס־געשריגן אַ פאַרצווייפלטער און זי אָנגעכאַפּט פאַר ביידע הענט.

ליזע האָט זיך אַרויפגעוואָרפן אויף זיין ברוסט און זיך צע־העשעט ווי אַ קליין קינד.

— גוט, אַדאָלף, וואָס דו ביסט איצט דאָ נעבן מיר! — האָט זי געשעפּטשעט, כליפּענדיק — איצט האָב איך שוין נישט קיין מורא...

אַדאָלף האָט ליזען גענומען אויף די הענט, ווי אַ קינד און זי אַרויפגעלייגט אויף דער קאַנאַפּע.

— לויף שנעל אַראָפּ, — האָט ער געזאָגט צום שטוב־מיידל — און טעלעפאָניר נאָכן דאָקטאָר! נומער 635.08.

— ניין. ס׳איז נישט נויטיק קיין דאָקטאָר! — האָט ליזע זיך אָנגערופן — ס׳איז מיר גאָרנישט!

— וואָס דען איז מיט דיר געשען?

ליזע האָט דאַן דערציילט אַדאָלפן די גאַנצע געשיכטע, ווי מ'האָט זי פאַרנאַרט אין קעלער און דערנאָך זי אָפּגעגאָסן מיט שפּיריטוס.

אַדאָלף איז געווען אויסער זיך.

— וואָס פאַראַ באַנדיטיזם! וואָס פאַר אַן אויסוואורף!

— אָבער וואָס האָט ער געוואָלט פון דיר? — האָט אַדאָלף געפרעגט — פאַרוואָס האָט ער דיר דאָס געטאָן?

— איך פאַרשטיי עס אויך נישט, — האָט ליזע געענטפערט, — איך קען נישט דעם דאַזיקן פאַרשוין און איך האָב אים איצט געזען דאָס ערשטע מאָל אין מיין לעבן.

— אפשר איז דאָס געווען אַ קרענקלעכער פאַרשוין, וואָס האָט געוואָלט באַפרידיקן זיין קרענקלעכע ליידנשאַפט... — האָט אַדאָלף געפּרובט אויפקלערן דאָס געהיימניש.

— איך מיין אויך אַזוי, — האָט ליזע צוגעגעבן, ווייל ער האָט זיך געוואָרפן אויף מיר, ווי אַ ווילדע חיה...

— אָבער וואָס איז אים עפּעס איינגעפאַלן דיך צו באַגיסן מיט ספּיריטוס?

— דאָס איז, דאַכט זיך מיר, אַ גליקלעכער צופאַל בלויז... — האָט ליזע באַמערקט.

— אַ גליקלעכער צופאַל?

— דער דאַזיקער פאַרשוין האָט מיך אוודאי געוואָלט אָפּגיסן מיט וויטריאָל אָדער מיט אַן אַנדערן גיפט, ער האָט זיך אָבער טועה געווען און מיך אָפּגעגאָסן מיט ספּיריטוס.

— ג־ט מיינער! דאָס איז שרעקלעך! — האָט אַדאָלף אויסגערופן. — אָבער פאַרוואָס האָט דיר דער דאַזיקער מענטש דאָס געוואָלט טאָן? זאָגסט דאָך, אַז דו האָסט אים געזען דאָס ערשטע מאָל אין דיין לעבן, טאָ וואָס האָט ער געהאַט צו דיר?

— דאָס איז אויך פאַר מיר אַ גרויס רעטעניש. ער האָט מיר געזאָגט, אַז ער קען מיך פון מיין קינדהייט. אָבער וואָס ער האָט געהאַט צו מיר, פאַרשטיי איך נישט. וואָס האָב איך אים געקאָנט טאָן פאַר אַ שלעכטס, אַז ער זאָל וועלן אָן מיר אַזאַ שרעקלעכע נקמה נעמען?

— ווער ווייס, צי מיר וועלן זיך דאָס אַמאָל דערוויסן. אָבער

דאַנקען ג־ט, וואָס דו האָסט אַזוי גליקלעך אָפּגעשניטן. עס האָט געקאָנט זיין ערגער...

— אַך! ווען איך גיב אַ טראַכט וואָס עס וואָלט געווען, ווען דער דאָזיקער אויסוווּרף וואָלט מיך טאַקע אָפּגעגאָסן מיט וויטריאָל! — האָט ליזע געזאָגט און אַ ציטער געטאָן.

— איך וויל גאָרנישט טראַכטן וועגן דעם, טייערע ליזעטשקע! דער בלויזער געדאַנק פּילט מיך אָן מיט גרויל!

— ווען דער סם וואָלט פאַרברענט מיין פּנים... אָ, דו וואָלסט מיך דעמאָלט מער נישט ליב געהאַט... — האָט ליזע געשפּטשעט טוליענדיק זיך צו אַדאָלפס אָרעם, וועלכער האָט אַרומגענומען איר האַלדז.

— ניין! — האָט אַדאָלף געענטפערט, — דו שאַצסט צו ווייניק אָפּ מיין גרויסע ליבע צו דיר. געוויס וואָלט מיך אַזאַ אומגליק שווער געטראָפן. מיין האַרץ וואָלט פאַרוואונדעט געוואָרן, אָבער די ליבע וואָלט דאָרט פונדעסטוועגן געבליבן...

— וואָלסט מיך נאָך ליב געהאַט? אפילו ווען מיין פּנים וואָלט געווען פאַרברענט און מיאוס?

— דיין נשמה וואָלט דאָך אָבער געבליבן פּונקט אַזוי שיין און ריין, ווי זי איז! וואָרום פאַר אַלעם, טייערע, ליב איך אין דיר דיין גוטסקייט, דיין ערלעך האַרץ און ערשט דערנאָך דיין שיין פּנימל.

— ניין! — האָט אַדאָלף פאַרענדיקט זיינע רייד — מיין ליבע צו דיר וואָלט גאָרנישט קלענער געוואָרן!

— טייערער! טייערער! — האָט ליזע געשעפּטשעט מיט געריטקייט — דו ביסט דער איידלסטער און בעסטער מענטש, וואָס איך האָב באַגעגנט אין לעבן! ווי גליקלעך בין איך, וואָס איך ווער דיין לעבנס-באַגלייטערן! איך וועל דיר אָפּדינען מיט פּונקט אַזאַ טריישאַפט און איבערגעגעבנקייט!

אַדאָלף האָט צאַרט געקושט ליזעס הענט, דערנאָך איר שטערן, אירע באַקן און ליפּן...

אין אַ ווייל אַרום האָט אַדאָלף אַ זאָג געטאָן:

— הער, ליזעטשקע, איך דאַרף מיט דיר עפּעס איבעררעדן.

— וואָס איז? ביטע!

— איך האָב היינט גערעדט מיטן דאָקטאָר וועגן דיר.

— וועגן מיר?

— יאָ! ער זאָגט, אַז דו זעסט שלעכט אויס און וואָלסט געדאַרפט אַרויספאָרן אַ ביסל אין אַ קוראָרט.

— גיי שוין גיי! מיר פעלט גאָרנישט. אַלוואי וואָלט נאָר לאַלעק אַזוי געזונט געווען, ווי איך...

— אויף פאַר אים וואָלט געוווּנטשן געווען צו ענדערן דעם קלימאַט. נאָך אַ לונגען־אָנצינדונג איז עס זייער וויכטיק.

— איך וויל אָבער זיין מיט דיר, טייערער! — האָט ליזע אים געצערטלט. — ווי קען איך אַוועקפאָרן?

— און איך ליזעטשקע מיינסטו וויל עס יאָ? אָבער עס איז נייטיק פאַר דיין געזונט. איך גלויב, אַז מיר שיידן זיך נישט אויף לאַנג.

— באַזונדערס, — האָט אַדאָלף צוגעגעבן, — האָסט דאָך מיר אַליין אַמאָל געזאָגט, אַז דו וואָלסט געוואָלט אַ ביסל פאַר־ברענגען אין אויסלאַנד?

— יאָ, אָבער נאָר צוזאַמען מיט דיר! אָן דיר וועט דער גאַנ־צער אויסלאַנד קיין טעם נישט האָבן.

— און אפשר, — האָט ליזע אין אַ וויץ צוגעגעבן, — אפשר ווילסטו שוין פון מיר פטור ווערן?...

— אָך, דו קליינע שטיפערקע! — האָט אַדאָלף געלאַכט — ווען דו וואָלסט געוווּסט, ווי איך וועל בענקען נאָך דיר!... איך וואָלט אָבער געווען אַ גרויסער עגאָאיסט, ווען איך וואָלט צוליב דעם אָפּגעהאַלטן דיך פון פאָרן. דיין געזונט און לאַלעקס געזונט זענען צו טייער פאַר מיר, אַז איך זאָל צוליב מיין באַקוועמלעכקייט דיך נישט לאָזן פאָרן.

— וואָלט איך שוין בעסער געפאָרן אין אַ היימיש אָרט, דאָ ביי אונדז אין פוילן! — האָט ליזע ערקלערט.

— אָבער דער דאָרטיקער קלימאַט איז דאָך אומבאַדינגט נוטיק פאַר אייער געזונט! שפּאָר זיך נישט איין און דו וועסט פאָרן. אַזוי פאָדערט דיין געזונט און דאָס געזונט פון דיין, פון אונדזער זון!...

ליזע האָט זיך שוין מער נישט איינגעשפּאַרט. זי וואָלט זיכער נישט מסכים געווען צו פאָרן, ווען ס'וואָלט זיך געהאַנדלט בלויז

וועגן איר. ס'איז דאָך אָבער געגאַנגען וועגן דעם געזונט פון איר איינציק קינד!

— אָבער דו וועסט צו אונדז אַהינקומען? — האָט ליזע גע־פרעגט, קוקנדיק פול מיט ליבע אין אדאַלפס אויגן אַריין — איך וועל דאָך דאָרט אַזוי בענקען!...

— און איך? — האָט אַדאָלף געענטפערט מיט אַ שמייכל — איך וועל זיך קאָנען דאָ לאַנג איינהאַלטן און נישט אַריבערכאַפּן זיך צו דיר? געוויס, טייערע, געוויס וועל איך קומען!

— און אפשר, — האָט ער צוגעגעבן, — אפשר וועל איך דיר שוין ברענגען די בשורה, אַז איך האָב מאַרילען שוין אָפּגעגט און דער וועג צו אונדזער גליק איז ענדלעך אינגאַנצן פריי...

— און ווען, רעכנסטו, זאָלן מיר פאָרן? — האָט ליזע גע־פרעגט.

— אין אַ וואָך אַרום.

— שוין אין אַ וואָך אַרום?

— וואָס האָט עס דיך אַזוי איבערראַשט?

— וועל איך שוין אין אַ וואָך אַרום זיך דאַרפן שיידן מיט דיר?! — האָט ליזע אויסגערופן.

— אָבער וואָס שנעלער מיר וועלן זיך שיידן, אַלץ שנעלער וועלן מיר זיך ווידער זען... — האָט אַדאָלף געענטפערט מיט אַ שמייכל.

— איך וועל דיר יעדן טאָג שרייבן בריוו. איך וועל דיר שרייבן וועגן אַלץ; וועגן אַלעם, וואָס איך טראַכט, וואָס איך פיל, וואָס איך לעב איבער!

— און דו וועסט טראַכטן וועגן מיר? יאָ, מיין טייערער?...

— דו פרעגסט נאָך! צי ווייסטו דען נישט, טייערע, אַז אַלע מיינע געדאַנקען און געפילן געהערן נאָר צו דיר?...

ליזע האָט אַרומגעכאַפּט אַדאַלפס אָרעם מיט ביידע הענט, אים צוגעצויגן צו זיך און זייערע ליפּן האָבן זיך באַהעפט אין אַ הייסן קוש.

אָבער פּלוצלונג האָט עמיץ שאַרף אַ קלונג געטאָן אין דער ...ר.

זיי האָבן אויפגעפּלאַצט פון איבערראַשונג.

— ווער קאָן עס זיין?

דאָס שטוב־מיידל האָט געעפנט די טיר און עס האָט זיך באַוויזן אַ שפּיטאָל־שוועסטער.

— צי ווױנט דאָ די פרוי ליזא גליקסאָן? — האָט די שפּי־טאָל־שוועסטער געפרעגט.

— ביטע זייער! איך בין עס! — האָט ליזע זיך אָפּגערופן

— איך בין צו אייך געקומען מיט אַ טרויעריקע ידיעה.

ליזע איז אויפגעשפּרונגען אַן איבערגעשראָקענע.

— וואָס איז געשען?! — האָט זי האַסטיק אַ פרעג געטאָן.

— אייער מאַן, איגנאַץ גליקסאָן, געפינט זיך אין צושטאַנד פון גסיסה... מ׳האָט אים מיט עטלעכע שעה צוריק געברענגט אין שפּיטאָל אַריין אין א האָפענונגסלאָזן צושטאַנד... ער וויל אייך זען פאַרן טויט...

אַדאָלף איז טויט ־בלאָס געוואָרן.

— גאָט מיינער! וואָס איז עס געשען מיט אים? — האָט זי געפרעגט.

— מ׳האָט אים געפונען אַ פאַרסמטן צוזאַמען מיט נאָך עפּעס אַן אומבאַקאַנטן אין אַ קנײַפּע.

— איז דאָס אַ מאָרד, אָדער אַ זעלבסטמאָרד? — האָט ליזע געפרעגט און איר האַרץ האָט געקלאַפּט, ווי מיט האַמערס.

זי האָט דאָך אַמאָל דעם מענטש ליב געהאַט און ער איז דאָך געווען דער פאָטער פון איר געליבטן קינד...

— עס ווייזט אויס, אַז דאָ איז פּשוט געווען אַ פאַטאַלער טעות, — האָט די שוועסטער דערקלערט, — זיי האָבן אוודאי געוואָלט טרינקען בראָנפן און זיי האָבן זיך טועה געווען און פאַרטוישט די פלעשלעך. אַנשטאָט בראָנפן האָבן זיי געטרונקען וויטריאָל.

— און ס׳איז שוין אוממעגלעך זיי צו ראַטעווען? — האָט ליזע געפרעגט.

— אוממעגלעך!... דער צווייטער איז אויפן וועג אין שפּיטאָל אַריין געשטאָרבן. אויך אייער מאַנס שעהן זענען געציילטע...

— גאָט מיינער!... — האָט ליזע פאַרבראָכן מיט די הענט.

— דער טויט וואָלט געווען זיין דערלייזער! — האָט די שפּי־טאָל־שוועסטער צוגעגעבן — כאָטש מ׳האָט אים שוין געמאַכט מאָרפין־איינשפּריצונגען, ליידט ער שרעקלעכע יסורים. די צונג,

דער האַלדז און די קעל זענען ביי אים אינגאַנצן פאַרברענט.
— צי קאָן ער רעדן ?
— רעדן קאָן ער נישט. ער האָט אונדז מיט צייכנס געגעבן צו פאַרשטיין, אַז ער וויל עפּעס אָנשרייבן. מיר האָבן אים געגעבן אַ בלייפעדער און פּאַפּיר. ער האָט דאַן אָנגעשריבן, אַז ער וויל אייך זען און איבערבעטן אייך פאַר דער עוולה, וואָס ער איז קעגן אייך באַגאַנגען...
— איצטער פאַרשטיי איך שוין, וואָס ס׳איז היינט מיט דיר פאָרגעקומען! — האָט אַדאָלף זיך אָנגערופן. — ער האָט זיך געוואָלט אין דיר נוקם זיין און ער האָט צוזאַמען מיט זיינעם אַ אַ פריינט צוגעגרייט דעם אָנפאַל אויף דיר!
— גאָט מיינער! דאָס קאָן נישט זיין! — האָט ליזע אויסגערופן — דאָס וואָלט געווען צו שרעקלעך...
זי האָט מיטביידע הענט פאַרדעקט אירע אויגן.
— גאָט האָט דיר אָבער באַשיצט פאַר דער אומזיסטער עוולה,
— האָט אַדאָלף ווייטער געזאָגט — און דאָס פאַרברעכן איז גרויזאַם באַשטראָפט געוואָרן!
— איך פאַרשטיי נישט.. איך פאַרשטיי נישט.. — האָט ליזע געשעפּטשעט אַ צעטומלטע אינגאַנצן.
— זייער פּשוט. זיי האָבן זיך טועה געווען און אויסגעטרונקען דעם וויטריאָל, וואָס זיי האָבן צוגעגרייט פאַר דיר...
— שרעקלעך... שרעקלעך... — האָט ליזע געשעפּטשעט.
— איך גיי! — האָט ליזע געענטפערט — זאָל אים גאָט מוחל זיין, דעם אומגליקלעכן!
— איך גיי אויך מיט דיר! — האָט אַדאָלף זיך אָנגערופן.
אין אַ ווײַלע אַרום זענען זיי אַלע דריי — ליזע, אַדאָלף און די שפּיטאָל־שוועסטער — געפאָרן אין אַן אויטאָ צו איגנאַצן אין שפּיטאָל אַריין.

* * *

איגנאַץ גליקסאָן איז געלעגן אין אַ ספּעציעלן צימער.
ער האָט זיך געמאַטערט אין די שרעקלעכסטע יסורים און ער האָט מוראדיק געוואָיעט. מ׳האָט אים דעריבער געמוזט האַלטן אין אַ באַזונדערן צימער, כדי נישט צו באַאומרואיקן די איבעריקע קראַנקע.

דאָס צימער איז געווען אָנגעפּילט מיט אַ שאַרפן ריח פון קאַרבאָל און יאָדאָפאָרם.

זיין פּנים איז געווען איינגעקאָרטשעט פון יסורים. זיינע אויגן זענען געווען רויט און פאַרלאָפן פון דער היץ. די ליפּן זענען געווען שוואַרץ, ווי קויל...

וואָיענדיק פון ווייטאָג, האָבן זיינע אויגן כסדר געבלאָנדזשעט איבערן שפּיטאָל־צימערל.

ער האָט געוואַרט אויף ליזען.

איצט האָט ער זיך ערשט אָפּגעגעבן אַ רעכענונג דערפון, וויפל שלעכטס ער האָט דער דאָזיקער פרוי געטאָן און ווי אומגע־רעכט ער איז קעגן איר געווען.

ער האָט געוואָלט ביי איר בעטן, אַז זי זאָל אים מוחל זיין אין זיינע לעצטע מינוטן...

אָבער צי וועט ער זיך אויף איר דערוואַרטן? צי וועט ער נישט אויסהויכן די נשמה, איידער זי וועט צו אים קומען?...

און אפשר וויל זי אים גאָרנישט אָנקוקן מער?...

ליזע האָט אויפן גאַנצן וועג צום שפּיטאָל קיין איין וואָרט נישט אַרויסגעבראָכט פון איר מויל. זי איז איצט איבערפּילט געווען פון אַ טיפן ווייטאָג.

נישט געקוקט אויף דעם אַלעם, וואָס איגנאַץ האָט געטאָן קעגן איר, איז זי איצט געווען איבערפולט פון רחמנות צו דעם דאָזיקן אומגליקלעכן מענטש.

ער איז דאָך אַמאָל געווען איר מאַן!

אין איר האָבן איצט אויפגעלעבט די טעג, וועלכע זי האָט בּ־זאַמען געלעבט מיט אים.

זי האָט פאַרמאַכט אירע אויגן, כדי בעסער צו זען די בילדער, וועלכע איר פאַנטאַזיע האָט אויפגעמישט פאר איר.

אָט זעט זי זיך אין טאָג פון דער חופה, איגנאַץ טוט אָן דאָס קידושין־רייפל אויף איר פינגער און ס׳הערן זיך אויסרופן „מזל־טוב"...

„ווי לאַנג איז עס דען? — טראַכט ליזע.

איגנאַץ איז דעמאָלט געווען א שיינער יונג, ווי גאָלד. ער איז געווען עלעגאַנט און פול מיט שיק. זי איז נישט ווייניק שטאָלץ געווען, וואָס איגנאַץ איז געווען איר מאַן...

אָבער וואָס האָט זיך דערפון אויסגעלאָזט?

זי דערמאָנט זיך איצט, ווי איר פּאָטער האָט זי געוואָרנט:

— מיר געפעלט ער נישט, דער איגנאַץ! ער האָט אַ צו גרינגן קאָפּ און אַ ווייב וועט ביי אים קיין גליקן נישט האָבן! אַ שיין פּנים און אַן עלעגאַנטער אָנצוג זענען נאָך נישט אַלץ...

ער האָט זיך געבעטן ביי איר, אַז זי זאָל זיך באַרעכענען, איידער זי גייט זיך דעצידירן מיט אים צו חתונה האָבן.

זי איז אָבער פאַרבלענדעט געוואָרן פון דער ליבע און דעם פּאָטערס רייד האָבן אויף איר קיין ווירקונג נישט געהאַט.

ערשט שפּעטער האָט זי זיך איבערצייגט, אַז דער פאָטער איז גערעכט געווען. דעמאָלט איז שוין אָבער געווען צו שפּעט...

איגנאַץ איז געווען ענלעך צו אַ שיינער פּרוכט, וועלכע איז פאַרפוילט פון אינעווייניק.. אונטערן שיינעם פּנים איז געווען באַהאַלטן אַ שלעכטער כאַראַקטער און פאַרברעכערישע ליידנ־שאַפטן.

טייער, זייער טייער האָט זי דערנאָך באַצאָלט פאַר איר לייכט־זיניקן שריט...

„ווי שרעקלעך דאָס איז!" — האָט ליזע געטראַכט — „עס האָט גאָרנישט קיין סך געפעלט. אַז איגנאַץ, מיין מאַן, זאָל זיין מיין תליון, זאָל מיך מאַכן פאַר אַן אייביקער קאַליקע, דאָס פּנים פאַרברענען, און אפשר גאָר בלינד מאַכן"...

ענדלעך האָט דער אויטאָ זיך אָפּגעשטעלט פאַרן טויער פון שפּיטאָל.

זיי זענען אויסגעשטיגן און די שפּיטאָל־שוועסטער האָט זיי אַריינגעפירט אין דעם צימער, ווו איגנאַץ איז געלעגן אין שרעקלעכע יסורים און אין פיינלעכער דערוואַרטונג.

ליזען האָבן די טרערן געשטיקט אין האַלדז, ווען זי האָט דערזען איגנאַצן אין דער דאָזיקער שרעקלעכער לאַגע.

דערזעענדיק די אַריינגעקומענע, האָט איגנאַץ זיך באַמיט אַרויסצורופן אַ שמייכל אויף זיין געזיכט. עס איז אָבער אַרויסגע־קומען אַ פיינלעכע גרימאַסע...

רעדן האָט ער נישט געקענט, האָט ער זיך באַמיט מיט די אויגן אויסצודריקן די פרייד, וואָס ליזע איז צו אים געקומען.

ער האָט אַ לייכטן שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ צו אַדאָלפן און צו ליזען האָט ער אויסגעצויגן ביידע הענט...

ליזע האָט אים דערלאַנגט איר האַנט, וועלכע ער האָט געקושט מיט אַ גליקלעכן שמייכל...

וואָס האָט זיך איצט אָפּגעטאָן אין האַרץ פונעם דאָזיקן אומגליקלעכן מענטש?

ווער קאָן דאָס וויסן...

אפשר האָט ער זיך איצט אין זיין פאַנטאַזיע אויסגעמאָלן יענע ליכטיקע טעג פון אַמאָל, יענעם זוניקן פרילינג פון זיין לעבן, וועלכן ער האָט אַליין פאַרפינצטערט מיט זיינע מיאוסע טאַטן?

אפשר האָט אים איצט געפּייניקט אַ שרעקלעכע חרטה דערויף, וואָס ער האָט אַליין, מיט זיינע אייגענע הענט צעשטערט די וואַרעמע נעסט, אין וועלכער ער האָט געקאָנט גליקלעך זיין?

אָדער אפשר האָט אים געפּלאָגט דאָס געוויסן פאַר די זינד, וואָס ער איז באַגאַנגען קעגן דער דאָזיקער שטילער, ערלעכער פרוי, וועלכע האָט אין בלינדן גלויבן אים איר האַרץ אַנטקעגנגעטראָגן?

ווער ווייסט...

טרערן זענען איצט געפלאָסן איבער זיינע בלאַסע באַקן...

פלוצלונג האָט ער אויסגעצויגן זיין האַנט צו אַדאָלפן.

אַדאָלף האָט געדריקט איגנאַצס האַנט, וועלכע האָט געגליט אין היץ.

איגנאַץ האָט צונויפגעלייגט אַדאָלפס האַנט מיט ליזעס און אויף זיין געזיכט האָט זיך געצייכנט אַ מילדער ליבערפולער שמייכל...

פלוצלונג האָט זיך איגנאַצס האַנט צעעפנט און זיינע פינגער זענען שטייף געוואָרן. ער האָט אַוועקגעבויגן דעם קאָפּ אין אַ זייט און פאַרמאַכט די אויגן.

ער האָט אַ ציטער געטאָן. זיך איינגעקאָרטשעט, צוריק אויסגעצויגן און געבליבן ליגן אַ פאַרשטייפטער...

די שפּיטאָל־שוועסטער האָט זיך איבער אים אַריבערגעבויגן און אַ שעפּטשע געטאָן:

— ער איז טויט...

## קאַפּיטל נײַנאונדרײַסיק

# אויף טויט און אויף לעבן

דער דרייסן איז געווען איינגעהילט אין פינצטערניש. ס'איז שוין געווען ווייט נאָך האַלבער נאַכט. דאָס ליכט אין אַלע פענצטער איז שוין געווען פאַרלאָשן.

בלויז אין לעאָנס פּאַלאַץ האָט זיך נאָך געלויכטן פון איין פענצטער.

לעאָן איז נאָך אַלץ געזעסן אין זיין קאַבינעט ביים שרייב־טיש.

נאָך אין עטלעכע שעה אַרום וועט אַנטשיידן ווערן זיין לעבנס-גורל. באַלד אין דער פרי קומט פאַר דער דועל מיטן אַמעריקאַנער.

ער האָט נישט געהאַט קיין ווילן צו שלאָפן די נאַכט.

צי האָט ער זיך געשראָקן?

ניין, קיין באַזונדערע שרעק פאַרן טויט האָט ער נישט געהאַט.

זינט ער האָט פאַרלוירן סאַבינען האָט דאָס לעבן פאַרלוירן פאַר אים זיין ווערט. ער האָט מער מורא געהאַט פאַרן לעבן, ווי פאַרן טויט.

„ווי אזוי וועל איך קאָנען דורכגיין דאָס לעבן אָן סאַבי־נען?" — פלעגט ער אָפט טראַכטן מיט פאַרצווייפלונג.

כאָטש רעגינע איז גענוג שיין און רייצנד, כדי צו געפעלן אַ מאַן — איז זי אָבער פאַר אים קיין טרייסט נישט געווען. ער האָט צו איר נישט געהאַט קיין שום וואַרעם געפיל און ער איז קאַלט געווען צו איר.

וויפל ער האָט זיך נישט באַמיט אַליין אין זיך אויפצווועקן אַ געפיל פון ליבע צו איר — איז זיין האַרץ דאָך געבליבן גלייכגילטיק.

לעאָן האָט דעריבער געליטן פון געוויסנסביסן, אים האָט זיך אויסגעדאַכט, אַז ער באַגייט אַ זינד דורך זיין קאַלטער באַצי־אונג צו רעגינען, וועלכע ווייזט אים אַרויס אַזאַ איבערגעגעבנקייט און ליבע...

„דו ביסט אַן עגאָיסט!" — האָט ער זיך געמוסרט — „פאַר־

וואָס זאָלסטו רעגינען פאַר איר ליבע און איבערגעגעבנקייט נישט אָפּצאָלן מיט פּונקט אַזאַ ליבע און טריישאַפט״...

איצט ווען ער האָט געוואָרפן זיין לעבן אויף דער וואָגשאָל פון שיקזאַל, האָט ער באַשלאָסן אָפּצודינען רעגינען פאַר דעם גאַנצן גוטס, וואָס ער האָט געמיינט, אַז זי האָט געטאָן פאַר אים.

ער איז געזעסן און געשריבן זיין צוואה ווו ער האָט באַשטימט רעגינען אַלס זיין איינציקע יורשטע.

ווען לעאָן וואָלט געוווסט, וואָסערע פאַרברעכערישע נעצן די פאַלשע רעגינע האָט איינגעוועבט אַרום אים, וואָלט ער גאָר אַנדערש געטראַכט וועגן איר.

אָבער לעאָן האָט געגלויבט אין רעגינעס ערלעכער ליבע...

לעאָן האָט שוין געהאַט פאַרענדיקט זיין שרייבן. ער האָט אַרויסגענומען אַ ציגאַר פון דעם זילבערנעם ציגאַרן־קעסטעלע און פאַררויכערט.

זיצנדיק טיף פאַרזונקען אינעם ווייכן לעדערנעם פאָטעל, האָט ער נאָכגעקוקט די רויך־קנוילן פון זיין ציגאַר, ווי זיי הויבן זיך אויף און צעגייען זיך אין דער לופט!

,,פּונקט אַזוי פאַרגייט אונדזער לעבן״.. — האָט ער געטראַכט.

פּלוצלונג האָט אַ שטילער שאָרך איבערגעריסן זיינע געדאַנקען.

לעאָן האָט זיך האַסטיק אויסגעדרייט און דערזען מיט פאַרוווּנדערונג רעגינען אין זיין קאַבינעט.

— רעגינע?

— יאָ טייערער!...

זי איז צו אים צוגעגאַנגען, אַרומגענומען זיין האַלדז און אים אַ קוש געטאָן אין די ליפּן אַריין.

רעגינע איז שוין געהאַט געשטאַנען אַ ווײַלע אין קאַבינעט, איידער לעאָן האָט זי באַמערקט.

זי האָט זיך איינגעשלייכט אין אַ דינעם זיידענעם שלאָפראָק דורך וועלכן עס האָבן זיך אַדורכגעזען די קיילעכדיקע פאָרמען פון איר רייצנדיקן קערפּער.

דורכן שטאַרקן אויסגעשניטענעם דעקאָלט האָבן זיך אַרויס־געזען אירע ווייסע ־ אַקסלען און פּלייצעס, ס׳האָבן אַרויסגעקוקט אירע ראָזלעכע מיידליש שטייפע ברוסטן...

אַ גאָלדענער פּאַסעק האָט לייכט אַרומגענומען אירע היפּטן.
— טייערער! — האָט זי געשעפּטשעט און זיך געטוליעט צו לעאָנען מיט אירע האַלב־נאַקעטע גלידער.
לעאָן איז געבליבן קאַלט צו איר. אָבער כדי נישט צו באַליידיקן זי, האָט ער צאַרט געגלעט אירע נאַקעטע אָרעמס...
— זיי נישט בייז אויף מיר, טייערער, טייערער... — האָט רעגינע געשעפּטשעט, צודריקנדיק איר ברוסט צו אים — זיי נישט בייז...
— פאַרוואָס זאָל איך דען בייז זיין אויף דיר? — האָט לעאָן זיך געוווּנדערט.
— פאַרוואָס איך בין אַזוי שפּעט געקומען צו דיר... איך קען נישט שלאָפן, טייערער, איך בין אַזוי אומרואיק... לאָמיך דאָ זיין צוזאַמען מיט דיר....
זי האָט זיך איינגעקלאַמערט אין אים און זיך געוויקלט אַרום אים, ווי אַ שלאַנג.
זי האָט אים דאָס גאַנצע פּנים באַדעקט מיט הייסע קושן, זי האָט געכאַפּט זיינע הענט און זיי געדרוקט צו אירע מיידלשע ברוסטן...
זי האָט אים געבריט דאָס פּנים מיט דער הייסקייט פון איר אָטעם.
— טייערער! טייערער! — האָט זי געשעפּטשעט — כאָטש מיר זענען נאָך נישט געשטאַנען אונטער דער חופּה, געהער איך דאָך שוין צו דיר!... נעם מיך אַרום! פעסטער! אָט אַזוי! מיר מעגן זיך שוין געהערן איינער צום אַנדערן, ווי מאַן און ווייב...
ווי אַזוי האָט לעאָן געקאָנט נישט ענטפערן איר אויף אירע צערטלעכקייטן? ער האָט זי פעסט אַרומגענומען מיט זיינע שאַרפע מענלעכע אָרעמס און זי געגלאַשטשעט און געצערטלט, גלעטנדיק איבער די קיילעכדיקע פאָרמען פון איר גליענדיקן קערפּער...
— האָסט גוט געטאָן, וואָס דו ביסט געקומען! — האָט לעאָן געשפּטשעט צו רעגינען — ווער ווייסט, וואָס דער שיקזאַל וועט מאַכן מיט מיר!
— רעד נישט! רעד נישט! — האָט רעגינע געזאָגט מיט אַ כלומרשט ציטערדיקער שטים און אַרויפגעלייגט איר האַנט אויף זיין מויל — לאָמיר בעסער שווייגן און טרינקען דעם פאַרשיכורנ־

דיקן בעכער פון דער ליבע... טוליע מיך פעסטער! שטאַרקער!...

כאַטש לעאַן האָט איצט געפילט אין זיינע הענט די נאַקעטקייט פון רעגינעס מיידלש לייב, וואָס האָט איצט געגליט פון ליידנ־שאַפט, איז ער דאָך אין האַרצן געבליבן קאַלט צו איר. די גאַנצע צערטלעכקייט, וואָס ער האָט איר אַרויסגעוויזן, איז נאָר געווען, כדי זי נישט צו באַליידיקן.

לעאַן האָט אָבער נישט געוווסט, אַז כאַטש זי האָט איצט געגליט פון ליידנשאַפט, האָט רעגינע אין איר האַרץ געטראָגן בלויז האַס צו אים.

איצט האָט זי אים טאָפּלט פיינט געהאַט.

נישט געקוקט אויף זיין גאַנצער צערטלעכקייט צו איר, האָט רעגינע געפילט זיין קאַלטקייט און דאָס האָט זי באַליידיקט. זי האָט אָבער לעאָנען נישט אַרויסגעוויזן, אַז זי פאַרשטייט אים.

בעת דער קערפּער איז פול געווען מיט שטאַרקער ליידנ־שאַפט — איז אָבער איר קאָפּ געבליבן קאַלט און ניכטער...

ווען זי איז געהאַט אַריינגעקומען אין קאַבינעט, האָט זי באַלד באַמערקט, אַז לעאַן זיצט און שרייבט. זי האָט גוט פאַרשטאַנען, וואָס ער שרייבט איצט...

זי האָט זיך אָבער געוואָלט אינגאַנצן איבערצייגן, צי לעאַן האָט טאַקע איר אָפּגעשריבן זיין ירושה. זי האָט דעריבער, זיצנדי אויף לעאָנס שויס און זיך טוליענדיק צו אים, כסדר געוואָרפן בליקן אויפן פּאַפּיר, וואָס איז געלעגן אויפן טיש.

— וואָס האָסטו געטאָן דאָ ביז אַזוי שפּעט אין דער נאַכט ?— האָט רעגינע ענדלעך געפרעגט.

— מ׳דאַרף זיין באַרעכנט אויף יעדן פאַל, — האָט לעאַ געענטפערט — אויף יעדן פאַל האָב איך אָנגעשריבן אַ צוואה

— אָך, רעד נישט וועגן דעם, טייערער! — האָט רעגי כלומרשט אויפגעצאַפּלט — אין עטלעכע שעה אַרום וועסטו אַלי פון זיך לאַכן...

— מיר איז געגאַנגען וועגן דיר, — האָט לעאַן ווייטז געזאָגט — איך האָב דיר אָנגעשריבן די ירושה...

רעגינע האָט קוים דערשטיקט אין זיך די פרייד, וואָס האָ זי אַרומגעכאַפּט, ווען זי האָט דערהערט די דאָזיקע ווערטער.

דפוס ,,אור" בע"מ פאַרלאַג ,,תקוה"

